א. ראַבאָי

# געקליבענע ווערק

ווילנע — 1929

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

א. ראַבאָי

# איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע

(ראָמאַן)

ווילנע—1929

ווילנער פֿאַרלאַג פֿון ב. קלעצקין

## א.

# דאָס באַקאַנטע פערדל

אין קעסטל-גאַרדן האָט מאַניס באַוויזן דאָס קניפּל מיט געלט; זיינע געזונטע ציין; זיינע שיינע פּאַרטראַכטע אויגן און זיין ווייב שבע, וועלכע ער האָט מיט זיך אויך געבראַכט — און מען האָט אים געהייסן גיין — אין אַמעריקע.

מאַניס האָט זיך דערפרייט און אַ כאַפּ געטון זיין ווייב שבע אין איין האַנט און זיינע בינט אין דער אַנדערער האַנט, און גענומען שפּאַנען מיט גיכע טריט.

זענען זיי געגאַנגען, ער און זיין ווייב, אַ ביסל מיט יבשה, אויף געבויגענע שטעזשקעס, צווישן גריגעם גראָז און ווידער, אַט האָסטו דיר, האָ, זיך אַריינגעזעצט אין אַ שיף. די בינט מיטן ביסל אָרימקייט אויפן פּאַל פון שיף; דאָס ווייב שבע אויף די בינט, און מאַניס קוקט זיך אַרום אַ דערשראָקענער: ווער ווייסט חוהין די שיף פירט? אַ פייף און די שיף גייט אַוועק פון ברעג. כוואַליעס הייבן די שיף. אָבער דאָס וואַסער איז שמאָל און באַלד פון יענער זייט אַקעגן, זעען זיך דורך דעם פענצטער פון שיף, הויכע טורעמס, אַזוינע גרויסע ביז צום הימל און פענצטערלעך אין די טורעמס אַזוי פיל.

— וואָס זאָל דאָס זיין — פרעגט מאַניס באַ אַן אַנדערן ייד — וואָס איז דאָס, אָט דאָרט?

— ר' ייד, דאָס איז נעווראָק.

— און איך האָב געמיינט, ווער ווייסט וואָס... שמייכלט מאַניס און אַ שווייס רינט אויף זיינע געזונטע רויטע באַקן.

אַ פייף און די שיף בלייבט שטיין. מאַניס מיט זיין ווייב גייען אַרויס. זיי דינגען אַ וואָגן, אין וועלכן עס איז איינגעשפּאַנט אַן אויסגע־מאָגערט פערד. מאַניס הייסט זיך פירן צווישן יידן. דאָס פערד פון דעמ־דאָזיקן וואָגן איז אים זייער באַקאַנט. ער וואָלט געשוווירן, אַז ער האָט עס ערגעץ פריער געזען. ווען נישט דער וואָגן, דער משונהדיק גרויסער, מיט די צוויי הינטערשטע גרויסע רעדלעך און מיט די צוויי פאָדערשטע גאַנץ קליינע רעדלעך. אַ משוגענער וואָגן.

„דאָס איז אַמעריקע", האָט מאַניס געטראַכט, קוקנדיק אויף דעמ־דאָזיקן וואָגן און אויף די גאַסן, וועלכע ער איז איצט פאַרבייגעפאָרן. איין גרויס הויז, אַזש ביז צום הימל, און דערביי אַ קליין שטיבל... פּונקט אַזוי ווי דער וואָגן מיט די צוויי קליינע רעדער און די צוויי גרוי־סע רעדער.

געבליבן שטיין איז דער וואָגן אין דילענסי סטריט. פאַרוואָס עפּעס דילענסי סטריט, קאָן מען נישט וויסן, וואָרים מאַניס האָט קיין אַדרעס נישט געהאַט. עס קאָן זיין, אַז דער אָנטרייבער האָט אויסגעקליבן די־לענסי סט., ווייל ער האָט דידאָזיקע גאַס געקענט.

אין דילענסי סט. איז מאַניס אַראָפּגעקראָכן מיט זיין ווייב און אַראָפּגענומען די בינטלעך און איז געשטאַנען אַזוי אינמיטן גאַס און געוואַרט אַז אַ ייד זאָל דורכגיין.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און אַ ייד איז אָנגעקומען. מאַניס האָט זיך אויסגעגלעט זיין גרויע, שיינע באָרד און איז אַקעגנגעגאַנגען דעם ייד. ער האָט געזען, אַז דער ייד זעט נישט אויס צו זיין אַזאַ ריי־כער און וועט וועלן פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן.

— קאָן מיר אַ ייד, אפשר, אָנווייזן ווו איך קען געפינען אַ דירה? — האָט מאַניס יענעם געפרעגט.

— וואָס איז, אַרויסגעוואָרפן?

— איך ווייס נישט וואָס דאָס הייסט צי אַרויסגעוואָרפן, צי אַריינ־געוואָרפן — האָט מאַניס געשמייכלט מיט זיין אייגנטימלעך צעשמייכלט פּנים — נאָר אָט בין איך דאָ און איך קאָן נישט דאָס לשון פון דער מדינה און באַדאַרף אַ דירה.

— האָ, אַ גרינער — האָט יענער זיך געכאַפּט וואָס דאָ איז, און אויסגעצויגן דאָס וואָרט „גרינער“ מיטן ניגון פון דעם וואָרט „המלך“ — אָט גיי איך שוין מיט אייך טאַקע דאָ אין דילענסי סטריט און גיב אייך אַ דירה וואָלוול. טאַקע וואָלוול ווי באָרשט.

דער ייד האָט אָנגעטון זיינע ברילן און איז געגאַנגען פאָרויס און נאָך אים איז געגאַנגען מאַניס. אין איין האַנט זיינע פּעק, און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער געשלעפּט זיין ווייב שבע. מאַניס האָט זיך באַמיט נישט צו פאַרלירן דעם ייד אין דעם ווירוואַר פון מענטשן אויף דער דילענסי גאַס. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָ איז איצט מן הסתם אַ יאַריד. עס לויפן אַרום אַזויפיל מענטשן אַהין און אַהער; עס פאָרן שווערע אָנגעלאָדענע וועגן מיט קאַסטנס סחורה, מיט פעסער, מיט זעק. עס האָט מאַניסן נאָר באַנג געטון, וואָס ער האָט איצט נישט קיין צייט צו שטילן זיין נייגיריק אויג, אויער און נאָז.

דער ייד מיט די ברילן איז געבליבן שטיין לעבן הויז מיט איין טרעפּל און אַ שמאָלער טיר און געמאַכט מיט איין האַנט אין דער גיך צו מאַניסן. מאַניס האָט פאַרגיכערט זיינע טריט, זיך אָנגעשטרענגט מיט זיינע לעצטע כוחות און באַ דערדאָזיקער טיר געטון אַ וואָרף זיינע פּעק און זיך אָפּגעווישט דעם שווייס.

— דאָ איז פאַראַן אַ דירה פון אַ שטוב מיט אַן אַלקער, אויפן היימישן לשון — האָט דער ייד מיט די ברילן געזאָגט — קומט אַרויף, וועט איר אָנקוקן.

מאַניס האָט איבערגעלאָזט שבען אונטן און ער מיט דעם ייד זענען אַרויף אָנקוקן די דירה. עס האָט נישט גענומען לאַנג און זיי זענען צוריק אַראָפּגעקומען און מיט זיי אַ גרויער אַלטער אָן אַ היטל און מיט אַ פּיפּקע אין מויל. מען האָט זיך געדונגען איבער עטלעכע גראָשן ביז דער מסחר איז געשלאָסן געוואָרן. מאַניס האָט באַצאָלט פאַר אַ חודש דירה־געלט און באַלוינט דעם ייד פאַר זיין טרחה, וואָס יענער האָט נישט געוואָלט נעמען און קוים מיט מאַטערניש דאָך גענומען.

מאַניס מיט זיין ווייב שבע זענען געבליבן שטיין אין דער נייער דירה מיט די גרינע ווענט. דידאָזיקע דירה איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן. איינס, גאָר אַ פינצטערס אָן פענצטער, און איינס מיט צוויי פענצטער צו דער גאַס און מיט אַ טיר אין אַ פינצטערן קאָרידאָר אַריין.

בּאַ די צוויי פענצטער איז געווען אַן אייזערנער גאַניק. גלייך דאָ אויף דעם אָרט, זענען מאַניס מיט זיין ווייב געבליבן שטיין און זיך אָנגעקוקט און זיך דערשראָקן איינער פאַר דעם אַנדערן אָדער זיך פאַרשעמט איי־נער פאַר דעם אַנדערן. אַ ליידיקע שטוב און דאָס לשון פון דעם לאַנד קאָנען זיי נישט און אין דרויסן לויפן פורן איבער די שטיינער און מענטשן לויפן אַהין און אַהער און ווי עס שרייען די מענטשן, און גיי פאַרשטיי וואָס דידאָזיקע מענטשן שרייען. און דאָ איז די דירה ליידיק און הונגעריק איז מען און מיד איז מען.

מאַניס האָט אָבער באַלד באַקומען מוט און אויפגעבונדן די פּעק און אַרויסגענומען אַלע זאַכן. ער האָט אַרויסגענומען די לייכטער און זיי אַוועק־געשטעלט אויף דעם איינציקן געזימס איבערן אויוון. אין די בינט האָט ער נאָך געפונען עטלעכע שטיקער פאַרטריקנט ברויט, וואָס זיי האָבן גע־פירט מיט זיך אויף דער שיף. האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן וואַסער און נישט געוווּסט ווו צו געפינען, און זיין ווייב שבע האָט שוין געפּרווּט זיך רייצן מיט אים, אַז ער האָט געדונגען אַ דירה אָן אַ ברונעם. . . אין פינצטערן קאָרידאָר, צופעליק, האָט מאַניס געפונען אַ קראַן. האָט ער אים אויפגעדרייט און עס האָט פון קראַן אָנגעהויבן צו זעצן וואַסער.

— נאַ, שבע, אָט האָסטו אונזער ברונעם — האָט מאַניס מיט פרייד געשריגן דורך דער אָפענער טיר צו זיין ווייב.

זיך געוואַשן די הענט און איבערגעכאַפּט עטלעכע שטיקלעך דאַר ברויט, איז מאַניס אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אַ קוק טון צי מען קאָן ערגעץ קויפן בעטן און אַ טיש מיט בענקלעך.

דאָס ווייב איז געבליבן אין שטוב מיט אַ פאַרמאַכטער טיר און האָט זיך אַוועקגעשטעלט באַם אָפענעם פענצטער פאַר אַ סימן, כּדי מאַניס זאָל וויסן ווו זיין דירה איז, ווען ער וועט צוריקקומען. מאַניס האָט זיין ווייב אויך אָנגעזאָגט קיינעם נישט אַריינלאָזן אין דירה אַריין, סיידן אים אַליין, מאַניסן.

מאַניס איז אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס און האָט זיך ערשטנס געמאַכט אַ צוויי סימנים פון זיין דירה. פון איין זייט איז געשטאַנען אַ הילצער־נער מענטש, אין דרויסן באַ אַ טיר פון אַ קראָם. און פון דער אַנדערער זייט האָט געהאָנגען אַ זאָנטיק, אַ רויטער, באַ דער טיר פון ז׳ער קראָם,

און די טיר פון זיין דירה איז געווען פונקט אין דער מיט, אַט צווישן די צוויי קראָמען.

מאַניס האָט געטראַכט, אַז ער וועט שוין געוויר ווערן שפּעטער, וואָס דאָס מיינט אַ הילצערנער מענטש און אַ זאָנטיק. דערווייל איז ער אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס און אַרויפגעקוקט צו די פענצטער פון זיין דירה און דערזען זיין ווייב אין דעם פענצטער. האָט ער צו איר אַרויפגעוווּנקען מיט די הענט. נאָכדעם איז ער אַוועקגעגאַנגען זוכן אַ מעבל-געשעפט.

אַזוי גייענדיק אין גאַס, האָט זיין אויער פאַרנומען, אַז די מענטשן רעדן, דאַכט זיך אים, יידיש. אָבער עס איז דאָך נישט יידיש. מילא, האָט ער געטראַכט, אַ נייע מדינה מיט נייע מין יידן, רעדן זיי אַ נייעם מין יידיש. אָבער, אַז עס איז יידיש, דאָס איז ער געווען זיכער. און עס האָט אים הנאה געטון.

באַלד איז ער אָנגעקומען אויף אַ קראָם פון מעבל און איז אַהין אַריין.

— וואָס וויל אַ ייד?

— אַ בעט — האָט מאַניס געזאָגט און זיך אַליין נישט געגלייבט זיינע אויגן, וואָרים פאַר אים איז געשטאַנען אַ ייד מיט אַ באָרד און מיט ציצית, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעקט פון דעם קורצן רעקל אַפּער.

— אַ ניי בעט, אָדער עס מעג זיין אַן אַלט בעט? — האָט דער ייד געפרעגט — מיר האַלטן אי נייע, אי אַלטע.

— איך וועל זען וואָס עס וועט מיר געפעלן — האָט מאַניס זיך שוין איבערגענומען.

— אונזערע יידן האָבן ליב אַלץ נייעס — האָט דער ייד ווידער געזאָגט פּראָסט און מיט געציילטע ווערטער — עס זענען אָבער פאַראַן יידן וואָס קאָנען, זאָגן זיי, שלאָפן אין אַן אַלט בעט. פונוואַנען איז אַ ייד?

— פון פּאָדאָליע. — האָט מאַניס געענטפערט.

— מיינס אַ לאַנדסמאַן! — האָט דער קרעמער זיך דערפרייט און אויסגעשטרעקט אַ האַנט — איר וועט מן הסתם קויפן אַ ניי בעט...

מאַניס האָט זיך מחיה געווען בשעת ער האָט געדריקט יענעמס האַנט. ער איז געווען פול מיט פרייד, וואָס עס האָט זיך דאָ געפונען איינער, וועלכער האָט אים געגעבן שלום. עס איז אים פשוט אַראָפּ

א שטיין פון הארץ ; זיך איבערגעשמועסט מיט דעם קרעמער פונוואַנען ער קומט און זיך שיער נישט אויסגערעכנט, אַז זיי זענען גאָר לייבלעכע קרובים. מאַניס האָט אָבער נישט באַמערקט, אַז בײַ דעם קרעמער איז אַ ווינקל פון איין אויג, איז געלעגן אַ קנייטש. און דערדאָזיקער קנייטש האָט געמיינט : עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. איך בין נישט פון פאָדאָליע און הייס נישט איציק, דאָס הייסט, אפשר הייס איך יאָ איציק, אָבער נישט יענער איציק, וואָס אָט דערדאָזיקער גרינהאָרן מיינט...

אָבער אַזוי ווי מאַניס האָט דאָס נישט געוווּסט, וועט דאָס אים נישט שאַדן. ער האָט געקויפט צוויי בעטן און דווקא נייע. דערפאַר אָבער האָט ער געקויפט אָפּגענוצטע טיש און בענקלעך. עס איז נישט געווען מאַניסעס שולד, וואָרים דער קרעמער האָט פּשוט נישט פאַרמאָגט קיין נייע.

קורץ און גוט, עס האָט נישט גענומען לאַנג און בײַ מאַניסן אין שטוב איז שוין געשטאַנען אַ טיש מיט בענקלעך און אויך די נייע בעטן. דאָס ווייב האָט זיך געשפּיגלט אין דידאָזיקע בעטן. זי האָט זיי פאַרשפּרייט און פאַרבעט און אָנגעצויגן די קאָלדרעס מיט ווייסע ליילעכער — און עס האָט אָנגעהויבן אויסזען ווי אַ היים.

## ב.

# נאָענט דער הימל

אַז מען האָט אָפּגעקאָמאַנדעוועט מיטן מעבל און שוין אָװעקגע־
שטעלט יעדע זאַך אויף דעם אָרט ווי עס האָט באַדאַרפט שטיין, זענען ביידע,
אי מאַניס, אי זיין ווייב, הונגעריק געוואָרן.

— איצט גיי דו אַראָפּ אין גאַס און קויף וואָס מען באַדאַרף אויף
וועטשערע — האָט מאַניס ברייט און הרחבהדיק געזאָגט — און איך וועל
זיצן באַם אָפֿענעם פענצטער. קאָנסט דיר מאַכן די אייגענע צוויי סימנים,
וואָס איך האָב געמאַכט: פון איין זייט אַ הילצערנער מענטש און פון דער
צווייטער זייט אַ זאָנטיק.

שבע איז אַראָפּגעגאַנגען מיט די טרעפּ און מאַניס האָט איר נאָכ־
געקוקט און נאָכגעשריגן דורך דער אָפֿענער טיר, אַז זי זאָל נישט פאַרגעסן
דעם סימן: פון איין זייט אַ הילצערנער מענטש און פון דער אַנדערער
זייט אַ זאָנטיק.

דערנאָך איז מאַניס געזעסן באַם אָפֿענעם פענצטער און געוואַרט אויף
זיין ווייב שבע. ער האָט דערווייל באַטראַכט אונטן די גאַס. זיין פאַנטאַזיע
האָט שוין געאַרבעט. וואָרים ער האָט נאָך אין זיין לעבן אַזוי פיל מענטשן
נישט געזען און די הייזער האָבן אים אויך אויסגעוויזן מאָדנע גרויסע,
נישט אין דער הייך, נאָר אין דער לענג. איין הויז איז אַזוי מן הסתם לאַנג
פונקט ווי די גאַס איז לאַנג. און ער האָט ווידער נישט פאַרשטאַנען וואָס
מען האַלט דאָ אין די פענסער, וועלכע שטייען אויף די דעכער. דאָס,
וואָס די דעכער זענען אָן דעכער פון שינדלען, האָט ער באַלד מסביר

געווען, אַז מען וואַרט נאָך ביז מען וועט ווייטער בויען הצכער און אַז מען וועט שוין ענדיקן, וועט מען ערשט דעמאָלט אַרויפּטון דעם שינדלענעם דאַך — אָבער צו וואָס טויגן די פּעסער ?

ער האָט זיך ענדלעך דערוואַרט אויף זיין ווייב שבע, וועלכע איז באַלד אַרויפגעקומען מיט די פּעק וואָס זי האָט איינגעקויפט. זי האָט אַוועקגעלייגט די פּעק און זיך צעלאַכט מיט איר קוויטשידיק געלעכטערל.

— הערסט, מאַניס, אומעטום איז איין וועלט — האָט זי מיט ביידע הענט געגעבן געוויכט צו אירע רייד — ווילסטו פלייש, איז דאָ אַ קצב, אַזוי ווי אין שטאָט בּאַ אונז. און ברויט, איז דאָ אַ בעקער. און טיי מיט צוקער האָב איך געקויפט אין אַ קראָם. דאָ זענען זיי אָבער אָנגעשטאָפּט מיט געלט. ווי עס ווייזט אויס, אַ רייכע מדינה. און איך הייס נישט מער שבע, נאָר מיסיס. מיינסט, איך זאָג דאָס וואָרט גוט ? מיסיס. — לאַכט שבע.

— פרעגסט מיך ? זאָל זיין מיסיס... אויב זיי האָבן נישט חוזק געמאַכט פון דיר — האָט מאַניס געזאָגט און באַטראַכט זיין ווייבס רויטע פאַרפלאַמטע באַקן.

— וואָס הייסט חוזק מאַכן ? — האָט שבע געטענהט — מענטשן האָבן שוין נישט פון וועמען חוזק מאַכן, נאָר פון מיר.

— נו, זאָל זיין, מיסיס — איז שוין מאַניס באַשטאַנען — און וואָס וועט זיין מכוח באַלייכטונג, אָט באַלד פאַלט צו די נאַכט. האָסט ערגעץ ליכט.

— ליכט איז דאָ אין אַ בינט ערגעץ, אָבער וואָס וועט זיין מכוח פייער אויף צו קאָכן וועטשערע — איז שבע געוואָרן באַזאָרגט.

— פייער ? אין אויוון. אָט איז אונזער אויוון.

— אָבער וווּ נעמט מען האָלץ ?

מאַניס האָט ווי אַלע מאָל, אין אַ קלעם, איצט אויך דערפילט אין זיך מוט און איז אַוועקגעגאַנגען אין גאַס, אפשר וועט ער קויפן ערגעץ האָלץ. ער איז שוין איצט מיט מער זיכערקייט געטרעטן אויף דעם טראָטואַר און געזוכט מיט זיינע אויגן אויף יעדן וואָגן וואָס איז דורכגע-

פאַרן, צי מען פירט נישט קיין האַלץ. ער האָט אָפּגעשטעלט אַ ייד און געפרעגט:

— ווו קויפט מען דאָ האַלץ?

— אין אַ בייסמענט! — ענטפערט יענער מיט כעס און לויפט אַוועק.

— „אַ בייזער ייד" — טראַכט זיך מאַניס. ער שטעלט זיך אָפּ און וואַרט ביז אַן אַנדערער ייד קומט אָן און פרעגט:

— ווו, מיין ליבער ייד, באַקומט מען דאָ האַלץ?

— אין אַ בייסמענט! — ענטפערט דער ייד, און אויך אַזוי ווי מיט כעס, און אַנטלויפט.

„אַלע יידן זענען דאָ בייזע" — טראַכט מאַניס — „און שעלטן זיך עפּעס מאָדנע".

מאַניס וואַרט אַ ביסל און פאַלט אויף אַ שכל, אַז ער וועט פרעגן בא אַ יידענע. און טאַקע באַלד, אַזוי ווי גאָטס אַן אָנשיקעניש, איז אָנגעקומען אַן עלטערע יידענע מיט אַ געלן פּאַרוק און מיט אַ יידן שאַלעכל אויף די אַקסלען און מיט אַ סך קנייטשן אויף איר באַרישן פּנים.

— מיין ליבע יידענע, ווו קריגט מען דאָ האַלץ — האָט מאַניס געזאָגט מיט פיל הכנעה און מיט אַ וויינענדיק קול — מיין ווייב וויל קאָכן וועטשערע, האָט זי נישט קיין האַלץ.

— דאָ מוז זיין אַ בייסמענט, ערגעץ — האָט די יידענע זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן אין אַלע זייטן — וואָס זשע, אייער יידענע ווייסט נישט ווו מען קריגט האַלץ?

— מיין יידענע איז דאָ אַ פרעמדע, נאָר וואָס פון שיף — האָט מאַניס געפרווט זיך פאַרענטפערן.

— אַ גרינע — האָט די פרוי אויסגעזוונגען — אַזוי, געבראַכט אייער פרוי פון יוראָפּ.

— איך בין אויך מיט איר געקומען — האָט מאַניס זיך אַזוי ווי אויסגעפיינט.

— אויך אַ גרינער? — האָט איר די פרוי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט — און קוילן האָט איר?

— ניין! — איז מאַניס נישט געווען זיכער צי ער האָט קוילן, צי נישט, אָבער געענטפערט, אַז נישט.

— דאַרפט איר דאָך קוילן — לאַכט די יידענע און באַווייזט אַ פויל מויל מיט גאָלדענע ציין — קומט וועל איך אייך ווייזן ווי מען קויפט קוילן מיט האָלץ.

מאַניס איז נאָכגעגאַנגען דערדאָזיקער פרוי. אַלע מאָל האָט אים עמעצער פון די פאַרבייגייער געטון אַ שלאָג אָפּ אָן די זייטן. ווער מיט אַן אַקסל און ווער מיט אַן עלנבויגן. מאַניס האָט זיך אַלע מאָל אָפּגע־שטעלט און נאָכגעקוקט יענעם, וואָס האָט דאָס אים געטון און געפּרוווט יענעם נאָכשרייען, אָבער זעענדיק, אַז יענער לויפט און הערט אים נישט, איז ער ווידער געגאַנגען זיין וועג נאָך דער פרוי מיט דעם געלן פּאַרוק, ביז ער האָט פון וויטן דערזען דעם זאָנטיק און דעם הילצערנעם מענטש, די צוויי סימנים פון זיין דירה.

— איר זעט, אָט דאָרט וווינען מיר — האָט ער געוויזן דער פרוי.

— און אָט־אָ־דאָ קויפט מען קוילן — האָט די יידענע געוויזן אויף טרעפּ, מיט וועלכע מען גייט אַראָפּ אין דער טיף — העי, קוילנמאַן, העי, קוילנמאַן!

אַ מענטש, אויסגעשמירט דאָס גאַנצע פּנים מיט סאַזשע און מיט אַ קויטיק העמד און פון שוויס פּאַרפלעקט און מיט שוואַרצע הענט, האָט זיך באַוויזן אויף דידאָזיקע טרעפּ.

— דער ייד איז אַ גרינער און וויל קויפן קוילן מיט האָלץ — האָט די פרוי מיט פיל ווירדע אויסגעשריגן — איצט, גוד ביי, זייט געזונט.

— וויפיל וויל גרינער? אַ האַלב מעסטל, אָדער אַ גאַנץ מעסטל?

— אַ גאַנץ מעסטל. און אַ פונט האָלץ.

— גרינער, דאָ פאַרקויפט אַ זאַק. ווילסט אַ זאַק האָלץ.

— וואָס דוצט איר זיך.

— אַלע גלייך דאָ לאַמעריקע — האָט דער אויסגעשמירטער מענטש געזאָגט מיט זיין געבראָכענעם יידיש. — ווילסט אַ זאַק?

— זאָל זיין אַ זאַק.

— נאָ, וואַרט אַ גרינגער, איך דיר אַרויפטראָגן.

אַז מען האָט אַרויפגעבראַכט דאָס האָלץ מיט די קוילן, האָט מאַניס געבעטן דעם אויסגעשמירטן מענטש ער זאָל ווייזן ווי אַזוי מען הייצט דאָ אין אַמעריקע.

דער מענטש מיט דעם פאַרשמירטן פּנים איז אפילו געוואָרן ברוגז, אָבער דאָך איינגעוויליקט און אָנגעלייגט אין אויוון עטלעכע שטיקלעך האָלץ און פון אויבן אַרויפגעשאָטן אַ הויפן קוילן און אונטערגעצונדן דאָס האָלץ און דערנאָך געוויזן ווי אַזוי מען באַדאַרף דאָ אָ, דאָס טירל, האַלטן פאַרמאַכט און דאָרט יענץ טירל, מוז מען האַלטן אָפן. און אָט-אָ-דאָ טוט מען אַ דריי: לופט!

מאַניס און זיין ווייב שבע האָבן זיך גוט צוגעהערט און אַז דער מענטש איז אַוועקגעגאַנגען, האָבן זיי ערשט נישט געוווסט וועלכעס טירל מען באַדאַרף האַלטן אָפן און וועלכעס פאַרמאַכט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן: מאַניס האָט געזאָגט, אַז דאָסדאָזיקע טירל דאַרף מען האַלטן אָפן און זיין ווייב שבע האָט געזאָגט אַז ניין, זי ווייסט בעסער.

אָבער אין אויוון האָט דאָס האָלץ זיך דערוויי׳ל צעבערענט און די קוילן האָבן אָנגעהויבן צו ווערן רויט.

מאַניס האָט זיך אַנידערגעזעצט באַם טיש און פון זיך אַליין, גלאַט אין דער וועלט אַריין, געטון אַ זיפץ.

— וואָס איז דער זיפץ? — האָט שבע געפרעגט.

— אָט גאָרנישט, אַזוי זיך. מען איז דאָך נישט מער ווי אַ ייד.

— געקומען קיין אַמעריקע׳ זיפצן? — האָט שבע טרייסטנדיק און מוטערלעך געזאָגט.

מאַניס האָט זיך דערפילט שולדיק און גיך זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און געזאָגט:

— עס וועט זיין רעכט, שבע! אַבי מיר זענען אַריבער דעם ים.

— אַזוי האָב איך ליב — האָט שבע געזאָגט און איר בלייך פּנים האָט קוים באַמערקבאַר זיך צעשמייכלט.

— אָבער וואָס וועט זיין מכּוח ליכט? — איז מאַניס ווידער אַמאָל געוואָרן אומרויק.

— זע ערגעץ צווישן די זאַכן. עס באַדאַרף ערגעץ זיין אַ ליכט —

זאָגט שבע און בשעת מעשה איז זי פאַרנומען באַם אויוון — איך ווייס שוין כמעט ווי אַזוי מען באַדאַרף זיך נוהג זיין באַם אַמעריקאַנישן אויוון.

— איך האָב געפונען אַ ליכט — איז מאַניס געוואָרן פריילעך — אַז מען זוכט, געפינט מען.

מאַניס האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט און אַריינגעשטעלט אין איינעם פון די לייכטער אויף דעם געזימס וואָס איבער דעם אויוון.

אינדרויסן האָט אָנגעהויבן טונקלען. דער אַמעריקאַנער הימל איז, ווי עס האָט זיך מאַניסן אויסגעוויזן, געלעגן נאָענט באַ די פענצטער פון זייער דירה. דאָס האָט אים געשראָקן, וואָרים פאַר דעם הימל האָט ער תמיד מורא געהאַט. איצט איז ער אַזוי נאָענט באַ די פענצטער. און אפשר איז דאָס בעסער, האָט מאַניס געטראַכט, נאָענט דער הימל, וועט גאָט זען און אַז מען וועט אויסשטרעקן די האַנט, וועט ער העלפן.

אינדרויסן איז געווען אַ גרויסער טומל. דאָס קול פון דעמדאָזיקן טומל איז געגאַנגען ביז צום הימל. מאַניס האָט זיך געשטעלט דאַווענען מנחה און ער האָט נישט געקאָנט דאַווענען, וואָרים דורך די אָפענע צוויי פענצטער איז אַריינגעקומען דאָס גערויש פון דער גאַס. האָט זיך מאַניס אַרויסגעבויגן דורך דעם פענצטער צו זען וואָס דאָרטן איז.

— אוי, שבע, גיב נאָר אַ קוק און זע וואָס דאָרטן טוט זיך.

שבע איז אויך צוגעלאָפן צום אָפענעם פענצטער און זיך אַרויס-געבויגן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ געלויף פון מענטשן? — האָט זי זיך גע-וווּנדערט.

— אַלע לויפן אַהין, אָ! — האָט מאַניס געזאָגט.

— דאָרטן מוז עפּעס זיין! — האָט שבע אָנגעשטרענגט אירע אויגן.

— איך זע גאָרנישט.

— ווער ווייסט ווי ווייט עס איז.

— איך וואָלט אַראָפּגעגאַנגען אַ קוק טון — האָט מאַניס געפּרוווט זאָגן.

— איך וועל דיך נישט לאָזן.

— וואָס האָסטו מורא?

— איך וועל דיך נישט לאָזן. ווער ווייסט וואָס דאָרטן איז.

— דאָרט איז גאָרנישט.

— אויב גאָרנישט, צו וואָס באַדאַרפסטו גיין?

— זע נאָר, ווי זיי הערן גאָרנישט אויף. פון ביידע זייטן גאַס לויפט מען

אינדרויסן איז געוואָרן פינצטער. די לאַמטערנעס האָבן זיך פון זיך אַליין אָנגעצונדן. עס איז געווען אַ גליק, וואָס מאַניס מיט שבען האָבן דאָסדאָזיקע וווּנדער נישט געזען. שבע איז שוין ווידער געשטאַנען באַם אויוון און געקאָכט וועטשערע און מאַניס האָט שוין ווי סע נישט איז געדאַוונט, און אַלע מאָל געבליבן שטיין אין מיט פון שטוב און זיך איינגעהערט אין דעם. וואָס עס האָט זיך געטון אין דרויסן, און אַזוי ווי רעדן האָט ער נישט געקאָנט אינמיטן דאַוונען, איז ער זיך באַגאַנגען מיט דעם, וואָס ער האָט געדרייט מיט זיין קאָפּ און געקלאַפּט מיט די ליפּן.

באַם שיין פון ליכט זענען מאַניס מיט שבען געזעסן באַם טיש און געגעסן זייער מאָלצייט. זייערע שאָטנס זענען געלעגן אויף די גרינע ווענט פון צימער און דורך די פענצטער האָט זיך געזען דער הימל אַ באַשטערנטער.

— דאָס פלייש האָט עפּעס אַן אַנדערן טעם, שבע, וואָס זאָגסטו? — האָט מאַניס געזאָגט מער פון היימלעכקייט וועגן.

— עס איז מן הסתם שולדיק דער אויוון — פּרוּווט שבע פאַרענטפערן.

— מעגלעך. איך וויל דיר אָבער זאָגן, אַז דאָס ברויט האָט אויך עפּעס נישט קיין טעם.

— וואָרט, איכל מירצאַשעם אַליין באַקן. בעקעריש ברויט האָט תמיד נישט קיין טעם.

— מעגלעך. זאָגסט, וועסט אַליין באַקן. אָבער וווּ וועסטו באַקן?

— עס מוז זיין ערגעץ אַן אויוון אין די ווענט — איז שבע געווען זיכער, — ווי אינדערהיים אויף צום באַקן.

— איך וועל אָנגיסן  טיי און דו זיץ און רו זיך אָפּ — האָט זיך מאַניס אויפגעהויבן — און רעד נישט קיין נאַרישקייטן. איך זע דאָ נישט קיין אויוון אין די ווענט.

— וואַסער מעג דאָ גיין פון דער וואַנט, איז מן הסתם דאָ אַן אויוון אויך אין די ווענט — האָט שבע געגעבן איר מאַן צו פאַרשטיין.

ג.

## אַ ייִד מיט אַ פּיפּקע

מאַניס האָט איבערגעציילט דאָס געלט, וואָס איז אים געבליבן און האָט בשעת מעשה געקוקט אויף די גרינגע אַמעריקאַנער פּאַפּירן און עס האָט אים שטאַרק הנאה געטון.

— וואָס מיינסטו, איך וועל זיך אויף דעם נישט פאַרלאָזן — האָט מאַניס געזאָגט — איך וועל מאָרגן פּרוּוון עפּעס טון.

— וואָס? — האָט שבע אויף אים אָנגעשטעלט אירע גרינלעכע שיינע אויגן.

— וואָס עס וועט זיך לאָזן.

— אַז דו ווייסט נישט ווי אַ טיר עפנט זיך.

— באַם דאַוונען אין בית המדרש וועל איך פון אַלץ געוווירע ווערן.

— ווער ווייסט צי עס איז דאָ אַ בית המדרש.

— הע! עס מוז זיין.

— אויב נישט וועסטו דאַוונען דאָ — האָט שבע געזאָגט. — איך מיין, אַז מיר זאָלן אַריינציען אַ ביסל סחורה און איך וועל שטיין אינדרויסן און בעטן די דורכגייער, אַז זיי זאָלן קויפן.

— און איך וועל זיצן דאָ. עס איז אפשר אַ פּלאַן — האָט זיך מאַניס אָנגעכאַפּט — מע באַדאַרף טראַכטן.

— ס'איז נישטאָ וואָס צו טראַכטן — האָט שבע אים איבערגע-

שלאָגן — פון לאַנג טראַכטן וועט דאָס ביסל געלט דערווייל אָוועק־גיין.

— פריער מוז איך געפינען אַ בית המדרש — האָט מאַניס זיך אַזוי ווי געעקשנט.

— וואָלסט שוין געמעגט אָוועקוואַרפן דאָ די נאַרישקייטן — איז שבע געוואָרן לייכט אויפגערעגט.

— וואָס איז, דאָ איז קיין גאָט נישטאָ — איז מאַניס אַריין אין התפעלות — ער איז דאָ אויך דאָ.

— חלילה, ווער זאָגט ? ! אָבער מען וועט לאַכן פון דיר. דאָ מוז מען נישט וויסן אפילו פון אַ בית המדרש. איך בין אַ יידענע, אָבער איך האָב שוין אָנגעשמעקט, אַז דאָ דאַרף נישט זיין קיין בית המדרש.

— אָט וועסטו זען וואָס פאַר אַ בית המדרש דאָ איז פאַראַן — האָט שוין מאַניס זיך גערייצט מיט זיין ווייב — דיר אויף צו להכעיס.

— איך זאָג, אַז אויב דו ווילסט עפּעס טון, זאָל קיינער נישט וויסן — האָט שבע צוגעלייגט אַ פינגער צו אירע שמאָלע ליפּן — וואָרים קענסט דאָך אונזערע יידן, מען וועט דיר נאָך פאַרכאַפּן דעם וועג.

— פאַרלאָז זיך אויף מיר, שבע. איך וועל אַזוי אונטנאַרומעט אַלץ געוווּיר ווערן.

שבע האָט דאָס קניפּל מיט דעם אַמעריקאַנער געלט צוריק אַריינ־געלייגט אין בוזעם און אַראָפּגענומען דאָס געפעס פון טיש. מאַניס האָט געבענטשט. דערביי האָט ער זיך מיטביידע הענט געגלעט די האַלב גרויע באָרד און זיך געשאָקלט אויף זיין בענקל.

אין טיר פון פינצטערן קאָרידאָר האָט זיך באַוויזן אַ פּנים מיט גרויע האָר באַוואַקסן און מיט אַ פּיפּקע אין מויל. אי שבע, אי מאַניס, האָבן זיך פון אָנהייב דערשראָקן. באַלד זענען זיי געקומען צו זיך, וואָ־רים זיי האָבן דערקענט אין דעמדאָזיקן פּנים דעם, וועלכער האָט זיי פאַרדינגען די צימערן.

— קומט אַריין נענטער — האָט שבע געבעטן.

— גוד איווינינג ! — האָט דער ייד מיט דער פּיפּקע געזאָגט — וואָס, איר ברענט גאָר אַ ליכט. פאַרוואָס יוזט איר נישט די גאַז ?

— רעדט מיט אונז נישט אַזוי טיף אַמעריקאַניש — בעט זיך מאַניס און זיינע אויגן שמייכלען — מיר פאַרשטייען נאָך נישט דאָס לשון.

— גרינע!! — האָט שטאַרק הנאה דער וואָס מיט דער פּיפּקע פון דעמדאָזיקן וואָרט, וואָרים ער זוכט עס איבער עטלעכע מאָל — פונוואַנען קומען יידן? פון דער ליטע?!

— פון פּאָדאָליע — ענטפערט מאַניס.

— האַ־האַ, געהערט — זאָגט דער ייד מיט דער פּיפּקע — פאַרוואָס זשע יוזט איר נישט די געז?!

— שבע, די פאַרשטייסט, וואָס זיי זאָגן?

— פונוואַנען זאָל איך פאַרשטיין — שעמט זיך שבע און האַלט אירע אויגן אַראָפּ צום פאַרטוך.

— אָ דאָס, האָ! — ווייזט דער ייד וואָס מיט דער פּיפּקע אויף דער גאַז־רער, וועלכע הענגט פון סטעליע אַראָפּ אין דער מיט פון שטוב.

— טאַקע, וואָס איז דאָס?! — ווערט שוין מאַניס פאַראינטערעסירט און הייבט זיך אויף פון טיש, פאַרלייגט ביידע הענט אויף הינטן און הייבט דעם קאָפּ צו דער סטעליע.

— לעשט אויס די ליכט — האָט דער ייד מיט דער פּיפּקע באַפוילן.

אין שטוב איז געוואָרן פינצטער אויף אַ מינוט און נאָכדעם האָט געטון אַ בליץ אין די אויגן און עס איז געוואָרן אַזוי ווי עפּעס אַ באַפליגלטס, איז אַריין אין צימער, דורכגעפלויגן מיט אַ רעש, און עס איז געוואָרן ליכטיק.

— פריער דרייט מען אויף אָט אָ־דאָ־אָ, און מען צינדט אָן, ברענט עס — האָט דער ייד מיט דער פּיפּקע אין מויל, דערקלערט — און אַז מען פאַרדרייט, לעשט זיך אויס. מען טאָר עס נישט אויסבלאָזן, נאָר אַ פאַרדריי און עס לעשט זיך אויס.

— זע נאָר, שבע, גאָטס ווונדער! — האָט מאַניס געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף דעם שפּיצעדיקן בלויען פלאַם פון דעם גאַז — יאָ, איך האָב זיך אָן עפּעס דערמאָנט, קומט אַוועק אין אַ זייט, איך וויל בײַ אײַך עפּעס פרעגן, ר' ייד...

מאַניס איז מיטן ייד אַוועקגעגאַנגען אָן אַ זייט און האָט אים עפּעס איינגערוימט אין אויער אַריין.

מאַניס האָט געוואָלט אויספירן אַזוי, אַז עס זאָל הייסן: דאָס וואָס איך רעד מיט אָט דער פּיפּקע אין דײַנע אויגן, שבע, איז אַ סוד, שפּעטער וועט שבע שוין אַליין וויסן וואָס...

און כדי דערוויל צו פאַרדרייען שבען דעם קאָפּ, אַז זי זאָל מיינען עפּעס אַנדערש, האָט מאַניס געזאָגט צו דער פּיפּקע אין דער הויך:

— און ווו איז דאָ דער אויוון, אין וועלכן מען באַקט ברויט?

— באַם בעקער!

— נו, ווער איז קלוג — זאָגט מאַניס, אומקערנדיק זיך צו שבען און באַווייזט איר אַ שפּיץ פון זיין צונג.

— קיינער באַקט דאָ נישט קיין ברויט אינדערהיים? — פרעגט שבע און פילט זיך ווי אַ שולדיקע.

— ווער'ט זיך באַדערן? — זאָגט דער ייד און בשעת מעשה שאָקלט ער מיט דער פּיפּקע צווישן זיינע ליפּן — קומט, מיסטער, מיט מיר, וועל איך אייך ווייזן ווו עס איז...

אין פינצטערן קאָרידאָר האָט דער ייד מיט דער פּיפּקע געעפנט ווידעראַמאָל אין דער וואַנט אַ געהיימע טיר, פונוואַנען עס האָט אַ שלאָג געטון נישט קיין שיינער ריח...

— דאָס איז עס...

דאָס געהיימניש איז אַזוי אַרום אויפגעלעזט געוואָרן, אויך פאַר שבען, אין עטלעכע מינוט אַרום.

ד.

## אַקעגן דעם גרויסן ראָזמאַך

דעם ערשטן פרימאָרגן אין אַמעריקע, איז מאַניס אויפגעשטאַנען, ווען עס איז נאָך געווען בלוי אין די פענצטער. ער האָט זיך אַליין געווונדערט פאַרוואָס ער פילט נישט די געוויינלעכע מידקייט, וואָס ער האָט תמיד געפילט נאָך אַ נאַכט שלאָפן און אַלע מאָל באַשולדיקט דאָס איבערבעט, די קישן צוקאָפּנס, אָדער שטיל אין זיך צוגעגעבן, אַז דאָס איז שוין אַ סימן פון אַלטקייט.

איצט האָט ער זיך געפילט פריש, געזונט און איז כמעט אַרויסגעשפרונגען פון בעט. און אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אין זיינע אונטערקליידער, באַטראַכט זיין נייע היים און אים איז געוואָרן גוט.

ער האָט זיך אָנגעטון און דערנאָך זיך געוואַשן באַם קראַן אין קאָרידאָר. דאָסדאָזיקע וואַשן איז אים נישט געווען אַזוי באַקוועם, וואָרים דורך דעם קאָרידאָר זענען געגאַנגען מענטשן פון די אויבערשטע עטאַזשן.

זיך איינגעוואַשן, האָט ער גענומען דעם טלית־זאַק און זיך געלאָזט גיין. שבע האָט צו אים גערעדט, ליגנדיק אין בעט, אַז ער זאָל גיין פּאַמעלעך און געדענקען דאָס הויז, און אַז ער זאָל, למען השם, נישט לאָזן באַ זיך אויסנאַרן דעם יאָ מיט דעם ניין.

מאַניס האָט אין ראָג פון גאַס זיך געמאַכט אַ סימן : אַ ייד האָט פאַרקויפט צייטונגען און איז געשטאַנען איינגעבויגן און געפּאָנפּעט אונטער דער נאָז.

אין גאַס זענען נאָך געווען זייער ווייניק מענטשן, אָבער גענוג,

אַז עס זאָל באַווייזן, אַז דאָס איז נישט קיין קליינע שטאָט. מאַניס האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און געזען אַרום זיך, שפּאַרנדיק ביז צום הימל, איינע העכער איבער דער אַנדערער, הייזער איבער הייזער. און פאַר די פיס זענען געלעגן שטיינער גליטשיקע און אויסגעשמירטע.

אַזוי ווייניקסטנס, האָט מאַניס געפילט, אַז די שטיינער מוזן זיין גליטשיק און אויסגעשמירט און עס מוז פון זיי אָנכאַפּן אַ חלשות, ווען מען זאָל זיי אָנטאַפּן מיט די פינגער. עס האָט מאַניסן געוווּנדערט, וואָס מען האַלט נישט ריין אַזאַ גרויסע שטאָט. עס האָט אים אויך געוווּנדערט, וואָס די פענצטער פון אייניקע קראָמען זענען געווען באַשריבן מיט יידישע אותיות. און ער האָט געלערנט אַ ממה־נפשך: איז דאָס אַ יידישע שטאָט, פאַרוואָס רעדט מען דאָ אַרום און אַרום עפּעס אַזאַ מאָדנע לשון. און אויב דאָס איז אַ גויאישע שטאָט, צו וואָס טויגן די יידישע אותיות אויף די פענצטער. ער האָט געפּרוווט איבערלייענען אייניקע ווערטער און נישט פאַרשטאַנען: פּר—רי—נט... גר—ר—ר—אָס... בו—וא—טש... בקיצור, ער האָט אָפּגעשטעלט אַ ייד, אַן איינגעבויגענעם, און אים געפרעגט:

— ווו איז דאָ אַ מקום קדוש?

און מען קאָן זיך פאָרשטעלן אויף וועמען מאַניס האָט אָנגעטראָפן, אַז יענער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס מקום קדוש מיינט.

— אַ בית המדרש? ווייסט נישט אַ ייד, וואָס אַ בית המדרש איז? נו, דאָרט ווו מען דאַוונט.

— האָ, בית מדרש הגדול — האָט זיך דער איינגעבויגענער ייד געכאַפּט — דידאָזיקע שול איז צוויי בלאָק פונדאַנען.

— אַרונטער? — האָט מאַניס געפרעגט און נישט געוואָלט צוגעבן, אַז ער פאַרשטייט נישט יענעמס לשון.

— יעס! — האָט דער איינגעבויגענער אָפּגעכאַפּט אַ וואָרט און איז אַוועק.

מאַניס האָט געצויגן מיט זיינע אַקסלען און איז געגאַנגען אַרונטער, און דעם צווייטן ייד, וואָס ער האָט אָפּגעשטעלט, האָט ער שוין געפרעגט ווו דאָס בית מדרש הגדול איז, און הנאה געהאַט פון זיין איינפאַל, וואָרים דערדאָזיקער ייד האָט אים אויך געהייסן גיין אַרונטער, ווען ער שוין אַליין זען דאָס גרויסע בית המדרש.

ענדלעך איז מאַניס צוגעקומען צו די טרעפּ פון דעם גרויסן בית המדרש. עס איז אויך אים באַלד אָנגעפאַלן אַ פּחד פון די מאַסיווע זײַלן און די אָן אַ שיעור טרעפּ. ער איז צוגעגאַנגען מיט די טרעפּ, און דערהערט, אַז מען שרײַט. האָט ער זיך אומגעקוקט. מען האָט טאַקע צו אים געשריגן:

— מיסטער, מען דאַוונט אין בייסמענט.

— איך ווייס, איך ווייס — האָט מאַניס געענטפערט.

— אויב איר ווייסט, וואָס־זשע קריכט איר אַהין — שרײַט דער פּרעמדער.

— וואָס, נישט דאָ דאַוונט מען?

— נישט דאָ.

— ווו דען?

— איר זאָגט דאָך, אַז איר ווייסט — רײַצט זיך יענער.

— איך זע אַ בית המדרש, ווײַל איך אַרײַנגיין דאַוונען — פילט זיך מאַניס ווי אַ שולדיקער.

— נישט דאָרט, נאָר דאָ, אונטן, אין בייסמענט — זאָגט יענער מיט אַ טאָן פון אײַנעם, וואָס האָט איבער עפּעס צו שאַפן, און ווײַזט מאַניסן אויף אַן אונטערשטער טיר אונטער די טרעפּ.

מאַניס האָט זיך פאַרשעמט. ער האָט געפילט ווי די טרעפּ, בשעת ער איז צוריק אַראָפּגעגאַנגען, שווינדלען אונטער זײַנע פיס. ער איז מיט הכנעה אַרײַנגעגאַנגען דורך דערדאָזיקער טיר, וואָס אונטער די טרעפּ, און איז באַלד אַרײַנגעפאַלן אין אַן אַלט־באַקאַנטן קלײנעם בית המדרש מיט לאַנגע בענק און מיט טישן און מיט ייִדן און טליתים און תּפילין און מיט דעם אַלט־באַקאַנטן ניגון. אין בית המדרש האָבן געברענט הענגענדיקע בליצלאָמפּן און די סטעליע איז געווען נידעריק און די ווענט פאַרשמאָל־צעוועט פּונקט אַזוי ווי ערגעץ אַנדערש בײַ ייִדן.

מאַניס האָט זיך אַליין געפונען און צו זיך אַליין, אין דער מחשבה, אויסגעשריגן: ס'מוז זײַן אַ ייִדישע שטאָט! ייִדן דאַוונען!

מאַניס האָט שוין לאַנג אַזוי נישט הנאה געהאַט פון דאַוונען אין טלית און תּפילין, ווי איצט. ער האָט באמת געדאַוונט מיט כוונה. און נאָך דעם דאַוונען, האָט ער געוואַרט, אַז עמעצער זאָל אים געבן „שלום עליכם". אָבער קיינער איז נישט צוגעקומען צו אים. „די

שטאָט איז אַזוי גרויס — האָט מאַניס געטראַכט צו זיך אַליין — אַז מען דערקענט נישט קיין פרעמדן. טאַקע, פונוואַנען זאָלן זיי וויסן?"

פונדעסטוועגן איז מאַניס צוגעגאַנגען צו איינעם פון די יידן און האָט יענעם געגעבן שלום. יענער האָט אים אָנגעקוקט ווי מען קוקט אויף אַ משוגענעם.

— איך זע אייך דאָס ערשטע מאָל, גיב איך אייך שלום — זאָגט מאַניס, אַנטשולדיקנדיק זיך מיט מוט.

— וואָס רעדט אַ ייד ווי אַ גרינער — פעסטעט זיך יענער און נעמט זיך איבער און שטעלט אַרויס זיין רונד בייכל — איך דאַוון דאָ שוין באַלד צען יאָר, און ער זעט מיך דאָ דאָס ערשטע מאָל.

דאָס, וואָס יענער האָט גערעדט וועגן מאַניסן מיט „ער זעט מיך", האָט מאַניסן שטאַרק געקרענקט און פשוט איינגעבויגן ביז צו דער ערד. מאַניס האָט געטראַכט, אַז דאָס מוז זיין אַ גראָבער יונג, אַן אויפגעקומענער גביר, אָדער גלאַט עפּעס אַזוי אַ געמאַכטער מאַכער אין קלויז.

— בין איך, דערפאַר, דאָ דאָס ערשטע מאָל — האָט מאַניס זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן.

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש! — ווערט יענער אַ ביסל ווייכער — געפעלט אייך אונזער שול?

— שיין ווי גאָלד!

— אַבי עס געפעלט אייך — לאַכט יענער — איך האָב נאָר מורא געהאַט, טאָמער וועט אייך חלילה נישט געפעלן, כאַ, כאַ.

מאַניס איז געבליבן שטיין ווי אַן אָפּגעשמיסענער. ווען עס עפנט זיך אונטער זיינע פיס אַ גרוב, וואָלט ער געוען און אָן אַ געשריי, אַהין אַריינגעפאַלן.

פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט דעם טלית זיינעם טיף אונטער זיין אָרעם אַריינגערוקט, און זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון דעם קלויז.

אינדרויסן האָט ער אָפּגעכאַפּט זיין אָטעם. זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. אומעטום און אין אַלע זייטן, האָבן פאַר זיינע אויגן גע-

צויגן זיך מויערן פון אַלערליי ציגל. ציגל געלע, ציגל רויטע. איין מויער שטייט העכער פון דער אַנדערער. אָן אָן עק און אָן אַ סוף מויערן און מויערן. און ער אַליין האָט זיך איצטער געפילט ווי אַ קליין באַשעפעניש אַקעגן דעם גרויסן ראַזמאַך פון דערדאָזיקער שטאָט.

ה.

## איבער די ברעגן

גייענדיק אזוי מיט זיין טלית-זאַק אונטערן אָרעם און אָפּזוכנדיק מיט גרויס מי אַלע זיינע סימנים, וואָס מאַניס האָט זיך געמאַכט אויף יעדן ראָג פון גאַס, האָט ער צוביסלעך געביטן זיין געמיט. און אַרויפקו-מענדיק אַהיים, האָט ער זיך שוין גאָר געפילט אויפגעלייגט.

— הערסטו, איז דאָס אַ מדינה — האָט מאַניס זייער פריילעך גע-זאָגט צו זיין ווייב שבע — האָבן זיי אַ בית המדרש...

— טאַקע? — איז שבע געוואָרן אויסער זיך און צעעפנט איר מויל, און איז כמעט ווי אויפגעשפרונגען פון פרייד.

— האָסטו באַדאַרפט זען וואָס פאַר אַ יידן? — איז ווייטער מאַניס בעגאַנגען מיט זיין באַגייסטערונג.

— יידן?! — באַווייזן זיך טרערן אין שבעס אויגן — האָסטו עפּעס מיט זיי געשמועסט?

— איך האָב זיי נישט געוואָלט ווייזן, אַז איך בין אַ פרעמדער — שמייכלט מאַניס — האָב איך בעסער געשוויגן.

— קליגער געוואָרן! — וואונדערט זיך שבע.

— קליגער געוואָרן — קרימט מאַניס נאָך — מען קאָן זיין אַ חכם! איך וויל רעדן מיט מיין לשון און זיי ווילן רעדן מיט זייער לשון...

— אוודאי!...

— דערפאַר האָב איך געשוויגן — פאַרענדיקט מאַניס עפּעס וואָס, וואָס עס שרייט בא אים פון אינעווייניק.

— ס׳טרינקען אַ גלעזל טיי ? — פרעגט שבע.

— אַ קראַנקן פרעגט מען — שמייכלט מאַניס.

שבע דערלאַנגט צום טיש אַ גלאָז טיי.

מאַניס נעמט אַרום דאָס גלאָז טיי מיט ביידע הענט; דאָס וואַרעמ־קייט פון דער טיי נעמט דורך זיינע ביינער. ער באַרויקט זיך פול־שטענדיק.

שבע זעצט זיך אַוועק באַם אַנדערן ברעג פון טיש מיט איר גלאָז טיי. עס קומט אַזוי אויס, אַז זי זיצט באַ איין פענצטער און מאַניס באַם אַנדערן, וואָרים דער טיש איז גראָד געשטאַנען באַ דער וואַנט צווישן די צוויי פענצטער.

אי מאַניס, אי שבע קוקן אינדרויסן דורך די אָפענע פענצטער און אַלע מאָל באַגעגענען זיך זייערע פּנימער און אויגן און זיי פרעגן איי־נער באַ דעם אַנדערן: האָסט געזען ?

— וואָס ?

— טרייבט אַ וואָגן מיט צוויי גרויע פערד און זיצט און לייענט אַ בלאַט־צייטונג.

— יאָ — ענטפערט מאַניס — לייענט אַ בלאַט־צייטונג און טרייבט פּאַוואָליע די גרויע פערד.

— און מען שווייגט אים ?

— קיין מיתה קומט אים דערפאַר נישט ! — לאַכט מאַניס.

— וואָס טוט ער אָבער, אויב די פערד גייען אַראָפּ פון וועג און קערן איבער דעם וואָגן ?

— ס׳קער זיין געלערנטע פערד — איז מאַניס זיכער — אָבער וואָס מיך וווּנדערט איז דאָס, וואָס אַן אָנטרייבער קאָן לייענען אַ בלאַט־צייטונג.

— ס׳קאָן זיין אַ געלערנטער אָנטרייבער — איז שבע זיכער.

דאָס נישט — וויל מאַניס נישט ליידן — ווי קומט צו אַן אָנטריי־בער לערנען ?

— זעסט דאָך !

זיי טרינקען ביידע פון זייערע גלעזער די טיי. רוען זיך אָפּ און קוקן ווידער דורך די פענצטער און ווידעראַמאָל באַגעגענען זיי זיך און —

— זיצט זיך אַ מענטש אינמיטן גאַס און מ'פּוצט אים די שטיוול — לאַכט שבע.

— אַזאַ מענטש מוז דאָס זיין — מאַכט אַוועק מאַניס מיט אַ קרים פון זיינע ליפּן.

— זע נאָר, ווי ער זיצט און קוועלט. איי, מוז דאָס זיין אַ בהמה — פאַרגייט זיך שבע.

— נידעריקער פון אַ בהמה — קרימט זיך מאַניס.

אינמיטן דערינען דערהערט זיך אַ שטאַרק פייפן און דאָס קלינגען פון אַ גלאָק. דאָס געפייפעריי שניידט דורך די לופט און וואַרפט אָן אַ מורא. מאַניס מיט שבען בייגן זיך אַרויס דורך די אָפענע פענצטער און קוקן. זיי זעען ווי עס לויפט דורך אַ מאַשין אויף פיר רעדלעך און צוויי ברענענדיקע פערד, וועלכע לויפן אַזוי גיך, אַז זיי רירן נישט אָן מיט זייערע קאָפּיטעס די ערד. אויפן דאַך פון דערדאָזיקער מאַשין, אַ מעשענער גרויסער גלאָק און איינער שאָקלט מיט אַ שטריקל דעמדאָזיקן גלאָק. באַלד באַכדעם לויפט פאַרביי נאָך איין מאַשין מיט אַ קוימען פון מעש, וואָס בליאַסקעט פון ריינקייט. פון דעם קוימען זעצט אַ דיקער שוואַרצער רויך און ליגט זיך אויסגעצויגן און ציט זיך צוריקוועגס פון דער מאַשין אין אַ לאַנגן פּאַס איבער דער לענג פון גאַס. אַ ווייסע פּאַרע שיסט אַרויס דאָס שניידנדיקע פייפן. דורכגעלאָפן און נישטאָ שוין קיין זכר פון זיי. עס בלייבט אינדערלופטן דער רויך און עס הערט זיך פון ווייטן דאָס ווידערקול פון דעם קלינגען פון גלאָק און פון דעם פייפן פון דער פּאַרע.

— וואָס זאָל דאָס זיין? — פרעגט שבע.

— איך ווייס! מן הסתם אַ באַן.

— אַ באַן?! — חוזקט שבע — ווו־זשע זענען די וואַגאָנען.

— עס איז אַ דרויסנדיקע באַן.

— משוגעים! — זאָגט שבע אַ טרויעריקע.

— אויסגעכאַפּט מיין מחשבה — בייגט זיך אַריבער מאַניס איבערן טיש און טוט אַ שלעפּ שבען באַם אַרבל.

שבע האָט זיך דערשראָקן, וואָרים זי האָט געקוקט אין גאַס אַריין און נישט דערוואַרט, אַז עמעצער זאָל זי אָנרירן.

— וואָס איז דאָס?

— וועלכעס? — פרעגט זיך מאַניס און מאַכט זיך נישט וויסנדיק.

— מײַנסט, איך ווײס ניש, גײ! — שטעקט אים שבע אַקעגן אויס אַ שפּיץ פון איר צונג.

— דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן — פאַרבײסט מאַניס מיט זײַנע צײן די אונטערשטע ליפּ — משוגעים!

— הער אויף! — ווערט שוין שבע ברוגזלעך — פון וועמען מאַכסטו חוזק. דו האָסט מיך געטון אַ שלעפּ באַם אַרבל?

— און אַז איך, טאָר מען ניש — ווערן מאַניסעס אויגן גרעסער און פול מיט טרערן.

שבע האָט אים געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן. זי האָט געוווּסט, אַז ווײַבאַלד מאַניס האָט אַזעלכע אויגן, איז ער זײער אויפגעלײגט. אין אַזעלכע מינוטן האָט ער געקאָגט צולויפן צו איר און זי אַרומכאַפּן און נעמען זי דריקן אין זײַנע אָרעמס, אָדער קושן זי, ווי ער האָט נאָר געטראָפן. קושן מיט זײַנע פלײשיקע ליפּן און זיפּן מיט זײ דעם זאַפט פון איר. זי האָט זיך דערשראָקן: טאָמער טוט ער איצט, דאָ, באַ די אָפענע פענצטער אויך אַ לויף צו איר.

שבע האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט און איז אַוועקגעגאַנגען פון טיש, און בשעת זי האָט דאָס געטון, האָט זי אונטנאַרום געקוקט צו מאַניסן און אים געהיטן. אין דער מינוט איז זי געווען צוריק אַ יונגע. אין אַלע אירע גלידער האָט געשוימט און געזאָטן דאָס בלוט ביז צום אַריבער־לויפן איבער די ברעגן.

ו.

## מאַניס כאַפּט פליגן

עס זענען אַוועקגעגאַנגען עטלעכע טעג. מאַניס מיט זיין ווייב שבע האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט די גרויסע סוף־זומערדיקע טעג. די היצן זענען געווען גרויס. דורך די צוויי פענצטער האָט די זון גע־ברענט ווי אין אַ קאַלעכאויוון און אין שטוב איז געווען אַזוי הייס, אַז די ווענט האָבן געשוויצט. און וואָס צו טון האָבן זיי ביידע נישט געהאַט. מאַניס האָט, ווי זיין טבע איז געווען, געטון אַלערליי קליניקייטן אין שטוב: איבערגעשטויבט זיין ביסל ספרים, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך קיין אַמעריקע; דאָ און דאָרט אַריינגעקלאַפּט אַ טשוואָק אין דער וואַנט; דאָ פאַר אַ האַנטוך און דאָרט פאַר זיין טלית־זאַק; אָדער ער האָט מלחמה געהאַלטן מיט די פליגן. אַזעלכע איינגעשפּאַרטע פליגן ווי אין אַמעריקע האָט מאַניס נישט געזען אין זיין לעבן; און ער האָט אַנטדעקט אַ נייעם מין פליג, וועלכע פליט נישט, נאָר זי קריכט און איז נישט שוואַרץ, נאָר אַ געל־רויטלעכע. און ווי מען שטעלט נאָר אַוועק עפּעס אַ טעלער, וואַקסט זי אויס. . . עס איז אָבער גרינג זי צו כאַפּן. און מאַניס האָט דידאָזיקע קריכנדיקע פליג זייער גיך געכאַפּט און אַרויס־געוואָרפן דורכן אָפענעם פענצטער אין גאַס אַריין.

— וואָס וועט זיין דער סוף? — האָט שבע איינמאָל אַריינגע־וואָרפן אַ וואָרט פון דער זייט — ביסט געקומען כאַפּן פליגן אין אַמעריקע?

— נישט געזאָרגט, נישט געזאָרגט — האָט מאַניס געענטפערט,

אָבער דערפילט, אַז עס איז אמת דאָס, וואָס שבע זאָגט: געקומען כאַפּן פליגן אין אַמעריקע.

— דער פּלאַן פון אונזער קרעמל געפעלט מיר נישט — האָט שבע געפּרוווט ווייטער.

— איך מיין אויך, אַז עס איז נישט קיין פּלאַן — האָט מאַניס מיט זיכערקייט געזאָגט.

— וואָס-זשע דען?

— איך וועל שוין אָנשמעקן.

— פרעג בײַ דעם ייד מיט דער ליולקע — זאָגט שבע — בײַ אים קאָנסטו עפּעס אָנשמעקן.

און נאָך אין דעם אייגענעם טאָג איז אַריינגעקומען דער ייד מיט דער פּיפּקע.

דערדאָזיקער ייד איז אַריינגעקומען אָן אַ היטל אויף זיין קאָפּ. זיין קאָפּ איז געווען אויך אָן האָר און די הויט פון זיין שטערן און מוח, אַ געלע מיט קאַרבן, האָט אויסגעוויזן ווי דאָס אויבערשטע בלאַט אויף אַ פאַרעלטערט קעפּל קרויט. די ליולקע איז נישט אַרויסגעגאַנגען פון זיין מויל די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געשטאַנען און דערנאָך געזעסן בײַ מאַניסן אין שטוב.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי: דערדאָזיקער ייד פרעגט און מאַניס ענטפערט.

— פונוואַנען קומען יידן?

— פון פּאָדאָליע.

— דאָס ווייב אייערס אויך פון פּאָדאָליע?

— פונוואַנען דען?

— זי האָט געקאָנט קומען פון אַן אַנדערע שטאָט?

— ניין. פון פּאָדאָליע.

— און ווו זענען אייערע קינדער?

— אין פּאָדאָליע.

— אַלע?

— אַלע.

— און ווי לאָזן עפּעס קינדער די עלטערן אין אַזאַ ווייט לאַנד?

— זיי האָבן טאַקע נישט געלאָזט.
— פאַרוואָס זשע זענט איר געפאָרן?
— מען האָט געמוזט.
— כ׳פאַרשטיי... אוודאי... כ׳פאַרשטיי... הום-הום!
— חלילה נישט באַגנבעט קיין קלויסטער...
— וואָס אַרט עס מיך.
— און אויך גאָרנישט בײַ קיינעם צוגענומען.
— כ׳פאַרשטיי... אוודאי... כ׳פאַרשטיי...

דאָ האָט זיך עפּעס מאַניס ווי דערפילט, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים אָנגעטרעטן אויף דעם מינדסטן פינגער פון זיין פוס. מאַניס האָט דערפאַר איצט געפרעגט און דער ייד מיט דער פּיפּקע האָט געענט-פערט.

— פריער זאָגט מיר ווי אַזוי איר הייסט?
— אייברעם.
— ווי אַזוי?
— אייברעם! — מישט זיך אַריין שבע — וואָס זשע דו הערסט נישט? אייברעם...
— האָ, איך הער. און פונוואַנען קומט אַ ייד?
— איך בין שוין דאָ אַזוי לאַנג. אַז איך קום פון ערגעץ נישט — לאַכט אייברעם מיט איין ווינקל פון זיין מויל. מיט יענעם ווינקל וווּ די פּיפּקע האָט געשטעקט, פאַרשטייט זיך.
— האָט איר אַ ווייב?
— נאָך נישט.
— און קינדער?
— כי, כי, כי — צעלאָזט זיך שבע — הערסט דאָך, אַז ער האָט נאָך נישט קיין ווייב...
— האָ, איך הער — שטעלט מאַניס אָן זיינע אויגן אויף אייברע-מען — אַזוי, נאָך אַ בחור?
— דערווייל...
— און וואָס טוט אַ ייד? כ׳מיין, אייער פּרנסה — פאַרטייטשט מאַניס.
— איך בין באַלעבאָס איבער דעם

— אַזוי.

— נָה. . .

— אַליין געבויט?

— כע, כע.

— וואָס לאַכט איר?

— כ'מיין, ווען דאָס איז מיינס, וואָלט איך נישט געוואָלט רעדן מיט אייך.

— נישט אייערס? אַזוי.

— דער, וואָס פאַרמאָגט דאָס הויז, האָט נאָך אַ סך הייזער.

— און איר זענט נאָר באַלעבאָס?

— אין מיינע הענט — ווייזט אייבערעם זיינע הענט, וועלכע זענען שוואַרץ ווי ערד און מיט מאָדנע צעדרייטע פינגער און מיט גרויסע בעגל אויף די פינגער.

— איך וויל באַ אייך עפּעס פרעגן — זאָגט פּלוצלינג מאַניס אַזוי ווי דערמאַנענדיק זיך אָן עפּעס — וואָס קאָן אַזאַ ייד ווי איך, טון דאָ אין אַמעריקע?

— אַזאַ ייד ווי איר?

— אַזאַ ייד ווי איך.

— האָט איר געבראַכט מיט זיך אַ סך געלט?

— שוין באַלד אויפגעגעסן — כאַפּט אויס שבע דעם ענטפער.

— וואַרט נאָר. לאָמיר אַ טראַכט טון. וואַרט נאָר.

— איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין זאַך — ווערט מאַניס דרייסט.

— ס'געוועגדט זיך, וואָס איר ווילט. אָדער אויף דער לופט, אָדער אינעווייניק.

— כ'פאַרשטיי נישט — זאָגט מאַניס.

— ס'איז דאָ אַזעלכע, וואָס אַרבעטן אַלע מאָל אינדרויסן, אויף דער לופט, און עס זענען דאָ אַזעלכע, וואָס אַרבעטן אינעווייניק.

— כ'פאַרשטיי. כ'פאַרשטיי.

— קלויבט זיך אויס, וואָס איר ווילט — שמייכלט ווידער אייבערעם מיט אַ ווינקל פון זיין מויל — אָבער דאָ מוז אַ מאַן אַרבעטן און ברענגען אַהיים צום ווייב דאָס, וואָס ער פאַרדינט.

אָפּגעזאָגט דאָס, האָט אייבּרעם געטון אַ קוק צו שבען. שבע האָט זיך צעשמייכלט און אַוועקגעדרייט איר קאָפּ. זי האָט זיך קוים איינגע־האַלטן נישט צו צעלאַכן זיך אויפן קול. אַזוי קאָמיש האָט דערדאָזיקער אייבּרעם אין אירע אויגן אויסגעזען. וואָרים זי איז געזעסן די גאַנצע צייט און נישט אַראָפּגענומען אירע אויגן פון אים. זי האָט כמעט איבער־געציילט אַלע קנייטשן אויף זיין פּנים; אַלע האָר, וועלכע האָבן זיך נאָך דאָ און דאָרט געפונען אַרום דעם האַלז נידעריק צום קאָפּ. נאָר שבע האָט נישט געלאַכט.

פון וועמען איז דאָ צו לאַכן? פון אַ מענטש, וואָס איז איינער אַליין אויף דער וועלט, און אָט זיצט ער און שמועסט, און מאָרגן, ווער ווייסט, וועמעס טאָג עס איז. אויב ער שטאַרבט, ווער וועט בלייבן נאָך אים?

אַזוי האָט שבע געטראַכט. און מאַניס האָט געפרעגט:

— וואָס הייסט, אַזאַ געזעץ פאַראַנען דאָ? אַז אַ מאַן מוז ברענגען צום ווייב וואָס ער פאַרדינט?

— געזעץ. יעס.

— שבע, הערסט? אַ געזעץ.

— כ'הער — רעדט שבע קוים אַרויס דאָס וואָרט.

— הערט, ווי הייסט איר? — ווענדט זיך פּלוצלינג אייבּרעם צו מאַניסן.

— איך הייס מאַניס.

— קומט מיט מיר און איך וועל אייך פירן.

— מיט אייך — קוקט זיך מאַניס אַרום אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר עפּעס.

— גיי — האָט שבע ווידער קוים אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט.

— אָבער איר וועט מוזן אַרבעטן אינעווייניק.

— זאָל זיין אינעווייניק — שמייכלט מאַניס — כ'האָב פיינט אַז אַ פּרנסה איז אין דרויסן... מען זאָל מיך אויפקוקן...

איידער מאַניס מיט אייבּרעמען זענען אַרויס פון שטוב, האָט שבע מיט אַלערליי צייכנס געלאָזט וויסן מאַניסן, אַז ערשטנס, זאָל ער זיך היטן וווהין דערדאָזיקער ייד פירט אים, און צווייטנס, זאָל ער צופיל נישט גלייבן דעמדאָזיקן אייבּרעמען.

מאַניס האָט געטון אַ הויב מיט זיין הויט פון זיין שטערן און ביי=
דע ליפּן האָט ער געטון אַ שטעק אַרויס ביז העט, העט איבער דער
נאָז, וואָס דאָס האָט געהייסן, ערשטנס, אַז ער האָט נאָך שכל אין קאָפּ,
און צווייטנס, אַז דאָס, וואָס מען מעג, וועט ער רעדן, און דאָס, וואָס מען
טאָר נישט, וועט ער האַלטן אין מויל אַזוי ווי וואַסער.

ז.

## לייבלעך נאָענט

נאָכדעם, ווי מאַניס איז אַוועקגעגאַנגען מיט אייבערמען, איז שבע געבליבן, ווי עס האָט זיך איר מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַליין אין אַמעריקע... דער טאָג איז נאָך נישט אַריבער און שבען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער טאָג איז לאַנג ווי אַ יאָר.

שבע האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. און האָט אַ גאַנצן טאָג געהונגערט. דאָס הייסט, הונגעריק איז זי נישט געווען, אָבער אַזוי ווי זי איז געוווינט געווען צו עסן אינאיינעם מיט מאַניסן, אַלע מאָל, האָט זי הײַנטיקן טאָג, בשעת מאַניס איז אינדערהיים נישט געווען, גאָרנישט געגעסן.

זי האָט געפּרוּווט טרינקען אַ גלעזל טיי און די טיי אַוועקגעשטעלט און נישט אויסגעטרונקען. איינמאָל דערפאַר, ט‍אָמער איז מאַניס דאָרט ערגעץ פאַרשמאַכט און וויל אַ גלאָז טיי און קאָן עס נישט באַקומען, און צווייטנס, דערפאַר, ווי עס איז פריער געזאָגט געוואָרן: — אָן מאַניסן טרינקט זי נישט.

וואָס־זשע האָט שבע געטון אַ גאַנצן טאָג? זי האָט אַ גאַנצן טאָג געוואַרט אויף מאַניסן. געזעסן לעבן אַן אָפן פענצטער און געקוקט אין גאַס אַריין. יעדן מענטש האָט זי באַטראַכט; אויב זי האָט נאָך נישט פאַר־פעלט אָנצוקלעפּן איר בליק אָן אַ מענטש. וואָרים מענטשן זענען אין גאַס געגאַנגען אַזוי פיל, ווי מוראַשקעס. און כאָטש דאָס איז געווען בײַ שבען אַ נײַע זאַך צו זען אַזוי פיל מענטשן אַלערליי, פונדעסטוועגן האָט זי יעדן

מענטש באַזונדער געוואָלט אויסמאָלן אין אירע אויגן אַזוי, אַז עס זאָל דאָרטן גיין איר מאַניס.

פאַרשטענדלעך, אַז זי האָט זיך מער פון טויזנט מאָל אָפּגענאַרט. מאַניס איז ערשט געקומען שפּעט אין אָוונט, וואָס מיר וועלן נישט פאַרפעלן צו דערציילן שפּעטער. דערווייל איז שבע געזעסן און געטראַכט; אַרומגעגאַנגען איבער די צוויי חדרימלעך פון איר היים, אַזוי ווי אַ שאָטן; געפילט, אַז עס קומט איר אָן אַ קלעם אונטערן האַרץ, און טרערן האָבן זיך געשטעלט אין אירע אויגן; געלעגן אין בעט און מיט געזאַלצענע טרערן נאַס געמאַכט דאָס קישן; דערנאָך זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, און אָפּגעצויגן דאָס ציכל און עס געטריקנט אויף דער זון.

פאַרוואָס האָט שבע געוויינט? עס האָט איר פּלוצלינג אָנגעהויבן קלאָר ווערן, אַז זי מיט מאַניסן זענען אומגליקלעך און וועלן שוין קיינמאָל נישט אַרויס פון דעם אומגליק.

גענוג. שבע האָט נאָר אַ קוק געטון אויף די צוויי חדרימלעך. דאָס, וואָס מיט די צוויי פענצטער צו דער גאַס, איז נאָך געווען באַם גאַנג. אָבער דאָס אַנדערע חדרל, וואָס האָט גאָרנישט פאַרמאָגט אפילו קיין סימן פון אַ פענצטער... עס האָט נאָר געלעבט מיט דעם ביסל שיין פון דער ליכטיקייט פון דעם ערשטן חדר. אמת. דאָ, אין דידאָזיקע צוויי חדרימלעך איז דאָ אַ פּאָל פון ברעטער. און שבע האָט אָפּגעוואַשן דעם פּאָל אַזוי ריין, אַז ער איז אַזש געל און ווייך, און עס זעען זיך אַרויס די רינצל פון די ברעטער; אמת, אַז אין שטוב איז ריין אַזוי ווי אין אַ קלאָר אויג. די גאַנצע שטוב איז עפּעס אַזוי הויך פון דער ערד, אַ שרעק, ווי הויך.

און שבע איז פון קליינערהייט געוווינט צו וווינען נאָענט באַ דער ערד. אַ שפּאַן מיט אַ פוס און אַריבער דער שוועל, און זי איז שוין געשטאַנען אויף דער ערד.

שבע איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל אין פּאָדאָליע. אירע עלטערן זענען געווען גרויסע מיוחסים. זיי האָבן זייער יחוס געציילט ערגעץ ווייט, ווייט, ביז צום בעל-שמס תּלמודים. שבעס עלטערן אַליין זענען געווען נישט שטאַרק רייך, אָבער זיי האָבן געפירט אַ שיין ברייט הויז מיט אַ טך חדרים. די חדרים, גרויסע אַזוי ווי וועלדער, כאָטש

עס איז אין זיי נישט געווען קיין הילצערנע פּאָדלאָגעס. אין הויז, בײַ שבעס פֿאָטער, איז געווען ממש אַ רחבות. דער טאַטע, פֿאַר זיך אַ חדר מיוחד צום דאַוונען און לערנען. די מאַמע, פֿאַר זיך אַ חדר מיוחד. שבען, אַ חדר מיוחד. פֿאַר דער דינסט, אַ חדר מיוחד. חוץ דעם זענען געווען אַנדערע חדרים צום שלאָפֿן, עסן און קאָכן. שבע איז געראָטן אין איר פֿאָטער. זי איז טאַקע געווען די אײנציקע טאָכטער בײַ אירע עלטערן, און ווען זי איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר, האָט מען זי שוין חתונה געמאַכט מיט מאַניסן. און שבע האָט זיך באַהאַלטן אין איר באַזונדערן חדר און זיך געשעמט פֿאַר מאַנסבילן, וואָרים זי איז שוין דעמאָלט געווען הויך ווי אַ סאָסנע און אירע שוואַרצע האָר האָבן צוגעדעקט אירע דינע פּלייצעס, ביז אַראָפּ איבער דעם גאַרטל. נאָר אײנמאָל, אין שבת־צונאַכטס, האָט מען זי מיט געוואַלט אַרײנגעבראַכט אין שטוב אַרײַן צווישן עולם, און זי מיט אַ פֿאַרשטעלט פּנים, וואָס זי האָט פֿאַרשטעלט מיט בײדע הענט, האָט פֿונדעסטוועגן געזען דעם עולם. און דער טאַטע אירער האָט געזאָגט תּורה פֿאַר דעם עולם. און שבע האָט געהערט און זיך געשאָקלט און פֿאַרשטאַנען, אַז דער פֿאָטער אירער האָט געטון אַ ווונק וועגן איר, אַז עס מוז פֿון איר אַרויסקומען אַ קינד, וואָס וועט באַשײַנען זײַן דור. און שבע האָט דערפֿילט ווי אַלע מאַנסבילן האָבן אויף איר אָנגעשטעלט זײערע אויגן. איז זי ווידער אַנטלאָפֿן אין איר באַזונדערן חדר און האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל. און דערנאָך זענען אַוועק עטלעכע יאָר נאָך זײער חתונה, און שבע האָט זיך געשעמט צו קוקן גלײַך אין פּנים אַרײַן מאַניסן. זי האָט געבוירן מאַניסן אײן זון און צוויי טעכטער אין די ערשטע פֿינף יאָר נאָך זײער חתונה. דערנאָך האָט זי אויפֿגעהערט צו האָבן קינדער. און ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן מיט מאַניסן זיך צו פֿירן, ווי אַ ווײַב מיט אַ מאַן.

אויב זי האָט גערעדט צו אים, אָדער ער צו איר, האָט זי זיך שוין פֿאַר אים נישט געשעמט, און איז מיט אים אַזוי ווי צונויפֿגעוואַקסן געוואָרן, אַ שטײגער, ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער, אָדער, אַזוי ווי עס שטײט אין חומש: און זיי זענען געוואָרן לײַבלעך נאָענט.

און פֿון דעמאָלט אָן ביז איצט, האָבן זיי זיך אײנס פֿון דאָס אַנדערע נישט דערווײַטערט.

איצטער איז שוין שבע אין די מיטעלע יאָרן. זי טראָגט דאָ, אין

אַמעריקע, אירע פֿינפֿציק יאָר זייער גרינג. פֿילט אַזוי ווי יעדער מענטש אין אַ נײַ ווײַט לאַנד, ווידעראַמאָל, אַזוי ווי צוריק מיט צוואַנציק־דרײַסיק יאָר. די הויט פֿון איר פּנים, פֿון אירע הענט, איז ווײַס ווי מילך. אירע בלויע אויגן שווימען נאָך אַרום אין גרויסע, טיפֿע ווײַסלען, און זענען נאָך באַשיצט מיט שוואַרצע ווימפּערס. און אַז שבע נעמט אַראָפּ דאָס זײַדענע טיכל און נאָכדעם, אַז זי דעקט אויף דעם טשיפּעק און זי טוט אַ קוק אויף אירע נאָך שיינע, כאָטש קורצע, האָר, ווייסט זי דאָך, אַז זי זינדיקט. וואָרים, עס מעג טאַקע קיינער נישט זײַן אין שטוב, נאָר די סטעליע איבער איר קאָפּ, אָבער פֿונדעסטוועגן האָט זי דאָך אירע האָר אויפֿגעדעקט.

שבע איז שלאַנק און הויך, אַזוי ווי איר פֿאָטער, און אַזוי בויגעוודיק ווי אַ סאָסנע. און איז אַזוי פֿרום, אַזוי ווי איר מאַמע איז פֿרום געווען. עס איז בײַ איר נישטאָ קיין פֿאַלשקייטן אַקעגן איר מאַן. אויב זי זעט, אַז ער טוט עפּעס נישט אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן, זאָגט זי אים גלײַך אין פּנים אַרײַן. און אַזוי ווי זי איז צו איר מאַן, אַזוי איז זי צו אַנדערע מענטשן. אַ סך מאָל לײַדט זי דערפֿון, וואָרים מענטשן דאָ:ן פּיינט, אַז מען זאָל זיי זאָגן דעם אמת. שבע איז קלוג. זי פֿאַרשטייט אַ מענטש מיט דעם ערשטן בליק. ווו זי האָט גענומען דידאָזיקע חכמה, ווייסט זי נישט, אָבער זי קאָן דערקענען אַ מענטש מיט איין בליק. דידאָזיקע חכמה שבעס, איז מאַניסן אַ סך מאָל צונוץ געקומען, אויב ער האָט זיך נישט אײַנגעשפּאַרט און זיך געוואָלט מיט דעם באַנוצן. שבע האָט נאָך פֿאַרמאָגט אַ סך אַנדערע מעלות, אָבער אויסרעכנען זיי איז דאָ נישט נייטיק. איין זאַך אָבער מוז מען דערמאָנען, און דאָס איז איר חוש פֿאַר ווײַטקייט. שבע האָט געזען איצטער, וואָס עס וועט זײַן שפּעטער.

זי האָט נישט געוואָלט פֿאָרן קיין אַמעריקע, וואָרים זי האָט עפּעס געזען אין דער ווײַטקייט. מאַניס האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, נאָר קיין אַמעריקע.

איצט זענען זיי אין אַמעריקע. אָט האָסטו דיר אַמעריקע. איז מאַניס אָוועקגעגאַנגען מיט דעמדאָזיקן אײַבערעמען. דעם אמת האָט שבע עפּעס אַ „כראָפּ“ אויף אײַבערעמען. פֿאַרוואָס, ווייסט זי נישט. דאָס פֿילט זי און דאָס טראַכט זי. גאָט זאָל העלפֿן, עס זאָל זײַן גוט.

— צו וואָס טויג דיר אַמעריקע? — האָט שבע זיך געבעטן בײַ מאַניסן.

— אַ ניי לאַנד, פאַרוואָס נישט ?

— און די קינדער ? — האָט שבע געפּרוווט.

— אַז זיי ווילן, קאָנען זיי אויך פאָרן.

— איצט, ווייט פון די קינדער. אמת, אַ ניי לאַנד. דאָס מוז שבע צוגעבן. אַ ניי לאַנד.

## ח.

# ווייסע הענט

פונקט דאָס אייגענע, וואָס שבע האָט געפּילט באַ זיך אינדערהיים, האָט מאַניס געפּילט אַ גאַנצן טאָג אין דעם אָרט, חו אייבערעם האָט אים געבראַכט.

זיי זענען געגאַנגען איבער אַ גאַס אַ שמאָלע און, ווי מאַניסן האָט זיך אויסגעוויזן, אויסגעשניטענע ערגעץ אונטער דער ערד; אָן אַ שיעור אַ לאַנגע, און די שטיבער איינגעוואָרפענע און באַ די שטיבער וועגע-נער מיט פערד און פעסער מיט הערינג און פעסער מיט ציבעלעס און פעסער מיט עפּל און געשטעלן מיט אַלערליי סחורות און אַלטוואַרג און אַרויסגעוואָרפענע צעבראָכענע שטיקער מעבל און פלעשער ליידיקע און איינגעבינדענע בינטלעך זענען געלעגן, איינס אויף דאָס אַנדערע, אויף קופּקעלעך אַש און קעץ האָבן זיך געראָיעט אין דעם אָפּפאַל, און הינט פאַרלייזיקטע און אָפּגעשינדענע זענען נאָכגעלאָפן די קעץ. און קינדער זענען געשטאַנען אָדער געגאַנגען אין גאַנצע בינטן. אַזעלכע טרויעריקע קינדער, חי זיי וואָלטן נישט געהאַט קיין מאַמעס. און בעקער-יונגען, וייס-באַמעליקטע, האָבן געטראָגן גרויסע קוישן פריש-געבאַקענע בייגל און הייס געבאַקן ברויט, און יידן זענען אַרומגעגאַנגען מיט זעגן און מיט העמערלעך און אַנדערע יידן האָבן געטראָגן בערג מיט הויזן און רעק-לעך און היטן צום פאַרקויפן. אָט צווישן אַזעלכע גאַסן האָט אייבערעם געפירט מאַניסן. און מאַניס האָט זיך געפּרוווט אַלע מאָל אָפּשטעלן און באַטראַכטן דאָסדאָזיקע ביין-וווּנדער, אָבער אייבערעם האָט אים אַלע מאָל

דערמאַנט, אַז מען דאַרף גיין. ביז ר'האָט אים צוגעבראַכט צו דער מיט פֿון גאַס. ערשט דאָ האָט זיך מאַניס אַרומגעקוקט, אַז פֿון אויבן איז די גאַס געווען איינגאַנצן פֿאַרשטעלט מיט אַ דאַך, ווי, למשל, דער דאַך פֿון אַ היימישער קאַמער — טאַקע אַ דאַך און פֿאָרט נישט קיין דאַך. וואָרים עס האָט זיך דורך דעם דאַך פֿאָרט דורכגעזען שטיקלעך פֿון דעם הימל. עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז מאַניס זאָל זיך דערשרעקן. וואָרים אָן שרעק איז בײַ אים דאָס לעבן זיינס קיינמאָל נישט אָפּגעקומען. נו, האָט ער זיך איצט אויך אַביסל דערשראָקן. עס האָט אויף דעמדאָזיקן דאַך פּלוצלינג אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. און די אייזערנע באַלקנס פֿון דעם דאַך האָבן געקרעכצט פֿון דעם שווערן געוויכט פֿון דעם, וואָס האָט אַזוי פּאַרטויבט צו ווערן געקלאַפּט. עס איז אָנגעקומען דאָס פּאַרטויבט־צו־ווערניש אַזוי ווי מיט אַ ווינט, און עס איז ווידער שטיל געוואָרן. אַ גליק, וואָס אייבערעם האָט מאַניסן אויפֿגעקלערט, אַז דאָס איז אַזאַ באַן, וואָס לויפֿט אינדערהייך. וואָלט דאַך, דאַכט זיך, מאַניס באַדאַרפֿט זיין צופֿרידן. און שוין. איז אָבער מאַניס ערשט איצטער אַריין אין אַלערליי סברות און נישט אָפּגעלאָזט אייבערעמען, ביז יענער האָט זיך אויף אים נישט אויסגעבייזערט און מיט געוואַלט אים אַריינגעשלעפּט אין אַ פֿינצטער לאָך און אים געפֿירט אין דער פֿינצטער אַ שטיק וועג. און אים ווידער אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיקייט און דאָרט ערגעץ, געעפֿנט אַ טיר. אייבערעם מיט מאַניסן זענען געבליבן שטיין אין אַ שטוב אַ טונקעלער, וועלכע איז געווען באַלויכטן, אינמיטן העלן טאָג, מיט גאַז־לעמפּלעך.

דער געפּילדער פֿון ניי־מאַשינען און דאָס שווערע, דערהרגענדיקע קלאַפּן פֿון די אייזערנע פּרעסלעך, מיט וועלכע עטלעכע יידן האָבן געוואָרפֿן אויף טישן, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך מיט דידאָזיקע טישן אָפּגערעכנט און צו זיי אויסגעלאָזט זייער כּעס, — באַזונדער, דאָס געפּילדעריי פֿון די מאַשינען, האָט גאָרנישט צוגעלאָזט, אַז עמעצער אַנדערש, דאָ אין דערדאָזיקער שטוב, זאָל וואַגן צו עפֿענען אַ מויל און עפּעס זאָגן. טאָמער האָט עמעצער יאָ עפּעס געזאָגט, האָט מען טאַקע נישט געהערט וואָס ער זאָגט.

אייבערעם איז דערפֿאַר צוגעגאַנגען צו איינעם אַ ייד, וועלכער האָט געטראָגן אַן אַרשין איבער זיין האַלז, און אַ שרייבפּענדל איבערן אויער פֿאַרלייגט, און אָט צו דעם ייד האָט אייבערעם געזאָגט עפּעס אין אויער

אַריין. מעגלעך, אַז אייבערעם האָט אַרייגעשריגן יענעם אין אויער אַריין, וואָרים יענער האָט זיך אומגעקוקט אַזוי ווי אַ דערשראָקענער, און איז גיך צוגעלאָפן צו מאַניסן און אים באַטראַכט פון דעם קאָפּ ביז צו די פיס.

מאַניסעס פיס האָבן זיך באַ דעמדאָזיקן באַטראַכטעניש אַ ביסל אַ בייג געטון און אים איז עפּעס באַלד דערדאָזיקער ייד נישט געפעלן געוואָרן.

נאָכדעם איז פאָרגעקומען דערדאָזיקער שמועס צווישן דעם ייד און מאַניסן. אָבער ביידע האָבן געמוזט שרייען איינער דעם אַנדערן אין די אויערן אַריין. מאַניס האָט נישט געוואַגט אפילו צו שרייען אַזוי הויך ווי דער ייד האָט געשריגן:

— אַ ייד וויל זיך לערנען?

— פאַרוואָס נישט?

— עס איז נישט קיין רבנות!

— כ'ווייס...

— ווי אַלט איז אַ ייד?

— כ'ווייס... קרוב צו פינפציק... — האָט מאַניס געזאָגט און האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט.

— האָסט נישט געקאָנט זיין יינגער?

מאַניס האָט געפילט ווי עמעצער וואָלט אים אָפּגעבריט. אָבער ער האָט גאָרנישט געענטפערט. אפילו געפּרוווט אַ שמייכל טון.

— ווילסט זיין אַ פּרעסער?

— כ'ווייס?... — ענטפערט מאַניס און כאַפּט דערווייל אַ קוק אַהין, ווו עס שטייען יידן און הרגענען די טישן מיט די אייזערנע פּרעסלעך. ער דערשרעקט זיך פאַר איינעם פון יענע יידנס גרויסע, גרויע אויגן, וועלכע שרייען צו מאַניסן, אַז ער זאָל נישט זיין קיין פּרעסער, נישט זיין קיין פּרעסער!

— וויין דיינע הענט! — גיט דער, וואָס מיטן שרייבפענדל אונטערן אויער, פלוצלינג אַ זאָג צו מאַניסן.

מאַניס ווייזט אים זיינע הענט, די ווייכע, אויסגערוטע און ריי-

נע הענט, פון דורות אויסגעאיידלטע און געוואַשענע און אָפּגעהיטענע. דידאָזיקע הענט האָבן מיט זייער ווייסקייט געטון אַ בליץ אין דער טונקלקייט פון שטוב, און זיי האָבן זיך געבעטן, דרייענדיק זיך און בייגנדיק מיט זייערע פינגער, אַז מען זאָל זיי נישט מאַכן אַ תּל; מען זאָל זיי נישט אויסשמירן און נישט אָפּבריען מיט דעם הייסן פּרעסל.

— מיט אַזעלכע הענט! מיט אַזעלכע הענט קומט „עס" קיין אַמע־ריקע!...

— אַז איך האָב נישט קיין אַנדערע... — האָט זיך מאַניס גע־בעטן.

— איך וועל דיר געבן אַ גרינגע אַרבעט... וויין נישט...

— ווער וויינט? — האָט זיך מאַניס געטון, פונדעסטוועגן, אַ טאַפּ באַ זיינע אויגן, צי ער וויינט טאַקע נישט.

— וועסט פּאַקן העמדער?

— פאַרוואָס נישט.

— זעקס וואָכן אומזיסט.

— און דערנאָך?

— און דערנאָך... אַז עס שמעקט נאָך פון דיר די שיף — האָט אים דער פרעמדער ייד אָנגעקלאַפּט אין אַן אַקסל.

בשעת דעמדאָזיקן געשפּרעך, איז אייבערעם געשטאַנען און געהאַלטן די פּיפּקע אין זיין מויל, און עס האָט אים הנאה געטון. וואָרים פון איין ווינקל פון זיין מויל, איז געריבען אַ שמאָל ריטשקעלע מיט שפּייעכץ.

אייבערעם איז אַוועקגעגאַנגען און איבערגעלאָזט מאַניסן אַליין צווישן די פרעמדע מענטשן. מאַניס האָט אַ גאַנצן טאָג געבענקט נאָך שבען, און אַז עס איז געקומען צוועלף דער זייגער און אַלע האָבן געגעסן אָנ־בייסן, האָט מאַניס זיך אַרומגעדרייט מיט די הענט אין די קעשענעס און געטראַכט פון שבען און זי באַדויערט. און כאָטש ס'האָט אין אים גע־ברענט אַ באַגער אַהיימצוגיין, פונדעסטוועגן האָט ער זיך געשטאַרקט און געמאַכט, ווי ער וויל פאַרגעסן אין דער היים.

ביז צוועלף איז ער געשטאַנען און געקוקט ווי אַזוי מען באַדאַרף

פּאַקן אַ העמד. דער, וואָס מיט דעם שרייבפּענדל אונטערן אויער, האָט אים געוויזן, ווי אַזוי מען פּאַקט העמדער.

נאָך דעם מאָלצייט, און די מאַשינען האָבן ווידער אָנגעהויבן צו פּילדערן, איז שוין מאַניס געשטאַנען איבער אַ טיש, וואָס האָט מיט זיין הויך דערגרייכט ביז מאַניסעס באָרד, און אויף דעם טיש איז געלעגן אַ העמד, מיט רויטע און בלויע פּאַסן, און מאַניס האָט געפּרוווט דאָס־דאָזיקע העמד צונויפלייגן. פריער האָט ער פון דעמדאָזיקן העמד באַדאַרפט אַרויסשלעפּן שטיקלעך איבעריקע פעדים, וועלכע זענען געהאָנגען דאָ און דאָרט. פאַרטיק געוואָרן מיט די פעדים, האָט מאַניס געפּרוווט צונויפלייגן דאָס העמד. פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נישט געקאָנט. די צוויי אַרבל זענען געשטאַנען אין וועג. ער האָט באַדאַרפט די צוויי אַרבל אַזוי באַהאַלטן אין העמד אינעווייניק, אַז מען זאָל נישט אַרויסזען, און זיי זאָלן, חוץ דעם, ליגן אַזוי באַקוועם באַהאַלטן אין העמד, אַז זיי זאָלן חלילה נישט צעקנייטשט ווערן. פון דעם העמד האָט געשמעקט מיט פרי־שע לייוונט און מיט דעם ריח פון הייסן פּרעסל און די בלויע און רויטע פּאַסן האָבן געלאַקערט דאָס אויג און ווייסע קליינע קנעפּעלעך האָבן גע־וווּנקען, אַזוי ווי קליינע שטערן איבער דער גאַנצער לענג פון אַ בלויען פּאַס. זאָלן אָבער פאַרשאָלטן ווערן די אַרבל, וואָס זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. און אָט איז שוין מאַניס פאַרטיק מיט דעם העמד און טוט עס אַ הייב אויף אין דער הייך און די צוויי אַרבל פאַלן אַרויס, און פון די ניי־מאַשינען הייבן זיך אויסגעבויגענע פּלייצעס און עס הערט זיך אַ געלעכטער.

און דער באַרג מיט העמדער וואַקסט. און מאַניס דערשרעקט זיך פאַר דעם באַרג מיט העמדער, און דער ייד מיט דעם שרייבפּענדל קומט צו לויפן און ווייזט אים נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

— זעסט, ווי גיך עס גייט.

— כ׳האָב עס בײַ מיין טאַטן נישט געטון — בעט זיך מאַניס.

— מען ווייסט, מען ווייסט — שרייט אַזוי ווי מיט כעס דער, וואָס מיט דעם שרייבפּענדל, און בשעת מעשה פליען אים די געפּאַקטע העמ־דער פון די הענט.

ערשט באַם סוף פון טאָג, איז מאַניס געוואויר געוואָרן פון דעם סוד,

ווי אַזוי מען באַדאַרף פּאַקן אַ העמד, און עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. יאָ, עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָבער דע־מאָלט האָבן זיך שוין אַלע געקליבן גיין אַהיים. מילא, גיין אַהיים איז אַן ענין; אָבער מאַניסן איז געוואָרן אַ שאָד, וואָרים ערשט איצט זיך אויסגעלערנט, און מען באַדאַרף שוין גיין אַהיים.

## ט.

# ווי אַן אַלטער הונט

אייבערעם האָט באַדאַרפט גיין ברענגען מאַניסן אַהיים. שבע איז געווען אַזוי אומרויִק, און אירע בלויע גרויסע אויגן האָבן אַזוי צעשראָקן זיך געבעטן בײַ אייבערעמען, אַז ער זאָל נישט לאָזן מאַניסן פאַרפאַלן ווערן.

מאַניס איז אַהיימגעקומען אַ פריילעכער און מיט אַ ברייט מויל געלאַכט פון שבען, וואָס זי איז געווען אַזוי אומרויִק. זיין ברייט צעשמייכלט מויל האָט באַרויִקט שבען און זי האָט איינדערגיך געגרייט צום טיש און אין שטוב איז געוואָרן אַזוי ווי ליכטיקער פון דעם ווייסן טישטוך, וואָס זי האָט פאַרשפּרייט איבערן טיש. דאָס געקעכץ האָט געשמעקט איבער דער שטוב און מאַניס האָט זיך געוואַשן און געגעסן, און שבע איז געזעסן לעבן אים און אויך געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט.

— עפּעס אַ גוט געשעפט? ... — האָט שבע אַזוי פון דער זייט אַ פּרווו געטון.

— אַ געשעפט? — האָט מאַניס געווישט זיינע באַשוירענע וואָנצעס — וואָס פאַר אַ געשעפט?

— איך מיין, דיין מסחר...

— וואָס פאַר אַ מסחר?

— ביסט דאָך היינט אַ גאַנצן טאָג ערגעץ געווען, צי ניין?

— אין אַ פאַבריק — האָט מאַניס געזאָגט און אַ קרים געטון מיט זיינע וואָנסעס — נישט קיין געשעפט.

— זאָל זיין אַ פאַבריק — איז שבע געווען צופרידן — אָבער עס וועט זיין פרנסה?

— פריער מוז איך זיך אויסלערנען — קוקט מאַניס שבען גלייך אין די אויגן אַריין.

— מיט דער צייט וועסטו זיך אויסלערנען — טרייסט שבע.

— עס וועט נעמען, זאָגט ער, זעקס וואָכן — גיט צו פאַרשטיין מאַניס.

— ווער זאָגט? — פרעגט שבע.

— איך ווייס, ווי ער הייסט? — קרימט זיך מאַניס.

— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט, ווי ער הייסט? — ווונדערט זיך שבע.

— איך ווייס נישט.

— האַנדלסט אַ גאַנצן טאָג מיט אַ מענטש און ווייסט נישט, ווי ער הייסט — לאַכט שבע.

— איך וועל נאָך געוווּיר ווערן שפעטער. ס'איז נאָך דאָ צייט.

— און טאָמער באַראַבעוועט ער דיך? — דערעסט שוין שבע אין דער זיבעטער ריפּ אַריין.

— ווער באַראַבעוועט, וואָס באַראַבעוועט? — איז שוין מאַניס ברוגז, — ביסט אַזוי זיכער, אַז יענער איז אַן ערלעכער מענטש?

— און פונוואַנען ווייסט יענער צי איך בין אַן ערלעכער?

— נו, נו, נעם זיך נישט צום האַרץ — ווערט שוין שבע ווייכער.

— אויב עס וועט מיר נישט געפעלן, וועל איך גיין אין אַן אַנדער אָרט — פאַרענדיקט מאַניס דאָס געשפּרעך און טינקט קליינע שטיקלעך ברויט אין דער קאַזשאַדע און קוויקט זיך פון דעם זויערן מאכל.

— קיינער האָט מיך נישט צוגעבונדן — פאַרענדיקט מאַניס עפּעס אַן אינערלעכן געדאַנק.

— פאַרקערט, עס וואָלט בעסער געווען, ווען דו ביסט צוגעבונדן — באַווייזט שבע, אַז זי איז מער חכמה פון מאַניסן — יאָ, האָסט מיר נאָך נישט געזאָגט מיט וואָס דו האַנדלסט.

— איך האַנדל נישט. נאַר. איך אַרבעט.

— אַ באַלמעלאָכע?! — שטעלט שבע אַן אירע גרויע אויגן.

— וואָס דען האָסטו געמיינט?

— אַ באַלמעלאָכע ? דו, מאַניס ? !

— וואָס האָסטו זיך אַזוי אַ טריפֿע געטון ?

— מאַקע באַדאַרפֿט קומען אַהער איבער אַזאַ ים. . .

— עס איז נישט קיין שווערע מלאכה. און אַ שיינע דערצו — פּרוּווט מאַניס זיך אויספּיינען — וואָס טו איך דען ? איך לייג צונויף העמדער.

— איך וויל נישט ! — גיט שבע אַ קוויטש מיט אַלע כּוחות און הייבט זיך אויף פֿון טיש. גייענדיק צום אויוון, שרייט זי נאָך אַלץ : — איך וויל נישט !

— האָסט עפּעס בעסערע זאַכן — פֿאַרענטפֿערט זיך מאַניס — גלייך מען האָט דיר דאָ אָנגעגרייט און קאָנסט אויסקלויבן.

מאַניס מיט שבען האָבן געגעסן און זיך געקריגט. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, אפֿשר, אין זייער לעבן, אַז זיי זאָלן זיך טאַקע אין אַן אמתן וועג קריגן. זי האָט געשריגן, אַז זי וויל נישט און ער האָט געטענהט, אַז עס איז גאָרנישט. עס איז נישט דער עיקר, וואָס דער מענטש טוט. אויב אַ מענטש באַדאַרף עפּעס טון צוליב דעם שטיקל ברויט, טוט ער וואָס עס מאַכט זיך.

און איבערגעשלאָגן דאָס קריגעריי האָט אייבערעם מיט זיין אַריינ־קומען. שבע האָט אפֿילו געוואָלט אים אָפּשפּילן אַ שיינע חתונה דערפֿאַר, וואָס ער האָט פֿאַרפֿירט מאַניסן אין אַ בלאָטע, אָבער זי האָט נישט גע־קאָנט ווערן שטאַרק בייז. האָט זי דערפֿאַר געשוויגן. אָבער אין איר שווייגן האָט מאַניס דערקענט, אַז זי איז בייז און אייבערעם האָט מסתּם אויך דערקענט. קיין פֿינגער אין מויל אַריין, באַדאַרף מען אים נישט אַריינלייגן.

אייבערעם האָט דערפֿאַר גענומען דערציילן ווי רייך דער ייד פֿון דערדאָזיקער העמדער־פֿאַבריק איז — אָט די פֿאַבריק, אין וועלכער מאַניס אַרבעט.

ער האָט פֿון זיין פּיפּקע געבלאָזן גרויסע זיילן רויך, אַזוי ווי עס בלאָזט אַ באַן פֿון זיך, גייענדיק באַרג אַרויף, און דערציילט אַ מעשה, ווי אַזוי דערדאָזיקער ייד, וועלכער הייסט דזשייקאָב, איז געקומען פֿון דייטשלאַנד אָן אַ פּרוטה ; און ווי אַזוי ער האָט אַרומגעטראָגן העמדער צו פֿאַרקויפֿן ; און ווי אַזוי צוביסלעך, צוביסלעך, האָט ער אָנגעהויבן צו

זען, אַז אין העמדער איז דאָ פּרנסה ; און ווי אַזוי ער האָט געזען, אַז עס קומען אָן יידן פון אַלע עקן וועלט און קאָנען דאָ קיין לעבן נישט מאַכן ; איז אים איינגעפאַלן דער געדאַנק, אָט דעם דזשייקאָבן, ער זאָל מאַכן אַ פאַבריק פון העמדער. אַ העמד מוז איטלעכער האָבן, פונקט אַזוי ווי ברויט, און אפשר נאָך בילעכער פון ברויט — האָט דזשייקאָב געדונגען פריער אַ קעלער און דאָרט אַנידערגעשטעלט איין מאַשין ; און געקויפט אַ שטיקל לייוונט באַ אַ יידענע, וואָס פאַרקויפט שטיקלעך לייוונט, און אויפגענייט און פאַרקויפט ; און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער — האָ, האָ, ער איז רייך...

אַזוי האָט אייבערעם פאַרענדיקט זיין מעשה און זיך אָפּגעווישט זיינע ליפּן און געזאָגט :

— אפשר קאָן די באַלעבאָסטע געבן אַביסל זופּ...

— טרינקט אַ גלאָז טיי — באָט אָן שבע — זופּ האָב איך געקאָכט נאָר פאַר אונז צוויי פאַרשוינען. אַזאַ זופּ ! איר וואָלט געמעגט פאַרזוכן.

— איך האָב געשמעקט דעם ריח פון דער זופּ איבערן גאַנצן הויז — מאַכט אייבערעם קאָמפּלימענטן — כ'וועל אייך זאָגן די ריינע וואָרהייט, אַז איך האָב נישט אין מיין לעבנס לעבן אַזאַ זופּ מיט מיין נאָז פאַרזוכט. פון עסן איז שוין נישטאָ וואָס צו רעדן.

שבע האָט זיך געפילט זייער אויפגעלייגט. זי האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויפן אָרט. עס האָט זי אונטערגעטראָגן. זי האָט זיך נישט געוואָלט צולאָזן דאָס פאַרגעניגן, אַז זי איז די איינציקע אין אַמעריקע, וואָס קאָן קאָכן אַזאַ שמעקנדיקע זופּ און האָט אין זיך געפּרוווט אַוועקצוטרייבן דעמדאָזיקן געדאַנק און אים צוריקגעכאַפּט און אים ווידער פאַרטריבן. דאָס לעצטע מאָל האָט זי דעם געדאַנק זייער ווייט פאַרטריבן און בעסער אָפּגעשטעלט איר אויפמערקזאַמקייט אויף דעם, וואָס מאַניס איז אַריין אין די הענט פון אַ זייער רייכן ייד.

זי האָט דערלאַנגט צום טיש טיי אין שפּיגלדיקע גלעזער. דער קאָליר פון דער טיי אין געווען ברוין, אַזוי ווי דער קאָליר פון אַלטן, גאָר אַלטן וויין, וועלכער איז אַמאָל, אין די יונגע יאָרן, געווען רויט ווי יונג בלוט און אויף דער עלטער איז ער געוואָרן ברוין.

אייבערעם האָט זיך געוויצלט, אַז ער ווייסט נישט ווי אַזוי צו טרינקען טיי, נאָר אַזוי ווי דידאָזיקע טיי שפּילט אין גלאָז, ווי גוטער וויין, וועט

ער טרינקען. ער האָט געטון אַ שטאַרקן, גיכן זופּ פון גלאָז און זיך גע־
קוויקט אויף אַ קול, און געזאָגט:

— אַ נאַרישקייט געווען פון מיר.

— וואָס? — פרעגט מאַניס.

— אָט, וואָס כ'האָב נישט חתונה געהאַט.

— זיך קוים דערמאַנט — שמייכלט מאַניס.

— „ער" שפּאַסט — ווענדט זיך שבע מיט אַ שמייכעלע צו מאַ־
ניסן — און דו מיינסט, אַז עס איז אמת...

— ס'איז די וואָרהייט — קנייטשן זיך צונויף אַלע קאַרבן אויף
אייבערעמס פּנים.

— און ווי אַזוי וויגט איר איינער אַליין? — פרעגט ווידער מאַניס
און זיינע אויגן ווערן קליין.

— ווי אַן אַלטער הונט.

## י.

# „ווע זשע דאָם"

מאַניס און זיין ווייב שבע זענען געווען איינזאַם אין דילענסי סטריט. זיי האָבן דאָ נישט געהאַט קיין קרובים און אויך נישט קיין באַקאַנטע. און דאָס ביסל געלט, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך קיין אַמעריקע, איז שוין באַ זיי אויסגעגאַנגען. און באַ וועמען צו לייען געלט, האָבן זיי נישט געהאַט. און איבערהויפּט האָט מאַניס פיינט געהאַט צו לייען געלט. ער האָט נישט געקאָנט צוגיין צו יענעם לייען. מאַניס איז געווען אַ שטילער און זייער מאָדנער מענטש. זיין קומען קיין אַמעריקע איז געווען אַזוי מאָדנע. פאַר אַזאַ קלייניקייט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט זיצן צוויי וואָכן „ווע זשע", איז ער אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. דאָ האָט ער זיך זייער געהיטן פאַר פרעמדע מענטשן. און עס האָט זיך אים אַלץ אויסגעוויזן, אַז מסתּם זוכט מען אים דאָ אין אַמעריקע און מען וויל אים אַריינציען און אַוועק־כאַפּן אין „ווע זשע דאָם".

פאַרשטענדלעך, אַז זיצן דאָ אין אַמעריקע מיט פאַרלייגטע הענט האָט מאַניס נישט געקאָנט. און דערפאַר זיך געלערנט צונויפלייגן העמ־דער אין אַ פאַבריק. מאַניס איז שוין אריין אין דער זעקסטער וואָך פון זיין לערנען. און האָט שוין געקאָנט די מלאכה. אָבער דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק האָט אים נאָך נישט אָנערקענט. איז מאַניסן געווען זייער שלעכט און ביטער. די אַרבעט קאָן ער. און עס האָט אים וויי געטון, פאַרוואָס מען באַצאָלט אים נישט פאַר זיין אַרבעט. ער האָט געקוקט אויף דערדאָזיקער פאַבריק, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט און געטראַכט צו

זיך אליין, אַז מען האָט אים דאָך פאַרנאַרט אין „וועזשע דאָם" אַריין. די גידעריקע פענצטער, וועלכע זענען געווען באַוואָרנט מיט אייזערנע שטאַנגען און די שווערע טיר, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אייזן און אויך די פאַרזשכטע ווענט, אויף וועלכע עס איז געהאָנגען פּאַוויטינע, האָבן מאַניסן אויסגעוויזן, ווי אַ „וועזשע דאָם".

מאַניס האָט זיך אויפגעגעסן אַ לעבעדיקער, פאַרוואָס ער איז געקומען קיין אַמעריקע. ער האָט זיך געקאָנט אָפּזיצן די צוויי וואָכן אין פּאַדאָליע און פּאַרטיק. דאָ וועט ער באַדאַרפן זיצן דאָס גאַנצע לעבן און צונויפּלייגן העמדער.

מאַניס האָט זיך דערפון און דערפאַר שטאַרק געזאָרגט. פאַרוואָס זאָלן זיי נישט צוגעבן, אַז איך קאָן שוין די מלאכה? — האָט ער געפרעגט בײַ זיין ווייב שבע.

— מסתם קאָנסטו נאָך נישט — האָט שבע געגאָסן בוימל אויפן פייער.

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן. איך זאָג דיר, אַז איך קאָן, קאָן איך.

— בײַ דיין טאַטן געווען אַן אַרבעטער?...

— דאָס טאַקע נישט. אָבער איך קאָן...

— וועט מסתם קומען אַ צייט און זיי וועלן דערזען, אַז דו קאָנסט.

— איך וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן.

— אַ גליק וועט דיך טרעפן.

— ווייסט דאָך, וואָס עס מיינט...

— וואָס דען, כ'ווייס נישט... כ'וויל שוין מער נישט גיין אין קראָם אַריין... איך שעם זיך שוין אַזוי פיל צו באָרגן.

— כ'מיין, אַז איבעראַכטאָג, ברענג איך שוין עפּעס געלט — טרייסט מאַניס זיין ווייב.

— דו מיינסט ערשט...

— אַזוי מיין איך... איך קאָן נישט זאָגן אויף געוויס, ווען איך ווייס נישט. אָבער איך מיין, אַז יאָ.

— פאַרוואָס רעדסטו נישט מיטן באַלעבאָס?

— ער איז זייער אַ בייזער און דערצו נאָך אַ דייטש.

— אַ דייטש ?
— יאָ.
— זאָלסטו בעסער שווייגן.
— און אַז כ'וועל בעסער שווייגן ?
— אפשר וועט ער זיך אַליין דערבאַרעמען ?
— און אויב נישט ?
— וועסטו דעמאָלט רעדן.
— מעג איך איצטער, אפשר, רעדן. וואָס זאָגסטו, שבע, אפשר איצטער רעדן ?
— כ'ווייס ? זאָגסט, אַז ער איז אַ דייטש. און ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ מענטשן די דייטשן זענען.
— אַ דייטש. . . אַ בייזער דייטש נאָך דערצו.
— וואַרט שוין בעסער.
— זאָגסט וואַרטן, וועל איך וואַרטן. . . און אין קראָם קוקט מען אויף דיר קרום ?
— אַזוי אָ, — באַווייזט שבע מיט אירע אויגן ווי אַזוי דער קרע־מער קוקט אויף איר.
— וואָס האָט ער מורא ? כ'וועל אַליין אַראָפּגיין צו אים — מאַכט מאַניס אַ גרינג האַרץ, — און מיט אים טון אַ שמועס.
— פאַר אַ מאַנסביל, וועט ער האָבן מער אָפּשיי.
— כ'וועל שוין אַראָפּגיין, — טוט זיך מאַניס אָן דעם קאַפּעליוש און גלייכט אויס זיינע האָר פון דער באָרד. — זאָג מיר וואָס דו באַ־דאַרפסט האָבן, וועל איך אַרויפברענגען.
— כ'ווייס ? מ'באַדאַרף צוקער, ברויט, אַ שטיקל גוטן הערינג, אַ ביסל גרייפּלעך און אַ האַלב טוץ אייער.
— גוט, כ'גיי און כ'וועל באַלד קומען צוריק. — איז מאַניס אַרויס פון טיר און אַראָפּגעגאַנגען מיט די הילצערנע, קרעכצנדיקע טרעפּ און געטראַכט, אַז דידאָזיקע טרעפּ זענען שוין אַלט און אויסגעריבן פון די טריט, וואָס מען האָט אויף זיי אויסגעטראָטן. און וויפיל איז טאַקע דער שיעור, אַז טרעפּ זאָלן דינען ? און זיי קענען ווען סע נישט איז זיך אונ־טערגעבן און פונקט דעמאָלט, ווען עמעצער וועט אויף זיי גיין. . . טרעפּ אין אַמעריקע. . . אַזוי טראַכטנדיק, איז ער אַרויס אין דרויסן.

זינט מאַניס איז אין אַמעריקע, איז בײַ אים די נאָז פאַרלייגט. וואָרים דער ריח פון דער שטוב, אין וועלכער ער וווינט, איז אַזאַ מאָדנער. עס שמעקט דידאָזיקע שטוב מיט אָפּגעבערענט האָלץ, מיט געפּרעגלטן עסיק, מיט אײַנגעזאַלצענע פיש און מיט נאָך צען טויזנטערליי ריחות, פון וואָס דער אָטעם ווערט אָפּגעהאַקט און עס ווערט נישט גוט אויף דער לעבער. און צו אַלעמען שטינקט פון דעם מענטשלעכן. . . ווי מען רופט דאָס „טוילעט". און אַ צוגאָב צו דעם אַלעמען און צו דעמדאָזיקן טוילעט, שטינקט די באַלייכטונג. דידאָזיקע געז, אַזוי מאָדנע זויער און נישט גוט — מיט איין וואָרט: מאַניסעס נאָז איז פאַרשטאָפּט פון דעם ערשטן טאָג, וואָס ער איז אין אַמעריקע. און בשעת ער קומט אַרויס אויף דער גאַס, בלייבט ער שטיין און וויל פרווון כאַפּן דעם פרישן אָטעם. און ער טוט עס אַזוי: פריער פאַרמאַכט ער דאָס מויל און בײַסט צוזאַמען זײַנע ציין שטאַרק און דערנאָך הייבט ער אָן אויסבלאָזן זײַנע נאָז־לעכער. קאָן ער דאָך אָבער ביידע נאָזלעכער מיט איין מאָל נישט אויסבלאָזן, בלאָזט ער פריער איין נאָז־לאָך אויס. דאַכט זיך שוין ריין, און דערנאָך הייבט ער אָן אויסבלאָזן דאָס אַנדערע נאָז־לאָך און בשעת ער בלאָזט אויס דאָס אַנדערע נאָז־לאָך פאַרשטאָפּט זיך דערווייל דאָס ערשטע נאָז־לאָך. שטייט אַזוי מאַניס און בלאָזט מיט זײַנע נאָז־לעכער און מענטשן גייען דורך און שטעלן זיך אָפּ און קוקן אים אָן ווי מען קוקט אויף אַ משוגענעם.

מאַניס בלאָזט און בלאָזט און זעט, אַז עס וועט אים גאָרנישט העלפן און ער באַשליסט, אַז זאָל זײַן נאָז גיין ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, און אַליין גייט ער אַרום שוין אַזוי וואַכן און וואָכן מיט אַ פאַרשטאָפּטער נאָז.

מאַניס איז איצט אַרויסגעקומען פון זײַן שטוב. און מסתּמא ווידער געפּרווט אויסרייניקן זײַנע נאָז־לעכער און געפּרווט זיך אָנאָטעמען מיט דער פרישער לופט און ווידער נישט געקאָנט און ווידער געשאָלטן זײַן נאָז. און איז געגאַנגען אין קראָם אַרײַן, וווּהין זײַן ווײַב שבע האָט אים געשיקט.

צוקומענדיק צו דער קראָם, איז ער געבליבן שטיין בײַ דער טיר אַן אומבאַהאָלפענער און זיך אומגעקערט און צוגעגאַנגען צום פענצטער פון דער קראָם. דאָס פענצטער איז געווען זייער קויטיק און פאַרשמוצט

מיט פליגן-אָפּפאַל און מיט שמויב. און פון יענער זייט פענצטער זענען געשטאַנען אַלערליי פושקעס מיט אַלערליי גוטע זאַכן. פלוימען געטריקנ-טע, שטיקלעך צוקער, ראָזשינקעס און קרענצלעך פייגן זענען געהאָנגען אויף שטריקלעך, און אַ קליין זעקל מיט קאַווע און אַ קליין זעקל מיט רייז און אַ קליין זעקל מיט פאַסאָליעס. אין דעם זעקל מיט רייז איז געלעגן אַ גרויסע פעטע קאַץ און געשלאָפן. פון אָנהייב האָט מאַניס גע-מיינט, אַז די קאַץ איז אַ פּאַפּירענע. וואָרים עס האָט זיך אים גאָרנישט געלייגט אויפן שכל, אַז מען זאָל דערלויבן אַ לעבעדיקע קאַץ שלאָפן אין אַ זעקל מיט רייז. נאָך אַלעמען איז דאָך אַמעריקע נישט קיין הפקר-וועלט. וואָס הייסט מען וועט דערלאָזן אַזאַ זאַך? עס מוז זיין אַ פּאַפּירענע קאַץ. מאַניס איז געשטאַנען און זיך איינגעקוקט און געזעען, אַז די קאַץ מאַכט מיט איר וויידל און עפנט דאָס מויל אירס און באַלעקט זיך מיט דער צונג. האַ, טראַכט מאַניס, און עס ווערט אים נישט גוט און דאָס ביטערע שפּייעכץ קומט אים אין מויל אַריין און ער שפּייט אויס.

ער קוקט אַריין אינעווייניק אין קראָם אַריין. קאָן ער אָבער גאָר-נישט זעען. וואָרים דאָס גלאָז פון דעם גרויסן פענצטער איז שטאַרק פאַר-שמירט און ער קאָן גאָרנישט זען. דערווייל דערמאַנט ער זיך צוליב וואָס ער איז געגאַנגען און לאָזט זיך ווידער גיין צו דער טיר און בלייבט שטיין בײַ דער אָפענער טיר. ווייבער, באַלאַדענע מיט פּעקלעך, קומען אַרויס און שטויסן זיך כמעט אָן אין אים און וואַרפן ברוגזע אויגן אויף אים און גייען זייער וועג ווייטער. ווייבער הויכע, פעטע, מאַניס קוקט זיי נאָך און וווּנדערט זיך, וואָס זיי טראַכטן זיך, אָט דידאָזיקע ווייבער. און צו וואָס עס טויג זיי אַזוי פיל שמאַלץ צו אַלדי שוואַרצע יאָר. און אַליין וויל ער אַריינגיין אין קראָם און האָט נישט קיין מוט.

וואָרים, וואָס וועט ער אים זאָגן, דעם קרעמער? איך בין מאַניס פון דאָרטן און דאָרטן, מיין ווייב קויפט בײַ אייך אויף באָרג און האָט שוין מער נישט קיין מוט ווייטער צו באָרגן. בין איך אַליין געקומען צו אייך און וויל אייך זאָגן, אַז איר מעגט איר באָרגן, וואָרים איך וועל מיט גאָטס הילף באַצאָלן.

אַזוי האָט מאַניס זיך אויסגעשטעלט אַ פול מויל מיט לשון און זיך אַליין צוריקגעגעבן אַן ענטפער: און אויב איר וועט נישט באַצאָלן?... טאָמער פרעגט דער קרעמער אַזאַ שאלה. וואָס וועט ער אים ענטפערן? וועט

ער דאַרף בלייבן שטיין ווי אַ פאַרפרוירענער און נישט קאָנען רירן מיט דער צונג.

איז שוין בעסער נישט אַריינצוגיין אין קראָם. קערט זיך מאַניס אום צום פענצטער און קוקט אויף דער קאַץ, וואָס ליגט אין זעקל מיט רייז. מאַניס ווערט אין כעס און קלאַפּט אָן אין פענצטער. די קאַץ דערשרעקט זיך און שפּרינגט אַרויס פון דעם זאַק מיט רייז און אַנטלויפט. „אַזאַ הפקרות!" — טראַכט מאַניס און באַמערקט נישט, ווי עמעצער אין אַ פאַרטוך קומט אַרויס און שטעלט זיך אַוועק לעבן אים מיט ביידע הענט באַהאַלטן הינטערן פאַרטוך.

— וואָס האָט אַ ייד געוואָלט? — פרעגט יענער מיטן פאַרטוך.

— איך?! — דערשרעקט זיך מאַניס — איך האָב גאָרנישט געוואָלט. אַ קאַץ איז געלעגן און געשלאָפן אין זעקל רייז, אָט דאָרט, — ווייזט מאַניס מיט אַ פינגער צום זעקל רייז.

דער, וואָס מיטן פאַרטוך, שיסט אויס אין אַ געלעכטער גלייך מאַניסן אין פנים אַריין. און מאַניס בלייבט שטיין באַם פענצטער און פילט ווי ער איז פאַרשעמט און קאָן זיך נישט איבערשטאַרקן נישט צו פאַרשעמען זיך.

גייענדיק צוריק פון דער קראָם ביז צום הויז, האָט מאַניס געמאַכט אַ חשבון וויפיל מאָל מען האָט אים שוין דאָ אין אַמעריקע באַליידיקט, און איז געקומען מיט זיך צו אַן אָפּמאַך, אַז זיין ווייב שבע טאָר נישט וויסן פון גאָרנישט. ער וועט איר נאָר דערציילן פריילעכע זאַכן.

ער איז אַרויפגעקומען אין הויז און ווידעראַמאָל באַדויערט, גייענדיק איבער די אַלטע טרעפּ, וואָס זיי זענען אַזוי אַלט, און אַריינקומענדיק אינעווייניק אין שטוב איז ער געבליבן שטיין און האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיין ווייב שבע. עס איז זיכער געווען מער פון רייד אין זייערע בליקן. שבע האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען. זי האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט נאָר אַרויסגעדרייט די געז אַ ביסל גרעסער און זיך אַוועקגעזעצט און אונטערגעשפּאַרט איר שאַרף פנים מיט איין האַנט.

מאַניס האָט זיך געוואָלט אַוועקזעצן אויף אַ בענקל און נישט גע-

פונען מוט דאָס צו טון. צי עס האָט אים אפשר נישט געפּאַסט, אַז ער זאָל זיך איצט אַוועקזעצן אויף אַ בענקל. זיין געמיט איז געווען ווייך אַזוי ווי אָנגעוואַרעמטער שניי. עס איז אַ גליק, וואָס ער האָט פיינט צו לאָזן טרערן. ער האָט זיך דערפאַר אַרומגעדרייט איבערן צימער און איז אויף זיין מאַרשרוט איבער דער שטוב אַלע מאָל געבליבן שטיין באַם אָפענעם פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. דער הימל איז טאַקע נאָענט, אָבער די שטערן זענען ווייס, ווייט איז די ערד. עס איז גאָר דאָ קיין ערד נישטאָ. עס געפעלט אים נישט אַמעריקע. פּאַסקודנע... וואָס ער האָט געוואָלט פון אַמעריקע האָט מאַניס נישט געקאָנט קלאָר אַרויס-ברענגען. ער האָט נאָר איין זאַך געוואָלט: אָנהייבן צו שמועסן מיט שבען און נישט געוווסט פונוואַנען אָנצוהייבן. גאָט, אַזאַ פשוטע זאַך, ווי אָנהייבן צו רעדן מיט זיין אייגן ווייב, מעגסטו דאָך אַ מענטש ווייזן ווי אַזוי צו טון.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט? — פרעגט מאַניס בא שבען און פילט, אַז דאָס איז נישט דאָס אמתע וואָרט.

— גלאַט אַזוי, מאַניס, — האָט זיך שבע ווי אָנגעכאַפּט אָן די פּאָר ווערטער. וואָס זי האָט געהערט פון מאַניסן. — הער נאָר, מאַניס, מוזסט דאָך זיין הונגעריק?

— גלייב מיר, אַז ניין, — האָט מאַניס געזאָגט מיט אַזוי פיל קינ-דישקייט, אַז ער האָט שיער נישט באַליידיקט שבען — איך בין נישט. אפשר ביסטו.

— איך בין אויך נישט — האָט שבע זיך אָנגעטון אַ כוח צו שמייכלען. — די שווערע אַרבעט, וואָס איך האָב היינט אָפּגע-אַרבעט...

— איך האָב אויך נישט געאַרבעט אַזוי שווער, — האָט מאַניס אָנגעכאַפּט דעם פאַדים פון זיין שמועס, — גלייב מיר, איך וואָלט גע-קאָנט צען מאָל אַזוי שווער אַרבעטן, אַבי עס זאָל זיין אין שטוב, וואָס וואָס מען באַדאַרף.

— ביסט געווען אין קראָם? האָט שבע געפרעגט.

— ניין.

— וואָס דען? מיר פאַלט איין דיך צו שיקן...

— כ'האָב מורא געהאַט איינצושטעלן.

— זיכער.

— בעסער נישט האָבן, איידער ליידן אַ בושה.

— זיכער.

— אַזוי ווייסט אונז כאָטש קיינער נישט.

— בעסער אַזוי.

— אין דער פרעמד מוז מען ליידן.

— איך ווייס.

— כ'האָב נישט געוואָלט זיצן קיין ווערזשע...

— וואָס זשע דערמאָנסטו זיך? — קוקט אים שבע אָן מיט פאַר־וווּנדערונג. — מען האָט דאָך געשמועסט נישט צו דערמאָנען די ווערזשע.

— עס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון מויל.

— מער זאָלסטו נישט רעדן פון דעם, — האָט שבע מיט אַ פינ־גער געדראָט מאָניטן, — און איך וועל דיר באַלד ווייזן, אַז איך וועל ברענגען פון קראָם אַלץ וואָס כ'וויל. עפּעס האָב איך איצט באַקומען שטאַרקייט. אָט וועסטו זען.

שבע איז גיך אַראָפּ אין קראָם אַריין און איז אַריין דאָרטן מיט פריילעכקייט און מונטערקייט, גלייך ווי זי וואָלט נאָר וואָס אָן אוצר געפונען. דער קרעמער האָט צו איר געטראָגן אַקעגן זיין באַרימט שמיי־כעלע, וואָס ער האָט געשמייכלט מיט זיין נאַקעטן קאָפּ און בשעת מעשה איז ער געוואָרן רויט ווי אַ בוריק. ווארים עס האָט זיך אים טאַקע אויס־געוויזן, אַז שבע האָט זיכער איצט אָן אוצר געפונען. שבע האָט זיך גע־הייסן געבן אַלץ, וואָס זי האָט באַדאַרפט האָבן און זיך געדונגען אויף דעם מקח פון דידאָזיקע זאַכן.

— מיין מאַן אַרבעט שווער און איך באַדאַרף אָפּהיטן זיין גראָשן. — האָט שבע געזאָגט און דערביי קאָקעטירט מיט אירע ליפּן און אויגן. דעם קרעמער איז שטאַרק געפעלן אַזעלכע רייד. האָט ער אַלע זאַכן שיין פאַרפּאַקט אין אַ פּאַפּירענעם זאַק און געפרעגט צי זי וויל נאָך עפּעס. מיט אַזעלכע פרויען האָט ער ליב צו האַנדלען, ווארים זיי ווייסן דעם טעם פון יענעמס האָרעוואַניע און האָט נאָך און נאָך גערעדט און שיער נישט פאַרנודיעט שבען ביז צום טויט מיט דעם אויסגוס פון זיינע איי־

גענע צרות. צום סוף האָט שבע געהייסן, אַז ער זאָל פאַרשרייבן אין בוך און געשטאַנען דערביי און געקוקט ווי אַזוי ער פאַרשרייבט.

אין שטוב איז זי אַריינגעקומען אַ פריילעכע און אויסגעשאָט פון פאַ־פירענעם זאַק אַלע גוטע זאַכן אויפן הילן טיש.

— זעסט, מאַניס. ער האָט זיך אפילו נישט אַ קרים געטון, — האָט שבע געזאָגט מיט אַ פריילעכער שטים.

— נאָר איינער, וואָס האָט ער מורא ?

— טאַקע, וואָס האָט ער מורא ? — האָט שבע ווייטער געפּלאַפּלט. — און זאָלסטו זען מיט וואָס פאַר אַ כבוד. און ער האָט מיר דערציילט זיי־נע צרות.

— עס איז נאָך דאָ עמעצער, וואָס האָט צרות ? — האָט מאַניס גע־פרעגט און עס האָט זיך געפילט, ווי ער מאַכט חוזק.

— עס איז דאָ, עס איז דאָ.

זיס איז דאָס ברויט געווען, דאָס גוטע אויסגעבאַקענע ברויט, פון וועלכן מאַניס האָט געשניטן גרויסע רייפטן, און געשמאַק איז געווען דאָס שטיקל הערינג, פליישיק, שמאַלציק און ווייס. און באַטעמט איז געווען דאָס גלאָז טיי און ביידע האָבן הנאה געהאַט. און זייערע פּנימער האָבן זיך גע־רויטלט פון דעם אמתן הנאה האָבן פון אַ מענטש, וואָס דערפילט, אַז ער לעבט און עס איז נאָך דאָ האָפנונג אויף זייער ווייטע און אויף זייער ליכטיקע שיינע טעג.

מאַניס האָט זיך נאָכן מאָלצייט דערמאָנט, אַז זינט ער איז דאָ אין אַמעריקע האָט ער נאָך נישט אַריינגעקוקט אין אַ ספר. אַלע טאָג בײַ דער אַרבעט דערמאָנט ער זיך אין זיינע ספרים און באַשליסט, אַז נאָך ווע־טשערע וועט ער אַריינקוקן אין אַ ספר. אָבער ווען ער קומט אַהיים פאַר־געסט ער זיך צו דערמאָנען אין זיינע ספרים. איצט, אָ, גראָד היינט אויף דער נאַכט, האָט ער זיך דערמאָנט. מען באַדאַרף גיין אַרויסנעמען אַ ספר. נעם, מאַניס, און גיי ברענג עפּעס אַ ספר, זאָגט מאַניס צו זיך אַליין און פילט זיך אויפצוהייבן פון אָרט. זאָגן שבען, אַז זי זאָל ברענ־גען אַ ספר, האָט ער נישט קיין מוט. זי וועט אים אָנקוקן ווי אַ משוגע־נעם. וואָס עפּעס פּלוצלינג, אינמיטן דעריבער אַ ספר ? ער באַדאַרף זיך אַליין אויפהייבן און גיין ברענגען, פון טונקעלן צימער, אַ ספר. ער

פּרווט זיך אויפהייבן און קאָן נישט. אַלע זיינע גלידער זענען אָנגעגאָסן ווי מיט בליי און די הענט ברעכן און די הויט פון די הענט ציט און די פינגער זענען אזוי ווי אָפּגעשטאָרבענע. זאָגט שוין מאַניס צו זיך אַליין, אַז היינט איך דער נאַכט וועט ער שוין אין קיין ספר נישט אַריינ־קוקן.

## יא.

# דאָס פאַרגרעבט ווערן

דאָס נישט קאָנען אַריינקוקן אין אַ ספר האָט מאַניסן געקאָסט אַ סך געזונט. עס האָט אים ווי געטון צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן ווי אַזוי ער ווערט צוביסלעך פאַרגרעבט — פאַרגרעבט אי פון אויסנווייניק, אי פון אינעווייניק. וואָס האָט ער דאָ אין אַמעריקע אין זין? גאַנץ פרי, אַז ער שטייט נאָר אויף, האָט ער שוין אין זין, אַז מען באַדאַרף לויפן אין שאַפּ אַריין. און פון אינדערפרי ביז אין אָוונט האָט ער אין זין, אַז מען באַדאַרף באַוועגן, אָדער ווי דייוו, דער אָנטרייבער, זאָגט, וואַרפן גיך מיט די הענט. זיין שכן, דער רויטער, באַוועגט אויך גיך מיט די הענט. וויל אים מאַניס ווייזן, אַז ער קאָן אויך וואַרפן מיט די הענט. באַטאָג, אַז עס קומט די שעה פון צוועלף, האָט מאַניס אין זין דאָס אָפּרוען און די קישקע. זיך אָנגעשטאָפּט מיט דעם אָנבייסן, דעם ט״וקענעם, זיצנדיק אין איילעניש אויף דער קופּע מיט אָנגעוואָרפענע שטיקלעך שמאַטעלעך, הייבן זיך אָן באַ מאַניסן די אויגן קלעפּן. דרעמלען ווילט זיך אַזוי אַ ביסל. אָבער מען קאָן נישט: חברה אַרבעטער טוען אָפּ אַלערליי שפּיצלעך. פון וועלכע עס לאָזט זיך אַמאָל אויס זייער ביטער, און נאָך מיטאָג, ווידער געוואָרפן מיט די הענט און מען לויפט און מען יאָגט זיך ביז עס ווערט פינצטער. דערנאָך לויפט מען אַהיים און מען שלינגט דאָס וואַרעמע געקעכץ און דערנאָך איז מען שוין אי־בערגעפילט, בלייבט מען זיצן ווי אַ געליימטער און מען קאָן זיך נישט רירן, און דערנאָך לויפט מען גיך זיך לייגן שלאָפן. מען זיצט און מען

ציילט די שעה און די מינוטן. אָט, אָט איז שוין ניין: אָט, אָט איז שוין האַלב נאָך ניין, און צען אַ זייגער ליגט מען שוין אַ צעגאָסער אין ווייכן בעט און מען שלאָפט געשמאַק. דאָס איז אַלץ פון אויסנווייניק. דאָס, וואָס מען קאָן זען מיט די אויגן. און וואָס איז מיט דעם אינעווייניקסטן, מיט דעם, וואָס מען קאָן נישט זען מיט די אויגן? אַ גאַנצן טאָג הערט מען נישט קיין איידל וואָרט. אַ גאַנצן טאָג הערט מען נישט קיין ווייך וואָרט. די מאַשינען בויערן אויס לעכער אין מוח מיט זייער רויש און דאָס גראָבע וואָרט פון דעם אָנטרייבער דייוו (אַזוי האָט מען דאָרט אין פאַבריק גערופן דייוון אונטער די אויגן) לייגט זיך אַזוי ווי שווער בליי אויף דעם געמיט. טאָג איין, טאָג אויס, איז דערדאָזיקער דייוו נאָר אין קריג מיט אַלעמען. איין זאַך האָט נאָך קיינער נישט געטון גוט. דאָסדאָזיקע געפיל, אַז די האָסט נאָך איין זאַך נישט געטון גוט, צעקרימט די נשמה דייַנע. וואָרים עס איז באַ דיר אויף פאַראַן אַ נשמה און דו מיינסט, אַז דו מעגסט אויך טון אַמאָל אַ קרומע זאַך, אָבער נישט אַלע מאָל איז דאָס, וואָס דו טוסט קרום. און אויב מען קוקט אויף דיר מיט אַזעלכע קרומע אויגן, ווי דער באַלעבאָס דזשייקאָב און זיין אָנטרייבער, פאַרגייט דיר דער גאַנצער טעם פון דיין לעבן, און עס ווערט דיר מיאוס דאָס שטיקל ערד, אויף וועלכן דו שטייסט, און קוקסט אויף זיך ווי עפעס אַן איבעריק, אַן אומנייטיק באַשעפעניש. גאָט, זאָגסטו, וואָס בין איך ערגער פון אַ פערד אין שטאַל. יענעם גיט מען טאַקע אָפט מיט דער בייטש, אָבער אַמאָל טוט מען אים אויך אַ גלעט איבער דעם קושיוש.

און די אַרבעטער אין שאַפּ זענען איינס ווי איינס פאַרגרעבטע מענטשן.

דער רויטער, וואָס שטייט אין שכנות מיט מאַניסן און פאַקט אויך העמדער פונקט אַזוי ווי מאַניס, איז אַזוי גראָב! זיין גראָבקייט שרייט פון אים אַראָפּ אי פון זיין פּנים, אי פון זיינע רייד. קיין אַנדערן נאָמען האָט ער נישט דאָ אין שאַפּ. מען רופט אים „דער רויטער", דערפאַר, וואָס זיינע האָר זענען רויט.

מאַניס האָט אַ קבלה, אַז ווו נאָר אַ רויטער מענטש איז ער אַ שלעכטער, אַ גראָבער מענטש, אַ בעל כּעסן, אַ גזלן, אַ וואָס אין דער קאָרט. אָבער דערדאָזיקער רויטער גייט אַריבער אַלע רויטע מענטשן אויף דער

וועלט. אַזוי טראַכט מאַניס. ער האָט פיינט דעם רויטן, ווי מען האָט פיינט סם. עס הערט זיך פון אים אויף אַ מייל די ווייט. עפעס זענען זיינע קליידער איינגעווייקט אין שווייס, און דערצו אַזאַ פאַסקודנעם שווייס. פון אַ גוטן מענטש קאָן זיך גאָר אַזוי נישט הערן. דערצו האָט ער אַ פּנים אַ לענגלעכס מיט אַ לאַנגער נאָז, וואָס זעט אויס ווי אַן אָפּגעשיילטע, און מאָדנע לאַנגע ציין, און ווען ער זאָגט עפעס, זאָגט ער נישט, ווי מענטשן באַדאַרפן זאָגן, נאָר ער פּאָנפעט און ציט אויס די ווערטער אַזוי לאַנג, ביז עס ווערט אַזש נישט גוט. דערדאָזיקער רויטער האָט אויך אַן עובֿדה צו גרעבצן אי דורכן מויל, און אויב מען וויל, קאָן ער גרעבצן אויף אַן אַנדערע כּלי אויך. עס זאָגט זיך נאָר אַזוי, אויב מען וויל. ער פרעגט באַ קיינעם נישט — ער גרעבצט. וויפיל מאַניס איז דאָ געווען אַ פרעמדער, האָט ער מורא געהאַט אויפצועפענען דאָס מויל און זיך געהאַלטן פונדערווייטנס פון דעם רויטן.

אַז מאַניס איז דאָ געוואָרן אַ ביסל היימישער, האָט זיך „דער רויטער" צוגעשאַרט צו אים און לכתחילה אָנגעהויבן מאַניסן לערנען: „אַזוי האַלט מען נישט די פינגער, אַזוי אָ, באַדאַרף דאָס העמד ליגן, מיטן האַלז צום פּופּיק" — דאָס האָט דער רויטער געלערנט מאַניסן ווי אַזוי צו אַרבעטן. מאַניס האָט באַ אים נישט געפרעגט. אָבער אַז יענער איז גראָב און וואַרט נישט ביז מען וועט באַ אים פרעגן.

אַז „דער רויטער" האָט דערזען, אַז מאַניס קאָן שוין די מלאָכה, האָט ער אָנגעהויבן שטילערהייט איינצורעדן מאַניסן, אַז ער זאָל גיין זיך זוכן אַן אַנדערע פאַבריק. „דאָ וועט פאַר דיר סיי ווי נישט זיין קיין אָרט" — האָט „דער רויטער" געזאָגט מאַניסן — וואָס באַדאַרפסטו וואַרטן ביז מען וועט דיך אַוועקשיקן, גיי אַליין אַוועק.

מאַניס האָט געשוויגן. ער האָט מורא געהאַט פאַרן „רויטן". וואָרים ער האָט שוין אַ סך מאָל אויסגעפונען, אַז וואָס ער זאָגט אַרויס צום רויטן, ווייסט באַלד דערפון דייוו דער אָנטרייבער.

האָט זיך מאַניס געהיטן מיט אַ וואָרט. און דאָ האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן נייע צרות. דער רויטער האָט זיך מיט מאַניסן דערפאַר, דאָס הייסט פאַר זיין שווייגן, אָפּגערעכנט. וואָרים חוץ דעם רויטן זענען אין פאַבריק געווען נאָך אַנדערע אַרבעטער. האָט דער רויטער אָנגעמאַכט אַן איבטריגע צווישן מאַניסן און די איבעריקע אַרבעטער.

„דער רויטער" האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז מאַניס האַלט זיך גרויס קעגן די אַנדערע אַרבעטער. האָט מען מאַניסן אָנגעהויבן צו פאַרפאַלגן. ברודערל, דו האַלסט זיך גרויס, וועלן מיר מיט דיר גאָרנישט האָבן צו טון. פשוט, מיר וועלן דיך איגנאָרירן.

מאַניס האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער איז געבליבן אייגער אַליין אין שאַפ. קיינער וויל מיט אים נישט רעדן. מען אַנטלויפט פון אים ווי פון אַ פעסט. מאַניס האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת נפש. ער האָט געוווסט, אַז ער איז גאָרנישט שולדיק. פאַרוואָס קומט אים אַזאַ שטראָף.

און וואָס נאָך האָבן זיי געטון? די אַרבעטער אין שאַפ האָבן מאַניסן נישט נאָר איגנאָרירט, נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן חוזק פון אים — טאַקע אים אין די אויגן. עס פלעגט זיין אַזוי: מאַניס וויל נאָר עפעס זאָגן, האָט ער נישט צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. און טאָמער זאָגט ער שוין עפעס, שיסן אַלע אויס אין אַ געלעכטער און קרימען אים נאָך ווי אַזוי ער רעדט.

גייען אַוועק טעג גאַנצע און מאַניס רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט. „אפשר בין איך אַ נאַר?" טראַכט מאַניס צו זיך אַליין. „בין איך אַ נאַר, קומט מיר אַזאַ שטראָף. באַדאַרף איך שווייגן..."

ער זעט אָבער נישט, אַז דאָ אין פאַבריק זאָלן זיין אַזעלכע קלוגע מענטשן. וויפיל ער האָט געקאָנט מיט זיין נאַרישן, שוין צוגעבן, אַז נאַרישן, שכל באַטראַכטן, איז דאָ נישט פאַראַנען צווישן די פינף אָדער זעקס פרעסערס אייגער אַ לייטישער. איינער איז גאָר אַ הויכער און איז שוין גרוי. קיין באָרד האָט ער נישט, אָבער זיין פנים איז מאָדנע צעקרימט און די לאַנגע נאָז זייגע הענגט אויף זיין פנים, אַזוי ווי זי טראַכט ווען סע נישט איז אַרונטערצופאַלן. אָדער עס דאַכט זיך אויס, אַז זי וועט איבערוועגן מיט איר געוויכט. און דער גאַנצער לאַנגער מענטש וועט זיך איבערקערן מיטן פנים אַראָפ. דערדאָזיקער מענטש קאָן קוים זאָגן אשרי. אָבער ער באַרימט זיך, אַז ער האָט אַמאָל געקאָנט גוט גנבענען פערד, קי, אָקסן און וואָס עס איז נאָר געקומען אין זיינע הענט. און עס האָט מיט אים געטראָפן אַן אומגליק, וואָס מען האָט אים געכאַפט בא אַ גנבה, און ער באַרימט זיך ווידער — דערהרגעט די סטראַזשניקעס און איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. דאָס ווייב איז געבליבן דאָרטן ביז היינטיקן טאָג.

גראָב איז ער ווי אַ גוי, „און וואָס וועל איך גיין זאָרגן וועגן אַ ווייב דאָרטן...״ באַרימט ער זיך אַלע מאָל. — „דאָ בין איך אַ פרייער פויגל און האָב די גאַנצע וועלט אין דער ערד...״ דער צווייטער פּרעסער איז אויך אַנטלאָפן אַהער קיין אַמעריקע און איבערגעלאָזט דאָרט אַ ווייב מיט קינדער. אַנטלאָפן איז ער מיט אַ מויד, אין וועלכער ער האָט זיך פאַרליבט. ער איז נאָך כמעט אַ יונגערמאַן. געווען אינדערהיים אַ שניידער, קאָן אויך נישט דאַוונען און אויף זיין פּנים ליגט דאָס גראָבקייט און שרייט צו דער וועלט: „דו, וועלט, כ׳האָב דיך אין דער ערד. דאָס, וואָס איך בין גראָב איז גאָרנישט, אָבער כ׳האָב דיך אין דער ערד, כאָטש דו ווייסט, אַז איך בין גראָב. איך וויל אפילו נישט האָבן קיין יסורים דערפון...״ ער איז תמיד פריילעך און הירזשעט אַזוי ווי אַ לאָשעק און עס איז אים גוט, וואָרים עס פעלט אים גאָרנישט. דער דריטער פּרעסער איז אַ נעבעכל. אַ דאַר יידל, שוין נישט קיין יונגער, אָבער ער זעט אויס צו זיין פון די יידן, וואָס קאָנען אייביק נישט אַלט ווערן. ער גאָלט זיך די באָרד און ער רייכערט ציגאַרעטלעך, געמאַכט פון הוילן טיטון, אָן פּאַפּיר, און ער האַלט דאָסדאָזיקע ציגאַרעטל אין מויל ביז דאָס פייער קומט אָן ביז צו די ליפּן. דערפון זענען זיינע ליפּן בלוי, ווי די ליפּן פון אַ מענטש אין אַ שטאַרק קאַלטן טאָג. דאָסדאָזיקע נעבעכל הייסט איזי. אָט האָסטו דיר אַ נאָמען — איזי! און ער האָט דווקא אַ ווייב מיט זעקס קינדער. און זיין ווייב, זאָגט ער, וועגט צען מאָל אַזוי פיל ווי ער. און האָט פאַר אים מורא, דאָס קדחת. וואָרים ער קאָן צופאַלן צו איר און איר געבן פּעטש. אָבער שעמט זיך צו שלאָגן אַזאַ גרויסע יידענע. לאָזט ער זיך בעסער, אַז זי זאָל אים שלאָגן... שלאָגט זי אים, און די קינדער זייערע קוקן און וויינען און דערנאָך, דאָס הייסט נאָך די פּעטש, ווערט נאָך דאָס ווייב זיינס ברוגז, ביזוואַנען עס קומט די צייט און ער בעט זי איבער. אָבער אַזוי ווי דאָס טרעפט זייער אָפט, איז דערפאַר דאָס ווייב מיט אים דאָס גאַנצע לעבן ברוגז. דער פערטער פּרעסער איז אַזוי ווי אַ שטילשווייגנדע וואַנט. אַז ער שטייט בײַם טיש און פּרעסט מיט זיין פּרעסל, דאַכט זיך, אַז אַ וואַנט שטייט און שאָקלט זיך. זיין נאָמען איז סעם. מען ציט עס אויס סע—ע—ע—ם. אָבער ער שווייגט ווי אַ וואַנט. און אַזוי שטיל ווי ער איז, איז מען מיט אים קיינמאָל נישט זיכער, צי ער האָט דיך ליב, צי ער האָט דיך פיינט. גיכער האָט ער דיך פיינט, וואָרים אויף זיין פּנים איז

פֿאַרגלײווערט די אמתע גאַל. אַזאַ מענטש קאָן דיר אָפּהאַקן אַ שטיק האַנט אָדער אָפּרײַסן אַן אויער און זאָל אפֿילו נישט טון קײן פּינטל מיטן אויג. זײַן קאָפּ איז גרויס ווי אַ דיניע און באַם שטערן דעם שמאָלן ליגט תמיד צוויי—דריי האָר, אײנציקע, צעוואָרפֿן דאָ און דאָרט. דערדאָזיקער שטערן איז אַזוי ווי געשוואָלן און איז אַריבערגעבויגן איבער דער נאָז, ווי אַ הענגענדיקער באַרג און הינטערן הענגענדיקן באַרג ליגן טיף באַהאַלטן צוויי קלײנע תּמעוואַטע אויגן. דער פֿינפֿטער פּרעסער האָט נישט קײן האָר אויפֿן קאָפּ. דער מוח און דער שטערן און די פּאַטילניצע זענען בײַ אים אויסגעמישט. אָט דאַכט זיך, אַז זײַן מוח איז גאָר באַם האַלז און נאַקן און דער שטערן איז אויפֿן שפּיץ קאָפּ און דער שפּיץ קאָפּ זײַנער איז עט אונטן בײַ דער נאָז. דערצו העלפֿט זײער פֿיל דאָס, וואָס ער דרייט אַזוי גיך און פֿלינק מיט זײַן קאָפּ דעם נאַקעטן, אַז מען קאָן נישט האָבן קײן צײַט צו כאַפּן אַ בליק אויף אים. ער האָט גרויסע גרויע אויגן, וועלכע גיסן זיך אַריבער מיט זײער אויסערגעוויינלעכער פֿײכטקײט איבער די ברעגעס פֿון זײערע וויעס. אין אָט די־דאָזיקע אויגן איז דאָ אַזוי פֿיל שנאה און כעס. די מיגוט, וואָס זײ גיבן אויף אײַך אַ קוק, הײבט איר שוין אָן צו ווערן אַ פֿאַרשאָלטענער. אַ בײזער מענטש און דערצו אַלײן אַ פֿאַר־שאָלטענער, געקומען אַהער קײן אַמעריקע צו לויפֿן, וואָרים אײגענע ברי־דער האָבן אים פֿאַריאָגט פֿון טאַטנס ירושה. דערפֿאַר, וואָס ער איז גע־ווען דער אויסוואָרף אין דעם הויזגעזונט. טאָג אײַן, טאָג אויס זיך געקריגט און געשלאָגן, ביז מען האָט אים געגעבן אויף הוצאות, נאַ, גײ קײן אַמע־ריקע. דאָ איז אים ביטער. אַ פֿולע שטוב מיט קינדער און דאָס ווײַב קרענקט. נישט אומזיסט האָט אַ מענטש אַזעלכע גזלנישע אויגן. ער מײנט, אַז די וועלט איז אים שולדיק פֿאַר זײַן ביטער מזל. ער טענהט: „פֿאַרוואָס האָט מיך מײַן טאַטע נישט געלערנט פּונקט אַזוי, ווי ער האָט געלערנט מײַנע אַנדערע ברידער?...” און דערבײַ טוט ער אַ גלאַנץ מיט זײַנע גרויע אויגן און עס ווערט אַזוי אומהיימלעך. דער זעקסטער פּרעסער איז אַזוי ווי דער תּם פֿון דער הגדה. זײַן קלײן בערדל שטײט בײַ אים אויפֿן געזיכט, נישט עס וואַקסט. זײַנע אויסגעלאָשענע פֿאַרווײנטע אויגן, זײַנע גראָבע אומגעוואַשענע הענט, וועלכע זענען פֿול מיט קרעץ און אַלערלײ צרעתן, זײַנע פֿאַרוואַקסענע נעגל פֿון די פֿינגער, וועלכע זענען אַזוי אָנ־געפּילט מיט קויט און זענען גראָב און אומבאַהאָלפֿן, אומניצלעך פֿאַר־

לאָזט. אים רופט מען מיט דעם יידישן נאָמען משה, אָבער בשעת מען רופט אים משה, באַטאָנט מען דאָס וואָרט אַזוי, אַז עס קלינגט נישט ווי משה, נאָר ווי תּם.

דאָס איז דער איינדרוק, וואָס מאַניס האָט פון די זעקס פּרעסערס.

די זעקס פּרעסערס האָבן אַלע אינאיינעם איין אַרויסהעלפער, וועמען מען רופט „דער איינטונקער" דערפאַר, וואָס ער טונקט איין די העמדער אין אַ צעבער מיט קראָכמאַל. פון דערדאָזיקער אַרבעט זענען באַ דעם איינטונקער תּמיד די הענט אַזוי ווי אָפּגעקראָכענע, רויטע, און פון דעם, וואָס ערווישט זיך די הענט אָן זיינע הויזן, זענען די הויזן באַ אים גלאַנציקע און דאָס פּאַרטוך, וואָס ער טראָגט, איז אויך אַ גלאַנציקס, און ס'איז אויך שטייף און עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז עס איז אַ לעדערן פּאַרטוך, כאָטש עס איז נישט. דערדאָזיקער איינטונקער הייסט ר' אייזיק. פּאַרוואָס מען רופט אים „ר'" איז נישט באַוווּסט. קיין גרויס חכמה אָדער תּורה פאַרמאָגט ער נישט. אַ פּראָסטער ייד. אָבער מען רופט אים ר' אפשר דערפאַר, וואָס ער איז דער קלענסטער אין שאַפּ. דווקא מיט אים שפּאַסט זיך איטלעכער. באַדאַרף עמעצער בוימוואָל אָדער קנעפּלעך, שיקט מען ר' אייזיקן און ער ברענגט. ער טונקט איין די מאַנזשעטן און די קעלנער מיט גרויס כּוונה, אַזוי ווי אַ שוחט פּאָרעט זיך מיט אַן עוף פאַר דער שחיטה. מאַניס קאָן זיך נישט העלפן צו טון אַ שמייכל, זעענדיק ווי אַזוי ר' אייזיק טוט זיין אַרבעט. אָבער דאָס קאָמישסטע איז, ווי אַזוי ר' אייזיק מאַכט זיך אַליין זיין ציגאַר טיטון מיט זיינע אָנגעקראָכמאַליעטע הענט. דאָס ציגאַר־פּאַפּיר קלעפּט זיך צו צו זיינע פינגער און ער רייסט די פינגער פון ציגאַר־פּאַפּיר און ווישט זיי אָן זיינע הויזן, וועלכע זענען אויך פול מיט קראָכמאַל, און דערפון ווערן נאָך זיינע פינגער מער קלעפּיקע. אַלטער נאַר, טראַכט מאַניס, צו וואָס טויג דיר דאָס רייכערן? וואָס פאַר אַ טעם האָט באַ אַזאַ מענטש דאָס רייכערן? ר' אייזיק איז זייער אַ גוטער און לאָזט זיך טרעטן אפילו אויפן קאָפּ נישט נאָר פון דעם באַלעבאָס, נאָר פון יעדן איינעם אין שאַפּ. די פּרעסערס זענען זיך אין אים נוקם און ווייזן גאָרנישט פון קיין רחמנות. זיי יאָגן פון אים אַרויס די קישקעס. ער מוז זיי אַלע זעקס צושטעלן די איינגע-

טונקטע העמדער פונקט צו דער צייט, עס זאָל חלילה נישט פאַרפאַלן ווערן
קיין איין מינוט. ער מוז די העמדער איינטינקען אזוי, אַז דאָס פרעסל
זאָל זיך נישט קלעפּן צום לייוונט. ער מוז אויך זען צו זיין זייער פאָר־
זיכטיק, אַז עס זאָל חלילה נישט בלייבן שטיין אויף די העמדער קיין
איין פלעק. מיט איין וואָרט: איידער צו זיין אַ ר׳ אייזיק, טראַכט מאַניס,
איז שוין בילכער צו ליגן אַלס אַ קליין ווערימל ערגעץ אויף אַ מיטן
וועג און זיך וואַרעמען אויף דער זון. ממה נפשך, וועט מען איבערפאָרן,
וועט זיין פאַרפאַלן... צוליב וואָס האָט גאָט באַשאַפן אַזעלכע ר׳ אייזיקס?
האָט זיך דען די וועלט נישט געקאָנט באַגיין אָן אים? דעם אמת, די
וועלט האָט זיך אויך געקאָנט באַגיין אָן נאָך אַ סך מענטשן און אויך אָן
מאַניסן, אָבער אַזאַ לא יוצלח ווי דער ר׳ אייזיק... דער צונאָמען „איינטונ־
קער" איז צו ר׳ אייזיקן אַזוי צוגעטראָפן. ער איז איינגעטונקען אין טפשות
פון קאָפּ ביז די פיס. זאָגט עמעצער אַ גוט וואָרט, לאַכט ער. זאָגט
עמעצער אַ שלעכט וואָרט, לאַכט ער אויך. גיט אים איינער פון די פרע־
סערס אַ שטויס אין זייט אַריין, כאַפּט ער זיך בײַ דער זייט און עס דאַכט
זיך, אַז אָט, אָט חלשט ער. אָבער באַלד צעשמייכלט זיך זיין פּנים דאָס
בלייכע און עס איז גלייך ווי נישט אים האָט מען געשטויסן. חוץ דעם
איינטונקען, טוט ער אַלערליי עבודות אין שאַפּ. ער קומט אַריין דער
ערשטער און גייט אַהיים דער לעצטער. ער פאַרענטפערט זיך דערמיט,
וואָס ער מיינט, אַז ער איז אַ שמש. מען דאַוונט דאָך דאָ אי אינדערפרי,
אי אויפדערנאַכט. וויל ער כאָטש זיין אַ שמש. און די קליינע אותיות
פון סידור קאָן ער נישט לייענען — ער קאָן נאָר לייענען די שטיקלעך
אין סידור, וואָס זענען געדרוקט מיט גרויסע אותיות. פון קליינערהייט אָן
האָט ער קאַליע אויגן און דערפאַר האָט מען אים ווינציק געלערנט.
קומט דווקא פון אַ באַלעבאַטישער שטוב, און מען האָט, ווי עס ווייזט
אויס, זיך מיט אים דאָרטן געשעמט. האָט ער צוגעגנבעט בײַ זיין טאַטן
אַ בייטל מיט געלט און איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. „איר וועט זיך מיט
מיר שעמען, וועל איך אייך אַנטלויפן"... (איינמאָל אין זיין לעבן האָט
ר׳ אייזיק געהאַט שכל.) און אָט אַזוי אָ, כאָטש ער האָט קיין שכל נישט,
פונדעסטוועגן טראָגט ער רכילות פון איינעם צום אַנדערן. און אויב עס
איז נישטאָ קיין רכילות, באַשאַפט ער אַליין פון זיין קאָפּ אייגענע רכילות
און טראָגט פון איינעם אויף דעם אַנדערן. ער מוז אומבאַדינגט וויסן,

וואָס עס הערט זיך באַ יעדן אַרבעטער הינטערן אויער־לעפּלע. טאָמער בייגט זיך אָן אַן אַרבעטער אין מיטן פון דער אַרבעט און זאָגט עפּעס שטילערהייט צו אַ צווייטן אַרבעטער, שטעלט באַלד ר׳ אייזיק אָן זיינע אויערן שפּיציק און ווייסט שוין, וואָס יענער האָט געזאָגט. דעם באַלע־באָס, מר. דזשייקאָבס, היט ער מיט אַלע זיינע חושים. ער פאַרשטייט אויפן בליק, ווען דער באַלעבאָס וועט ווערן אין כעס. ער ווייסט אפילו, ווען באַם באַלעבאָס גייען גוט די געשעפטן אָדער ווען דער באַלעבאָס האָט זיך געקריגט מיט זיין ווייב. ר׳ אייזיק ווייסט, צי דער באַלעבאָס האָט ליב אַן אַרבעטער, וועלכן אַרבעטער און פאַרוואָס. און דאָס אייגע־נע פונקט פאַרקערט: וועמען דער באַלעבאָס האָט פיינט און פאַרוואָס. און ר׳ אייזיק האָט פיינט דעם אייגענעם אַרבעטער, וועלכן דער באַלע־באָס האָט פיינט און האָט פאַר דעמדאָזיקן אַרבעטער גאָר קיין שום דרך ארץ נישט. טאָמער באַדינט ער דעמדאָזיקן אַרבעטער, טוט ער עס אַזוי נאַכלעסיק, אַז עס זאָל הייסן: איך וואָלט דיך בעסער באַדינט, נאָר דו ביסט שולדיק, קיינער איז דיר נישט שולדיק. פאַרקערט, האָט ר׳ אייזיק ליב יענעם אַרבעטער, וועמען דער באַלעבאָס האָט ליב און קריכט פּשוט צו יענעם הינטער די נעגל. ר׳ אייזיק האָט זייער פיל זאָרג פאַר דעם וווילזיין פון דעם באַלעבאָס. ער איז נאָך קיינמאָל נישט דורכגעגאַנגען די ברייט אָדער די לענג פון דער פאַבריק, אַז ער זאָל זיך נישט איינ־בייגן און עפּעס אויפהייבן פון דער ערד. ער הייבט אויף אפילו אַ שטיקל אומנוצלעך לייוונט און טרייסלט אָפּ דערפון דעם שטויב און לייגט עס אַוועק ערגעץ אויף אַ טיש. בשעת ער טוט אַזאַ אַרבעט, מורמלט ער צו זיך אַליין: אַ מדינה! אַלץ וואַרפט מען דאָ אַוועק...

די שניידערס, די אַרבעטער, וואָס פלעגן די העמדער שטעפּן, האָבן מיט ר׳ אייזיקן שטאַרק געקאָמאַנדעוועט.

דידאָזיקע שטעפּערס, וואָס זענען דאָ געווען אַ שטיק אַכט, האָבן זיך געפילט ווי דאָס אייבערשטע פון שטייסל דאָ אין פאַבריק. זיי זענען אַלע יונגע מענטשן, געזונטע און פריילעכע. זייער פריילעכקייט האָט זאַ־ראַזשעט איטלעכן פון די איבעריקע אין פאַבריק. עס איז אַזוי געווען: ווען די שטעפּער האָבן געשוויגן, האָט איטלעכער אין פאַבריק אויך גע־שוויגן. געשוויגן האָבן זיי פאַרשטענדלעך, ווען דער באַלעבאָס, מר. דזשיי־

קאַבס, איז געווען אין פֿאַבריק. אַזוי גיך ווי מר. דזשייקאָבס איז ערגעץ געווען אין גאַס, פֿלעגן די שטעפּערס ווערן פֿריילעך. און אַז זיי זענען געוואָרן פֿריילעך, איז שוין אין פֿאַבריק געוואָרן פֿריילעך. זייער פֿריילעכקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געזונגען לידער פֿון טעאַטער־שטיק אַרויס, לידער פֿון וואָדעוויל, אָדער עמעצער פֿון זיי האָט נאָכגעקרימט ווי אַזוי אַ ייִדענע פֿאָרט איבערן ים קיין אַמעריקע, אָדער נאָכגעקרימט ווי אַזוי אַ ייִד קומט אַריין קיין אַמעריקע דאָס ערשטע מאָל, אָדער נאָכגעקרימט ווי אַזוי אַ ייִד ווערט אַ בירגער פֿון אַמעריקע, און אַ סך אַנדערע זאַכן. עס איז געווען איינער צווישן די שטעפּערס מיטן נאָמען דזשייקעלע, איז דאָס געווען אַ בחור. זיין פּנים איז געווען געשטופּלט און ער האָט געטראָגן פּראַנצויזישע פּאות. אַז ער האָט באַדאַרפֿט נאָכקרימען אַ ייִדענע, פֿלעגט ער מיט ביידע הענט פֿאַרשטעלן די פּראַנצויזישע פּאות און באַלד איז ער געוואָרן אַ ייִדענע; האָט ער אָבער געוואָלט נאָכקרימען אַ ייִד, פֿלעגט ער מיט ביידע הענט טאָן אַזוי, ווי אַ ייִד טוט, ווען ער וויל אויסקרייזלען זיינע פּאות. דאָס הייסט, ער פֿלעגט מיט די פֿינגער קרייזלען זיינע פּראַנצויזישע פּאות אָדער מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער קרייזלט זיי און באַלד האָט ער אויסגעזען ווי אַ ייִד מיט געקרייזלטע פּאות. זיין קול האָט זיך געביטן אַזוי גריננג, אַז עס איז פּשוט געווען אַ חידוש, ווי אַזוי ער טוט עס און ווי גיך ער טוט עס. ער איז געווען דער אייבאַיינציקער צווישן די שטעפּערס, וואָס האָט געקאָנט נאָכקרימען מענטשן. „דערצו האָט ער שׂכל — פֿלעגט מאָטיס טראַכטן בײַ זיך אַליין — פֿאַרוואָס האָט ער נישט קיין שׂכל, אַז מר. דזשייקאָבס זאָל אַרבעטן בײַ אים אין אַ פֿאַבריק, אַנשטאָט, למשל, וואָס ער אַרבעט גאָר בײַ מר. דזשייקאָבסן אין אַ פֿאַבריק ? . . .“ נאָר אַז מאָטיס האָט זיך צו דעם־דאָזיקן בחור גוט צוגעקוקט, האָט ער אים דערקענט, אַז ער איז אַ פּוסטע כּלי. וואָס האָט געהייסן בײַ מאָטיסן פּוסט ? פּוסט האָט בײַ מאָטיסן געהייסן אַ מענטש, וואָס האָט אין זיך גאָרנישט. אין אַזאַ מענטש קאָן מען אָנקלאַפּן מיט אַ פֿינגער, וועט אָפּקלינגען ליידיקייט. געלערנט האָט ער נישט; קיין עול אויף זיך האָט ער נישט; אַ שניידער איז ער און אַ שניידער וועט ער בלייבן זיין גאַנץ לעבן.

עס איז געווען אַ צווייטער שטעפּער, וואָס האָט געקאָנט נאָכקרימען אַלערליי חיות און עופֿות, וואָס עס זענען נאָר דאָ אויף דער וועלט.

דער, וואָס האָט נאָכגעקרימט מענטשן, האָט געהייסן דזשייקעלע, און דער, וואָס האָט נאָכגעקרימט חיות און עופות האָט געהייסן טשאַלי. אין שאַפּ האָט מען זיי אָבער זעלטן גערופן בּאַ דידאָזיקע נעמען. זיי האָבּן בּיידע געהייסן דאָס פּורים-פּאָרל. אָ, דאָס פּורים-פּאָרל קרימט שוין נאָך ווי אַ האָן קרייעט! אָדער פּאַרקערט, דאָס פּורים-פּאָרל קרימט שוין נאָך ווי אַ ייד פּעדלט מיט קאָלדרעס! אי דזשייקעלע, אי טשאַלי זענען געווען גראָב אין זייער בּאַנעמען זיך מיט די אַנדערע שטעפּערס. ווארים זיי זענען געווען פון די ערשטע צוויי שטעפּערס, מיט וועלכע מר. דזשייקאָבּס האָט אָנגע-פאַנגען צו פירן זיין פאַבּריק, און דערפאַר האָבּן זיי אויסגענוצט אָט דעמ-דאָזיקן יחוס אי פאַר זיך אַליין צום גוטן, אי פאַר די איבעריקע שטע-פּערס צום שלעכטן.

די איבעריקע שטעפּערס זענען אין קורצן געווען כּמעט אַלע ענ-לעך איינער צום צווייטן. קיין סמנים אויף זייערע פּנימער זענען נישט געווען. אַלע האָבּן זיך געגאָלט אי די בּערד, אי די וואָנסעס. עס איז נאָר געווען אַ חילוק אין זייערע נעמען: איינער האָט געהייסן דזשאָו, האָט דער אַנדערער געהייסן פיליפּ. אַלע זענען געקומען צו לויפן קיין אַמע-ריקע. עס האָט נאָך איינער פון זיי נישט געזאָגט: „איך בין געקומען צו פאָרן קיין אַמעריקע"... אויף דער מאַשין שטעפּן האָבּן זיי זיך אַלע אויסגעלערנט נאָך אינדערהיים. דאָס איז געווען זייער גאַנצע קענטעניש. נאָך אַלס קליינע ייִנגלעך זענען זיי אַוועקגעגעבּן געוואָרן ווער צו אַ דאַ-מען-שניידער און ווער צו אַזוי אַ שניידער און זיך אויסגעלערנט שטעפּן. אַבּי-נאָר אויסגעלערנט שטעפּן, האָט מען זיך אויפגעהויבּן און אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. און זיי איז גוט דאָ אין אַמעריקע. ווארים זיי קאָנען שטעפּן. זאָל זיך מאַניס בּארימען, אַז ער קאָן שטעפּן?... און דערפאַר זענען זיי דאָ אין שאַפּ, כּמעט אַלע שטעפּערס, דאָס אויבּערשטע פון שטייסל. זיי זענען שטאָלץ מיט זייער מלאכה און אַז מען שמועסט מיט זיי, זאָגן זיי, אַז זיי מאַכן רייך אַמעריקע. ווארים איידער זיי, דידאָזיקע שטעפּערס, זענען אַהער געקומען, איז דאָ געווען זייער ווינציק שטעפּערס. הייסט דאָך עס, אַז מיט זייער קומען האָבּן זיך די מאַשין-שטעפּערס פאַר-גרעסערט און דאָס וועט מסתּמא רייכער מאַכן אַמעריקע. עס נעמט נישט קיין סך און מאַניס הייבּט שוין אָן מקנא זיין אַמעריקע. אָבּער מאַ-ניס איז אַ ייד, וואָס אויבּ ער טראַכט פון עפּעס ווייסט ער נאָר

אַליין דערפון. איז ער מקנא אַמעריקע. ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ
רייכקייט אַמעריקע וועט אָנזאַמלען פון אַט די שטעפּערס. און מאַגיס
וואָלט אַליין וועלן זיין אַמעריקע. קאָן דען נישט געמאָלט זיין, אַז אַ ייד
זאָל זיין אַמעריקע?

יב.

## פ אַ ר פּ אַ ק ט

נאָר מאַלע וואָס מאַניס איז מקנא געווען אַמעריקע.

אים אַליין איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. ער איז שוין אין אַמעריקע עטלעכע וואָכן און קאָן זיין מלאכה און פאַרדינט נאָך נישט קיין פּעני.

מאַניס וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן דעם טאָג, ווען ער וועט קאָנען ברענגען אַהיים אַ ביסל געלט, אַמעריקאַנער געלט, און ער זאָל פילן, אַז דאָסדאָזיקע געלט האָט ער אַליין מיט זיינע הענט פאַר־דינט.

ווי אַזוי צו דערלעבן ביז צו יענער מינוט, ווייסט ער נישט. עס ווייזט זיך אים אויס, אַז ער וועט גאָרנישט דערלעבן ביז צו יענער שעה.

דער באַלעבאָס, מר. דזשייקאָבס, מאַכט זיך ווי טאַמעוואַטע. ער וויל גאָר אפילו נישט אַ קוק טון אויף מאַניסן. וואָלט ער כאָטש גע־טון אַ קוק אויף מאַניסן... און מאַניס האָט נישט קיין מוט צוצוגיין צו אים און אים זאָגן: „היי, מר. דזשייקאָבס, גיט אַ קוק אויף מיר!..."

און וואָס איז דאָס פאַר אַ מדינה, וואָס איין מענטש גיט זי אַזוי פיל כּוח, אַז ער זאָל קאָנען נעמען און איינשפּאַנען אַ סך אַנדערע מענטשן און אַזוי אויף שטום־לשון, נישט אומקוקנדיק זיך אפילו אויף

זיי טרייבן פון זיי די קישקעס און נאָך דערצו אומזיסט ? וואָס איז דאָס ? !

מאַניס פּרוּווט רעדן מיט דייווז, דעם אַנטרייבער.

— וואָס זאָגט איר, איך קען שוין פאַרפּאַקן אַ העמד ?

דייווז מאַכט זיך ווי ער וואָלט נישט געהערט, וואָס מאַניס האָט געזאָגט, און דאָס, וואָס מאַניס אירצט אים, אַרט אים אויך נישט, און אַזוי ווי אויף צו להכעיס, פרעגט ער איבער דעמדאָזיקן ייד, מאַניסן, וועלכער מיינט, אַז ער איז אַ גאַנצער איידעלער און שיינער, זאָגט ער אים דווקא „דו".

— וואָס האָסטו גערעדט ?

— איך האָב געזאָגט, אַז נאָך מיין מיינונג נאָך, קומט אויס, אַז איך קען שוין די מלאכה. וואָס איז אייער מיינונג ? הא, וואָס טראַכט איר ?

— איך טראַכט, אַז דו ביסט געדעכט — זאָגט דייווז אָפּ אין דער גיך און אַנטלויפט פון מאַניסן.

מאַניס קוקט זיך אַרום און זעט, אַז דייווז איז שוין נישטאָ לעבן אים. ווידער פאַר זיינע אויגן דער טיש און אַ באַרג מיט העמדער, און לעבן אים אין שכנות „דער רויטער". און דערדאָזיקער רויטער קוקט צו אים פון דער זייט דורך זיינע רויטע, קליינגדיקע וויִעס און שאָקלט זיך איבער זיין אַרבעט און וואַרפט מיט די הענט גיך.

צו וועמען ווענדט מען זיך דאָ ? — פרעגט מאַניס בא זיך אַליין — פאַר וועמען רעדט מען זיך דאָ אָפּ דאָס האַרץ ?

טעג גייען און טעג קומען. די ערשטע זעקס וואָכן פון דעם לערנען זיך די מלאכה זענען שוין אַוועק און די זיבעטע וואָך האַלט זיך שוין באַם ענדיקן. מאַניס וואָלט געגעטן בא גאָט, אַז ער זאָל דידאָזיקע זיבעטע וואָך אויסציִען לענגער. עס דאַכט זיך אים, אַז די טעג גייען אַזוי גיך. מאַנטיק איז ער איבערפרי אַוועקגעגאַנגען פון דער היים מיט אַ הויל גלאָז טיי און אָפּגעמאַכט בא זיך און אויך אָפּגעשמועסט מיט שבען, זיין ווייב, אַז הייַנט מוז מען רעדן מיט דעם באַלעבאָס, אָדער געלט אָדער אויס. שבע איז עס געווען די אויסטראַכטערקע פון דערדאָזיקער אידעע:

„אָדער געלט אָדער אויס״... ווארים מאַניס אַליין האָט באַרנישט גע־
קענט פאַלן אויף אַזאַ המציאה. בא אים איז אויסגעקומען, אַז וויבאַלד ער
האָט שוין זיך געפּלאָגט זעקס וואָכן, קאָן ער זיך פּלאָגן נאָך אַ וואָך
אָדער צוויי. און אַז יושר מוז דאָך ערגעץ דאָ זיין, און סוף כּל סוף וועט
מען אים באַצאָלן פאַר זיין מי.

שבע האָט אָבער געזאָגט: „ניין!״... מען קען נישט וואַרטן אויף
יושר, ווען עס איז נישטאָ אַ פּעני בא דער נשמה און מען איז אין
אַ פרעמד אָרט.

מאַניס האָט איינגעזען, אַז שבע איז גערעכט. דאָס הייסט, ער האָט
דאָס אייגענע אַליין אויף פאַרשטאַנען. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין יושר?
נעמען אַ מענטש און אים פּלאָגן זעקס וואָכן און נאָכדעם ווידער פּלאָגן
און ווידער פּלאָגן.

— עס קאָן אָבער זיין, אַז מען וועט מיר סיי ווי באַצאָלן... — האָט
מאַניס זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן.

— פאַרלאָז זיך נישט אויף יושר, מאַניס... עס איז שוין צייט, אַז
זאָלסט וויסן, אַז דער יושר איז שוין געשטאָרבן — האָט שבע אויסגע־
לאָזט מיט אַ קוויטש, וועלכעס האָט געמיינט גוטמוטיקייט און אפשר אויך
אַ ביסל בייזקייט.

— איז אָפּגעמאַכט, אַז איך זאָל רעדן מיטן באַלעבאָס: אָדער געלט,
אָדער אויס — האָט מאַניס געוואָלט זיין זיכער, אַז שבע זאָל דערנאָך צו
אים קיין טענות נישט האָבן — ווארים טאָמער לאָזט זיך אויס צום שלעכטן,
וואָס וועט דעמאָלט זיין?

— צום שלעכטן?... — האָט שבע זיך אויף אַ ווײַלע פאַר־
טראַכט און באַלד געקומען צו זיך — וועט זיך אונז אויסדאַכטן, אַז מיר
זענען נאָר וואָס געקומען קיין אַמעריקע... פאַרשטייסט, מאַניס. נאָר איצטער
זענען מיר געקומען אַנדערע מענטשן. מיר ווייסן שוין ווו עס עפנט זיך
אַ טיר.

— גערעכט, שבע, גערעכט, ווי מיר האָבן אַ גרויסן פאָטער אין
הימל — האָט מאַניס זיך געגלעט זיין באָרד.

און טאַקע נאָך יענעם מאָנטיק אינדערפרי איז מאַניס אַוועקגעגאַנגען

מיט דער מחשבה צו שמועסן מיטן באַלעבאָס: איינס פון די צוויי — אָדער געלט, אָדער אויס. . .

און אָט אַזוי איז אַוועק דער גאַנצער טאָג מאָנטיק מיט גאָרנישט. איינדערפרי, באַם דאַווגען, איז דאָך נישט קיין צייט צו שמועסן וועגן אַזעל־כע זאַכן ווי געלט. דער באַלעבאָס, מר. דזשייקאָבס, איז דווקא צוגעקומען צו מאַניסן און אים אָנגעקלאַפּט אין די פּלייצעס:

— וואָס זאָגען זי אויף דיעזער אַמעריקאַ?

— אַ שיינע מדינה — האָט מאַניס אינדערגיך געענטפערט. און איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין מר. דזשייקאָבס נישט געווען לעבן אים.

און נאָכן דאַווגען האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרבעטן. בשעת מען אַרבעט, טאָר מען דאָך נישט רעדן. אַזוי האָבן זיי דאָס, דאָ אין אַמעריקע, איינגעפירט. אַז מען טאָר נישט, טאָר מען נישט. מאַניס וועט דאָך נישט אַרויסשפּרינגען פון די האַלאַבאַליעס און אָנהייבן צו רעדן דאָרטן, ווו מען טאָר נישט. צוועלף אַ זייגער עסט מען אָנבייסן און מען רוט זיך אָפּ ביז איינס. דעמאָלט וואָלט יאָ געווען אפשר אַ פּלאַן צו רעדן מיטן באַלעבאָס. האָט אָבער מאַניס נישט קיין מוט אַרייַנצוגיין צום באַלעבאָס, ווי אַן אומ־געבעטענער יון אין סוכה. ער שעמט זיך פאַר דערדאָזיקער מחשבה, אָבער עס איז אמת, אַז ער האָט מורא פאַר מר. דזשייקאָבס. ער האָט מורא פאַר אים. און וויבאַלד ער פילט, אַז ער האָט מורא פאַר אים, וועט ער שוין צו אים אין שטוב אַליין און אומגעבעטן נישט אַרייַנגיין. די גאַנצע שעה צווישן צוועלף און איינס האָט ער געהאַלטן אין איין טענהן צו זיך אַליין: מאַניס, וואָס האָסטו מורא אַרייַנצוגיין צו מר. דזשייקאָבסן? גיי אַריין צו אים!... ניין, איך קאָן נישט!... נעם און גיב אַ גיי אַריין!... ניין, איך וועל נישט אַרייַנגיין! . . .

אָט אַזוי איז אַריבער די גאַנצע שעה און מען האָט דערנאָך ווידער אָנגעהויבן צו אַרבעטן, און עס איז גאָר קיינעם נישט איינ־געפאַלן אַ חשד פון דעם, וואָס עס איז באַ מאַניסן אינעווייניק פאָרגע־קומען.

באַ דער אַרבעט אין פאַבריק איז אַזאַ רעש, אַז מען קאָן נישט הערן נישט נאָר וואָס יענער טראַכט, נאָר אפילו נישט וואָס מען טראַכט

אַליין. בײַ דער אַרבעט איז אַ רעש און אַ געפּילדער. די צושניידער קריצן מיט זייערע שערן, אַזוי ווי בייזע מענטשן קריצן מיט זייערע ציין. די שערן שניידן און עס פֿאַלן אָן בערג מיט פּעק פֿון אַלערליי פֿאַסאָנען און פֿאַרמען. דייוו, דער אָנטרייבער, כאַפּט דידאָזיקע פּעק און צעטראָגט זיי צווישן די מאַשין־שטעפּער. דעם אַ פּאַק און יענעם אַ פּאַק. די מאַשינען יאָגן איינע נאָך דער אַנדערער גיך, גיך און בויערן לעכער אין מוח.

דייוו שרייט אַ גאַנצן טאָג ביז צום הייזעריק ווערן: „סליוו", „קאַלער", „פראָנט", „בעק" און נאָך אַזעלכע ענלעכע ווערטער. ער שרייט אַריבער די מאַשינען, און באַלד טועןזיך די מאַשינען אַ יאָג און פֿאַרטויבן זיין געשריי. דייוו כאַפּט זיך אָן בײַ זיין קאָפּ מיט ביידע הענט, ווי ער וואָלט זיך צוגעהאַלטן, אַז ער זאָל נישט משוגע ווערן. און באַלד וואַקסט ער אויס לעבן דעם איינטונקער, ר' אייזיקן, און שרייט אויף אים. און ר' אייזיק שטייט אַן איינגעבויגענער און ווייסט נישט וואָס צו טון, ביזוואַנען דייוו גיט אויף אים נאָכאַמאָל אַ געשריי, און ר' אייזיק קומט צו זיך און הייבט אָן איינצוטונקען די מאַנזשעטן פֿון אַ העמד אין דעם צעבער מיט קראָכמאַל.

— ר' אייזיק! — שרייט דייוו — ר' אייזיק, גיב זיך אַ וואָרף... מען וואַרט אויף די העמדער און מען דאַרף זיי נאָך הייבט אָפּוועקשיקן... און באַלד וואַקסט ער אויס בײַ די פּרעסערס. דאָרט בײַ די פּרעסערס שטייט דייוו אַזוי ווי אַ שטומער און היינטער זייערע פּלייצעס בריט ער זיי, די פּרעסערס, מיט זיינע גרויסע פּוקלע אויגן.

נאָך דעם בייגן זיך פֿון די פּרעסערס פּלייצעס דערקענט דייוו, אַז מען האָט פֿאַר אים מורא און עס טוט אים הנאה. ער שרייט נישט, וואָרים קיין נאַר איז דייוו נישט. צוליב וואָס באַדאַרף ער שרייען, ווען זיין קוק איז בעסער ווי שרייען? די אַרבעט ברענט און גייט ווי אין אַ חלום, אַזוי גיך. פֿון די צושניידער צו די מאַשין־שטעפּערס. בײַ די מאַשין־שטעפּערס ווערט זי צעטיילט. איינער שטעפּט די אַרבל, אַ צווייטער דעם פראָנט, אַ דריטער דעם הינטן און אַ פערטער דעם

קאָלנער, און אַ פֿינפֿטער שטעפּט אויס די לעפּעלעך, און זעקסטער ביים אָן די קנעפּלעך. מען זעט גאָרנישט ווי עס ווערט געטון, אַזוי גיך ווערט די אַרבעט געטון. עס בלאַנקען נאָר פֿאַרן אויג די לויפֿנ־דיקע, שפּרינגענדיקע פֿעדים, וועלכע ציען זיך פֿון דעם טאַנצנדיקן קלעצל, ביז צו דער נאָדל. און אין דער לופֿטן פֿליט אַרום אַ ווייסע זאַך און עס הענגען נאָך און באַמבלען זיך און קלעפּן זיך צו איט־לעכן העמד שטיקלעך בוימוואָל. פּאַרטיק בײַ די מאַשינען־שטעפּערס, פֿאַלט דאָס העמד אַרײַן אין אַ קויש, און פֿון קויש קומט עס אין ר׳ אייזיקס הענט. ר׳ אייזיק טונקט און טונקט, און די פּרעסלעך זע־נען הייס און די פּרעסערס זענען בייזע יונגען. וואָרים זיי האָבן דאָס שווערע שטיקל אַרבעט אָפּצושטיין אין אַזאַ זומערדיקן טאָג בײַ דידאָזיקע הייסע פּרעסלעך, זענען זיי דערפֿאַר בייז. און אפֿשר זענען זיי בייז פֿאַר עפּעס אַנדערש. ווער ווייסט זייערע הערצער...
אָבער ווען עס קומט צו דער אַרבעט, דאָס הייסט, ווען זיי טון אַ נעם דאָס אָרימע העמד, באַם העמד הענגען נאָך פֿון אַלע זייטן שטיק־לעך בוימוואָל און עס זעט אויס האַלב טויט, אָדער אינגאַנצן טויט, וואָרים ר׳ אייזיק מיט זײַן אײַנטונקען דערגייט דעמדאָזיקן העמד די יאָרן. ער צעקבייטשט עס אַזוי און דרייט עס אַזוי צונויף, אַז עס איז שוין באַלד נישט צו דערקענען צי עס איז אַ העמד, צי עס איז אַ שטיק שמאַטע. אָבער די פּרעסערס, זאָלן לעבן, טון אַ נעם דאָס העמד, און קודם כּל טון זיי מיט דעם אַ טרייסל אין דער לופֿט. דערנאָך לייגט מען דאָס העמד אַוועק אויף דעם טיש און מיט דעם פּרעסל אַ פֿיר אין דער לענג און עס ווערט אַ גלאַטער וועג. אַ פֿיר אַהין און אַ פֿיר אַהער. די לייוונט גיט זיך אונטער און ווערט ווייך, אַזוי ווי נאָר וואָס פֿון דער מילך אַרויסגענומען, און אַז די מאַנזשעטן ווערן פֿאַרהאַרטעוועט און נאָכדעם אויך דער קאָלנער, און דער פּרעסער טוט עס אַ נעם און טוט מיט דעם אַ טרייסל אין דער לופֿט, און דייווו גיט עס אַ כאַפּ און באַטראַכט עס פֿון אַלע זייטן, איז דאָס שוין אַ לעבעדיק העמד. די אַרבל וואַרפֿן זיך מיט זייערע האַרטע מאַנזשעטן אַהין און אַהער און עס האָט שוין זײַן אייגענע פֿאַרב. מען זעט שוין, וואָס פֿאַר אַ קאָליר ער פֿאַרמאָגט. און אַזוי אַ לעבעדיק און שמעקעדיק גייט עס אַוועק צו מאַגיסן אָדער צו זײַן שכן, דעם רויטן. דאָ

שלעפּט מען אַרויס די איבעריקע שטיקלעך פּאָדים פון דעם העמד און מען לייגט עס צונויף — פאַרפאַקט!

— „פאַרפאַקט לעולם ועד!"... — טראַכט מאַגיס און דער טאָג גייט אַוועק און ער האָט נישט געשמועסט מיט דעם באַלעבאָס.

## יג.

# גייען דאָ זינדיקע מענטשן

יענעם אָוונט איז מאַניס געגאַנגען אַהיים פון דער פאַבריק, ווי נישט קיין דאָ געוועזענער. זיינע פיס, פילט ער, טראָגן אים שווער. ער איז מיד. אפשר דאָס ערשטע מאָל זינט ער איז אין אַמעריקע, אַז ער פילט זיך אַזוי מיד. אמת, ער וויל זיך נישט אונטערגעבן, אַז ער איז מיד. אמת׳ ער וויל זיך נישט אונטערגעבן, אַז ער איז מיד פון דער אַרבעט. וואָרים עס איז אפשר דאָ אַ גרעסערע און שווערערע זאַך, וואָס לייגט זיך אויף זיין געמיט, ווי דער טאָג אַרבעט: מיט וואָס קומט ער אַהיים היינט אָוונט?

אין דרויסן איז וואַרעם. טראָפּנס שווייס זעצן אַרויס בײַ אים אויף זיין שטערן און אויף זיינע הענט. עס איז נישטאָ קיין שום ווינטל. דער הימל איז אַזוי ווי פון הייסן קופּער און די שטיינער אין גאַס זענען, ווי די שטיינער אין אַ קאַלך-אויוון. עס שלאָגט אַ היץ פון הימל און אויך פון די שטיינער. עס איז שרעקלעך ענג. מענטשן אָן אַ שיעור גייען איי-נער נאָכן אַנדערן. בײַ די ברעגן פון די טראָטואַרן זיצן מענטשן אויף בענקלעך און פאָכן זיך מיט פּאַפּירענע פעכערס. מאַניס מיינט, אַז דאָ מוז זיין דער אמתער גיהנום, און ער און אַלע וואָס גייען דאָ, זענען זינדיקע מענטשן. עס פאַרשווינדט דאָס רעאַלע און עס ווערט פון אַלעם מעשה חלום. גייען דאָ זינדיקע מענטשן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, מי-דע פון דער שווערער שטראָף, וואָס זיי האָבן שוין באַקומען, און נעמען צו מיט ליבשאַפט די ווייטערדיקע שטראָף. עס איז נאָך נישט געקומען

די צייט פון ריינקייט. מען מוז נאָך ווידער און ווידער ליידן און ליידן...

אַזוי פאַרטראַכט איז מאַניס געווען, אַז ער האָט נישט באַמערקט זיין אַריינקומען אין דילענסי סטריט. דאָ איז ער געגאַנגען אינמיטן פון גאַס מיט די אייזערנע ליניען פון דער קאַר. עס איז באַלד אָנגעקומען פון הינטן אַ קאַר און דאָס געשריי פון דעם קאָנדוקטאָר האָט מאַניסן אויפגעוועקט. ער איז אַרויף אויפן טראָטואַר און געבליבן שטיין און גע־קוקט, ווי דער קאָנדוקטאָר האָט צו אים געשאָקלט ביַיז מיט דער בייטש. צוויי ווייסע פערד האָבן געשלעפּט מיט זייערע לעצטע כוחות דידאָזיקע קאַר. דער קאָנדוקטאָר איז געשטאַנען פון פאָרנט אויף דער פּלאַטפאָר־מע און געדרייט מיט דער בייטש, אין די פענצטער פון דער קאַר זענען געווען אָפן. און געפּאַקט פול מיט מענטשן, אי פון אינעווייניק, אי פון דרויסן, איז געווען דידאָזיקע קאַר. אפילו אויף דעם דאַך פון דער קאַר זענען געזעסן מענטשן. „וווהין פירט מען זיי? — האָט מאַניס צו זיך געטראַכט — מסתמא איז זיי שוין בעסער פון אונז, וואָס גייען דאָ... מען פירט זיי שוין...“ און איז צוריק אַראָפּ פון טראָטואַר און גענומען גיין גיך צווישן די צוויי רעלסן, אַזוי ווי וועלנדיק אָניאָגן די געפּאַק־טע קאַר.

און באַלד איז מאַניס ווידער געקומען צו זיך. דילענסי סטריט האָט אים געבראַכט צו זיך. דילענסי סטריט איז געוואָרן איצט אַזוי שיין, באַזוימט פון ביידע זייטן מיט צוויי שוואַרצע שטראָמען, וועלכע האָבן זיך געצויגן אַזוי ווי וויקלענדיק זיך פון עפּעס אַ ראָד, אַן אומ־זעבאַרס. אין דער מיט זענען געפלויגן וועגן מיט פערד אַהין און אַהער, און צום טאַקט פון די טריט פון די פערד און פון די רעדער אויף די שטיינער, איז מאַניס געגאַנגען. אין דער לופט איז געשטאַנען דאָס גע־פילדער פון מענטשלעכן וואָרט. מאַמעס האָבן דורך די פענצטער גע־רופן זייערע קינדער. און קינדער זענען געלאָפן און געשריגן אויף אַלערליי קולות. און אַ ייד שטייט אויפן קאָרנער און באַוויינט דעם טאָג, וואָס גייט אַוועק, און בשעת ער וויינט אַזוי, האַלט ער אַ פעקל מיט צייַ־טונגען אויף אַ רימען, אַרום זיין האַלז, און ער שרייט אַזוי טרויעריק, קומט צו לויפן אַ ייִנגל מיט אַ פעקל צייטונגען און שרייט פריילעך, און דער ייד טרייבט אים אַוועק פון זיך און שרייט וויינענדיק און דאָס

ייִנגל קומט צוריק און שרייט אויף צולהכעיס דעם ייִד דווקא פרייִלעך. מאַניסן דאַכט זיך אויס, אַז אי דער ייִד, אי דאָס ייִנגל זענען ביידע משוגע. וואָרים אויב זיי זענען נישט משוגע, וואָלטן זיי ביידע געקאָנט לעבן בשלום. די גאַס איז לאַנג גענוג. שטייט איינער דאָ, קאָן דאָך דער אַנדערער שטיין דאָרט ווייטער. ניין, נאָר דאָ ווילן זיי ביידע שטיין.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין מדינה? — פרעגט מאַניס בײַ זיך און ער גייט און באַטראַכט די מענטשן, וואָס זענען פאַר אים אַרום און אַרום. קיינער האָט נישט אויף זיך קיין ראָק, מיט די אַרבל פון די העמדער פאַרקאַטשעט און מיט די נאַקעטע הענט אין דרויסן. גראָב! טראַכט מאַניס. און אין מיטן דערינען, אין מיט פון גאַס שטייט אַ רעדל. מען שטופט זיך איינער איבער דעם אַנדערן אויף צו דערהרגענען. וואָס איז דאָרט? ווער ווייסט, ווער עס ליגט דאָרט אַ דערהרגעטער אָדער ווער ווייסט וואָס? מאַניס וויל אויך זיך צושטופּן און אַ קוק טון. ער ווערט אויך אָנגעצונדן מיט דער אייגענער נײַגיריקייט, וואָס אַלע זענען אַרומגעכאַפּט: כאָטש עס איז אים שווער, אָבער פונדעסטוועגן דערשלאָגט ער זיך צום סאַמע מיט פון דעם רעדל. און דאָרט שטייט אַ בחור מיט אַ רענצל און ווײַזט אַ קונץ: ער לייגט אַנידער אַ מטבעה אויף זײַן האַנט און טוט אַ בלאָז און די מטבעה איז נישטאָ. אָבער, דאָס זאָגט, ער איז נישט דער עיקר, וואָס ער וויל ווײַזן. ער עפנט דאָס רענצל און נעמט אַרויס פון דאָרטן צוויי זאָקן־בענדלעך, אַ קעמעלע און זאַפּינקעס גאָלדענע און אַ ביכעלע אַ שיינס און אַ בלײַפעדער און דאָס אַלץ אינאיינעם גיט ער אַוועק כמעט אומזיסט. נאָר פאַר איין ניקעל קויפט, ווײַל דאָס רענצל איז פול. אַ פינצטער וויסט יאָר צו זײַן קאָפּ! אָט צוליב דעם אָ, שרעקט מען איבער מענטשן און מען מאַכט אַ רעדל אין דער מיט גאַס. דער דאָזיקער בחור שפּיליעט זײַן קאָלנער אין דער גיך און שרייט ביז הייזעריק ווערן, און מאַניס בטלט צו אים אויס אַלע וויסטע חלומות און קאָן פונדעסטוועגן נישט אײַנהאַלטן זײַן כּוח אין זיך און נעמט אַרויס אַ ניקעל, נאָך גוט, וואָס ער האָט אַ ניקעל, און קויפט איין דידאָזיקע מציאות און שטופט זיך קוים מיטן לעבן אַרויס פון רעדל און באַטראַכט נאָכאַמאָל דידאָזיקע מציאות — אַ ביכעלע און אַ בלײַפעדער. דאָס אַליין איז שוין ווערט מי יודע. חוץ דעם, די זאָקן־בענדלעך פאַר שבעו און די זאַפּינקעס

פאַר זיך אַליין. פון אמת גאָלד די זאַפּינקעס. און צו דעם אַלעמען נאָך אַ שוואַרץ, שיין קעמעלע. מאַניס באַהאַלט דידאַזיקע זאַכן אין קעשענע און גייט שוין אַהיים און פאַרגעסט כּמעט אין אַלע צרות און קומט אַריין אין שטוב. שבע באַגעגנט אים פריילעך און מיט אַ מונטערקייט אין איר קול. זי נעמט אַראָפּ פון זיין מידן קאָפּ דעם קאַפּעליוש און טוט אָן די יאַרמולקע. און מאַניס בלייבט שטיין פונקט הינטער די גאַז־באַלייכטונג אין מיטן שטוב און שטייט מיט זיינע ברייטע פיס צעשפּרייט און די הויזן זענען אויף אים גרויס און מיט קנייטשן און צעדרייט.

שבע נעמט זיך צו דער אַרבעט אַזוי ווי אַלע אָוונט. זי קלייבט אַראָפּ פון אים די שטיקלעך בוימוואָל. איבעראַל בוימוואָל. שבע טוט דידאָזיקע אַרבעט מיט ליבשאַפט. עס דאַכט זיך איר, אַז זי באַדאַרף האָבן אַ חלק אין איר מאַנס טאָג־אַרבעט, און דאָס איז איר חלק, דאָס אַראָפּקלייבן פון די שטיקלעך בוימוואָל.

מאַניס שטייט אַזוי אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד און ווערט פון צייט צו צייט אומגעדולדיק און בייט זיינע פיס אונטער זיך און פרעגט אַלע מאָל צי שבע איז שוין פאַרטיק.

נאָכדעם באַוואַשט ער זיך געווייינלעך באַם קראַן אין קאָרידאָר און קומט אַריין אין שטוב צוריק אַ נאַסער און אָן אָפּגעפרישטער.

— שבע, ווו איז דאָס האַנטוך ? קיינמאָל איז דאָס האַנטוך נישט אויף זיין טשוואָק — בייזערט זיך מאַניס.

— אָט איז דאָך דאָס האַנטוך — טראָגט אים שבע אַקעגן דאָס האַנטוך.

— פאַרוואָס זאָל עס נישט הענגען אויף זיין טשוואָק ? ! — קאָן מאַניס נישט פאַרשטיין.

— כ'ווייס ? נאָר דאָס ליגט מיר אין קאָפּ... — מאַכט שבע אַוועק דידאָזיקע האַנטוך־סיטואַציע מיט דער האַנט. — וואָס הערט זיך בעסער, האָסט גערעדט מיטן באַלעבאָס ?

— מיטן באַלעבאָס ? — פרעגט מאַניס איבער און באַהאַלט זיין פּנים אין האַנטוך און רייבט זיך דאָס פּנים ענערגיש און קרעכצט, איבער־נעמענדיק זיך, ווי אַ קינד נאָכן אויסוויינען זיך. — מיטן באַלעבאָס האָב איך נישט גערעדט.

— האָסט נישט געקאָנט? — פרעגט שבע און ס'פּילט זיך אין איר שטים אַזוי פיל צערטלעכקייט.

— ניין.

— וואָס זשע וועט זיין דער סוף?

— כ'זאָל אַזוי וויסן פון ביי׳ז — איז מאַניס אַזוי ווייך, פּשוט פּאַרטיק זיך צו צעוויינען. — וואָס וועט טאַקע זיין דער סוף?

— מוזט דאָך זיין הונגעריק, וועלן מיר גיין עסן, מאַניס, — האָט שבע געזאָגט שוין אַ ביסל טרויעריק.

— אפשר וואָלסטו אַ רוף געטון דעם אייבערעמען אונזערן, — האָט מאַניס זיך נישט געקאָנט געבן קיין עצה. — עס קאָן זיין, אַז ער וועט אונז געבן אַן עצה.

— ביסט גערעכט. כ'ל אים אַ רוף טון — האָט שבע זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

— זאָג אים גאָרנישט, ביז ער וועט דאָ אין שטוב נישט אַרויםקו־מען. זאָג אים נאָר, אַז איך וויל אים זען נייטיק.

— דאַרפסט מיך נישט לערנען קיין שכל — שרייט שבע פון יענער זייט טיר.

אַז שבע איז אַרויס און מאַניס איז געבליבן אַליין, האָט ער דער־ווייל ווידער אַרויסגענומען די זאַכן, וואָס ער האָט אין גאַס איינגעהאַנדלט און זיי ווידער באַטראַכט און אָפּגעשאַצט און צו זיך אַליין געטראַכט, אַז אַמעריקע מוז זיין אַ משוגענע מדינה. אַזוי פיל זאַכן גיט מען אַוועק פאַר גאָרנישט... ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט זאַט אָנקוקן אויפן קליינעם שוואַרצן ביכעלע מיט די שיינע טאָוועלעך און האָט באַטראַכט דאָס רויטע אָפּגעפאַרבטע באַשניטעריי פון דעם פּאַפּיר און עס איז אים דאָס ביכעלע אַזוי געפעלן, אַז ער האָט דערמיט זיך אַ גלעט געטון באַם פּנים און האָט צו דעם געטון אַ שמעק און עס באַהאַלטן. ער האָט זיך געוואָלט נעמען גוט באַטראַכטן די איבעריקע זאַכן, ווען ער האָט דערהערט טריט און אין דער גיך באַהאַלטן אַלץ אין קעשענע.

— דאָ באַ אייך איז קיל, — האָט אייבערעם אָפּגעכאַפּט זיין אָטעם און זיך אַנידערגעזעצט באַם אָפענעם פענצטער.

— זייער קיל, — איז שבע געוואָרן גרויסהאַלטעריש באַ זיך.

— הערט, מר. אייבּרעם, כ׳האָב אייך מטריח געווען, כּדי באַ אייך צו פרעגן אַן עצה, — האָט מאַניס געזאָגט.

— וואָס איז שוין ווידער בּייעס? — שטעלט אייבּרעם אַן אַ לאַנג פּנים.

— איר ווייסט דאָך, מיין באַלעבּאָס...

— גאָט באַהיט, איר ווילט שוין בּייטן דעם באַלעבּאָס — האָט אייבּרעם אויסגעכאַפּט נאָך איידער מאַניס האָט געענדיקט.

שבע האָט זיך נישט געמישט אין דעמדאָזיקן געשפּרעך. זי האָט דערווייל געגרייט צום טיש און אַלע מאָל אויפגעדעקט די פּאָקרישקע פון טאָפּ און אַריינגעלאָזט אין שטוב אַריין דעם געשמאַקן ריח פון פּעטרישקע און געקאָכט פלייש.

— חלילה, ווער טראַכט גאָר פון בּייטן באַלעבּאַטים — האָט מאַניס אַזוי ווי באַרויקט אייבּרעמען.

— וואָס דען?

— הערט.

— איך בּין דאָ, אַז איך זאָל הערן, — האָט אייבּרעם געזאָגט און בּשעת מעשה געוואָרפן אויגן אַהין צום טאָפּ, פונוואַנען דער ריח פון פּעטרישקע איז געקומען.

— עס קומט מיר שוין צו באַצאָלן פאַר מיין אַרבּעט. נישט? — פרעגט מאַניס באַ אייבּרעמען.

— וואָס דען, נישט?

— פאַרוואָס זשע גיט מען מיר נישט?

— ווייל איר מאָנט נישט, — חאָט אייבּרעם געזאָגט מיט אַן אויסדרוק אויף זיין פּנים פון עפּעס אַ וועלט-חכם. — דאָ איז אַ לאַנד ווו מען דאַרף נאָר קאָנען נעמען.

— און געבּן האָט מען דאָ פיינט?... — פרעגט איבּער מאַניס.

— מען גיט דאָ אַוועק אייז ווינטערצייט... — האָט אייבּרעם זיך אָנגעשפּאַרט אַן ווענטל פון בּענקל און געלאַכט פון דעם, וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער האָט געזאָגט זייער אַן אָריגינעל קלוג וואָרט. — ווי

איך פאַרשטיי, שעמט איר זיך... דאָ אין אַמעריקע לייגט מען אַוועק די בושה אין סטריט און מען לאָזט זי ווערן איבערגעפאָרן פון דער קאַר, פאַרשטייען זי? איך וועל מיט אייך צוגיין מאָרגן אינדערפרי און רעדן מיט דזשייקאָלן... כ׳קאָן אים דאָך נאָך פון יענע יאָרן, ווען ער האָט נישט געהייסן דזשייקאָבס. אַז איך וועל אים זאָגן: באַצאָלן זי... כ׳בין נישט קיין גרינער און וועל אייך בעטן אַ טעלערל זופּ... עס האָט מיר אַזוי פאַרשמעקט, — האָט אייברעם אויסגעלאָזט די לעצטע ווערטער, קוקנדיק מיט פיל געבעט אין זיינע אויגן צו שבען.

— גראָד האָב איך היינט פאַר אייך אויך. איר קאָנט מיט אונז עסן וועטשערע, — האָט שבע ווויל־שמייכלענדיק געזאָגט.

— ניין, עסן וויל איך נישט. אָבער אַ ביסל זופּ וועל איך טרינ־קען, — איז אייברעם באַשטאַנען אויף זיינעם. — כ׳וועל אים זאָגן: באַצאָלן זי...

מאַניס האָט זיך דערפילט אַזוי זיכער און אויפגעלייגט, ווען ער האָט מיט זיינע אויערן געהערט דאָס לאַנג אויסגעצויגענע „באַצאָלן זי“ פון אייברעמען, אַז ער איז געווען קאַפּאַבעל איצט אַוועקשענקען, וואָס ער פאַרמאָגט.

און ווען אייברעם האָט געגעסן פון שיסל די גוטע שמעקנדיקע זופּ האָט מאַניס באמת גרויס הנאה געהאַט און געפילט, אַז ער שענקט אַוועק אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט. ער האָט אַלע מאָל אונטערגערופן צו אייברעמען: עסט, עסט און זאָל אייך ווויל באַקומען... און ווען ער האָט אַליין אַ ביסל געשטילט זיין הונגער, האָט ער אין מיטן דערינען אויפגעהערט עסן און אַרויסגענומען די זאַכן, וואָס ער האָט פריער איינ־געהאַנדלט אין גאַס און גענומען טיילן מתנות: שבען האָט ער דערלאַנגט די זאָקן־בענדלעך.

שבע האָט געטון אַ פּאַטש מיט ביידע הענט פון פרייד. „זע נאָר!“ זי האָט געצויגן מיט אירע פינגער די גומענע זאָקן־בענד־לעך און נישט געקאָנט זיך זאַט אָנשפּיגלען אין דעם בלויען קאָליר פון זיי.

— און אייך, אייברעם, שענק איך דאָס קעמעלע...

אייברעם האָט גענומען דאָס קעמעלע און אָנגעטאָן זיך

פרייען דערמיט, האָט ער גאָר מיט אָפּלאַכעריי אין זיין שטים גע־
זאָגט:

— אַלע גרינע פּאַלן אַריין...

— וואָס מיינט איר? — האָט מאָניס זיך דערשראָקן.

— איך מיין, אַז מיך קאָנען זיי שוין נישט אין זייער לעבן נישט
אָפּנאַרן...

מאָניס איז געוואָרן בלאַס פון ערגעניש און ווי אַ שולדיק קינד
געקוקט אי צו שבען, אי צו אייבערעמען. שבע האָט זיך געפילט אַ ביסל
באַליידיקט און זי האָט געפרעגט:

— וואָס־זשע, דאָס איז נישט קיין זאָקן־בענדלעך?

— און אַז יאָ... איבען מיינען, אַז די האָבן יענעם אָפּגענאַרט, —
האָט אייבערעם בלייך און זעבאָר געשמייכלט.

— און אָט דאָס ביכעלע און אָט די בלייפעדער — איז מאָניס
שוין ווי ברוגזלעך געוואָרן, און כדי צו שלאָגן אייבערעמען ביזן סוף, האָט
מאָניס געטון אַ שיט אויס אויפן טיש די גילדענע זאַפּינקעס. — און אָט
דאָס אָ גייט באַ אייך צופוס?... מיך האָט מען נישט אָפּגע־
נאַרט... עס איז דאָך געווען אַזאַ כאַפּעריי, נאָר דערהרגעט צו
ווערן.

— כ'האָב דאָך איבען געזאָגט, אַז דאָ גיט מען אַוועק אייז וויג־
טערצייט... — האָט אייבערעם אַ שטאָלצער זיך אויפגעהויבן פון
בענקל — איך מוז גיין. איך האָב אַרבעט, און אַז איר וועט זיך
אויסגרינען, וועט איר זאָגן, אַז אייבערעם איז געווען גערעכט. כ'דאַנק
איבען פאַר אייער טעלערל זופּ... איצט האָט מיך אַ גוד נאַיט. עך
האָב אַרבעט.

אייבערעם איז אַוועקגעגאַנגען און איבערגעלאָזט דאָס קעמעלע
אויפן טיש און מאָניס מיט שבען האָבן געגעסן וועטשערע. מאָניס האָט
זיך נישט געקאָנט פרייען מיט די זאַפּינקעס און מיט דעם ביכעלע און
שבע האָט זיך נישט געקאָנט פרייען מיט די זאָקנבענדלעך. ווייבאַלד
אייבערעם האָט איבערגעלאָזט דאָס קעמעלע, מיינט דאָך דאָס, אַז עס איז
נישט ווערט, אַז מען זאָל דאָס האַלטן אין אַ יידיש הויז. שבע האָט גע־
נומען דאָס קעמעלע און עס באַטראַכט פון אַלע זייטן און געבויגן צווישן
די פינגער.

— אויב עס איז אַ גוט קעמעלע, באַדאַרף זיך עס קאָנען בייגן...

עס האָט זיך דערהערט אַ פּיק און אין דער מינוט איז דאָס קעמעלע שוין געווען צעבראָכן אין צווייען. שבע האָט זיך דער־שראָקן. מאַניס האָט זי אָנגעקוקט בייז און געשאָקלט מיט זיין קאָפּ טרויעריק. אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט. שבע האָט אויך גע־שוויגן.

און נאָכן עסן האָט שבע אַוועקגעשאַרט אין אַ זייט אויפן טיש די צוויי שטיקלעך פון קעמעלע, די זאַפּינקעס און אויך די זאָקנ־בענדלעך.

מאַניס האָט פאַרשניצט אַ שפּיץ באַם קאַראַנדאַש און אים אַריינ־געשטעקט אין דעם לאָפּל באַם ביכעלע. צום ביכעלע האָט ער צוגעבונדן אַ שטריקל און אַריינגעקלאַפּט אַ טשוואָק באַם פענצטער, וואָס לעבן זיין בענקל, און דאָרטן צוגעבונדן דאָס ביכעלע.

און דערנאָך איז ער אַוועק אין פינצטערן צימער און פון דאָרטן געבראַכט אַ ספר. ער האָט זיך געזעצט צום טיש און פריער באַטראַכט דאָס ספר פון אַלע זייטן, געפּרוווט דעם איינבינד. דאָס ספר איז געווען איינגעבונדן אין לעדער און די באַשניטענע בלעטלעך זענען געווען באַ־שפּריצט מיט רויטע קליינע שפּריצלעך.

— זעסט, שבע, דאָס האָב איך נאָך איינגעבונדן, ווען איך בין גע־ווען אַ ייִנגל, — האָט מאַניס זיך באַרימט פאַר שבען, — און אָט איז נאָך מיין כּתב.

שבע איז צוגעקומען און אָנגעקוקט זיין כּתב און הנאה גע־האַט פון די קליינע, שיינע אותיות אין דער רונדער, שיינער שורה.

— ביסט נישט מיד, מאַניס? — האָט שבע געפרעגט.

— כ'וויל אַ ביסל אַריינקוקן אין מדרש רבא. כ'בין דאָך דאָ אַהער נישט געקומען גראָב ווערן.

— לערן אין דער הייך. כ'וויל אויך הערן, — האָט שבע אַזוי ווי זיך געפּיעשטשעט.

— ווילסט דען פאַרשטיין?...

— כ'וויל גלאַט הערן אַ הייליק וואָרט. זינט מיר זענען אין אַמע־
ריקע, האָב איך נאָך נישט געהערט קיין הייליק וואָרט.

מאַניס האָט גאָרנישט געזאָגט מער. ער האָט אַ קוק געטון צום בי־
כעלע אויף דעם שטריקל באַם שאַלעווואַניע פון פענצטער און אויפגעעפנט
דעם מדרש און אָנגעהויבן אויף אַ קול צו זאָגן.

יד.

## װונדער, װונדער

אייבערעם איז געקומען גאַנץ פרי און איז מיט מאַניסן געגאַנגען אין פאַבריק אַריין. דער דרויסן איז געווען אַ טרוקענער און אַ צעבראָ-כענער, אַזוי האָט זיך אויסגעוויזן מאַניסן. ער אַליין איז אויך געווען אַ צעבראָכענער פון אַ גאַנצער נאַכט נישט שלאָפן. אָבער מיט דעם דרויסן האָט עס גאָרנישט צו טון. פון די שטיבער און פון די טרוקענע שטיינער אין גאַס האָט געשמעקט מיט שטויב. פון הימל האָבן די צעבראָכענע שטיקער וואָלקנס, יאָגנדיקע, אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד ברעקלעך שטויב און באַ-מעליקט די שטיבער און זייערע פענצטער. אין דער לופט האָט זיך נאָך געפילט די פאַרנעכטיקע פון לעצטער נאַכטיקער היץ, און די רויטע קו-פערנע וואָלקנס אין מזרח האָבן צוגעזאָגט פאַר היינט ווידער אַ הייסן טאָג פון שטויב מיט שווייס. די גאַסן האָבן געלעכצט נאָך אַ ביסל וואַסער, אַ ביסל וואַסער די שטיינער צו באַשפּריצן, אַ ביסל ווייך רעגנוואַסער אָפּ-צוּוואַשן די שטויביקע הייזער. און מאַניס, גייענדיק מיט אייבערעמען און נישט קאָנענדיק נאָכיאָגן אייבערעמס לאַנגע טריט, האָט אויך געגאַרט נאָך אַ ביסל וואַסער. זאָל זיין ערגעץ אין אַ באָד אָדער אין אַ קאַלטער מקווה. אָבער ער האָט מורא געהאַט צו רעדן מיט אייבערעמען וועגן דעם. מאַניס האָט אָבער זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז אויב אייבערעם וועט פועלן, אַז דזשייקאָבס זאָל אים באַצאָלן, וועט ער זיך דאָס ערשטע פּרווון גיין אין אַ באָד אַריין.

אייבערעם האָט געשפּאַנט מיט לאַנגע טריט און דווקא נישט געטראַכט

פון וואסער. ער האָט זיך געגרייט מיט האַרטע רייד צו דזשייקאָבסן. ער וועט אים באַפעלן און אים גוט אויסזידלען, פאַרוואָס ער פּייניקט אַ גריי־בעם ייד.

מאַניס מיט שבען האָבן אויף אייבערעמען געמאַכט דעם איינדרוק פון שטילע, ערלעכע מענטשן און מיט דער שענסטער מעלה, וואָס מענטשן האָבן געקאָנט האָבן באַ אייבערעמען — די מעלה פון ריינקייט. אומריינ־קייט האָט געהייסן מער אַרבעט פאַר אים, און אומריינקייט האָט באַ אים נישט געזאָלט זיין אַ שטייגער אומריינע הענט, פּנים, אויגן, קאָפּ אָדער קליידער. אויף אַזעלכע זאַכן האָט אייבערעם זיך אפילו נישט אומגעקוקט... אומריינקייט האָט באַ אים געהייסן דאָס אומריינע פּירעכץ אינעווייניק אין שטוב און אַרום דער שטוב. און מאַניס מיט שבען זענען געווען ריינ־האַלטער אין שטוב.

און אייבערעם האָט דערפאַר זייער פיל געהאַלטן פון זיי. ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין, אַז דאָס זענען עפּעס אַנדערע מינים יידן... עפּעס נייע יידן געקומען אַהער קיין אַמעריקע. זיי וואַרפן נישט, גאַרנישט, דורך די פענצטער און פון זייער שטוב שמעקט אַרויס אַ ליכטיקע ריינ־קייט, וואָס בלענדט דאָס אויג, און קיין געוואַלטן מאַכן זיי אויך נישט. שטילע מענטשן...

— פאַר וואָס־זשע זאָל אַזאַ הונט, ווי דזשייקאָב, זיך באָדן אין מאַניסעס בלוט ?... — האָט אייבערעם דערפאַר אַ ברוגזער געעפנט די טיר פון דער העמדער־פאַבריק און איז געבליבן שטיין באַ דער טיר און געזאָגט מיט האַרטקייט אין זיין שטים :

— גוט מאָרגן ! וואָס איז דאָ באַ דיר, דזשייקאָב ? אַ שול צי אַ שלאַנג ?

אייבערעם האָט געוויזן מיט אַ פינגער אין דעם ווינקל, ווו די פּרעס־אייזנס זענען געשטאַנען אויף בלויע פייערלעך און זיך געוואַרעמט.

— קוק איך אַהין, מיין איך, אַז עס איז אַ שלאַנג. קוק איך אַהער, מיין איך, אַז עס איז אַ שול. וואָס איז דאָס ? הער, דזשייקעלע, דו ווילסט פון דעמדאָזיקן ייד אָפּשינדן די הויט ? האָסט, ברודער, נישט געטראָפן דאָס אָרט. באַצאָלן זי !...

— ווער, איך ?! — האָט דזשייקאָב זיך געוואָרגן מיט זיינע ווערטער.

אייבערעם האָט אים אָבער נישט געלאָזט רעדן. ער האָט אויסגע־קלאַפּט זיין פּיפּקע דורך דעם, וואָס ער האָט מיט איר גרינג געקלאַפּט אין זיין האַנט אַריין און אַזוי ווי דערמיט צוגעגעבן געוויכט צו דעם, וואָס ער האָט געזאָגט:

— דער ייד איז אַ גרינגער... אָבער אַ לעבן באַדאַרף ער מאַכן... און ער האָט פאַר דיר געגוג געאַרבעט אומזיסט! שטייסטו שוין? אויב נישט בא דיר, וועט זיין אַן אַנדערער באַס? שטייסטו שוין?

— אָבער דער גרינגער קאָן ניכט אמאָל דיזע אַרבאַיט — האָט דזשיי־קאָב זיך געכאַפּט מיטביידע הענט בא זיין ברוסט, אום צוצוגעבן יושר און אמתדיקייט צו זיינע רייד.

— איך גלאָבס קאָם, — האָט אייבערעם ברוגז צוריקגעוואָרפן.

— דייוו, קאָם נאָר אַ מאָל אַהער — האָט דזשייקאָב גערופן אין פאַרלעגנהייט — דייוו, זאָג דו נאָר: קאָן דיזער קערל שאָן די אַרבאַיט?

מאַניס איז געשטאַנען און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די צוויי רעדן עפּעס אַ לשון, וואָס ער פאַרשטייט נישט, און בשעת דזשיי־קאָב האָט אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף אים, האָט זיך מאַניס כמעט ווי דערשראָקן. פון זיין שטערן איז נישט גערונען קיין שוויס, נאָר בלוט. ער האָט זיך געווישט דעם שטערן און באַקוקט די האַנט זיינע און עס האָט זיך אים פון דעם גאַנצן מאָדנעם שמועס איינגעקריצט אין געדאַנק דאָס וואָרט: „קערל" און געהאַט דעם געפיל, אַז מען האָט אים אַ שניט געטון מיט אַ שאַרף שטיקל גלאָז. עס האָט אים שוין נישט גע־אַרט, וואָס עס וועט דאָ ווערן דער סוף.

— ביין! — האָט דייוו געענטפערט — ער איז נאָך ווייט פון קאָ־נען, אַזוי ווי עס איז ווייט יוראָפּ פון אַמעריקע.

— נו, וואָס זאָגען זי איצט? — האָט דזשייקאָב מיט נצחון גע־קוקט אויף אייבערעמען.

אייבערעם האָט אַ ווײַלע געקוקט מיט זיינע אויגן צום שטיינערנעם דיל, וואָס אין פאַבריק, פון זיין קוקן אַראָפּ האָט שוין מאַניס פאַרשטאַ־נען, אַז עס איז נישט גוט. אייבערעם האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און אומקערנדיק זיך צו מאַניסן, האָט ער געזאָגט:

— וואָס קאָן איך מאַכן. איר וועט מוזן אַרבעטן נאָך אַ וואָך אומזיסט.

און דערנאָך, אומקערנדיק זיך צו דזשייקאָבן :

— אָבער נישט מער ווי איין וואָך. דערנאָך באַצאָלן ! . . .

— איך גיב אײַנען מײַן הייליק וואָרט — זאָגט דזשייקאָב.

מאַניס איז דאָ געשטאַנען ווי אַ פאַרלוירענער. אַזוי ווי תּמיד ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ וויכטיקע זאַך, האָט ער זיך נישט געפילט ווי בײַ זיך אין די הענט, ער האָט געהערט, אַז מען שמועסט וועגן באַצאָלן און מען דערמאַנט אַ הייליק וואָרט, איז ער שוין כמעט אינגאַנצן געווען צופרידן און שוין געדאַנקט גאָט, ווען אייבערעם איז אַוועקגעגאַנגען און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג.

אָבער באַלד האָט מאַניס דערפילט, אַז עס איז עפּעס אַ מאָדנע זאַך געשען.

אַרום צען אַ זייגער האָט ער געענדיקט און פאַרפאַקט דאָס לעצטע העמד און האָט געוואַרט, אַז דייוו זאָל אים ברענגען אַ באַרג העמדער.

שטייט מאַניס און וואַרט און קוקט צו דייוון מיט אויגן פול מיט געבעט : דייוו, גיב מיר עפּעס אַרבעט. . .

דייוו קוקט אפילו נישט אויף מאַניסן.

אָט נעמט דייוו אַ בינטל העמדער און טראָגט זיי צו צום רויטן. באַם רויטן איז שוין געווען אַ פולער טיש מיט העמדער נאָך פון פריער, און ווען דייוו האָט אים צוגעבראַכט דעם נייעם באַרג מיט העמדער, האָט זיך דער רויטער איבערגעקוקט מיט מאַניסן און אין דעם קוק איז געווען אַזוי פיל חוזק. מאַניס האָט געפילט, אַז ער ווערט פאַרברענט פון דעמדאָזיקן קוק, וואָס דער רויטער האָט אויף אים געטון.

מאַניס האָט געזאָגט צו דייוון :

— איך שטיי שוין ליידיק אַ לאַנגע צייט.

דייוו האָט אים גאָרנישט געענטפערט.

עס איז געווען אַ מאָדנע פײַנלעך געפיל. אין פאַבריק איז איטלעכער פאַרנומען מיט זײַן אַרבעט. נאָר ער, מאַניס, שטייט ליידיק. דרייט זיך אַהין און אַהער אויף אַן אָרט בײַ זײַן טיש און ווייסט נישט וואָס צו טון

מיט זיך. דער באַלעבאָס, דזשייקאָבס, איז נישטאָ. פאַר וועמען צו באַקלאָגן זיך, איז אויך נישטאָ. וואָס זאָל ער טון?

מאַניס האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אָן טיש און איז גע־שטאַנען און געטראַכט. דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט פון בושה. וואָרים קיין שונא וואָלט נישט געקאָנט אויסטראַכטן קיין ערגערע זאַכן פון דעם, וואָס מאַניס האָט געטראַכט וועגן זיך.

די שטעפּערס האָבן געיאָגט זייערע מאַשינען און דאָס פּורים-פאַרל האָבן ביידע איינייעם געזונגען אַ יידיש לידל, וואָס האָט מאַניסן געקלונ־גען אַזוי ווי עפּעס אַ גוישע זאַך. מאַניס האָט זיך אויסגעדרייט צו זיי און בייז אָנגעשריגן:

— איר וועט אויפהערן, צי ניין?

דידאָזיקע, וועלכע האָבן געזונגען, האָבן נאָך העכער אויפגעהויבן זייערע קולות און באַלד פאַרענדיקט און זיך צעלאַכט אויף אַ געלעכטער, וואָס האָט מאַניסן שטאַרק וויי געטון.

— פון הייגט אינדערפרי אָן, מיינט ער, אַז ער איז דאָ באָס — זאָגט דער רויטער.

— דייוו, — האָט איינער פון די שטיפּערס זיך אָנגערופן — דער גרינער לאָזט נישט זינגען.

— דייוו, מעג מען אַ זונג טון טראַ—לאַ—לאַ?

— ווער לאָזט נישט זינגען? — האָט דייוו זיך אָוועקגעשטעלט אין דער מיט פון שאַפּ און מיט ביידע הענט אונטערגעשפּאַרט אויף זייגע זייטן.

— אָט יענער גרינער...

— איך הייס זינגען! — האָט דייוו געטון אַ קאָמאַנדעווע און זיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. ער איז צוגעגאַנגען צו מאַניסן און אים געטון אַ שלעפּ באַם אַקסל.

— וואָס שלעפּט איר? — איז מאַניס געוואָרן אָן אָנגע־צונדענער — איר האָט עפּעס אין מיר אַריינגעלייגט אַ חלק? פאַר־שיוועץ.

— הערסט, ער קאָן דאָך... — האָט דייוו אַרויפגעצויגן זייגע הויזן און באַפעסטיקט זיין לעדערנעם שמאָלן גאַרטל — ער איז גאָרנישט קיין גרינער.

דער באַנצער שאַפּ איז געבליבן שטיל פון דעם, וואָס מאַניס האָט

זיך צעשריגן. עס איז אויף אַ מינוט בּאַ יעדן נישט געווען קיין אָטעם. וואָרים מען האָט געוווסט, אַז דייוו איז אַ שטאַרקער בּחור און תּמיד בּאַ-רימט ער זיך נאָר, אַז ער גיט יענעם פּעטש. עס האָט זיך געוואָלט זען צי ער וועט געבּן דעם גרינעם ייד פּעטש. מען האָט געוואָלט, אַז דייוו זאָל בּאַ-ווייזן וואָס ער קאָן.

## טו.

## דער ערשטער זיג

— ווען מיסטער דזשייקאָב זאָל זיין איצט דאָ, וואָלט ער דיך
אַרויסגעוואָרפן, — האָט דייוו אין גאַנצן אַ ציטערנדער געזאָגט און ווי־
דעראַמאָל אַרויסגעצויגן זיינע הויזן און ווידער באַפעסטיקט זיין גאַרטל,
און דאָס פּנים זיינס איז שוין איצט געווען בלאַס ווי קאַלך, און זיך
ווענדנדיק צו די אַרבעטער, האָט דייוו געטון אַ געשריי: — פאַרוואָס
אַרבעט מען נישט ?! אויסגעגלאָצט מיט די אויגן און מען אַרבעט
נישט ! —

די מאַשינען האָבן ווידער אָנגעהויבן זיך דרייען.
דייוו האָט אָנגעקוקט מאַניסן פון קאָפּ ביז די פיס.
— פאַרוואָס אַרבעטסטו נישט ?

— וואָס זאָל איך אַרבעטן ? — האָט מאַניס געוויזן דעם ליידיקן
טיש, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים — פאַרוואָס גיסטו מיר נישט קיין
אַרבעט ?

— בעסער זוך דיר אַן אַנדערן שאַפּ. — האָט דייוו אַזוי ווי אויס־
געשפּיגן און איז אַוועק פון מאַניסן.

— אַנוואַרפן וויל איך זיך נישט. — האָט מאַניס שוין געזאָגט ווי
צו זיך אַליין, און איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנט בײַ דער טיר, וווּ עס
איז געהאַנגען זיין רעקל, און זיך גענומען אָנטון דאָס רעקל.
דערווייל האָט זיך געעפנט די טיר און דזשייקאָב איז אַריינגע־
קומען.

— וואהין?! — איז דזשייקאָב געבליבן שטיין לעבן מאַניסן אַ פּאַר־וווּנדערטער.

— דייוו האָט מיך געהייסן גיין.

— דייוו... דייוו... — האָט דזשייקאָב גערופן זיין אַרויסהעלפער — וואָס איס יאַ דאָ געשיין?

דייוו איז צוגעקומען און שטילערהייט עפּעס געזאָגט דזשייקאָבן.

— בּלייבּן זי דאָ, — האָט דזשייקאָב געלאַכט און געשאָקלט מיט זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט געזאָגט צו מאַניסן, אַז ער איז נאָך גאָר אַ קינד און האָט נישט קיין שכל.

— אָבער ער וויל מיר נישט געבן קיין אַרבעט. — איז מאַניס געוועזן דרייסט.

— ער וועט אײַנען געבן, ער וועט אײַנען געבן.

מאַניס איז ווידער געשטאַנען בּאַ זיין טיש און מיט אַ פינגער געשריבן אויף די גלאָטע ברעטער, ביז דייוו איז צוגעקומען מיט אַ בינטל העמדער און זיי געטון אַזוי אַ וואָרף, אַז ער האָט שיער מאַניסן אין גאַנצן איבערגעדעקט און פאַרשאָטן.

מאַניס האָט געפילט אַ סך גרינגער, ווי עס איז אים אַראָפּ אַ באַרג פון קאָפּ. און ער האָט געאַרבעט ביז צוועלף מיט אַ סך פלייס. עס איז אים זייער גרינג אָנגעקומען צו טראַכטן וועגן זיין לעבן פון קליינערהייט אָן ביז איצטער, און ערשט איצט האָט זיך אים אויסגעוויזן, איז ער קלוג געוואָרן. ביז אַהער האָט ער זיך געבאָדן אין זיין יחוס און האָט מורא געהאַט אַרויסצושפּרינגען פון די האַלאַבּליעס. מיט דעם איז אים נישט אָנגעשטאַנען און מיט יענעם האָט ער נישט געוואָלט אָנהייבן און דעם דריטן האָט ער פאַרשוויגן. תּמיד איז זיינס איבערגעגאַנגען. ער האָט בעסער געקאָנט פאַרלירן, איידער ער זאָל געווינען און יענער זאָל זיין דער פאַרלוירענער. דאָס איז געווען ביז איצט. איצט איז ער אין אַ ניי לאַנד און וועט שוין זיין אַנדערש. אַז אַ מענטש שטעלט זיך נישט אַוועק אויף זיינע אייגענע פיס, ליגט ער אויף דער ערד, און מען טרעט אויף אים. האָט מאַניס געטראַכט. דאָ אין נייעם לאַנד וועט ער אַרבעטן. וואָס, ס'איז דען עפּעס נישט שיין צו אַרבעטן? עס איז פּונקט אַזוי שיין צו אַרבעטן

ווי צו זיין אַ רב, אפשר נאָך שענער. ער גייט פאַרדינען און ער מיט שבכן וועלן זיך לעבן רויק און שטיל...

עס איז געוואָרן צוועלף און עס איז אין פאַבריק שטיל געוואָרן. עס איז געקומען צו גיין אַ דאַרער ייד, אַ הויכער, מיט אַ קויש און אין קויש איז געווען פון אַלדאָס גוטס. עפל, הערינג, ציבעלעס, פלעשלעך קוואַס. אַזאַ רויטער קוואַס, וואָס, אַז מאַניס האָט געטון פון אים אַ טרונק, איז אים נישט גוט געוואָרן און זיין צונג האָט זיך אָפּגעבריט. דער דאַרער ייד האָט אויך געטראָגן אין בוזעם בײַ זיך אַ פלעשל בראָנפן, און ווער עס האָט געוואָלט קויפן אַ זופּ בראָנפן האָט געקאָנט קויפן. דער דאָזיקער דאַרער ייד האָט דאָ אָבער אַנדערש נישט געקאָנט לייזן קיין געלט, סיידן ער האָט פריער נישט אָפּגעזונגען עפּעס אַ שטיקל פון דאַוונען.

— אַליין אַ שטיקל חזן — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט און זיך געטאַפּט בײַ זיין שיטער און קוטשעראַווע רויט בערדל. זיין בלאַס פּנים איז געווען אַזוי דין און דורכזיכטיק, אַזוי ווי מיט פּאַפּיר אַרומגעוויקלט. ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט און אָפּגעזונגען דעם „אדון עולם" און מיט איין האַנט אין דער לופטן געשאָקלט צום טאַקט. נאָכדעם, אַז ער האָט געענדיקט, איז מען באַפאַלן זיין קויש און גענומען כאַפּן פון דאָרטן אַלערליי זאַכן. דער דאַרער ייד האָט אַרויסגענומען די פלאַש מיט בראָנפן און זי האָט אָנגעהויבן אַרומגיין פון איין מויל צום אַנדערן.

מאַניס איז געזעסן אָן אַ זייט אויף אַ בענקל און גערייכערט אַ ציגאַר. טיטון. די איבעריקע אַרבעטער זענען אַלע געזעסן אין אַן אַנדערער זייט און געגעסן זייער מיטאָג. ווי עס האָט אויסגעוויזן, זענען דאָס געווען צוויי פיינטלעכע לאַגערן. אין איין לאַגער מאַניס און אין צווייטן לאַגער די איבעריקע אַרבעטער. דאָס, וואָס עס איז היינט געשען איז געווען נאָך אַ שטויס ווייטער צווישן די דאָזיקע צוויי לאַגערן.

דאָס דאַרע יידל איז צוגעקומען צו מאַניסן:

— עט עפּעס קויפן, גיט צו לייזן.

— אַ דאַנק. איך באַדאַרף גאָרנישט — האָט מאַניס געזאָגט גרינג און גוטמוטיק — שווער אַ ייד אין אַמעריקע? האַ?

— עט — מאַכט אָוועק דער פעדלער.

— פונוואַנען איז אַ ייד?
— און ס׳כעל זאָגן וואָס׳ט אויסמאַכן.
— קיינער נייט אייך נישט. כ׳זע אַ ייד, פרעג איך.
— אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש — זאָגט דער פּעדלער און זעצט זיך אַוועק אויף אַ ברעג פון זיין קויש, באַ די פיס פון מאַניסן — אַליין בין איך פון קאַמעניעץ־פּאַדאָלסק, אָבער בין געווען שוחט אין אַ קליינער שטאָט.
— פון קאַמעניעץ־פּאַדאָלסק?!
— יאָ.
— ווער זענט איר פון קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק?
— שמחהס פון הינטער דער בריק, אַ זון.
— געהערט — האָט מאַניסעס פּנים געלויכטן פון פרייד — אַ פיי־נער טאַטע. אַ טאַטנס אַ קינד. טאָ ווי זשע קומט איר אַהער?
— אַהער? ס׳איז אַ גאַנצע מעשה און ס׳בישטאָ וואָס צו הערן.
— אַ טאַטנס אַ קינד און דערצו אַ שוחט און טראָגט זיך אַרום מיט אַ קויש מיט עפּעלעך. דאָס מוז שוין זיין אַ מעשה פון טויזנט און איין נאַכט. — האָט מאַניס געזאָגט.
— כמעט, — האָט דער פּעדלער צוגעשטימט. כאָטש ער האָט נישט געוווסט, וואָס עס מיינט טויזנט און איין נאַכט.
— איך בין געווען שוחט אין סאַלאָפּקעוויץ.
— סאַלאָפּקעוויץ! אוי איך שטאַרב. סאַלאָפּקעוויץ! — איז מאַניס אַרויס שיער פון די כלים פון פרייד און נייגיר.
— וואָס איז דען? — פרעגט דער פּעדלער טאַמעוואַטע.
— וואָס איז דען? סאַלאָפּקעוויץ! וויפיל מאָל בין איך געווען אין סאַלאָפּקעוויץ? — האָט מאַניס געגומען קנייטשן זיין שטערן.
— איך בין אהרון, ד׳עם דיינס אָן־איידים.
— געהערט, — האָט מאַניס זיך געטון אַ פּאַטש אין דער קני.
— שוחט אין סאַלאָפּקעוויץ, האָב איך באַדאַרפט צווי מאָל אַ וואָך גיין איבער די קלענערע שטעט און דערפער קוילען דאָ אַ קאַלב און דאָרט אַן עוף. מאַכט זיך אַמאָל אין חודש תמוז, עס איז הייס און איך גיי פון שאַטאָווע אַהיים מיטן וועג. די זון ברענט און איר האָב מיך אויס־

געטון דעם ראָק און גיי אַזוי. די חלפים טראָג .איך אין איין האַנט און דעם ראָק אין צווייטער האַנט. איך טו אַ קוק, זע איך, אַז אויפן וועג איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסן אַ חזיר, אַ גרויס גרוי חזיר מיט גרויסע ציין, וועלכע שטעקן אַרויס פון זיין מויל.

— היי, מיסטאַר, האָסט דאָרט אַן עפּל — האָט איינער פון די אַרבעטער געטון אַ געשריי צום פעדלער.

— וואָס דען כ׳האָב גישט. . . הייסט עס, האַלטן מיר באַם חזיר — האָט זיך דער פעדלער אויפגעהויבן פון קויש און איז אַוועק דאָרטן, ווו די איבעריקע אַרבעטער פון פאַבריק זענען געזעסן — האַלטן מיר באַם חזיר.

אַז דער פעדלער איז צוגעקומען צו די אַרבעטער, האָט מען באַ אים צוגענומען דעם קויש און דער רויטער האָט געזאָגט :

— איצט קאָנסטו גיין אַהין רעדן. — מיט דעם אַהין האָט ער געוויזן אויף מאַניסן.

— באַ אונז לייזט ער געלט און אַמוזירט גאָר דעם גרינעם.

— אַז מיר זענען גאַראַנים און קויפן באַ אים.

— זיך צעשמועסט. „זיי״ קאָנען מיך — האָט דער פעדלער געפּרוווט זיך פאַרענטפערן.

— ווער ? — פרעגט דער רויטער.

— „זיי״. אָט יענער ייד — ווייזט דער פעדלער אויף מאַניסן.

— גוד באַי ! קינדער, זיי זענען לאַנדסלייט. גוד באַי — האָט דער רויטער געטון אַ פּליעסק מיט ביידע הענט.

דער פעדלער איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. ער האָט מיט זיין שאַרפער, בלאַסער נאָז באַלד דערשמעקט, וואָס דאָ איז. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז וואָס ווינציקער ער וועט דאָ שטיין, וועט זיין געזונטער פאַר אים. ער האָט געטון אַ כאַפּ זיין קויש און האָט גענומען שטעלן פיס. אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט זיין פּנים צו דעם אינעווייניק פון שאַפּ באַם פאַרמאַכן די טיר, האָט ער אַריינגעשריגן צו מאַניסן : „האַלטן מיר הייסט עס באַם חזיר. . .״

דעם גאַנצן טאָג איז מאַניס געשטאַנען באַ זיין אַרבעט און שטילערהייט צו זיך אַליין געמורמלט : „האַלטן מיר הייסט עס באַם חזיר...״ עס איז אים געווען זייער גרינמוטיק. נו, אויב שוחטים קומען אויך קיין

אמעריקע, איז וואָס זשע איז דאָ צו זינדיקן. פּאָוואָליע, פּאָוואָליע און עס וועלן אהער אריבערקומען אַלע יידן.

מאַניס האָט שוין נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן ביז אויף דער נאַכט. ער האָט שוין געהאַט צוויי זאַכן צו דערציילן שבען. ערשטנס, די שיינע מפּלה, וואָס דייוו, דער אַנטרייבער, האָט געהאַט דורך אים, און צווייטנס, אַז ער האָט געפונען אין אַמעריקע אַ שוחט פון סאָלאָפּקעוויץ.

בשעת מאַניס האָט מיט זיין ווייב שבען געגעסן וועטשערע און דער-ציילט פון דעם „אַנטרייבערס" מפּלה, האָט שבע, פאַרשטענדלעך, דערפון שטאַרק הנאה געהאַט. מאַניס האָט תמיד געקאָנט איבערדערציילן זאַכן נאָך שענער ווי זיי האָבן פּאַסירט. ער האָט איצט פאַר שבען אויסגעמאָלן און איבערגעקרימט פּונקט אַזוי ווי דייוו איז געוואָרן אין כעס און ווי אַזוי ער אַליין איז געוואָרן ברוגז און ווי אַזוי דזשייקאָב האָט זיך אַריינגעמישט.

— ער מוז דיך ליב האָבן אָט דער „יעאַייקאָף" — האָט שבע גע-זאָגט.

— ליב האָט ער מיך נישט, אָבער ער באַדאַרף מיך האָבן — איז מאַניס געווען זיכער. — אָן מיר וועט ער דען קאָנען פירן דאָס גע-שעפט ?

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין געשעפט ? — האָט שבע געוואָלט וויסן. — איך האָב דיך שוין עטלעכע מאָל געפרעגט און דו האָסט מיר אפילו געזאָגט, אָבער איך ווייס נאָך אַלץ נישט, וואָס דאָס איז פאַר אַ מין געשעפט.

— הזמדער — האָט מאַניס געזאָגט מיט אַ זיפץ.

— פשוט, העמדער ? — פרעגט שבע.

— העמדער. אַמעריקע האָט, ווייזט אויס, ליב העמדער מיט גרינע און רויטע פּאַסיקלעך און מיט אַלערליי קאָלירנדע קעסטעלעך —האָט מאַניס געמאַכט דערפון גאַרנישט.

— אויך מיר אַ מסחר. העמדער... — האָט שבע געקרימט מיט די ליפּן.

— זעסט דאָך, אַז עס איז אַ מסחר.

— כ'פאַרשטיי נישט — האָט שבע געקוקט מאַניסן אין מויל אַריין — וואָס איז באַ „יעאַייקאָפן" ? אַן אָרט, ווו מען וואַשט און מען פּרעסט העמדער.

— ניין, „בּאָ אונץ" מאַכט מען העמדער. פאַרשטאַנען ? — האָט מאַניס געזאָגט דאָס וואָרט „בּאָ אונץ" מיט ווירדע.

— אָן איבּערגעקערטע וועלט : וואָס „בּאָ אונץ" בּייען יידענעס, איז גאָר דאָ אַ מסחר פאַר אַ מאַנספּערשוין — האָט שבע אָפּגעלאַכט פון אַמעריקע.

— יאָ, איך האָבּ גאָר פאַרגעסן — האָט זיך מאַניס דערמאַנט אין פעדלער — ווייסט וועמען איך האָבּ היינט געזען ?

— וועמען ?

— אַ שוחט.

— טאַקע ?

— אַ שוחט פון סאַלאָפּקעוויץ.

— גיי שוין, גיי ! פון סאַלאָפּקעוויץ — האָט זיך שבע געוווּנדערט.

— פון סאַלאָפּקעוויץ.

— און איצט איז ער שוחט אין אַמעריקע ?

— שוחט אין צמעריקע. . . — האָט מאַניס געשמייכלט — ער איז דאָ אַ סוחר.

— אַ רייכער, מסתם — פרוווט שבע.

— כ'האָבּ זיין געלט נישט געציילט.

— מיט וואָס האַנדלט ער ?

— מיט עפּעלעך.

— מיט וואָס ? ! — האָט שבע אַזש געטון אַ קוויטש.

— מיט עפּ—פּע—לע—לעך. עפּל, עפּל — האָט מאַניס שבען געגעבּן צו פאַרשטיין.

— נו, קאָן מען נישט משוגע ווערן ? אַ שוחט פון סאַלאָפּקעוויץ און פאַרקויפט דאָ עפּעלעך. ער מוז זיין עפּעס פון יענע חברה.

— פון וועלכער חברה ?

— אפשר ווילן זיי דיך אַריינגאַרן אין זאַק אַריין ?

— גיי. ער קומט אַריין אין אונזער פאַבּריק, שאַפּ מיין איך, און טראָגט אַ קויש מיט עפּל, בּייגל, הערינג און קוואַס צו פאַרקויפן.

— אַ יורד. — לאָזט שבע אַרונטער דעם קאָפּ.

— וואָס דען.

— אַ רחמנות.

— דו באַלד מיט דיין רחמנות — ווערט שוין מאַניס אַ ביסל אויפ־געדעגט — וואָס באַלד, איז רחמנות. פאַרקערט, לאָזן קומען אַ סך אַזעלכע קיין אַמעריקע.

— וואָס וועט דיר אַרויסקומען?

— זאָל דער איבערשטער העלפן און גאַנץ פּאָדאָליע זאָל אַהער־קומען. איז ערשטנס, וועט דאָ זיין פּאָדאָליע. און צווייטנס, וועט דאָס אמתע פּאָדאָליע בלייבן אָן אַ ייד, אַזוי ווי, צום ביישפּיל, הישפּאַניע. אוי בענקט זיך זיי נאָך אַ יידעלע, כ׳מיין הישפּאַניע.

— עט. כ׳גלייב נישט, אַז עס זאָל גאָר קיין איין ייד אפילו נישט זיין אין הישפּאַניע. — ווערט שבעס פּנים באַלויכטן מיט דעם אמתן יידישן חן, וואָס נאָר אַ יידישע טאָכטער קאָן זיך פאַרגינען.

— אַזוי שטייט אין די ספרים.

— וואָס זשע האָט דער שוחט דערציילט? — פאַלט פּלוצלינג שבע אַריין אין די רייד.

— ער האָט נעבעך נישט קיין צייט — פּרנסה, צו דערציילן האָט ער אַ סך. ער האָט מיר אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשה און איז געבליבן אינמיטן דערציילן. — האָט מאַניס געזאָגט און זיך צעלאַכט אויף אַ קול, גאָר אומדערוואַרטעט פאַר שבען.

— וואָס זשע לאַכסטו, מאַניס?

— כ׳לאַך, ווי אַזוי די אַרבעטער קויפן באַם סאַלאָפּקעוויצער בראָנפן פינף גראָשן אַ זופּ.

— קאָן דאָך איינער אויסזופּן דאָס גאַנצע פלעשל?

— דאָס טאַקע, וואָס איך לאַך.

— הערסט, מאַניס, זעץ זיך בעסער אַוועק און שרייב אָן אַ בריוו. כ׳האָב געזאָגט שלומען, אַז מיר וועלן אים אַלץ אַרויסשרייבן.

— גוט, וואָס דו האָסט מיך דערמאַנט. נעם אַראָפּ פון טיש — האָט מאַניס דערוויילט געבענטשט אויף אַ קול און נאָך דעם בענטשן האָט ער פאַררויכערט אַ ציגאַר טיטון און זיך גענומען שרייבן:

— — — מיין זיס און פיינקענעדיק אייניקל, זאָלסט לעבן לאַנג. איך וואָלט דיר אפילו באַדאַרפט באַשרייבן אונזער נסיעה קיין אַמעריקע, ווי אַזוי מיר האָבן געשוואַרצט די גרענעץ באַנאַכט און ווי אַזוי איך מיט דער באָבען דיינער זענען געלעגן אין וואָגן מיט היי. און ווי אַזוי מיר

זענען אַזוי געפֿאָרן און געפֿאָרן, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ בריקל
און אַרויסגעקראָכן פֿון דעם היי. און צוויי הויכע גוים מיט שטרויענע
קאַפּעליושן, אַזוי ווי צוויי שדים, האָבן אונדז געפֿירט באַרג־אַראָפּ, באַרג־
אַרויף דורך פֿעלדער מיט ווייץ, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ טייך.
און מען האָט אונדז געהייסן אויסטון די שטיוועלעך. און מיר האָבן אַזוי
געטון. און מען האָט אונדז געהייסן אַריינגיין אין טייך. און איך האָב
אַריינגעשטעלט מיין פֿוס אין וואַסער און דערפֿילט, אַז דאָס וואַסער איז
קאַלט ווי אייז, און די שטיינדלעך אין וואַסער־גרונט זענען שפּיציקע.
האָב איך צוריק געכאַפּט דעם פֿוס. און די צוויי לאַנגע גוים האָבן אונדז
געטון אַ כאַפּ אויף זייערע פּלייצעס און אַריבערגעטראָגן מיך מיט דער
באָבען איבער דעם טייך. און פֿון יענער זייט גרענעץ האָבן די הענער
שוין געקרייעט. און מיר זענען איבערגעשלאָפֿן דאָס שטיקל נאַכט בײַ
אַ ייד. און אין דער פֿרי האָט אונדז דער ייד געפֿירט צו דער באַן. מיט
דער באַן זענען מיר געפֿאָרן דריי טעג ביז צו דער שיף. און אויף דער
שיף האָבן מיר זיך אויפֿגעזעצט פֿרייטיק און מיר זענען געפֿאָרן מיט דעם
ים הגדול. אַ ביסל אַ גרויסקייט פֿון אַ ימעלע. כ׳האָף, אַז וועסט אים
אַליין אַמאָל זען. דעמאָלט וועלן מיר וועגן אים אַ ביסל רעדן. עס האָט
געדויערט אפֿשר צוויי וואָכן, ביז מיר זענען אַריבער דעם ים הגדול בשלום.
און מיר זענען אָנגעקומען קיין קעציל גאַרדען ווידער אַמאָל אין אַ פֿריי־
טיק. זענען מיר איבערגעשטאַנען איבער שבת אין קעציל גאַרדען. די
באָבע דיינע באַזונדער און איך באַזונדער, פֿרעג שוין נישט. כ׳על קיינ־
מאָל נישט פֿאַרגעסן דעמדאָזיקן קעציל גאַרדען. מיך האָט מען אָוועקגע־
לייגט שלאָפֿן צווישן גוים. און די נאַכט פֿון פֿרייטיק אויף שבת, ניין,
וואָס זאָג איך, די נאַכט פֿון שבת אויף זונטיק, דאָס הייסט שבת־צונאַכטס,
האָבן זיך די גוים געשלאָגן. ווי איך האָב פֿאַרשטאַנען, האָבן זיי זיך גע־
שלאָגן איבער מיר. וואָרים זיי האָבן געהאַלטן אין איין טייטלען מיט די
פֿינגער אויף מיר. פֿאַרשטייסטו שוין, ווי איך האָב דעמאָלט געפֿילט. נאָר
גאָט האָט געהאָלפֿן און עס איז געוואָרן טאָג און עס איז געקומען איי־
נער מיט אַ לאַמטערן אין האַנט און אונדז אַרויסגעטריבן ערגעץ מיט טרעפּ.
ביז מיר זענען אַרויפֿגעקומען אויף אַן אָרט וווּ מען האָט געקאָנט זען
דעם הימל מיט דעם ווייטן בלייכן טאָג. דערנאָך האָט מען אונדז צוריק
אַראָפּגעטריבן מיט די אייגענע טרעפּ און מען האָט אונדז איבערגעציילט

און אונז געגעבן עסן איבערבייסן. און באַטאָג האָט מען מיך צונויפגע=
פירט מיט דער באָבען דיינער, וואָס האָט שוין געהאַט געשוואָלענע אויגן
פון וויינען. און מיר זענען אַראָפּ ווידער אין אַ שיף און ווידער אַרויס
פון דער שיף און אַריינגעפאָרן אין אַמעריקע. איצט וווינען מיר אין די=
לענצי סטריט, נומער 118. מיר האָבן אַ דירה פון צוויי שטובן. איינע
איז אַ פינצטערע און איינע אַ ליכטיקע. מיר האָבן געקויפט ניי מעבל
און איך אַרבעט שוין בסך-הכל, און איבעראכטאָג וועל איך שוין פאַרדי=
נען געלט. טאַקע אַמעריקאַנער געלט. די באָבע דיינע פילט, דאַנקען
גאָט, זייער גוט. און איצט וועל איך דיר אַביסל באַשרייבן די וווּנדער
פון אַמעריקע. קיין נאַפט נוצן מיר נישט. מען טוט אַ דריי אַ קרענטיל
און אַ צינד אָן אַ שוועבעלע און עס ווערט ליכטיק. דאָסדאָזיקע מין באַ=
לייכטונג רינט אין רערן איבער דער גאַנצער שטאָט און רינט אַריין צו
יעדן איינעם אין שטוב אַריין. דאָס קרענטל מוז זיין פאַרדרייט, אַ נישט
קאָן עס דיר אַנרינען אַ פולע שטוב און עס זאָל זיך פאַרדרייען דער
קאָפּ. עס איז איינס פון גאָטס וווּנדער. מען עפנט דאָס קרענטל, הייבט אָן
צו זשומזשען, מיינסטו דאָך, אַז ווער ווייסט, וואָס דו וועסט באַלד דער=
זען. לאָזט זיך אויס, אַז דו קאָנסט אַזוי אָפּשטיין אַ גאַנצן טאָג, אַ וואָך,
אַ חודש און פון אָפּענעם קרענטל וועט אַלץ זשומזשען און וועסט גאָר=
נישט זען. דערפאַר שמעקט עס נישט אַזוי שיין. ווידער איז דאָ פאַראַן
אַן אַנדער וווּנדער. אין די גאַסן ברענען לאַמטערן און זיי צינדן זיך אַליין
אָן און פאַרלעשן זיך אַליין. די שטיבער האָבן נישט קיין דעכער, און
אויך נישט קיין קוימענס. און די שטיבער זענען אַזוי הויך, אַז מען האָט
זיי געמוזט צעטיילן אויף פיר חלקים. אין דער הויך האָט מען זיי צע=
טיילט, כ'ווייל, שלום, אַז זאָלסט פאַרשטיין. אין דער הויך. איינער וווינט
אונטן, אַ צווייטער וווינט איבער אים. דאָס הייסט אויף דעם ערשטנס
קאָפּ, און דער דריטער וווינט אויף דעם צווייטנס קאָפּ. און מיר וווינען
אויך אויף יענעמס קאָפּ, אין דעם דריטן חלק פון אַזאַ שטוב. וואַסער
גייט דאָ פון דער וואַנט און, זאָלסט נישט לאַכן, דער בית-הכסא איז דאָ
סמוך לשולחנן, כמעט אין שטוב, פרעג שוין נישט. אַזאַ וווּנדער האָט דאָ
געמעגט נישט זיין. אָבער פונדעסטוועגן איז דאָס אַ וווּנדער...

— מאַניס, מאַניס, — רופט שבע — וואָס האָסטו זיך אַזוי צע=
לאָזט? עס ווערט שפּעט און באַדאַרפסט אויפשטיין גאַנץ פרי. שרייב

אַ גרוס פון מיר און שרייב נחומען, אַז ער מעג קומען. אים וועט דאָ זיין גוט אין אַמעריקע.

— כ׳וועל אים שרייבן — בייגט מאַניס ווידער אַן זיין קאָפּ איבער דעם פּאַפּיר און זיין פּען הייבט אָן לויפן אַהין און צוריק.

## טז.

# פאַר וועמען?

דאָס הויז, נומער 118 דילענסי סטריט, מוז שוין דאָ שטיין, אַזוי ווי מאַניס זאָגט, פון ששת ימי בראשית אָן. וואָרים נישט נאָר איז דאָס אַלט, נאָר עס איז נאָך עלטער פון אַלט. די פענצטער זאָגן עדות. ערשטנס, קאָנען זיי זיך שוין נישט עפענען און אויב מען עפנט שוין יאָ אַ פענצטער מיט גרויס אָנשטרענגונג, קאָן מען עס דערנאָך נישט פאַרמאַכן. די שאַלעוואַניעס זענען אַזוי איבערגעטעפעשיעט, אַז אויב מען רירט זיי אָן מיט אַ פינגער, קרישלט זיך פון זיי ברעקלעך. די ווענט זענען אַזוי פאַרפוילט, אַז אויב מען קלאַפט אין זיי אַריין אַ טשוואָק, באַדאַרף מען נישט נוצן קיין העמערל. מען קאָן דעם טשוואָק אַרייַנבלאָזן מיט אַ בלאָז פון דער נאָז. מאַניס קלערט המצאות: פון וואָס זענען די־דאָזיקע ווענט געמאַכט?... צי זענען זיי טאַקע פון ציגל, נאָר די ציגל פון פאַרצייטנס זענען געווען נישט אַזוי שטאַרק ווי די היינטיקע; צי זענען די ווענט לכתחלה געמאַכט פון פאַפיר אָדער פון בלאָטע. און אויף דער בלאָטע האָט מען געקלעפט פאַפיר, און דאָס פאַפיר האָט מען ווידער פאַרשמירט מיט גרינע פאַרב.

מאַניס צאָלט דירה־געלט. אָבער ער ווייסט נישט ווער עס איז דער באַלעבאָס פון דעמדאָזיקן הויז. דאָס דירה־געלט נעמט צו אייבערעם. און אייבערעם גיט עס אפשר איבער דעם אמתן באַלעבאָס. האָט מאַניס אוימישנע געפרעגט אייבערעמען צי ער קאָן דעם באַלעבאָס. אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אייבערעם אַליין ווייסט אויך נישט ווער עס איז דער באַ־

לעבאָס. עס איז דאָ אַ גאַנצע מעשה דערביי. געווען אַמאָל אַ רייכער גוי, איז ער פּלוצלינג געשטאָרבן און האָט נישט איבערגעלאָזט קיין קינ־דער און קיין יורשים. ער אַליין האָט געוווינט ווי אַן אָרימאַן. ערשט אַז ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן, האָט מען זיך דערוווסט, אַז ער פאַרמאָגט גאַנץ דילענסי סטריט. און קיין יורשים זענען נישטאָ...

דערפאַר קאָן אייברעם אויך נישט דעם באַלעבאָס פון דעם הויז. ער נעמט צונויף דאָס דירה־געלט און טראָגט עס אַוועק אין קאַנטאָר. דאָרטן נעמט מען צו דאָס געלט און מען פאַרשרייבט אַזוי פיל און אַזוי פיל און מ׳זן זיפצט דערביי. ווארים פאַרוואָס זאָל מען נישט זיפצן: פאַר וועמענס וועגן זאַמלט מען דאָסדאָזיקע געלט?

עס פאַלט טאַקע דערפאַר אַ פחד אַ קוק צו טון אויף דעם הויז ווי מאַניס וווינט. עס איז פאַרוויינט און אויסגעשמירט און באַם ברעג פון דאַך הענגט אַ שטיק רינווע און שאָקלט זיך טרויעריק. דער קאָרי־דאָר איבעווייניק איז שמאָל און פינצטער און די ווענט זענען אָפּגעריסן. עס איז נישטאָ פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן. די שטיבער וועלן שטיין אַזוי, ביז זיי וועלן זיך צעשיטן אין פּראָך.

מאַניס פאַרשטייט נישט וואָס דאָס הייסט. געווען אַ מענטש אַמאָל. איז ער דאָך געווען. פאַרוואָס־זשע ווייסט מען נישט פינקטלעך ווי אַזוי ער האָט געהייסן, און אפשר האָט ער ערגעץ איבערגעלאָזט קינדער. און וואָס הייסט ער האָט געלעבט ווי אַן אָרימאַן? די שטיבער האָבן דאָך ווערט געהאַט געלט. פאַרוואָס־זשע האָט ער געלעבט ווי אַן אָרימאַן? עס מוז זיין אַן אויסגעטראַכטע מעשה. אַזוי געפעלט מאַניסן. אייברעם שפּאַרט זיך מיט אים, אַז נישט. און ער, מאַניס, האַלט זיך באַ זיינס. אייברעם קוקט אָן מאַניסן מיט צוויי אויגן: וואָס מיינען זי? דאָ איז אַמעריקאַ... דאָ קאָן אַלעס מיט אינען פּאַסירן...

אייברעם אַליין האָט אויך געלעבט איינזאַם און אַליין אויף דער וועלט. זיין היים כאַ, כאַ, אַ גרויסער קעלער מיט צוויי קליינע, שמאָלע פענצטערלעך, וואָס זענען געווען באַשלאָגן מיט דראָטענע באַשיצערס. און דורך אָט די, פון דינעם דראָט אויסגעוועבטע, באַשיצערס, האָט קיין זון נישט געקאָנט אַריינשטראַלן אין אייברעמס קעלער. דערפאַר אָבער איז דורך דידאָזיקע באַשיצערס יאָ אַריינגעקומען שטויב, רעגן און שניי. ווינטער האָט אייברעם באַדאַרפט אַוועקשטעלן זיין בעט ווייט פון די באַשיצ־

טע פענצטערלעך. און זומער האָט אייבערעם זיין בעט באַדאַרפט דערנענ־
טערן צו די פענצטערלעך.

אייבערעמס באַלעבאַטישקייט איז באַשטאַנען פון אַ סך זאַכן. חוץ זיין
אייגן בעט, האָט ער פאַרמאָגט אַ גרויס פאַרמעגן פון אַלערליי טשוועק־
קעס, האַמערס אַלערליי, זעגן, שטיקער בלייענע קישקעס, שטיקער גומענע
קישקעס.

אייבערעם האָט ליב אויפצוקלייבן זאַכן. ער איז ברוגז אויף דער
וועלט, פאַרוואָס מען וואַרפט אַוועק. ער האָט געטראַכט, אַז ווען ער קאָן
אויפקלייבן דאָס, וואָס די וועלט וואַרפט אַוועק, וואָלט אים שוין גאָרנישט
געפעלט. דאָס, וואָס ער איז איינער אַליין אויף דער וועלט און דאָס, וואָס
קיינער וועט נישט בלייבן נאָך אים, האָט אים ווייניק געאַרט. די מחשבה,
אַז ער זאָל אָנשיטן פולע קעלערס מיט זאַכן, האָט אים געוואַרעמט און
אויפגעלעבט זיין בלוט.

אַז ער איז געגאַנגען אין גאַס און געזען ליגן אַ טשוואָק, האָט ער
אים אויפגעהויבן און געבראַכט אַהיים. און אַזוי מיט אַנדערע זאַכן: שרויפן,
קראַנטן, שטריק, פיסלעך פון בענקלעך, אַלטע קאָפּעליושן, שיך, קאַלאָשן,
פאַדקאָוועס פון פערד, ציגל, זאָוויעסעס, שטיקער גלאָז, רעמלעך, אַלטע
טעפּ, הילצערנע קעסטלעך. דידאָזיקע זאַכן פלעגט ער האַלטן אין באַזונ־
דערע ערטער אויסגעלייגט. און פון יעדער זאַך געמאַכט גוטע נוצן. אַ
שטייגער פון די הילצערנע קעסטלעך האָט ער אויסגעשפּאַלטן שפּענער
צום אויוון. טשוועקעס, ציגל און שרויפן, האָט ער פאַרברויכט צום פאַר־
ריכטן די הייזער, איבער וועלכע ער איז געווען באַלעבאָס. שיך און אַנדע־
רע אַלטע זאַכן האָט ער אַליין באַדאַרפט פאַר אייגענעם געברויך. עס איז
נישט געווען איין זאַך, וואָס ער האָט געפונען, אַז ער זאָל עס נישט קאָ־
נען פאַרברויכן, אויב נישט איצט, איז שפּעטער.

ער איז כּמעט מיט דערדאָזיקער טבע זיינער געווען שטאָלץ. דער
קעלער זיינער איז געווען פאַרפונדעוועט מיט אַזעלכע אַלטוואַרגן. און צווישן
דעם אַלעמען אויך זיין בעט. דאָסדאָזיקע בעט איז קיינמאָל, ווי עס האָט
אויסגעוויזן, נישט געווען וויס. צוליב וואָס האָט דאָס באַדאַרפט זיין וויס?
עס האָט דאָך געקאָנט זיין גרין אָדער געל. אָבער זיכער איז דאָסדאָזיקע
בעט געווען דאָ בּאַ אייבערעמען רויק, וואָרים קיין ווייבלעך האַנט האָט עס
נישט אָנגערירט און דער שטויב האָט עס צוגעדעקט און דאָרטן האָבן

מסתם געלעבט ווערים און אַנדערע באַשעפעניש, און שפּינען האָבן צווישן בעט און וואַנט זייער שפּינוועבס געוועבט און קיינער האָט זיי נישט געשטערט. טאָמער שלאָפט דאָרטן אַ מענטש, איז וואָס אַרט עס זיי ? שלאָפט זיך אַ מענטש אין זיינע אָרימע מידע שעהן.

אייבערעם האָט דערפאַר, דאָס הייסט אָט פאַר דעמדאָזיקן פאַרגעניגן צו האָבן וווּ צו שלאָפן, געטון אַלערליי אַרבעטן אַרום דעם הויז. אַלע אָוונט האָט ער באַדאַרפט אָנצינדן די גאַז-באַלייכטונג אין די קאָרידאָרן פון אַלע עטאַזשען. ער האָט אויך אַלע גאַנץ פרי באַדאַרפט די אייגענע גאַז-לאָמפּן אויסלעשן, דאָס מיסט פון די טרעפּ און קאָרידאָרן אויסקערן און אויך אָפּקערן דעם ברוק באַם הויז און זען, אַז דער מיסט-פירער זאָל צונעמען דאָס מיסט און אָפּפאַל.

איז ער שוין געווען זיכער מיט אַן אָרט, ווו זיין קאָפּ אוועקצולייגן. ער האָט אָבער זיך געפילט זייער איינזאַם און פשוט נישט געהאַט מיט וועמען זיין צייט צו פאַרברענגען. האָט ער דערפאַר אַריינגענומען אין זיין קעלער אַ שוואַרצע קאַץ. די דאָזיקע קאַץ איז אים זייער געווען געטריי און זי פלעגט אים פאַרשטיין אויף דעם ווונק. און זי האָט געבוירן קעצעלעך אַ סך, שוואַרצע, און אייבערעם האָט זיי נישט אַוועקגעטריבן. פאַרקערט, ער האָט זיי געלאָזט וואַקסן. ער האָט זיך מיט אָט די קעץ זיינע זייער פיל געגרייסט און זיי אָפּגעהיטן ווי גוטע קינדער און זיי געלערנט שיינע מידות. עס האָט אָבער אויך געקאָנט טרעפן, אַז אייבערעם האָט אוועקגעגעבן עמעצן אַ קאַץ. מען פלעגט שוין זאָגן אין דעלענסי סטריט :

— מען באַדאַרף אַ גיי טון נעמען אַ קאַץ באַ אייבערעמען.

אייבערעם פלעגט דעמאָלט שטעלן אַלערליי שאלות : וויפיל קינדער עס זענען דאָ אין הויז, וויפיל דער מאַן פאַרדינט, און וויפיל מען צאָלט דירה-געלט און אויפן וויפילטן שטאָק מען וווינט. און אַמאָל פלעגט אייבערעם אזוי זאָגן, למשל : „איר האָט צופיל קינדער. דערפאַר וועל איך אייך נישט געבן קיין קאַץ". אָדער : „אייער מאַן פאַרדינט ווייניק, טאָרט איר קיין קאַץ נישט האַלטן" און פאַרקערט : „עס איז אַלראַיט, נעמט אריין אַ קאַץ אין שטוב, וועט אייער מאַן אָנהייבן צו פאַרדינען מערער". . .

און זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט אומעטום, נישט נאָר דערפאַר,

וואָס מען האָט געוווּסט, אַז באַ אים קאָן מען באַקומען אַ גוט קעצל מיט שייגע מדות, נאָר אויך פאַר אַנדערע זאַכן.

און זאָגן, אַז אייבערעם האָט דערמיט נישט געגרייסט זיך, קאָן מען נישט. און אָט די קעץ זיינע האָבן אים פיל נחת געטון. זיי צו געבן עסן האָט ער זיך ווינציק געזאָרגט. אַבי ער איז נאָר געווען זאַט, האָט ער שוין געקאָנט אין זינען האָבן זיינע קעץ אויך, וואָרים באַם קצב איז תמיד געווען אַלערליי אָפּפאַלן און ביינער. דער עיקר איז געווען, אַז ער אַליין זאָל זיין זאַט. דאָס איז אים אויך נישט אָנגעקומען אַזוי שווער. נו, האָט ער געאַרבעט באַ אַן אַנדער הויז אויך. און באַ אַ דריטן. דער גאַנצער בלאָק צווישן עסעקס און נאָרפאָלק איז כמעט געווען זיינער. דער קצב האָט געגעבן שטיקער קישקע, אָנגעפילט מיט פלייש און קנאָבל. דער ביער־סאַלון האָט געגעבן ביער און די שפּייז־קראָם האָט געגעבן ליכט, צוקער און טיי און דער בעקער האָט געגעבן ברויט און זעמל.

אייבערעם האָט געקענט איטלעכן אויף דעמדאָזיקן בלאָק. ער האָט געוווּסט ווער עס באָרגט באַ די קרעמער און וועלכער קרעמער איז פונדאַמענטאַל אויב אַ קרעמער האָט נישט געטון קיין גוטע געשעפטן און האָט זיך געוואַקלט מיט זיינע קרעדיטאָרן, האָט דאָס אייבערעם געוווּסט. ער האָט געקאָנט נביאות זאָגן באַלד פון אָנהייב אָן, אויב אַ קרעמער האָט זיך מיט זיין קראָם אין יענעם בלאָק אַריינגעצויגן, צי ער וועט לאַנג דאָ געדויערן.

אייבערעם האָט אויך געקענט באַם נאָמען די קאָנדוקטאָרן פון כמעט יעדער פערד־קאַר, וואָס איז דורכגעלאָפן דילענסי סטריט. און דער פאָליסמאַן איז מיט אים געווען אויסגעבונדן און ער פלעגט אים תמיד דערציילן וויצן און דערביי דרייען מיט זיין פאָליציייאישן קלעצל. אייבערעם האָט אפילו זייער גוט געקענט די פערד, וואָס פלעגן לויפן מיט די קאַרס. טאָמער האָט ער דערזען אַ ניי פערד, פלעגט ער זיך באַלד נאָכפרעגן ווו עס איז אַהינגעקומען דאָס אַלטע. אַוועק אויף יענער וועלט? ...
נו, מיר וועלן אויך אַהין גיין...

דאָס לעבן אויף דילענסי סטריט איז כמעט ווי דורכגעגאַנגען טאָגטעגלעך דורך אייבערעמס הענט. און פאַר זיינע אויגן איז דילענסי סטריט געוואָרן צו ביסלעך איבערגעביטן פון ווינונגען אויף קראָמען. ווען ער איז דאָ אין דער יוגנט געקומען, איז נאָך קיין סימן נישט געווען פון

קיין קראַמען. איצט ווערט פול די גאַס מיט קראַמען. און שוין הערט
איבערעם פון פּאָליסמאַן און אין ביער־סאַלון, אַז מען וועט באַלד איין זייט
פון גאַס אינגאַנצן אַראָפּרייסן, וואָרים מען וויל בויען אַ גרויסע בריק און
צוליב דער גרויסער בריק באַדאַרף מען ברייטער מאַכן די גאַס און מען
זאָגט, אַז דאָ וועט אַמאָל זיין אַ ברייטער בולוואַר מיט ביימער. ווער ווייסט,
ווען דאָס וועט אַמאָל זיין?

דערווייל איז איבערעם נאָך אַלץ דער אויפזעער פון דער גאַס. און
דאָס ביסל געלט, וואָס עס פאַלט אים אַמאָל אַריין, באַהאַלט ער אין אַ
גרויסן בייטל, וועלכן ער האַלט אין בוזעם. געלט פאַלט אים אַריין פון
אַלערליי קוואַלן: פון שליסל־געלט, פון מתנות, פון דעם, וואָס ער פאַר־
קויפט אַלערליי זאַכן, ווי פלעשער, אַלטע גומי, שטריק, פּאַפּירן, זעק, אויך
פאַלט אים אַריין געלט פון מעקלעריי.

זיין מעקלעריי באַשטייט אין דעם, וואָס ער געפינט פאַר אַ גרינעם
ייד אַן אָרט וווּ צו פאַרדינען. ער איז פשוט צופרידן צו זען ווי אַזוי אַ
גרינער ייד ווייסט נישט ווו אַ טיר עפנט זיך און ער, איבערעם, באַווייזט
זיין חסד און עפנט פאַר דעם ייד די טיר.

די גרינע יידן ווייסן נישט ווו אַ טיר עפנט זיך. מיט אַזעלכע יידן
קאָנען די באַלעבאַטים טון, וואָס זיי ווילן. אַרבעטן אומזיסט מיט זיי עט־
עטלעכע וואָכן. גרינע יידן מיט זייערע פרישע, געזונטע הענט און מיט
זייער מורא פאַר דעם מאָרגן, טאָמער וועט נישט זיין וואָס צו עסן.

איבערעם האָט טיף אינעווייניק פיינט געהאַט מענטשן. פיינט געהאַט
ביז גאָר. פאַרוואָס? אָט פשוט דערפאַר, וואָס עס האָט זיך אים אויסגע־
וויזן, אַז אין זיין אומגליקלעך לעבן, אין זיין, פון אויבן־אויף, גאַנץ גע־
שמאַק און זאָרגלאָז, אָבער אין דער אמתן זייער נידעריק און פינצטער
לעבן, זענען שולדיק מענטשן. פריער זיין פאָטער און מוטער, דערנאָך
זיין מלמד און דערנאָך זיין ערשטער באַלעבאָס, בא וועמען ער האָט גע־
אַרבעט און דערנאָך זיינע חברים, וועלכע האָבן אים אַראָפּגעפירט פון
גלייכן וועג, און דערנאָך אַנדערע חברים, מיט וועלכע ער האָט זיך ס׳קאָמ־
פּאַניעוועט שוין אין די שלעכטע וועגן, וועלכע האָבן פון אים געמאַכט
אַן אויסוואורף, און דערנאָך אַלע, אַלע, פון קליין ביז גרויס ליגנער — אין
די אויגן גוטע רייד און אונטער די אויגן אַלדאָס בייז; איז דיר גוט,

זענען זיי מיט דיר פריינט; איז דיר שלעכט — אַנטלויפֿן זיי פֿון דיר;
ביסטו געזונט און שטאַרק, דערקענט מען דיך און אויב נישט, אויב עס
טרעפֿט מיט דיר עפּעס אַ צרה, בלייבסטו איינער אַליין און קיינער פֿון
דיינע פֿריערדיקע פֿריינט דערקענט דיך נישט. מיט איין וואָרט, איבערעם
פֿילט אַ טיפֿע שנאה צו מענטשן.

יז.

## אַ שנאה צו מענטשן

אמת, אַ שנאה צו מענטשן האָט אייבערעם געהאַט, אָבער קיין שלעכ־
טער איז ער בטבע נישט געווען. אויף דילענסי סטריט האָט מען אים
געקענט פאַר אַן עולעכן, פּראָסטן מענטש און קיינער האָט גאָרנישט גע־
ווּסט, אַז דער דאָזיקער פּראָסטער, גוטער מענטש טראָגט אינעווייניק אַ
פיינטשאַפט אויף דער גאַנצער וועלט.

אייבערעם האָט זייער אָפט, ליגנדיק אין זיין איינזאַמען בעט, נישט
געקאָנט איינשלאָפן, כאָטש ער איז תמיד געווען מיד פון אַ גאַנצן טאָג
אַרבעט. ער האָט זייער אָפט געהאַלטן אין דער פינצטער אָפן זיינע אויגן
און געהאַט טענות צו דער וועלט. די גאַנצע וועלט פירט זיך, אַז אַ מאַנס־
ביל באַדאַרף זיך אויסקלייבן אַ „פרוי" פאַר אַ ווייב. אייבערעם האָט זיך
נאָך נישט אויסגעקליבן קיין „פרוי" פאַר אַ ווייב. אייבערעם איז שוין באַלד
אַלט פופציק יאָר און האָט נאָך נישט קיין ווייב... עס אַרט אים נישט,
וואָס ער האָט נישט קיין ווייב, אָבער עס פאַרדריסט אים, וואָס די יאָרן
גייען אַוועק און ער שלינגט אין זיך אַריין, ממש, דאָס שפייעכץ. און ער
ווייסט, אַז עס איז שוין פאַרפאַלן. ער וועט שוין נישט קאָנען אויסקלייבן
זיך אַ פרוי... און אָט פאַרוואָס: ביז אייבערעם איז צו זיין שכל געקומען,
האָט ער דאָך נישט געהאַט קיין שכל. און אַז ער האָט שוין באַקומען
שכל, איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ מורא פאַר פרויען. אַזוי מיט זיך אַליין
אָדער צווישן מאַנסבילן, האָט אייבערעם, דאַכט זיך, געהאַט גענוג שכל.
טאָמער איז ער געקומען צווישן פרויען, האָט ער באַלד פאַרלוירן זיין

שכל און איז געוואָרן נאַריש, ווי אַ ששעקן פון אַ בעזים. די מאַמע זיינע, געדענקט ער, האָט אים תמיד געשלאָגן מיטן שטעקן פון בעזים. און טאַקע פון אָט יענער פרוי, דאָס הייסט פון זיין מאַמען, האָט זיך באַ אייברעמען אָנגעהויבן זיין שנאה צו פרויען. ווען ער איז געוואָרן גרויס, האָט ער אָנגעהויבן גיין פון שטאָט צו שטאָט, פריער מיט אַ קאָמפּאַניע אָרימעלייט. ער איז באַ זיי געווען דער אָנטרייבער פון זייער פערד־און־וואָגן. ביז זיי זענען מיט אים אַוועק גאָר אין אַ ווייטער שטאָט און ער האָט זיך דאָרט געפונען איינמאָל אין אַ קריגעריי צווישן צוויי אָרימעלייט. אייברעם האָט אַרויסגעוויזן זיין נאַרישקייט צו דער פרוי פון איינע פון די אָרימעלייט. אייברעם גיט איצטער צו און איז זיך מודה, אַז עס איז געווען אַ נאַ־רישקייט פון זיין זייט צו טון אַזאַ זאַך. דער מאַן פון דער פרוי האָט אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער און אייברעם איז פאַר שאַנד און ווייטיק אַרי־בער די גרענעץ און געוואָרן פאַר זיך אַליין אַן אָרימאַן. דאָס הייסט, ער איז געוואָרן איבער זיך אַליין באַלעבאָס, געבעטלט ווו און ווען ער האָט נאָר געקאָנט, און איז אַזוי געגאַנגען פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, ביז ער איז געקומען צום ים. דאָס הייסט, צו אַ שטאָט באַם ברעג פון ים און פונוואַנען שיפן זענען אָפּגעגאַנגען ערגעץ ווייטער, ווייטער. מען קאָן נישט זאָגן, אַז אויף זיין וועג האָט ער נישט באַגעגנט זיין שלימזל, די פרוי. אומעטום האָט אים די פרוי געטריבן פון איר שוועל און אויב ער האָט געבעטלט, איז אים אַמלייכטסטן אָנגעקומען צו בעטלען באַ מאַנס־בילן. מאַכסט אַ קרום פנים און שטעלסט אָן דיין האַנט און דער מאַנסביל גיט וויפיל ער קאָן.

אייברעם איז געפאָרן מיט אַ שיף איבערן ים און באַצאָלט מיט דעם, וואָס ער האָט געטון זייער שווערע אַרבעט. געקומען אַהער קיין אַמעריקע און זיך ווידער געוואַלגערט, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו דילענסי סטריט. און ערשט דאַ וואָלט מען געמיינט, אַז ער וואַלגערט זיך נישט. ערשט דאָ, ברודער, וואַלגערט זיך אייברעם איינער אַליין יאָר־איין, יאָר־אויס און אַזוי איז ער שוין באַלד פופציק יאָר און האָט זיך ערשט איצט דערמאַנט, אַז ער איז אַ מאַנסביל, און פאַרוואָס איז ער ער־גער פון אַלע מאַנסבילן, וועלכע נעמען זיך אַ פרוי פאַר אַ ווייב?

אין דילענסי סטריט איז דאַ אַ סאַלון, ווו אייברעם קומט אָפּט אַריין טרינקען אַ גלאָז ביער אָדער אַ ביסל בראַנפן. דער סאַלון־קיפּער

איז אַ גראָבער און וועגט אפשר דריי הונדערט פונט און דער בויך איז בײַ אים גרעסער פֿון זײַן נאָז. דערדאָזיקער סאַלון־קיפּער האַנדלט מיט מיידלעך. דער סאַלון איז נאָר בײַ אים אַ פֿאַרשטעלעניש, אַז מענטשן זאָלן מיינען, אַז עס איז אַ סאַלון־קיפּער, אָבער אין דער אמתן האַנדלט ער מיט מיידלעך. אייבּרעם איז בײַ אים אַ היימישער מענטש און אייבּרעם פֿאָלגט אים אָפּט אַ גאַנג. דער סאַלון־קיפּער שיקט אים אָפּט אין איינע פֿון יענע שטיבער, ווו די מיידלעך זענען דאָ. אייבּרעם קומט אַהין אַרײַן און ווערט דאָרט פּשוט צעשרויפֿט בײַם אָנבליק פֿון נאַקעטן לײַב און ווינקענדיקע אויגן. דער סאַלון־קיפּער רייצט זיך מיט אים, אייבּרעמען, און גיט אים אַזאַ וואָרט־צייכן, אַז מען זאָל אים, אייבּרעמען, צולאָזן און מען זאָל אים געבן די מעגלעכקייט אויסצוקלויבן, וואָס ער וועט אַליין וועלן. אָבער אייבּרעם ווערט אַזוי צעמישט און נאַריש און אויסער זיך, אַז ער ווייסט נישט, וואָס עס טוט זיך מיט אים און עס לאָזט זיך אויס מיט דעם, וואָס די מיידלעך זאָגן אים מיט זייער קלוג שמייכעלע, אַז ער זאָל מוחל זײַן און גיין פֿריער אין באָד אַרײַן.

אייבּרעם שעלט דערנאָך די גאַנצע וועלט מיט טויטע קללות און האַלט בײַ זיך אין האַרצן אַ שנאה אָנגעגרייט. אויב עס וועט קומען אַ געלעגנהייט, וועט ער זיך נוקם זײַן. זײַנע פֿיילן פֿון שנאה האָט ער געצילט נאָר אויף פּרויען.

דאָס מאָל האָט ער געוואָרפֿן אַן אויג אויף שבען. פֿון איין זייט איז ער געווען צו איר זייער גוט און פֿון דער אַנדערער זייט האָט ער געצילט אויף איר די פֿיילן פֿון זײַן פֿאַרבאָרגענער שנאה.

ער איז שטילערהייט אַוועק צום קרעמער און אים דערציילט, אַז מאַניס קאָן נישט די אַרבעט און וועט נאָך אַזוי גיך נישט פֿאַרדינען. און דעם קרעמער איז קאַלעמוטנע געוואָרן אויפֿן האַרץ. אייבּרעם ווייסט מסתמא וואָס ער זאָגט, האָט דער קרעמער געטראַכט.

און אַז שבע איז געקומען אין קראָם אַרײַן באָרגן, האָט דער קרעמער איר מער נישט געוואָלט באָרגן. און שבע איז יענעם טאָג גע־ווען שטאַרק באַזאָרגט, וואָרים עס איז שוין בײַ זיי אין שטוב נישט גע־ווען קיין לעבעדיקער גראָשן. און ווען מאַניס איז אַהיימגעקומען פֿון דער אַרבעט, האָט ער נישט געפֿונען קיין וועטשערע. שטילערהייט האָבן זיי זיך ביידע איבערגעשמועסט און שבע האָט זיך געשעמט אַרויסצוזאָגן דעם

גאַנצן אמת, אָבער עס איז געווען אַזוי ביטער, אַז מאַניס האָט געפילט דעם טעם דערפון, כאָטש ער האָט גאָרנישט פאַרזוכט. שבע האָט געוויינט, נישט דערפאַר, וואָס ס'איז נישטאָ אין שטוב קיין וועטשערע, נאָר דערפאַר, וואָס עס איז דאָ אַזעלכע שלעכטע מענטשן. און ווער ווייסט, אפשר זענען גאָר מענטשן נישט אַזוי שלעכט. ווען זיי וואָלטן האָבן קלאָרע אויגן, וואָלטן זיי געקאָנט זען, אַז מאַניסן מיט שבען מעג מען געטרויען, וואָרים עס איז נאָך נישט געווען אַזאַ זאַך בײַ זיי, אַז זיי זאָלן בײַ יענעם צונעמען און נישט וועלן אָפּגעבן. מאַניס האָט זיך געוואַשן און איז געזעסן בײַם טיש און עס איז געווען בײַ אים פּונקט אַזוי ווי ער האָט געגעסן. אים האָט געאַרט טאָמער איז שבע הונגעריק. ביסט נישט הונגעריק שבע. איך נישט. דו מוזט זײַן הונגעריק נאָך אַזאַ טאָג אַרבעט, מאַניס, אפשר אַרײַנרופן אײַבערעמען און בײַ אים לײַען. ווער ווייסט צי ער האָט געלט. ער זעט אויס אַ פּשוטער אָרימאַן, קוק נישט, וואָס ער זעט אויס אַזוי. גוט, מאָרגן ווערט ער דאָ אַרײַנקומען וועל איך מיט אים רעדן. אויף מאָרגן, נאָכדעם ווי מאַניס איז אוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, איז שבע געבליבן אַ דערשלאָגענע. סון האָט זי נישט געהאַט וואָס. די בעטן פאַרשפּרייט און אויס מיט דער אַרבעט. זיצט זי און קוקט אויף די ווענט אָדער אין אָפּענעם פענצטער, אָדער אויף דער סטעליע. מען קלאַפּט אין טיר. עס מוז זײַן אײַבערעם. זײַן קלאַפּ. זי קען שוין זײַן קלאַפּ. זי הייבט זיך אויף און גרייט אָן דאָס קעסעלע מיט זאָפּאַל, און אײַבערעם קומט אַרײַן מיט זײַן פּיפּקע אין מויל. שבע האָט דערווייל צוגעשטעלט צוויי טעפּ, אַ קליינעם און אַ גרויסן, אויפן אויוון. גאָט האָט געוווסט דעם אמת, אַז דידאָזיקע טעפּ זענען געווען מיט הויל וואַסער. אָבער זי האָט נישט געוואָלט, אַז אײַבערעם זאָל עפּעס וויסן. האָט זי געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז זי קאָכט.

— גוט מאָרגן אײַך, באַלעבאָסטעניו! — האָט אײַבערעם געזאָגט פריילעך — פאַרגעסט נישט אין מיר. עך וויל אַ ביסכען זופּ. ווו איז אײַער גאָרבעטש?

— זיכער קאָנט איר עסן בײַ אונז אַ טעלער זופּ — האָט שבע געפילט, אַז זי זאָגט דעם ערשטן ליגנט אין איר לעבן.

— וואָס האָבן זי זיך געקריגט מיט דעם רויטן קאַפּ? — האָט

אייבּרעם געפרעגט און געטון אַ מאַך מיט איין האַנט איבּער זיין קאָפּ, אַלס אַ סימן, אַז ער מיינט דעם קרעמער מיטן נאַקעטן קאָפּ.

— איך — איז שבע געוואָרן פאַרשעמט — איך קריג זיך מיט קיינעם נישט קיינמאָל אין מיין לעבּן.

— דאָס טויג נישט דאָ אין אַמעריקע — זאָגט אייבּרעם מיט אַ פולער באַסאָווער שטים — דאָ בּרויך מען זיין אַ ביסעלע פרעכער. אינען וויל ער נישט באָרגן.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס ? — איז שבע געוואָרן אויסער זיך.

— עס גיט נישט קיין סעקרעטן פאַר אייבּרעמען.

— נישט גענוג, וואָס ער האָט מיך פאַרשעמט, באַרעדט ער מיך נאָך פאַר מענטשן — איז שבע געוואָרן אַ ביסל אויפגערעגט.

— ניכט מאַכן קיין צימעס — טוט אייבּרעם אַ מאַך מיט דער האַנט — ווען איך בין דאָ געווען אַ גרינער, האָט מען מיך נאָך נידריקער געטראָטן. מען האָט מיך אין קיין שטוב נישט אַריינגעלאָזט.

— אַזוי ? !

— וואָס ווייסן זי ? עך געדענק, עס איז געווען אום ווינטער און דער פראָסט האָט געבּרענט און איך האָבּ נישט געהאַט קיין פיצכען ברויט אין מיין מויל, און בין שוים געווען אַ פאַרטיקער אין מיטן סטריט. זיך אויסגעשטרעקט און פאַרטיק. דעמאָלט, אַז עך בין שוין געלעגן אויסגעשטרעקט אַ פאַרטיקער, האָט מען מיך אויפגעהויבּן. אָ, אַזוי גייט עס דאָ אין אַמעריקע. און עך האָבּ ביי זיך געשווירן, אַז עך מוז העלפן עמעצן, ווען יענער איז אויף גרויסע צרות. עך העלף ווען עך קאָן און מיט וואָס עך קאָן.

דאָ איז אייבּרעם שטיל געוואָרן און געלאָזט אַ רויך פון זיין פּיפּקע און ווידער געזאָגט :

— פיללייכט קאָן איך אייך באַהילפיק זיין.

— מיט וואָס ? — האָט שבע געפרעגט.

אייבּרעם האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר אַרויסגענומען פון קעשענע אַ בייטל, אים געעפנט און פון דאָרט אַרויסגענומען עטלעכע גרינע פּאַפּירן און צוגעטראָגן צו שבען און איר געשטופּט דאָס געלט גלייך אין פּנים אַריין.

שבע האָט אָוועקגעדרייט איר פאַרפלאַמט און פאַרשעמט פּנים און

דאָס געלט נישט געוואָלט נעמען. אייבערעם האָט זי אָנגענומען באַ איר עלנבויגן און אַ קוועטש געטון דעמדאָזיקן איידעלן, ווייכן עלנבויגן „האָ, זי האָט גאָרנישט קיין ביינער!...“ האָט אייבערעם געטון אַ טראַכט.

— נעמט דאָס געלט, ביטע — האָט אייבערעם זיך געבעטן.

— כ'ל נישט נעמען.

— איר'ט יאָ נעמען!

שבע האָט זיך אַ ריס געטון פון אייבערעמען און איז אַוועק אין דעם אַנדערן צימער. אייבערעם איז איר נאָך און געפילט, אַז זיין גאַנץ ווען ציטערט און עס האָט אים באַזעצט אַזאַ היץ, אַז דאָס גאַנצע פנים און די ליפּן זענען אים טרוקן געוואָרן. שבע האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל און האָט שוין געזען, אַז זי האָט געמאַכט אַ טעות, וואָס זי איז אַריין דאָ אין צימער, וואָרים פאַרוואָס איז זי בעסער נישט אַרויסגעלאָפן דורך דער טיר, וואָס פירט אין דרויסן אַרויס. זי איז געווען גרייט אויפן ערגסטן פאַל.

— כ'בעט אייך, נעמט דאָס געלט — האָט זי געפילט ווי אייבערעמס האַנט איז שוין געווען נאָענט צו איר פנים.

„שלעכט!...“ האָט שבע געטון אין דער גיך אַ טראַכט און עס איז איר נישט גוט געוואָרן. זי האָט געוואָלט שרייען און די ווערטער האָבן געוואָרגן איר האַלז.

— גוט, איכ'ל באַ אייך לייען, אָבער קומט אַריין דאָרט אין דער ליכטיק — האָט שבע אַליין נישט געוווסט, וואָס זי זאָגט, און זיך געטון אַ רוק פון אייבערעמען, וועלכער האָט שוין געהאַלטן אירע ביידע עלנבויגנס מיט זיינע אויסגעשמירטע הענט. שבע האָט זיך אויסגעריסן פון דידאָזיקע אויסגעשמירטע הענט; זי האָט געפילט גלייך אַזוי ווי אייבערעם האָט זי אָנגענומען מיט אָפּצווענגעס; זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און האָט זיך אינסטינקטיוו אויסגעשטרעקט אין איר גאַנצער לאַנגער, ביינערדיקער פיגור און איז געוואָרן אַזוי הויך, אַז זי האָט געקאָנט אַריבערשפּרינגען איבער אייבערעמען און אים אומוואַרפן און אויף אים טרעטן און אים צעמאָלן אויף שטויב. זי האָט נישט געטון נישט איינס פון די אַלע זאַכן, נאָר זי איז פשוט אַריין אין גרויסן ליכטיקן צימער און אָפּגעאָטעמט און איז צוגעלאָפן צום אויוון, טאָמער מאַכט זיך אַ שלעכטע זאַך, איז זי שוין גרייט און האַלט מיט איין האַנט דאָס הענטל פון הייסן טאָפּ

אייבערעם איז אַריינגעקומען מיט זיין פּנים אַראָפּגעבויגן און באַ־האַלטן אין זיין אויפגעקנעפּלט העמד. דאָס פּנים איז באַ אים געווען רויט ווי באַ אַ גזלן. שבע האָט געהיטן זיין איטלעכן ריר און ווען ער קומט צו נאָענט לעבן איר, ווי עס איז דאָ אַ גאָט אין הימל, אַזוי וואָלט זי אים באַגאָסן מיט דער הייסער פליסיקייט, וואָס האָט זיך געקאָכט אויפן אויוון.

זי האָט געזען ווי אייבערעם וואַרפט מיט זיינע פיס אַזוי ווי איינער, וואָס גייט אין שלאָף. זי האָט זיך געמאַכט קוראַזש, און אַלץ, כדי עס זאָל חלילה נישט אַרויסקומען אין מענטשלעכע מיילער, און געזאָגט: איצט קאָנט איר מיר לייען געלט, דאָ אין דער ליכטיק.

אייבערעם האָט פונוויטנס אויסגעשטרעקט זיין האַנט מיט די פּאָר פּאָזיטן. שבע האָט זיי באַ אים גענומען.

— מיין מאַן וועט אייך אָפּגעבן מיט גרויס דאַנק.

— אייער מאַן וועט מיר נישט דאַרפן אָפּגעבן, אויב ער וועט נישט קאָנען, — האָט אייבערעם געזאָגט, און באַלד חרטה געהאַט, וואָרים ער האָט געזען באַלד, אַז ער האָט זייער נאַריש געזאָגט.

— וואָס זשע, איר ווינשט אונז שלימזל ?... — האָט שבע גע־ענטפערט מיט אַ שמייכל — מיין מאַן וועט פאַרדינען, וועלן מיר אייך אָפּגעבן.

— איך בין זייער ווינציק באַזאָרגט. דאָס געלט ליגט סיי ווי סיי באַ מיר אין קעשענע און קיינער האָט נישט דערפון קיין נוצן — האָט אייבערעם פון פאַרלעגנהייט זיך געקראַצט אין קאָפּ.

שבע האָט אים געהייסן זיצן, און אייבערעם האָט זיך אַוועקגעזעצט. מאָדנע! ערשט פריער מיט צוויי—דריי מינוט האָט שבע פאַר אים מורא געהאַט, און איצט איז זי באַפרייט געוואָרן פון דער מורא און זי איז אַריין אין דער ראָלע פון דער באַלעבאָסטע און אייבערעם איז צוריק גע־וואָרן אייבערעם, דער אויפזעער פון דעמדאָזיקן הויז.

אייבערעם האָט זיך זאָגאַר דערמאַנט, אַז מען באַדאַרף אַראָפּגיין און אָנגרייטן דאָס פעסל מיט אָמפּאַל פאַר דעם וואָגן, וואָס נעמט צו דאָס אָפּ־פאַל. ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען דאָס קעסעלע מיט אָפּפאַל, וואָס איז געשטאַנען באַ דער טיר און איז אַראָפּ די טרעפּ אַזוי גיך און שטיל און צוריק אַזוי גיך און שטיל אַרויפגעבראַכט צוריק דאָס קעסעלע און מיט זהכנעה אַוועקגעשטעלט באַ דער אָפענער טיר. שבע האָט געטון

אַ כאַפּ דאָס קעסעלע און גיך אַ שמיץ געטון מיט דער טיר און פאַרקייטלט מיטן קייטל, און איז געבליבן אַליין אין שטוב און האָט פּלוצלינג אָנגע־הויבן מורא צו האָבן פאַר די גרינע ווענט און איז דעם גאַנצן טאָג גע־זעסן און געקוקט אין אָפענעם פענצטער.

דאָס געלט, וואָס אייבערעם האָט איר געגעבן, האָט זי אַזוי ווי אין אַ קנויל צונויפגעקניי‌טשט און אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

## יח.

# גלי, זון, גלי.

שבע איז אַזוי געזעסן באַם אָפענעם פענצטער ביז שפעט אין אָוונט. פאַר אירע אויגן איז דורך דער טאָג אין דילענסי סטריט. געשטאַנען זענען נאָכגעגאַנגען, הוידנדיק נאָך זייערע צוגעשפאַנטע פערד אַהין און צוריק. און פונקט באַ שבעס פענצטער האָט זיך זיי, דידאָזיקע טראַמ־ווייען, געוואָלט טון אַ גרילץ מיט זייערע רעדער. דערדאָזיקער גרילץ איז געגאַנגען טיף שבען אין דער נשמה אַריין. און נישט נאָר דאָס האָט זי געאַרט, נאָר אפילו דאָס איינגעעקשנטע קערן מיט דעם בעזים פון דעם גאַסן־קערער, וועלכער האָט זיך איינגעשפאַרט און געריבן מיט דעם בעזים די שטיינער פון דער גאַס און נישט געוואָלט אַוועקגיין פון שבעס אויגן ביז די שטיינער זענען געבליבן ריין, און זיך אומגעקערט און ווי־דער געריבן מיט דעם בעזים, דאַכט זיך, די שוין גאָר ריינע שטיינער. די זון האָט געבראָטן שבעס פנים. און אַ ווינטל איז געקומען און אָפגע־בלאָזן דאָס אָנגעגליטע פנים, און די זון איז ווידעראַמאָל געקומען און ווידעראַמאָל געגליט. גלי, זון, גלי! גלי, זון, גלי! האָט עמעצער געשריגן איבער דער גאַס. די טריט פון די מענטשן, די טריט פון די פערד, די רעדער פון די וועגן האָבן אַלע אינאיינעם געשריגן: גלי, זון, גלי! עס איז געווען אַ נאָכקלאַנג פון הפקר אין דעם געשריי; עס איז געווען פרעמדקייט, שלעכטקייט אין דעם געשריי. ווי געשריגן, די־לענסי סטריט, ווי געשריגן, דילענסי סטריט. גלי, זון, גלי! אַ שליי־פער מיט זיין שלייף־שטיין אויף די פלייצעס און מיט אַ גלאָק אין איין

האַנט. קלינגט דער גלאָק: שלייפן מעסער, שלייפן מעסער, שלייפן מע=
סער! אַ מאַן מיט טויזנט היטלען אויף זיין קאָפּ שרייט: האָ=היי! האָ=
היי! און אַ גראָבער פּאָליסמאַן שטייט אין מיטן גאַס און פייפט אַלע
מאָל מיט זיין פייפל, וואָס איז מן הסתם געמאַכט פון אַ פּערעשקע קערל.
זיין פייפל האָט אַ שטיינדל אינעווייניק און בשעת עס פייפט, קייקלט זיך
דאָס שטיינדל אינעווייניק און דאָס פייפן קייקלט זיך און דרייט זיך אין
אויער. און צען מינוט נאָך דריי, פונקט צען מינוט נאָך דריי, לאָזן זיך
די קינדער פון אַלע גאַסן מיט צייטונגען, און זיי שרייען און זיי לויפן
און זיי יאָגן. און באַלד שפּעטער קומען די עלטערע יידן, וועלכע קאָנען
נישט לויפן אַזוי ווי די קליינע קינדער מיט זייערע צייטונגען און זיי
שרייען און זיי קלאָגן. און צען מינוט נאָך פינף גייען שוין צוריק אָנגע=
לאָדענע פערד=קאַרס מיט אַרבעטער. פון פאָרנט אָנגעקלעפּט אַ בינט מיט
מענטשן און פון הינטן אָנגעקלעפּט אַ בינט מיט מענטשן. עס איז
נאָר אַ ווונדער, ווי אַזוי האַלטן זיך די מענטשן אָנגעקלעפּט צו
דערדאָזיקער קאַר. עס איז נאָר אַ ווונדער, פאַרוואָס די קאַר
צעברעכט זיך נישט אין פּיק=פּיצלעך. שבע זיצט אין אָפענעם פענצטער
און פאַר אירע אויגן שווינדלען מענטשן. אָט, אָט איז איינער שיער
נישט איבערגעפאָרן געוואָרן פון אַ וואָגן מיט גרויסע רעדער. גרויסע רע=
דער, קליינע רעדער און צוויי גרויסע גרויע פערד מיט אַ סך פעט פלייש
אויסגעבעטע. עס קאָן גאָר אַנדערש נישט זיין. מען האָט די ביינער פון
דידאָזיקע פערד געמוזט אויסבעטן מיט אַ סך פלייש. אַזעלכע גרויסע פיס
און גראָבע, ברייטע העלזער און שיינע קעפּ. און אויף זייערע קעפּ
שטרויענע קאַפּעליושן און פון די קאַפּעליושן שטעקן אַרויס זייערע
אויערן, און זיי גייען גלייך אויף מענטשן. וואָרים דער מענטש איז אַזוי
ווי אַ פליג קעגן זיי. ליגן די פיר=עקעדיקע שטיינער הינטער זייערע פיס
פליען פונקען פון דעם טראָט פון שווערע פיס אויף שטיין. און מענטשן
יאָגן אַהין און אַהער. וואָס איז דאָס? זאָל דאָס זיין, אַז דילענסי סטריט
שלאָגט מיט אַ קוואַל פון מענטשן, וועלכע לויפן און שלאָגן זיך ערגעץ
אָן אין אַ שטיינעריקער וואַנט און פאַלן צוריק צום קוואַל?

פון ווייטן שיילט זיך אַרויס די נידריקע פיגור פון מאַגיסן. שבע
ווינקט צו אים פון אָפענעם פענצטער מיט איר האַנט. מאַגיס זעט נאָך
נישט איר האַנט. שבע הערט אָבער נישט אויף צו וואַרפן מיט איר האַנט

אין דער לופטן, ביז מאַניס דערזעט זי און גיט אויך אַ הויב אויף זיין האַנט אין דער לופטן.

שבען ווערט אַזוי גוט און הימלעך. באַלד איז שוין מאַניס אין שטוב. שווער זענען זיינע טריט. די טרעפ קרעכצן אונטער זיינע פיס. די פּאָד־לאָגע אין שטוב קרעכצט אויך אונטער זיינע פיס. שבע קערט אום איר פּנים פון אָפענעם פענצטער אין שטוב אַריין. מאַניס קרימט זיין פּנים און מאַכט גרימאַסן, אַזוי ווי אַ בן יחיד פאַר דעם אָנבליק פון זיין מאַמען.

דערווייל פאַלט מאַניסעס בליק אויף דעם בינטל צעקנייטשט געלט וואָס אויפן טיש. ער ליפט צו מיט איין שפרונג, ווי אַ הונגעריקער צו אַ שטיקל ברויט, און כאַפּט דאָסדאָזיקע בינטל אין ביידע הענט. זיינע אויגן ווערן פון אויפציטערונג אַזש פאַרבעפּלט און ער קאָן מיט זיי לכתחילה גאָר־נישט זען. אָבער נאָך אַ ביסל אָנשטרענגונג, און דורך דעם, וואָס מאַניס צענעמט דאָס בינטל און גלייכט אויס מיט זיינע פינגער די גרינע פּאַפּיר־לעך, דערזעט ער, אַז עס איז געלט.

— געלט ? !

— זעסטאָך.

— אויפן טיש געלט ? !

— זעסטאָך.

— ווער האָט׳ס דאָ אַנידערגעלייגט ? !

— איך — ענטפערט שבע מיט אַ קוויטשיק קול.

— ווו האָסטו גענומען ?

— געליען באַ אייבערעמען.

— וואַרפט מען אַזוי אַוועק ? !

— ס׳דאָ אַ גאַנצע מעשה דערביי.

— וואָס פאַר אַ מעשה ?

— איך שעם זיך צ׳דערציילן.

— מסתמא האָט ער נישט געוואָלט לייען.

— פאַרקערט.

— וואָס זשע איז די בושה ?

— וועסט הערן, וועסטו זען.

— לאָמיך הערן.

— איך שעם זיך.

— דערצייל, פֿאַר מיר איז נישטאָ וואָס צו שעמען זיך.

— האָב צייט.

— איך האָב צייט. דו אַנטלויפֿסט דאָך נישט.

— וואָדען.

— מעג זיין שפּעטער.

דערווייל האָט מאַניס, נישט ווילנדיק פֿאַרוואָס, געטון אַ שמעק צו דעם געלט מיט זיין נאָז, און געקנייטשט מיט זיין גרויסן געקאַרבטן שטערן און דאָס געלט אַריינגעלייגט צו זיך אין דער הויזן־קעשענע. גוט באַוואָרנט מיט דער האַנט, אַז עס זאָל ליגן טיף אין קעשענע און געזאָגט:

— פֿאַר אים האָט מען טאַקע מער דרך ארץ.

— פֿאַר וועמען? — האָט שבע זיך געמאַכט ווי זי פֿאַרשטייט נישט מאַניסעס רייד.

— פֿאַר אייבערעמען. נאָכדעם, ווי ער איז מיט מיר געקומען אין שאַפּ אַריין, האָט ער זיי דאָרטן געגעבן אַ גאַנצע דרשה. ער קאָן מיט זיי רעדן. מיט גראָבע מענטשן דאַרף מען קאָנען רעדן. און ווער קאָן נאָך אַזוי גוט רעדן צו גראָבע מענטשן, ווי אַזאַ באַשעפעניש, ווי אייבערעם איז? און דערנאָך איז מען צו מיר געווען אַ גאַנצן טאָג גוט ווי לעקעך.

— וואָס הייסט, גוט? — האָט שבע איבערגעפרעגט און דערווייל זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זי זאָל יאָ דערציילן מאַניסן, צי נישט.

— אַז איך זאָג גוט, ווייס איך וואָס איך זאָג, — האָט מאַניס מיט אַן אויפגעלויכטן פּנים געזאָגט, — עס איז גאָר אַנדערע ווערטער. דער באַלעבאָס איז צו מיר צוגעקומען אַזש צוויי מאָל, און שטאַרק געלויבט מיין אַרבעט. ער זאָגט מיר, אַז פֿון מיר וואַקסט אַ גוטער אַרבעטער און אַז ער האָט ליב אַזאַ אַרבעטער, וועלכער איז אַ שטילער און ערלעכער מענטש.

— און וואָס נאָך? — האָט שבע ווידער געצויגן דאָס געשפּרעך, כדי צו פֿאַרציען דאָס, וואָס זי האָט שוין באַשלאָסן, כמעט ווי בײַ זיך אײַנגעווייניק, נישט צו דערציילן.

— און וואָס נאָך? — האָט מאַניס אויף שבע אָנגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן — וואָס נאָך ווילסטו?

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן?

— איך קוק אויף דיר, וואָס עס איז פון דיר געוואָרן — האָט מאַניס געשאָקלט מיט זיין קאָפּ און זיין גאַנץ פּנים איז געווען צעקרימט פון ווייטיק.

— פון מיר? — האָט שבע זיך דערשראָקן.

— זיצסט מסתּם אַ גאַנצן טאָג און זאָרגסט.

— נישטאָ וואָס פריילעך צו זיין.

— אויב דו וועסט אַזוי רעדן, וועסטו מיר אויך אָנטון יסורים.

— ווער טשעפּעט דיך, מאַניס? — האָט זיך שבע פאַרענטפערט.

— כ'זע אויף דיין פּנים, אַז דו האָסט אַ גאַנצן טאָג געזאָרגט און מסתּמאָ געוויינט אויך.

— געוויינט האָב איך נישט.

— וואָס דען?

— גאָרנישט.

— דער הימל איז נאָך נישט איינגעפאַלן איבער אונז — האָט מאַניס געזאָגט — און געלט האָבן מיר אויך... עס זענען דאָ ווילע מענטשן.

— ווילע מענטשן! — קרימט אים איבער שבע.

— וואָס דען, נישט קיין ווילע? — קוקט זי אָן מאַניס פאַרדעכטיק.

— אוודאי איז דאָ ווילע מענטשן — פאַרציט שבע דעם שמועס אין אַן אַנדערן וועג. — ער האָט מיר געליען דאָס געלט ביזוואַנען דו וועסט קאָנען אָפּגעבן.

— טאַקע פיין פון אים — נעמט מאַניס אַרויס דאָס געלט פון זיין קעשענע און ציילט עס איבער — און איצט קאָנסטו אַראָפּגיין צום קרעמער און אים באַצאָלן.

— אַזוי מיינסטו?

— וואָס פאַר אַ קשיא. גיי אַראָפּ און באַצאָל. ווייז אים, אַז מיר זענען אויך מענטשן.

שבע האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כּוחות. זי האָט געוואָלט אַרויסברענגען דאָס, וואָס עס איז געלעגן אויף אירע ליפּן און האָט מורא געהאַט, אַז עס זאָל עפּעס נישט געשען מיט מאַניסן.

— האָסט מיר עפּעס צו זאָגן ? — האָט מאַניס געצויגן שבען פאַר דער צונג.

— גאָרנישט. איך וויל אַראָפּגיין צום קרעמער און אים באַצאָלן. חוץ דעם, האָב איך גאָרנישט אָנגעגרייט, וועל איך איצטער איינקויפן.

— גוט, גוט. כ׳בין טאַקע הונגעריק. דו מוזט אויך זיין הונגעריק.

שבע איז אַראָפּגעגאַנגען. מאַניס איז געבליבן אַליין. ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל און דעם אַמעריקאַנישן האַרטן קאַפעליוש, אָנגעצונדן די גאַז. איידער ער האָט אָנגעצונדן, האָט ער זיך אַ ביסל איינגעהערט צו דעם זשומזשען פון דעם אומזעבאַרן „עפּעס״, וועלכעס ברענט, ווען מען צינדט עס אָן. עס איז שוין געווען שטאָק פינצטער אין דרויסן. אַ קיל ווינטל האָט אַריינגעבלאָזן דורך די צוויי אָפענע פענצטער. מאַניס האָט אָנגעצאַפּט אַ טשייניק וואַסער און אויפגעשטעלט טיי. ער האָט עפּעס געזוכט איבער די צוויי שטיבלעך. וואָס ער האָט געזוכט, האָט ער נישט געוווּסט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער הערט דאָס ווידערקול פון שבעס טרערן. שבע האָט געמוזט וויינען אַ גאַנצן טאָג, ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אויף די ווענט, אפשר וועט ער געפינען אַ סימן פון אירע טרערן. אַז זי האָט געוויינט איז מאַניס כּמעט געווען זיכער.

אין טיר האָט זיך באַוויזן אייבערס.

— גוטער אָוונט !

— גוט יאָר.

— היינט געווען הייס ?

— אַ קשיא.

— כ׳בין שוין דאָ געגנוג מיט יאָרן און געדענק נישט אַזאַ הייסן זומער.

— דאָס הייסט באַ אייך הייס — צעפלאַמט זיך מאַניס, — באַ אונז אין פּאָדאָליע איז הייס אַזוי שטאַרק, אַז עס צינדן זיך אָן דעכער פון שטיבער.

— איז עס וואָר ?

— און קוואַלן טריקענען אויס — ציט ווייטער מאַניס.

— גאָט באַהיט! — זעצט זיך אייברעם אַנידער און פּילט זיך שוין אַ ביסל באַרויקטער און זוכט מיט זיינע אויגן אין אַלע זייטן — ווו געפינט זיך ערגעץ די מיסעס?

— זי קומט באַלד — זאָגט מאַניס און ציט ווייטער דעם געשפּרעך וועגן די היצן — איר ווייסט דען דאָ פון היצן, באַ אונז ברענען, אין פּאָדאָליע, די וועלדער פון זיך אַליין.

— און די מענטשן? — פרעגט אייברעם תמעוואַטע.

— האָט האָט איר געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן אויך ברענען?

— אַזעלכע היצן? — שאָקלט אייברעם מיטן קאָפּ — און דאָ איז אויך געגנוג הייס אין אַמעריקע, האַ-האַ!

שבע איז דערווייל אַריינגעקומען, און נאָך אין דער אָפּענער טיר האָט זי זיך אַזש דערשראָקן פון דעם אָנבליק, אַז אייברעם איז דאָ אין שטוב.

אייברעם האָט אָבער נישט געלאָזט, אַז עס זאָל צו עפּעס קומען. ער האָט הויך אויף אַ קול אויסגעשריגן:

— גוטען אָוועגט! — איך בין געקומען נאָך דעם ביסכען זופּ!

— זופּ? — ציט שבע אויס מיט אַ געזאַנג — הייגט אין אַזאַ היץ הייסע זופּ. מיר וועלן עסן קילע זאַכן.

— אַ שאָד, וואָס איר האָט נישט קיין זופּ — האָט אייברעם באַ-דויערט.

— עט, איר'ט טרינקען מיט אונז אַ גלעזל טיי — איז מאַניס אַריין אין די ווערטער.

— טיי? — קרימט זיך אייברעם — אין אַזאַ היץ טיי. גיט מיר עפּעס אַ טעפּל, וועל איך אייך ברענגען אַ ביסל ביר.

— ביר? עס איז אַן ענין — זאָגט מאַניס און זוכט צווישן די טעפּ און דערלאַנגט אייברעמען אַ טאָפּ. אייברעם כאַפּט דעם טאָפּ און לויפט ברענגען ביר. קיינער האָט נישט באַמערקט, אַ חוץ שבען, די מאַ-ביער, ווי אייברעם האָט געכאַפּט דעם טאָפּ און ווי אַזוי ער איז אַרויס פון שטוב. נאָר אַז ער איז אַרויס פון שטוב און איז שוין געווען אַראָפּגעגאַנגען די טרעפּ, האָט שבע געזאָגט צו מאַניסן:

— עפּעס ווערט ער מיר דאָ אַ גאַנצער בן-בית.

— וואָס אַרט דיך.

— טאַקע, וואָס אַרט מיך — קרימט שבע איבער מאַניסן — אפשר אַרט מיך יאָ. —

אַ מינוט שווייגט שבע. דערנאָך:

— מיך אַרט יאָ.

— וואָס האָסטו צו אַזאַ פּשוטער בהמה? — פרעגט מאַניס און עפנט זיינע אויגן גרויס אויף שבען.

— איך וויל אים דאָ אין שטוב נישט! — שרייט אויס שבע, ווי זי וואָלט געביסן געוואָרן פון אַ משוגענעם הונט.

— שריי נישט אַזוי הויך — בעט זיך מאַניס אַ דערשראָקענער — וואָס איז דאָ געשען? שבע, זיי אַזוי גוט און קלער מיר אויף וואָס דו האָסט צו אַזאַ פּשוטער בהמה.

— ער האָט מיך שטאַרק מבזה געווען, — האָט שבע זיך פאַר־שעמט און שטילערהייט געזאָגט.

— ער. דיך? — וווּנדערט זיך מאַניס און הויבט זיך אויף פון זיין אָרט און גייט צו נאָענט צו שבען און בלייבט שטיין לעבן איר — פאַרוואָס?

שבע האָט געשוויגן. מיט ביידע הענט האָט זי אונטערגעשפּאַרט איר פאַרפלאַמט שיין פנים, אָן קנייטשן. דער שטערן אירער האָט זיך גראָד יאָ באַדעקט מיט לאַנגע, דינע קאַרבן, ווי עס איז געווען איר טבע, ווען זי האָט זיך אָנגעשטרענגט עפּעס צו טראַכטן. מאַניס האָט ליב געהאַט צו זען ווי אַזוי שבע לייגט אויס איבער איר שטערן אָט דידאָ־זיקע קאַרבן.

— איך פרעג דיך עפּעס, פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? — נעמט מאַניס אָן זיין ווייב שבען באַ די אַקסלען מיט זיינע ווייסע, קליינע הענט.

— איך ווייס... טאָמער האָב איך אַ טעות... — זאָגט שבע און בלייבט שטיל, וואָרים אין טיר באַווייזט זיך באַלד אייברעם מיט אַ פולן טאָפּ מיט ביר. דער ווייסער שוים פון דעם ביר האָט אַריבערגערונען אי־בער די ברעגן פון טאָפּ. אייברעם שטעלט דעם טאָפּ אויפן טיש, ציט אָפּ זיין אָטעם און ווישט אָפּ זיין פאַרשוויצטן שטערן.

— אין סטריט איז הייס און מ׳קאָן בראָטן קאַרטאָפל אויף די שטיי־נער.

— צוליב וואָס טויג אַזאַ פולער טאָפּ? — פרעגט מאַניס און באַ־

טראַכט דאָס ביר און פּילט ווי זיין גומען ציט זיך שוין צו דעם קילן, ביטערלעכן ריח פון אָט דעם שוימיקן געטראַנק — שבע, ס'גרייטן צום טיש.

שבע האָט אים געטון אַ קוק אָן אין דער קרום און זיך אויפגע-הויבן און גענומען גרייטן צום טיש.

אייבערעם האָט זיך די גאַנצע צייט אַזוי ווי געפּלאָנטערט צווישן שבען און מאַניסן, ביז ער האָט זיך באַזעצט באַם אָפענעם פענצטער און פאַרדרייכערט זיין ליולקע.

שבע האָט אַנידערגעשטעלט צום טיש ברויט מיט מעסער און זאַלץ. מאַניס האָט זיך געוואַשן און געמאַכט אַ „המוציא". שבע האָט דערלאַנגט הערינג מיט ציבעלעס מיט עסיג און ליידיקע גלעזער.

דערזעען די ליידיקע גלעזער, האָט זיך אייבערעם אויפגעשטעלט און גענומען דעם טאָפּ מיט ביר און אים אויפגעהויבן אין דער לופטן און געגאָסן אין די גלעזער פון דער הויך און דאָס ביער איז געלאָפן אין אַ דינעם שטראָם אין גלאָז אַריין. דער קאָליר פונם ביר איז געווען בלייך און אין גלאָז איז פון דעם הויכן ווייסן שטראָם געוואָרן אַ ווייסער שוים, אַ שפּילעוודיקער, וועלכער האָט זיך אַריבערגעגאָסן איבער דעם גלאָז.

מאַניס האָט געטון אַ טרונק פון אַ גלאָז און זיך ממש דערקוויקט. ער האָט געפילט, אַז עס איז אַראָפּגעגאַנגען דורך זיין פאַרטרוקנטן האַלז און עס איז אַריינגעדרונגען טיף איבעוויייניק און אי געשווענקט און אויך געקילט און אויך געוואַרעמט.

— געפעלט אייַער די משקה ? — האָט אייבערעם מיט פיל הנאה געפרעגט.

— אַ טייער ביסל משקה — האָט מאַניס פאַרקייקלט זיינע אויגן פון גרויס צופרידנהייט — שבע, מעגסט אויך געמען אַ ביסל.

— שור. פון דעם ווערט מען נישט באַזויפן — רוקט אייבערעם צו שבען אַ גלאָז ביר — טרינקט, איר וועט זיך דערקוויקן. דאָס זאָגנדיק, האָט אייבערעם אויסגעליידיקט זיין גלאָז ביז צום דנאָ, און זיך אָנגעגאָסן נאָך אַמאָל און ווידער אויסגעליידיקט ביז צום דנאָ. אַרום זיינע ליפּן איז געבליבן הענגען דער ווייסער שוים. עס איז געווען אַ שאָד אָפּצווישן די ליפּן. האָט אייבערעם מיט דער צונג זיך אָפּגעלעקט די ליפּן זיינע.

מאַניס מיט שבען האָבן געגעסן ברויט מיט הערינג. מאַניס האָט

געבעטן אייבערעמען ער זאָל אויך פאַרבייסן, און אייבערעם האָט נישט גע־וואָסט וואָס צו טון מיט זיין ליולקע. ער האָט נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט פאַר איר. ענדלעך האָט ער זי אַריינגעלייגט אין קעשענע און צוגע־ביסן ברויט מיט הערינג און מיט ציבעלע. און ווידער אָנגעגאָסן די גלע־זער ביר. מאַניס האָט שוין געפילט, ווי אין זיין קאָפּ יויערט שוין עפּעס. עס איז אים מישאָמאָל אַזוי ווי ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, אָבער פּונקט אַזוי ווי אויף קאַפּויר האָט ער מיט דידאָזיקע ליכטיקע אויגן ערשט גאָרנישט געזען. עס האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן די גאַנצע שטוב. ער האָט נישט באַמערקט, ווי אייבערעם איז מיטן ליידיקן טאָפּ ווידער אַראָפּ אין גאַס אַריין.

שבע האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און צוריקגעפאַלן.

— אָ, מאַניס, איך בין שיכור, — האָט זי מיט שרעק אין איר שטימע געזאָגט.

— וואָס זאָגסטו ? — האָט מאַניס נישט פאַרשטאַנען.

— איך זאָג, אַז איך קאָן זיך נישט אויפהייבן פון אָרט — שמייכלט שבע, אַזוי ווי זי וואָלט געשמייכלט פון שלאָף.

— ביסט מיד. אַזאַ טאָג געאַרבעט — רעדט מאַניס און בשעת מעשה קייעט ער אַ פול מויל מיט ברויט און באַ יעדן וואָרט זעט זיך אַרויס דער קנויל מיט צעקייעט ברויט פון זיין מויל, און שבע קוקט אויף אים און פילט גאָר אין זיך נישט קיין כוח צו זאָגן אים, אַז עס איז נישט שיין אַזוי צו עסן. זי וואָלט אים באַדאַרפט דאָס זאָגן, אָבער יעדער אבר איז באַ איר איצט איינגעשלאָפן. עס איז איר איצט אַזוי גוט און אַ דור־שטיקייט שפּאַרט פון איר גאַנץ ווייזן. זי וואָלט איצט געטרינקען עפּעס קאַלטס.

אייבערעם איז ווידער צוריקגעקומען מיטן טאָפּ פול מיט ביר. דער טאָפּ איז געווען אָנגעשיט פול איבער די ברעגן מיט אַ הויך בערגל. און ווען אייבערעם האָט אים אַנידערגעשטעלט אויפן טיש, האָט זיך דאָס וויים־שוימיקע בערגל געטון אַ ריר, ווי אַ לעבעדיקע זאַך.

שבע האָט זיך צעלאַכט הויך אויף אַ קול, ווען זי האָט דאָס דער־זען. אָבער אייבערעם האָט קאַליע געמאַכט די אילוזיע מיט דעם, וואָס ער האָט אָנגעגאָסן די ליידיקע גלעזער. דאָסמאָל האָט ער שוין געגאָסן ווי עס האָט זיך געלאָזט, און מער פון דער משקה אויסגעגאָסן אויף דעם טישטוך.

שבע האָט מיט ברען געטון אַ כאַפּ דאָס גלאָז אירס און אויסגע־טרונקען אַ האַלבס דערפון און דאָס איבעריקע געטון אַ וואָרף אַזוי, אַז דאָס גלאָז האָט זיך איבערגעקערט. זי האָט פאַרוואָרפן איר קאָפּ צום הענטל פון בענקל און גענומען בלאָזן פון זיך, דורך איר מויל, עפּעס ביטערס. זי איז איצט געווען אַזוי שוואַך, ווי אַ מענטש נאָך אַ שווערן טאָג פאַסטן.

— נישט גוט, טאָכטער ? — האָט אייבערט געזאָגט, אויסוואַקסנדיק פּלוצלינג און אומגעבעטענערהייט הינטער איר קאָפּ. ער האָט אָנגענומען מיט ביידע הענט איר קאָפּ אַזוי, אַז ער האָט געפילט דאָס וואַרעמקייט פון אירע אויערן.

מאַניס איז געזעסן אויף זיין אָרט אַזוי ווי אַ צוגעקלאַפּטער. זיין פּנים איז געווען רויט. ער האָט געשמייכלט. דעם אמת, ער איז געווען אַ ביסל ווי דערשראָקן, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט אויפהייבן, כאָטש עס האָט זיך אים געוואָלט טון אַ געשריי.

אין דער אָפענער טיר זענען דערוויי אויסגעוואַקסן עטלעכע קינ־דער, פרעמדע, פון די שכנישע שטיבער. די קינדער מיט פאַרשמירטע פּנימער. זייערע פאַרוווּנדערטע אויגן האָבן געבלישטשעט מיט דעם כאַראַק־טעריסטישן קינדערישן שמייכל, וואָס זאָגט: זע נאַר, ווי די גרויסע זענען נאַריש. אין קאָרידאָר האָבן טריט געשאַרכעט, טירן האָבן זיך שטיל גע־עפנט און מען איז שטילערהייט איבערגעלאָפן פון איין טיר צו דער אַנדע־רער. אַ האַנט האָט געוווּנקען צו די קינדער בײַ מאַניסעס טיר. די קינדער האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ צו דער ווינקענדיקער האַנט און מיט באַ־וועגונגען געגעבן אַהין צו וויסן, וואָס בײַ מאַניסן אין שטוב טוט זיך...

ווידעראַמאָל שטילע שאַרכנדיקע טריט. אין דער אָפענער טיר בײַ מאַניסן באַווייזט זיך אַ קאָפּ פון אַ פרוי. אַ שטיקל פון דעם קאָפּ כאַפּט אַ קוק אינעווייניק און באַהאַלט זיך צוריק אין קאָרידאָר. באַלד הערט זיך אַ שטיל רעדן און ווידער שאַרכנדע טריט, און אין דער אָפענער טיר שטייען שוין צוויי קעפּ פון גרויסע און אַ פּאָר קינדער האַלטן זייערע פינגער אין די מיילער און קוקן וואָס דאָ טוט זיך.

דידאָזיקע, וואָס זענען אינעווייניק בײַ מאַניסן אין שטוב, זעען נישט און ווייסן נישט וואָס זיי טוען.

צום ביישפּיל: שבע וואָלט זיכער אין אַ נאָרמאַלער צייט נישט באַ־האַלטן איר פּנים אין אייברעמס הענט.

דאָס נעמלעכע וואָלט אפשר אייברעם נישט געפּרוּווט אפילו צו באַווייזן.

אייברעמען האָט זיך איצטער אויסגעוויזן, אַז שבע איז עפּעס ברוגז אויף אים. ווער זי איז האָט ער נאָך געוווּסט, כאָטש אַזוי ווי דורך אַ נעפּל. אָבער פאַרוואָס זי איז ברוגז אויף אים האָט ער נישט פאַרשטאַנען. ער האָט איר, דערפאַר, געגלעט מיטביידע הענט דאָס פּנים און ווען זיין ליוּלקע וואָלט נישט געשטעקט אין זיין מויל, וואָלט ער זי געקושט אין קאָפּ. ער האָט זיך עטלעכע מאָל איינגעבויגן דאָס צו טון און זיין ליוּלקע איז אים געשטאַנען אין וועג. אַרויסצונעמען די ליוּלקע פון מויל האָט ער איצט נישט געהאַט קיין שכל.

און מאַניס איז געזעסן און מיט ביידע הענט געקלאַפּט, בנעימותדיק, אין טיש און זיך געשאָקלט מיט פאַרמאַכטע אויגן. עס האָט זיך אים זייער און זייער געוואָלט עפּעס אָנהייבן צו זינגען, אָבער די צונג איז באַ אים געווען אַזוי ווי צוגעקלעפּט צום גומען. זיין שאָקלען איז געוואָרן וואָס אַמאָל ענערגישער און מיט די הענט האָט ער נאָך אַלץ געקלאַפּט אין טיש. און אינעווייניק איז שוין באַ אים געבוירן געוואָרן דער ניגון. און צוביס־לעך, צוביסלעך האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען. וואָס ער זינגט, ווייסט ער נישט. ער שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אויף זייַנע צוויי הענט איבערן טיש און עס ווייזט זיך אים אויס, אַז ער דרימלט איין. די ליכט אין די לייכטער זענען שוין אויסגעלאָשן און שבע וועקט אים, אַז ער זאָל גיין שלאָפן.

עס איז אַזאַ זיסער דרימל. און וואָס אַרט שבען ? . . .

אַזוי איז מאַניס איינגעשלאָפן באַם טיש. און אייברעם שטייט נאָך אַלץ צוקאָפּנס פון שבען און גלעט איר די פאַרפלאָמטע באַקן. שבע ווייסט גאָרנישט צי עמעצער גלעט אירע באַקן. באַ איר אין קאָפּ קלאַפּן האַר־מאַטן און עס ציט זי צו דער ערד. זי איז אַזוי ווי אָנגעפּילט מיט שווערן בליי. ווען זי זאָל קאָנען זיך אויפהייבן פון בעט און אַראָפּגיין אויסלעשן די לאָמטער אין דרויסן, די לאָמטער צעשטערט די רו פון דער נאַכט. זי וויל אויפוועקן מאַניסן און ער איז גאָר נישטאָ אין בעט. זי דער־שרעקט זיך. טוט זיך אַ וואָרף דורך, עפנט די אויגן, קוקט זיך אַרום. אייברעם שפּרינגט אַוועק פון איר. שבע קוקט אים אָן שטרענג.

— וואָס טוט איר דאָ ? ! — שרייט שבע אויס מיט אַ קוויטש.

אייברעם שמייכלט און פאַרזשמורעט זיינע אויגן און זיין ליולקע פאַלט בײַ אים אַרויס פון מויל צום פּאָל. פון דעם קלאַפּ כאַפּט זיך אויף מאַניס, קוקט זיך אויך אַרום מיט קליינע פאַרשלאָפענע אויגן. אייברעם בייגט זיך אָן אויפצוהייבן די ליולקע און ציט זיך אויס מיטן פּנים אַראָפּ אין זיין גאַנצער לענג אויפן פּאָל.

— כאַ, כאַ, כאַ ! הערט זיך פון דער אָפענער טיר. האַ־האַ־האַ ! אַנטלויפן אַפּ מיט זייער דינעם געלעכטער די קינדער בײַ דער אָפענער טיר.

נאָכדעם הייבט זיך שבע אויף פון איר אָרט.

דידאָזיקע, וואָס זענען געשטאַנען בײַ דער אָפענער טיר, צעלויפן זיך.

שבע קוקט זיך איבער מיט מאַניסן. אייברעם הייבט זיך אויף, נעמט זיין ליולקע און רוקט זיך צוריק־וועגס אַרויס פון שטוב.

## יט.

# אין קעלער

בשעת אייבּרעם איז אַרויס פון מאַניסעס שטוּב איז ער נאָך געווען אונטער דעם איינדרוק פון ב״ר. די פיס זענען בּאַ אים געווען אַזוי ווי שטיקער האָלץ און אין קאָפּ האָט געשווינדלט. פונדעסטוועגן האָט ער נישט פאַרפעלט צו באַמערקן, אַז די טירן עפענען זיך און עס באַווייזן זיך חוזקפולע פּנימער. פון וואָס מאַכן זיי חוזק? האָט אייבּרעם באַוויזן צו טון אַ פרעג בּאַ זיך אַליין. און דערנאָך האָט ער זיך אַליין געענט־פערט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט און אַ זידלוואָרט אין ענגליש. דאָס דאָזיקע זידלוואָרט האָט אייבּרעם אָפט באַנוצט און עס פלעגט אים גרינגער ווערן בשעת ער האָט דאָס געזאָגט. עס איז בּאַ אים געווען אַזאַ מין ברכה, בעסער געזאָגט, עס איז דערגאַנגען בּאַ אים צו דער מדרגה פון אַ ברכה. אייבּרעם האָט אויך נישט פאַרגעסן איינצודרייען די געז־בּרענערס אין די קאָרידאָרן, דורך וועלכע ער איז איצט דורכגעגאַנגען. די איבעריקע קאָ־רידאָרן, וועלכע זענען אים נישט אויסגעקומען דורכצוגיין, האָט ער היינט אָוונט געלאָזט אויף גאָטס באַראָט. עס איז אים איצט מער נישט געלעגן אין זינען דאָס אויסדרייען די געז־בּרענערס. ער איז קוים, קוים צוגעקו־מען צו דער טיר פון זיין קעלער און איז כמעט אַריינגעפאַלן דורך דער טיר.

אין קעלער איז געווען פינצטער. אייבּרעם האָט נישט אָנגעצונדן קיין באַלייכטונג. ווי עס איז זיך צוגעשלעפּט צו זיין בעט און זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם ברעג פון בעט. ער איז געזעסן אַזוי מיט זיין

קאָפּ אַ ביסל איינגעבויגן. דער טשאַד פון ביר איז ביסלעכווייז אַרויס און אים איז געוואָרן קלאָר אין מוח, אַזוי ווי אויף דעם הימל נאָך אַ שטאַרקן רעגן. שוין ווידעראַמאָל אָפּגעטון אַ נאַרישע זאַך. נאָך אַלעמען איז דאָך שבע נישט זיינע, נאָר מאַניסעס. וואָס האָט ער זיך אָנגעקלעפּט אָן יענעמס אַ זאַך. פאַרוואָס געפינט ער נישט פאַר זיך אַ פרוי, וואָס איז נאָך קיינעמס נישט?

אייבערעם האָט אין דער פינצטער אַ בריק געטון מיט זיין פוס אינ־דערלופטן. דערדאָזיקער בריק האָט געמיינט זיך אַליין אַ בריק צו טון. אין דער מינוט האָט ער טאַקע געפילט, זיך אַליין צו טון אַ גוטן בריק. דרייט זיך אַרום אויף דער וועלט און זוכט נאָר יענעמס.

וואָס זאָל ער אָבער טון, אַז מאַניס האָט פאַרכאַפּט פריער פאַר אים. וואָרים ווען אייבערעם וואָלט געווען דאָרט ערגעץ אין פאָדאָליע, וואָלט דאָך מאַניס נישט אויסגעכאַפּט בײַ אים שבען.

אייבערעם צעלאַכט זיך הויך אויף אַ קול. דאָס איז אַ חיזק... מאַניס האָט בײַ אים אויסגעכאַפּט. ווער פילט אַזוי טיף דעם ווייטיק אַזוי ווי אייבערעם פילט. עס טוט אים וויי. שבע האָט דאָך אים אַרויסגעטריבן פון שטוב. שבע, שבע, שבע. אייבערעם וועט משוגע ווערן פון ווייטיק. איצט, גיוואַלד גוד בײַ. צוואָס טויג אים דערדאָזיקער קעלער מיט די זאַכן, וואָס ער האָט דאָ אָנגעקליבן, און מיט די שיינע קעץ, אויב שבע האָט אים היינט אויף דער נאַכט פון איר שטוב אַרויסגעטריבן.

אייבערעם הייבט זיך אויף פון בעט, צינדט אָן באַלייכטונג. דאָס פינצ־טערקייט צעלויפט זיך. דאָ און דאָרט ליגן זיינע קעץ און שלאָפן. עס זאָלן לעבן אייביק זיינע קעץ. קעץ מיינע ליבע, ווייסן זיי, אַז מען האָט אייבערעמען פון אַ מענטשס שטוב אַרויסגעטריבן?

אייבערעם פילט, ווי עס ווערגט אים אין האַלז.

וואָס איז דאָס, אייבערעם?

חיל אייבערעם, ווי אַ קליין קינד, זיך אויסוויינען?

אייבערעם, כ'וועל זיך דערווערגן! כ'שווער בײַ דעם ליבן פאָטער אין הימל, אַז כ'וועל זיך דערווערגן.

אייבערעם צעלאַכט זיך.

אָט אַזוי, אייבערעם, זיי אַ ספּאָרט!

אייבערעם שעלט זיך ווידעראַמאָל מיט זיין ענגליש זידלוואָרט. עס

ווערט אים לינד און לייכט. ער לייגט זיך אין בעט. מאַכט זיך דאָס ליגן אין בעט זייער באַקוועם. עס באַפאַלן אים אַזוי פיל טראַכטענישן, אַז ער ווייסט אַליין נישט פון וואָס פריער צו טראַכטן.

ער טראַכט, אַז עס קאָן מעגלעך זיין, אַז אייברעם זאָל ווערן אַ באַנייטער מענטש. אַלץ איז מעגלעך. קאָן ער דען מאָרגן נישט אויפשטיין און אַוועקגיין אין אַן אַנדערן עק פון שטאָט און זיך אַ נאָמען געבן אַן אַנדערן נאָמען און זיך אָנטון אַנדערש. אַלץ איז מעגלעך. אוי, וועט ער לאַכן פון איטלעכן. זיך וואַשן דריי מאָל אַ טאָג און לאַכן. זיך אַרומדרייען אין די גאַסן און פייפן און קיינער וועט נישט וויסן, אַז עס איז אייברעם.

נאָר אין אַ צייט, אַ לאַנגע צייט אַרום, וועט ער אַראָפּקומען אין די־לענסי סטריט און דורכגיין נומער הונדערט און אַכצן און בלייבן שטיין און באַטראַכטן דאָסדאָזיקע שיינע אָרט און ערשט זען, ווי דום אייברעם איז אַמאָל געווען.

הערט נאָר אַמאָל, אייברעמען אַרויסוואַרפן פון שטוב? עס קומט אים. בעסערס האָט ער נישט פאַרדינט. שוין צייט געווען צו זיין אַ זיידע און האָבן שיינע אייניקלעך. גייט גאָר אייברעם נאָך אַרום אַ בחור. ווער וויל זיך אומקוקן אויף אַזאַ פערזאָן. אויך אַ פערזאָן. אייברעם!... אפילו קיין גאַנצע הויזן פאַרמאָגט ער נישט. עס שטינקט פון אים דריי מייל ווייט. און דאָס שמוץ ליגט אין זיין הויט אַזוי טיף אַריינגעזאַפּט, אַז מען קאָן עס שוין נישט אָפּוואַשן. און אַ העמד טוט עס אָן איינמאָל אין יאָר. ווען עס צעריסט זיך דאָס אַלטע העמד, קויפט ער אַ ניי העמד. און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. ווער האָט זיך אייברעמען געהייסן אַזוי אָפּלאָזן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר. אַז מען לאָזט זיך אָפּ, טרעט מען דיר אויפן קאָפּ. איז דאָס מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל לעבן און נישט האָבן קיין פריינט? האָט אייברעם פריינט? ווו זענען זיי? דרייט זיך נישט אַ שטיין אין די־לענסי סטריט? אייברעם איז אַזוי ווי פון שטיין אַרויס. נישט אומזיסט רינט נישט קיין בלוט, ווען אייברעם צעשניידט זיך אַ פינגער בײַ דער אַרבעט. קאָן דאָס מעגלעך זיין, אַז אַ לעבעדיקער מענטש זאָל האָבן אַן אינטערעס אין לעבן און לעבן אַזאַ לעבן, ווי אייברעם לעבט? געוויס נישט, געוויס נישט...

אייברעם הייבט זיך אויף פון בעט, פילט אָן זיין ליולקע מיט טאַבאַק, און מיט גרויס פלייס צינדט ער אָן דעם טאַבאַק, ביז די פולע ליולקע גליט מיט רויטן פייער. דאָס פייער לעשט זיך, טונקט זיך אונ=

טער אין דער טיף פון דער ליולקע און קומט צוריק אַרויף און גליט ווידער און באַשיינט אייבערעמס פּנים. אַ לאַנגער זייל מיט רויך קומט אַרויס פון דער ליולקע און צעטראָגט דעם שיינעם, פאַרכשופטן ריח אין דער לופט. אייבערעמס ווערט פון דעם רויכערן אַ ביסעלע געלאַסענער, זיין פּנים קליידט זיך אָן מיט דעם קלוגן אויסגעווייטיקטן אויסדרוק פון אַ הייליקן מענטש, וואָס האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און פראַ־ וועט באַהאַלטענע און געהיימע פייניקונגען איבער זיין קערפּער.

אייבערעם איז אָבער נישט קיין אָפּגעזונדערטער הייליקער. אייבערעם ווייסט אפילו נישט וואָס דאָס איז אַזעלכעס. אייבערעם איז אַ מענטש אַ פּראָסטער און אַ זינדיקער און וויל לעבן אַזוי ווי אַלע פּראָסטע זינ־ דיקע מענטשן לעבן און ווייסט נישט ווי אַזוי. אָפט דאַכט זיך אים אויס, אַז ער האָט שוין אָנגעטראָפן אויף דעם ריכטיקן וועג. נו, וואָס איז דאָ צו גאַרן זיך. אייבערעם האָט אויך אויגן, אייבערעם האָט אויערן, אייבערעם האָט אַלע חושים, וואָס יעדער מענטש באַדאַרף האָבן. אָבער תמיד שטייט אים עפּעס אין וועג: אָדער ער פאַרלירט יענעם, אָדער יענער לאָזט אים איבער און אַנטלויפט פון אים.

אום גאָטס ווילן! שרייט אייבערעם. אום גאָטס ווילן, גיט מיר אַ גע־ לעגנהייט און איך וועל אייך ווייזן, אַז איך וועל זיין אַזוי גוט און קלוג ווי איר אַלע זענט.

עס איז שוין שפּעט, אייבערעם, — שרייט אייבערעם אין זיך אינע־ ווייניק. עס איז שוין שפּעט.

וואָס זשע זאָל איך טון?

גיי אַרויס אין פעלד און לייג זיך אַנידער אויף דער ערד און זאָל דער ווינט דיך אָוועקבלאָזן. נישט אַנדערש.

איר בעסטיעס! כ׳וועל אייך ווייזן. — טוט אייבערעם אַ בריק מיטן פוס אין דער לופט. כ׳וועל אייך ווייזן. איידער אייבערעם גייט אַוועק פון דאַנען, וועט איר אים נאָך פילן. ער האָט נאָך גענוג ביטערקייט אין זיך אייך אַלעמען צו פאַרסמען. אייך איז גוט, וועט אייך כאָטש אַ ביסל בי־ טער זיין. פילט אויך דאָס ביטערקייט פון אַן איינזאַמען מענטש צווישן שטיינער.

אַך, זי גאָט אין הימל, וואָס זאָל איצט אייבערעם טון?
וואָס זאָגסטו דאַרטן, דו אַלטער גאָט?

דיין קלוגשאַפט קאַרגסטו נישט פאַר קיינעם. גיב מיר אויך אַ ביסל. אייבערעם וועט נישט וואַרטן. אייבערעם וועט זיך אַליין נעמען דאָס, וואָס אים קומט.

יאָ, מיין הער! יעס סער! כ׳וועל דאָך נישט משוגע ווערן דערפאַר, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ רעגנדיקן טאָג. כ׳וועל נעמען מיינס, וואָס עס קומט מיר.

אויב איך קאָן עס נישט נעמען מיט בייזן, וועל איך נעמען מיט אַנדערע וועגן. כ׳זאָל זאָגאַר דאַרפן וואַרטן ביז מיינע האָר וועלן גרוי ווערן, וועל איך דען נישט וואַרטן?

אייבערעם הייבט אויף זיינע הענט, שפּאַרט זיך אָן מיט זיי אין באַלקן פון קעלער, וואָס איבער זיין קאָפּ, ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער לענג און דערפילט ווי זיינע ביינער גיבן זיך אַ גלייך אויס. ער שפּייט אויס דאָס ביטערע זיסע שפּייעכץ פון דעם זאַפט פון ליולקע און וואַרפט זיך אַריין אין בעט אַריין מיט דידאָזיקע ווערטער:

איצט וועלן מיר אַ ביסל שלאָפן.

## כ.

## שורע וואָלקנס

אויף מאָרגן איז מאַניס אויפגעשטאַנען ווי אַלע מאָל זייער פרי און זיך אָנגעטון שטילערהייט, כּדי ער זאָל נישט אויפוועקן זיין חייב. אָבער שבע איז אויך אויפגעשטאַנען און זיך אָנגעטון נאָך גיכער פון מאַניסן, און אָנגעגרייט מאַניסן אַ גלאָז טיי. זיי האָבן צווישן זיך די גאַנצע צייט נישט גערעדט, נאָר זיך געפּלאָנטערט איינער אין אַנדערן אין דער האַלבער טונקלקייט פון שטוב.

און ווען שבע האָט אָנגעגאָסן טיי צום טיש, האָט זי געזאָגט:

— מאַניס, איך האָב מורא צו בלייבן אַליין.

מאַניס האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט

— וואָס עפּעס אַ נייעס?

— אַ נישט בין איך דען געשלאָפן די גאַנצע נאַכט? דו ביסט יאָ געשלאָפן, אָבער איך נישט. עס האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז עמעצער איז בײַ דער טיר.

— מען וועט דיך צוגנבענען, צי וואָס? ס׳פּיצעלע קינד האָט מורא, — האָט מאַניס געלאַכט. — און וואָס ביסטו ערגער פון אַנדערע באַלעבאָסטעס. אומעטום פירט זיך אַזוי: דער באַלעבאָס גייט אַוועק און די „זי״ בלייבט אין שטוב. צי אפשר וואָלט איך דיך מיטגענומען אין אַ פושקעלע מיט זיך?

— איך וועל אַליין נישט בלייבן, מעגסט לאַכן פון מיר, — האָט שבע געזאָגט זיכער און שאַרף.

— פאַר וועמען האָסטו מורא ? — איז מאַניסן מיטאַמאָל נישט זייער באַקוועם געוואָרן. — דאָ איז אַזאַ פריילעכע שטאָט, מענטשן אַפּ און אויף. וואָס איז דאָ דען אַ דאָרף ?

— וואָס איז דאָ לאַנג צו רעדן, — איז שוין שבע געוואָרן קריגע־ריש, — איך וועל דאָ אין שטוב אַליין נישט בלייבן.

— טאָ קום מיט מיר.

— זאָל זיין מיט דיר.

— איי, ביסטו נאַריש, שבע, פונקט ווי אַ ווייבל ערשט נאָך דער חתונה — האָט מאַניס צעקרימט זיין פּנים און מען האָט נישט געקאָנט וויסן צי ער לאַכט, צי ער וויינט — און אַז דו וועסט גיין מיט מיר, וועסטו זיין אָפּגעהיטן פון אַ סכנה ? און ווו קאָן איך דיך באַהאַלטן. צי דו וועסט גיין מיט מיר דאָרטן ווי איך אַרבעט ? האָב איך דען דאָרט גענוג אָרט פון מיינעטוועגן אַליין. קום צוויי איילן די גרויס פון מיינעטוועגן. און דאָס געלעכטער, וואָס עס וועט זיין, אַז איך וועל מיטברענגען דאָס ווייב מיט זיך. און ווידער זיצן מיט דיר דאָ און דיך אָפּהיטן קאָן איך נישט.

— וואָס זשע דען וועט זיין ? — זעט שוין שבע, אַז זי איז נאַריש.

— איך וועל בעטן אַ שכנה אָדער צוויי, אַז מען זאָל דיך היטן — איז מאַניסן איינגעפאַלן אַ פּלאַן. ער האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז טיי און איז אַרויס אין האַלב פינצטערן קאָרידאָר. לינקס פון זיין טיר איז געווען נאָך אַ טיר. מאַניס האָט אין דער פינצטער קוים געפונען דאָס הענטל פון דער טיר. ער האָט דאָסדאָזיקע קלעפּיקע הענטל אָנגענומען און געפילט, אַז דאָס האַרץ זיינס קלאַפּט שווער. און נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַ קלאַפּ צו טון אין טיר, האָט זיך דידאָזיקע טיר געטון אַ ריס פון זיינע הענט און אין זיינע אויגן האָט געטון אַ בליץ דאָס נאַקעט־קייט פון אַ פרוי, וועלכע איז געווען פעט באַהאָנגען מיט זעקלעך מיט שמאַלץ.

— גיר האַרי היר ! וואַדי יו מין!

מאַניס האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דידאָזיקע פרוי האָט געשריגן, אָבער ער האָט געפילט פונקט אַזוי ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטון. מאַניס איז אָפּגעשפרונגען פון יענער טיר און באַלד איז דידאָזיקע

טיר צוגעקלאַפּט געוואָרן מיט אַזאַ ראַזמאַך, פון וואָס דער גאַנצער קאָרי־
דאָר האָט אַ ציטער געטון. מאַניס האָט געוואָלט זיך שוין אומקערן צוריק
אין זיין שטוב אַריין, נאָר אַזאַ געפיל געהאַט, ווי עמעצער האָט אים אַ
שטופּ געטון און ער איז צוגעגאַנגען צו איינער פון די צוויי טירן אין אַנ־
דערן עק פון קאָרידאָר.

„מען דאַרף אָנקלאַפּן" — האָט מאַניס צו זיך אַליין געזאָגט. ער האָט
אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. דאָס ווידערקול פון זיין קלאַפּ אין דערדאָזיקער
טיר האָט מאַניסן אויסגעוויזן ווי קיינער וואָלט דאָרט אינעווייניק נישט
געוווינט. אַ מינוט איז טאַקע געווען שטיל. מאַניס האָט ווידעראַמאָל אָנגע־
קלאַפּט. דאָס מאָל שטאַרקער אינעווייניק האָט עפּעס אַזוי ווי שווערס גע־
טון אַ פאַל. טריט בייזע. די טיר טוט זיך אָן עפן מיט אַ פּראַל.

— וואָס האָט'ס געוואָלט ? — פרעגט דאָס צעשויבערטע, האַלב־נאַ־
קעטע באַשעפעניש און גיסט פייער פון די שפּיזלדיקע קליינע אויגן —
מאַניס האָט זיך דערשראָקן פאַר דעמדאָזיקן באַשעפעניש. אַז עס איז אַ
פרוי האָט ער באַלד געקאָנט זען. אָבער דאָס קול אירס איז געווען אַזוי
ווי פון אַ מאַנסביל. מאַניס האָט זיך געשעמט צו קוקן. זייבע אויגן זענען
געווען אַריינגעצויגן אין אים אַריין. ער האָט נאָר געפילט, ווי דער וואַרע־
מער, נישט זייער גוטער ריח פליסט פון יענער שטוב אין זיין נאָז אַריין.
ער האָט געזאָגט :

— איך בין דאָ אַ שכן — און נישט געהאַט צייט צו ענדיקן, אַז
דאָס געשטאַלט בײַ דער אָפענער טיר האָט אים איבערגעשלאָגן :

— ס'וואָס־זשע ווילט איר ?

— מיינע האָט מורא אַליין צו בלייבן אין שטוב.

— לייגטצע אַוועק אַ פּאָליסמאַן בײַ דער טיר — זאָגט די פרוי.

— אַ וואָס ? — פרעגט איבער מאַניס.

— אַ פּאָליצמאַן ! — שרייט די פרוי.

— אפשר קאָנט איר טון אַ שכן אַ טובה און האַלטן אַן אויג אויף
איר ? — בעט מאַניס און וויל שוין אַוועקגיין פון דער טיר. ווארים ער
האָט דערפילט, אַז עס איז אים נישט גוט דאָ צו שטיין.

— איך זאָל וואַטשען היגענס וואַב... האָסט געהערט — איז יענע
האַלב־נאַקעטע געשטאַלט שוין געוואָרן ברוגז — וואָס בין איך אַ פּאָליצ־

מאַן ? דיין גליק, וואָס מיין מאַן איז נישטאָ אין דער היים. ער וואָלט דיר געמאַכט אַ בלוי אויג.

— וואָס אַרט אייך — האָט מאַניס פאַרשטאַנען, אַז דידאָזיקע פרוי האָט זיך אַ ביסל באַליידיקט, אָבער ער האָט נישט געוווּסט, וואָס אַ בלוי אויג האָט געמיינט. דערפאַר האָט ער זי געוואָלט איבערבעטן מיט ווייכע ווערטער — וואָס אַרט אייך. מיר זענען דאָך שכנים. איצט וועט איר מיר טון אַ טובה. אַן אַנדערט מאָל וועל איך אייך אָפּדינען מיט דאַנק.

— וואַרטעך נאָר אַ סעקונד — האָט די פרוי געזאָגט און איז גיך פאַרשוווּנדן און באַלד צוריקגעקומען שוין אַ באַליידיקטע, און אויפגעהויבן אַ האַנט צו מאַניסן און געזאָגט:

— איר געטעך נישט אַוועק פון דאַנען ?

— ליבע פרוי ! — האָט זי מאַניס געטון אַ כאַפּ מיט ביידע הענט.

— אינענס ווייב שפּילט זיך מיט אייבערעמען און איר ווילט זיך שפּילן מיט מיר ! — האָט זיך די פרוי געריסן פון מאַניסעס הענט און אים דערווייל פאַרפאָרן אין קאָפּ אַריין מיט איין האַנט. מאַניסעס קאַפּעליוש איז אַראָפּ פון זיין קאָפּ און זיך ערגעץ פאַרקייקלט אין פינצטערן קאָרידאָר. מאַניס בייגט זיך איין נאָך דעם קאַפּעליוש. עס עפענען זיך אַלע טירן אין קאָרידאָר. שבע איז אויך אַרויסגעלאָפן.

— מאַניס, וואָס איז מיט דיר ?

— אָט זי איז דאָס דידאָזיקע, וואָס שפּילט זיך מיט אייבערעמען.

— האַלט אייער מויל ! — שרייט מאַניס און פילט ווי זיינע באַקן פלאַמען.

— דערלאַנגט אים אַ ברי צווישן די אויגן, וועט ער וויסן ווי אַ ליידי צו רעספּעקטירן — גיט אונטער היץ אַ צעגאָסענע יידענע פון דער צווייטער טיר.

— נאַטעך אינען אַ פרישטיק ! — האָט מאַניס געכאַפּט אַ זעץ אין דער נאָז אַריין. אים איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן און אַ קעלט איז דורך זיין גאַנץ לייב. באַלד איז ער געקומען צו זיך. שבע האָט אים אָנגענומען און געטון אַ שטופּ אַוועק. מאַניס האָט אַוועקגעשאַרט שבען:

— נאַר, איך וועל שווייגן ווען מען זאָגט אַ שלעכט וואָרט אויף דיר ? — ער איז צוגעלאָפן צו דער פרוי, וועלכע האָט אים געטון אַ קלאַפּ

אין דער נאָז און איר געגעבן אַ פּאַטש מיט אַ פֿולן קרייז פֿון זיין האַנט, אין פּנים. עס איז געוואָרן אַ טומל.

— אַ פּאָליסמאַן!

— שלאָגט אַ ליידי!

— אַ פּאַטראָל־וואָגן!

דערווייל איז שוין מאַגיס געלעגן אויסגעשטרעקט אויפֿן פּלאָר פֿון קאָרידאָר און איינע פֿון די פּרויען איז געזעסן אויף אים און מיט איר שווער געוויכט אים שיער נישט איינגעבראָכן דאָס בלעך פֿון האַרץ. מאַגיס האָט געוואָלט זיך באַפֿרייען, אָבער נישט געקאָנט. שבע האָט אים אָנגע־נומען באַ די פֿיס און אים געוואָלט אַרויסשלעפּן און נישט געקאָנט. אין דער מינוט איז שבע גאָר געוואָרן אַן אַנדער וועזן. זי האָט זיך געראַנגלט מיט דער פּרוי, וועלכע איז געזעסן אויף מאַגיסן און זי נישט געקאָנט בייקומען. זי איז אויסגעשטאַנען אַלערליי באַליידיקונגען. ווערטער, וועלכע זי האָט אין איר לעבן קיינמאָל נישט געהערט, זענען געפֿלויגן אויף איר קאָפּ אַזוי ווי שווערע שטיקער האָגל פֿון אַ גרויסן שטורם. שבע האָט נאָר געוואָלט איין זאַך: באַפֿרייען מאַגיסן פֿון דעם ערגסטן בזיון.

דערווייל איז דער קאָרידאָר געוואָרן פֿול מיט מענטשן. דער גאַנ־צער סקאַנדאַל איז געשען פֿון די טרעפּ איז געהען אָנגעשטאָפּט מיט קעפּ. איב־דערויסן האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פֿון אַ גלאָק. דאָס שטופּעניש צווישן די אָנגעלאָפֿענע איז געוואָרן מוראדיק און דורך דעם סקאַס פֿון די טרעפּ איז דורך דער ענגשאַפֿט, ווי מיט אַ מעסער דורכגעשניטן, אַרויפֿגעקומען אַ פּאָליסמאַן מיט זיין פּאָליצײ־קלעצל, פּאָכענדיק אין דער דער לופֿטן. באַלד נאָך אים איז געקומען אַן אַנדערער אין ציוילע קליידער.

— וואַט־טי־מעדער?

— דיס מען מוירדער אַ ליידי...

— וועמען האָט ער דערהרגעט?

— אָט דיזע פּרויקע.

— זי זיצט דאָך אויף אים.

— נעווער מיין.

— קרוק... אויסגעלאָסענע פּרוי... פּיקפּאַקעט... מוירדער אַ ליי־די... — האָט די פּרוי, וואָס איז געזעסן אויף מאַגיסן, געקלאַפּט מיט

אַ קולאַק מאַניסן אין האַרץ אַריין און אויסגערעכנט אַלערליי פאַרברעכנס, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט אַרויסברענגען אויף איר צונג.

— געט אָפּ! — האָט דער פּאָליסמאַן באַפוילן.

— הא, מי?

— געט אָפּ! — האָט דעם פּאָליסמאַן זי געטון אַ ריס און באַפרייט מאַניסן. מאַניס האָט זיך קוים געהאַלטן מיט דער הילף פון שבען. שבע האָט אים מיט דער האַנט אָפּגעטורייסלט דעם שטויב פון די קליידער און אין איינוועגס אויך אויסגעגלייכט די ביינער און צו אים גערעדט, אָבער מאַניס האָט נישט געהערט. זיין בלוט האָט אין אים געקאָכט און געזאָטן. ער האָט זיך געטון אַ ריס צו דער פרוי, וועלכע איז אויף אים פריער געזעסן. דער פּאָליסמאַן האָט אים געטון אַ כאַפּ און גענומען אונטערן אָרעם.

אין די אויגן האָט געשווינדלט. קעפּ איבער קעפּ. די גאַנצע גאַס איז געווען שוואַרץ מיט מענטשן. אַ טרעפּל און צוויי לאַנגע בענק און אַ גלאָק קלינגט דינג, דינג, דינג. דאָס אַלץ. און ווען מאַניס איז געקומען צו זיך, איז ער געשטאַנען פאַר אַ טיש צווישן צוויי פּאָליסלייט און בײַם טיש פון יענער זייט איז געזעסן אַ גוטמוטיקער מענטש מיט אַ זייער גרויסן קאָפּ, שווערע הענגענדיקע רויטע באַקן און מיט אַ גרויסן פּליך אויפן קאָפּ.

— ספּיק ענגליש.

— ני! — האָט מאַניס געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

עס איז צוגעקומען איינער אין ציווילע קליידער:

— מען פרעגט בײַ אייך, ווי אַזוי איר הייסט.

— מאַניס, הייס איך.

— ווי לאַנג זענט איר אין אַמעריקע?

— בײַ אַ צוויי חדשים.

— און וואָס טוט איר פאַר אַ לעבן?

— איך אַרבעט בײַ העמדער.

— און וואָס האָט איר געטון אַזוי פרי בײַ אַ פרעמדער טיר?

— מיין פרוי האָט מורא געהאַט אַליין צו בלייבן אין שטוב, בין איך בעגאַנגען בעטן בײַ דער שכנה, אַז זי זאָל זיך צוהערן צו מיין ווייבס טיר.

— וואָס איז געווען ווייטער?

די פרוי איז מיך באַפּאַלן פאַר גאַרנישט און מיר געטון אַ זעץ אין דעם אַרט — מאַניס ווייזט זיין נאָז.

— וואָס איז געווען ווייטער ?

— און חוץ דעם האָט זי באַליידיקט מיין ווייב.

— און וואָס איז געווען ווייטער ?

— האָב איך איר דערלאַנגט אַ פּאַטש, דאָס אַלץ. — זאָגט מאַניס פּשוט און ער פילט זיך זיכער דערפון, וואָס ער דערציילט דעם אמת. ער קוקט דעם איבערזעצער גלייך אין די אויגן אַריין און טראָגט דערנאָך אַריבער זיינע אויגן צו דעם מאַן, וועלכער זיצט פון יענער זייט טיש. בא יענעם אויף דעם שווערן רויטן פּנים באַווייזט זיך אַ שמייכל. מאַניסן ווערט דערפון גרינגער דאָס האַרץ. ער טראַכט צו זיך אין דער שטיל: אוי גאָט, גיב אים אַריין אַ גוטע מחשבה. איך דערצייל דעם אמת. זאָל ער מיך שיקן אַהיים צו שבען און זאָלן די שונאים צעפּיקעט ווערן.

— און וואָס ווייטער ? — פרעגט דער איבערזעצער.

— אַז איך האָב איר געטון אַ פּאַטש, האָט זי געמאַכט אַ געוואַלט און מען איז אַרויס פון אַלע טירן און מען איז מיך באַפאַלן און מיך געשלאָגן און געטרעטן מיט די פיס און זיך אויף מיר געזעצט, ביז זיי זענען געקומען. — מאַניס ווייזט אויף דעם פּאָליסמאַן, וואָס שטייט רעכטס צו אים.

איז דאָס דאָס ערשטע מאָל, וואָס איר זענט אין געריכט ?

— דאָס ערשטע מאָל — זאָגט מאַניס און כאַפּט זיך צוריק און זאָגט: אין פּאָדאָליע האָב איך נישט געוואָלט זיצן וועזשע, בין איך אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

— נישט געוואָלט זיצן אין פּריזאָן ?

— נישט געוואָלט זיצן וועזשע.

— פּריזאָן ?

— וועזשע.

— נו, אין פּריזאָן. פאַרוואָס פאַר אַ זיגד ?

— כ׳וויס דאָרטן. פּאָני גנב. . . — זאָגט מאַניס מיט האַלבע, נישט דערזאָגטע ווערטער.

— אַ גנב.

— צי ער איז אַ גנב. ער מעג אַלץ. טאָמער האָב איך נישט געהאַט קיין פּאַטענט.

— דערקלערט איר זיך שולדיק?

— און וואָס? — שטרעקט מאַניס אויס זיינע דערשראָקענע אויגן.

— און אויפברעכן יענעמס טיר.

— צו מיינע שונאימס קעפּ!... ווער האָט אויפגעבראָכן אַ טיר? — צעשרייט זיך מאַניס און איידער ער האָט נאָך צייט זיך גוט אויסצוטענהן איז ער שוין דאָ נישטאָ.

## כא.

# אין אַ נויט

ניש אַזוי גרינג איז אָנגעקומען דעם פּאָליסמאַן אַרויסצורייסן מאַניסן פון שבעס הענט. שבע האָט געביסן מיט די ציין, געדראַפּעט מיט אירע נעגל און געבריקעט מיט די פיס. איין זאַך האָט זי נישט געטון — זי האָט נישט געחלשט. מילא, מאַניסן האָט מען שוין בײַ איר צוגענומען און זי איז געבליבן אייגע אַליין אין אירע צוויי שטיבלעך: איינס אַ ליכטיקס און איינס אַ פינצטערס. זי איז בּאַלד, גאָר אין אָנהייב, געלעגן אָדער געזעסן אויף אַ בעט אין פינצטערן שטיבל.

זי האָט זיך געביסן די אייגענע פינגער און געדראַפּעט דאָס אייגענע פּנים. רויטע פּאַסן זענען געווען אויסגעווירעט איבער איר פּנים און זי האָט נישט געקאָנט אפילו אַ ביסל וויינען. כאָטש אַ ביסל.

און צו ווען זאָל זי זיך ווענדן? פאַרוואָס האָט מען מאַניסן צוגענומען בײַ איר? און פאַרוואָס שווייגט זי?

שבע האָט זיך אויפגעהויבן און געטון אַ לויף אין ליכטיקן שטיבל אַרײַן. זי איז צוגעגאַנגען צו איינעם פון די אָפענע פענצטער און פּאַוואָליע אַרויסגעבויגן זיך אינדרויסן אַרויס. זי האָט געטראַכט, אַז עס איז איר געבליבן איין וועג: וואַרטן ביז מענטשן וועלן גיין אונטן אין גאַס און דערמאָלט טון אַ הויכן געשריי, וועלן זיך מענטשן אָפּשטעלן און אַרויפלויפן און פרעגן וואָס זי שרייט, וועט זי זיי דערציילן. אפשר וועט מען איר העלפן. זי איז אַזוי געשטאַנען אָנגעבויגן אין אָפענעם פענצטער. עס זענען גראָד בּאַלד אין אַ מינוט אָדער צוויי, דורכגעגאַנגען גאַנצע בינט-

לעך מיט מענטשן. שבע האָט אָבער אין דער מינוט נישט געהאַט גענוג שטאַרקייט צו טון אַ געשריי.

זי האָט זיך געגעסן, ווי אַ וואָרים עסט אַן עפּל, פֿאַרוואָס זי האָט געלאָזט צונעמען מאַניסן, פֿאַרוואָס זי איז אויך נישט נאָכגעלאָפֿן, און אין בער דעם, וואָס זי איז געווען שולדיק אין דער גאַנצער זאַך.

איצטער האָט זי שוין נישט מורא צו זיין אַליין אין שטוב? ווען זי הייבט נישט אָן מיט דערדאָזיקער טענה, אַז זי האָט מורא, וואָלט דאָך מאַניס שוין איצט געווען אין פֿאַבריק בײַ דער אַרבעט.

שבע האָט דערזען אונטן אין גאַס אייבערעמען. האָט זי זיך דערשראָקן און איז גיך אַוועק פֿון אָפֿענעם פֿענצטער. זי איז צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ פֿינגער צו דער טיר און פֿאַרקייטלט די טיר און איז צוריק אַוועק אין פֿינצטערן שטיבל. עס קאָן זיין, אַז אייבערעם האָט זי געזען בײַם אָפֿענעם פֿענצטער און ער וועט איצטער ווערן אַריינקומען אין שטוב אַריין.

שבע האָט זיך אָן עפּעס דערמאַנט. זי איז אויף גיך געלאָפֿן און געמאַכט פֿייער אין אויוון, עס זאָל כאָטש זיין צום גוטן. זי האָט זיך אַליין געוווּנדערט, וואָס עס קומט איר אַזוי גרינג אָן דאָס פֿייער מאַכן. אין אויוון האָט שוין דאָס האָלץ געפֿלאַקערט און זי האָט אַרויפֿגעשטעלט אַ זשמעני מיט קוילן, זי האָט אויפֿגעקייטלט די טיר און אָנגעכאַפּט אַ טאָפּ מיט וואַסער. בשעת זי האָט געצאַפּט דאָס וואַסער אין קאָרידאָר האָבן די שיינע שכנים געעפֿנט די טירן און אַ קוק געטון אויף איר און צוריק פֿאַרמאַכט זייערע טירן. שעלטן זיי ווילט זיך נישט שבען — עס וועט מסתּמא באַווייזן ווערן שפּעטער, ווער עס איז דער גערעכטער און ווער עס איז דער שולדיקער. די וועלט פֿירט זיך נישט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. שבע איז צוריק אַריין אין שטוב און פֿאַרקייטלט די טיר און אַרויפֿגעשטעלט דעם טאָפּ מיט וואַסער אויף דעם אויוון, איצט איז זי שוין רויִקער מיט זיך. זאָל אייבערעם בעסער האָבן שכל און נישט קומען.

דערנאָך האָט שבע זיך גענומען גריזשען פֿאַרוואָס זי איז אַזאַ קאַלטע.

אַ פֿרוי זאָל נישט קאָנען כאָטש עטלעכע מאָל חלשן. ווער האָט

דרך ארץ פאַר אַזאַ פרוי ווי זי איז ? צוגענומען דעם מאַן, פאַרפאַלן. פאַר־וואָס שווייגט זי ?

שבע האָט זיך אָנגענומען מיט שטאַרקייט און איז אַראָפּ פון בעט, צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער און פאָרזיכטיק אַרויסגעקוקט אין דרויסן. אייבערעם איז מער נישטאָ אונטן אין גאַס. נו, אויב ער איז נישטאָ, וועט זי אויף גיך אַראָפּלויפן אין גאַס אַריין. געטראַכט און געטון.

אין גאַס איז שבע געשטאַנען און געשריגן: „העלפט מיר ראַטעווען מיין מאַן". פון אָנהייב האָט שבע דידאָזיקע ווערטער געמורמלט שטילער־הייט, ביז זי האָט אַרום זיך אָנגעזאַמלט מענטשן. דערנאָך שטייענדיק אין אַ גרויס רעדל מיט מענטשן, האָט זי שוין געשריגן גאַנץ הויך אויף אַ קול.

— וואָס איז געשען ?

— אַ משוגענע ?

— ווער ווייסט ?

— אַ פרוי שטייט און שרייט אין מיטן סטריט

— מוז זיין עפעס דיווערטייזמענט.

— אַ משוגענע.

— מוז עפעס זיין אַ נייער סאָנג.

— אַ נישט איז דאָס אַ פרוי ?

— וואָס דען ?

— ס'אַ מאַן אָנגעטון ווי אַ פרוי.

— אַן עקטער.

— אַ יעקטער.

— קוק, ווי פונקט ער מאַכט עס.

— זיי קאָנען.

— האָ, האָ.

— וואָדען, אומזיסט צאָלט מען געלט.

— זאָל מען מיר אָנשיטן די שטוב מיט געלט, וואָלט איך נישט געטון אַזאַ זאַך.

— טאַ, טאַ, אויך מיר אַ מלאכה.

עס קומט אָן מיט שטורם אַ נייער פאַרבייגייער און שטופּט זיך דורך אין דער מיט פון רעדל.

— וואָס איז דאָ?
— אַלץ דאַרפט איר וויסן?
— דעם פול! הו איז עסקינג יו?
— מי הי קאָלס אַ דעם פול?
— וואַט דען?
— וואַט דען? לוק! ער טראָגט דעם נעקטיי אויף דער לינקער זייט און איך בין אַ דעם פול.

— קיד דעם פּאָליסמאַן אויפן קאָרנער, נישט מיך. וואָס מיינסטו, איך בין אַ גרינער?

— קיין אַמעריקאַנער ביסטו אויך נישט.
— און דו ביסט?
— איך וועל דיר מאַכן אַ בלוי אויג, אויב יו וויל נאַט שאַראַפּ.

ווער ווייסט, וואָס דאָ וואָלט געוואָרן, ווען נישט אייברעם, וועלכער דערזען, אַז באַ אים אויף זיין „סיידוואָק" איז ווידער אַ געלויף. דאָס געלויף אינדערפרי, ווען מען האָט מאַגיסן צוגענומען אין „סטיישאָן־הויז" האָט ער געזען און צי ער האָט יאָ געהאַט הנאה, צי נישט, האָט ער גאָרנישט געקאָנט טון. וואָרים דאָרטן ווו די פּאָל־צייטוט עפּעס, קאָן אייברעם גאָרנישט העלפן. אָבער וואָס איז שוין ווידער פּאַר אַ צונויפלויפעניש?

אייברעם איז צוגעגאַנגען צום רעדל און איז געווען פּאַרטיק דאָס דאָזיקע רעדל צו צעטרייבן. ווען ער האָט אָבער דערזען שבען און דערהערט ווי זי שרייט ווי אַ משוגענע און האַלט אירע אויגן צוגעמאַכט און ברעכט זיך די הענט, האָט עס אייברעמען געטון אַ שטאַרקן קלעם באַם האַרצן און ער האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג און אָנגענומען שבען באַ דער פּלייצע און זי אָוועקגעפירט צוריק אין שטוב אַריין. די גאַנצע לענג מיט די טרעפּ אַרויף האָט אייברעם שבען כמעט ווי געטראָגן און בשעת מעשה האָט ער נישט אין זינען געהאַט קיין שום זינדיקע געדאַנקען. פּאַרקערט, ער האָט זי ווי ווייט מעגלעך זיך געהיטן פון נישט אָנצורירן זיך אַליין אָן שבען. שבע אַליין האָט נאָך אַלץ געשריגן: „ראַטעוועט מיין מאַן"...

עטלעכע ווייבער פון גאַס זענען אויך נאָכגעגאַנגען שבען אוי-

אייבערמען ביז אין שטוב אַריין. זיי האָבן געפּרוווט גיסן קאַלט וואַסער אויף שבעס פּנים. שבע האָט געעפנט אויף זיי די אויגן און געזאָגט:

— מונטערט מיך נישט, איך בין געזונט. אָבער ראַטעוועט מיין מאַן.

— ווו איז אייער מאַן?

— איך ווייס, איך ווייס — שרייט אייבערעם — וואָס שיטן זיי זאַלץ אויף די וווּנדן.

שבע האָט נאָך גרעסער געעפנט אירע אויגן און אָנגעקוקט אייבערעמען.

אייבערעם האָט געזאָגט צו די צוויי פרעמדע פרויען, וועלכע האָבן אים געהאָלפן אַרויפבברענגען שבען צוריק אין הויז אַריין:

— איך זע אייך דאָס ערשטע מאָל דאָ אויף אונזער בלאָק, אָבער איך דערקען אין אייך, אַז מען מעג זיך אויף אייך פאַרלאָזן.

— אוודאי! — האָבן ביידע פרויען געשאָקלט מיט זייערע גרויסע קעפּ באַדעקט מיט די שיינע, שוואַרצע, פונדערמיט צעקעמטע און אַזוי ווי מיט בוימאייל באַשמירטע פּאַרוקן.

— איך וויל אייך דאָ איבערלאָזן און אין אייערע הענט איבערגעבן אָט די אומגליקלעכע פרוי, און איך וועל אַ לויף טון דאָרטן ווו מען דאַרף — האָט אייבערעם זיך געהאַלטן אַזוי ווירדיק און גערעדט מיט אַ שטילן באַס, און זיינע ווערטער האָבן געקלונגען פון דער טיף אַרויס. — איך האָב, וויסן זיי, באַקאַנטשאַפט. עס וועט נישט נעמען לאַנג. זאָגן זיי מיר דאָס צו?

— אוודאי! — האָבן ווידער ביידע פרויען געשאָקלט מיט זייערע קעפּ, דאָס מאָל שוין מיט מער ווירדיקייט — אַזאַ מצווה.

אייבערעם איז גיך אַראָפּ מיט די טרעפּ. ער האָט דערפילט גרינגקייט אין זיינע פיס און זיין גאַנץ בלוט האָט געקאָכט אין אים און די גאַנצע צייט פון זיין אַרומלויפן האָט ער זיך עטלעכע מאָל מיט אַ מאָדנער פרייד צו זיך אַליין געמורמלט: „און איך האָב זי אפילו נישט אָנגערירט", און איז געווען אַזוי שטאָלץ אויף דעם דאָזיקן געדאַנק, אַז ער האָט געפילט אין זיך כוח דורכצוברעכן אַן אייזערנע וואַנט.

צום אַלעם ערשטן איז ער אַריין צום סאַלאָן-קיפּער אויף זיין בלאָק.

דער ביר־סאַלון איז געווען האַלב־טונקל און דאָס געלע זאַמד אויף דעם דיל האָט ווי באַלויכטן דעם גאַנצן חלל פון דעם סאַלון. אַ קיילעכיק יידל מיט אַ ווייס פּאַרטוך אַרום זיין גראָב בייכל, איז געשטאַנען אונטער דעם לאַנגן טיש־קאַסטן. דאָס גראָבע בייכל זיינס מיט דעם ווייסן פאַרטוך האָט אַרויסגעקוקט איבער דעם טיש־קאַסטן. דער ייד האָט געטון אַ שמייכל בשעת אייבערעם איז אַריינגעקומען.

— דיינע פּראָפּערטיס זענען פאַרברענט געוואָרן, אייבערעם, וואט׳ס די מעטער מיט יו?

— אָך, ברודער, איט׳ס אַ לאָנג סטאָרי — איז אייבערעם צוגעפאַלן צום ברעג פון טיש־קאַסטן און זיך אָנגעשפּאַרט מיטביידע עלנבויגנס און פאַררוקט זיין הוט הויך איבערן שטערן — יעס! הער, ברודער, אַן אומגליק. מיינס אַ גוט פריענד איז אין טראָבעל... אין די קופּ... יו נאָו, אין די קופּ, פאַר נאַטינג.

— וואָס הייסט?

— אַ „בלויער הונט" האָט אים אַ נעם געטון און פאַרשיק.

— פאַרוואָס?

— פאַר נאַטינג.

— אין אונזער בלאָק?

— דאטס וואַט איי עם טעלינג יו

— וואָס פאַר אַ „קאַפּ".

— נישט אונזערער.

— וועלכער דען?

— געבראַכט פון דאָרט, מיטן קערידזש...

— ווער איז דער חברהמאַן?

— אַ פּראָסטער ייד.

— ווי זשע קומט ער אין טראָבעל?

— אַ מיסעס נעקסט דאָר...

— אַזוי... אַ מיסעס נעקסט דאָר — צעלאַכט זיך דער ייד מיטן ווייסן פאַרטוך — און ווו בין איך?... הערסט, אַ מיסעס נעקסט דאָר...

— כ'וויל זאָלסט אים אַרויסנעמען — ווערט אייבּרעם בּלייך אויף זיין פּנים און פילט ווי דאָס גאַנצע לייב ציטערט אויף אים פון דעמדאָזיקן יידס האַלטן זיך.

— איך ? ! כאַ, כאַ, כאַ — צעשפּרייט דאָס בּייכיקע יידל זיין ווייס פאַרטוך נאָך בּרייטער מיט זיינע צוויי האָריקע הענט — נישט בּאַ מאַטיען !

— גיי אין דר'ערד ! — שרייט אים אייבּרעם אין פּנים אַריין און לויפט אַרויס פון סאַלון.

אין גאַס האָט ער זיך אַ ביסל בּאַרויקט און איז צוגעגאַנגען צום פּאָליציי-מאַן, וועלכן ער האָט גוט געקענט.

— האַללאָ, בּיל !

— האַללאָ, אייבּרעם ! וו'אַטס די טראָבּעל ?

— בּיל, אַ פרענד אָן מיין איז אין טראָבּעל.

— קען איי העלפּ הים ? — פרעגט דער פּאָליציימאַן און בּייגט זיך איין צו אייבּרעמען מיט זיין אויער.

— דו קאָנסט, אויב דו וועסט נאָר וועלן.

— אַיי עם ען איירישמען !

— דאָס איז גענוג ! — זאָגט אייבּרעם מיט שטילן צוטרויען.

— עניוועי, טעל מי, וואַט איז די טראָבּעל.

אייבּרעם האָט שטילערהייט, און בּשעת מעשה אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, דערציילט בּילן די גאַנצע מעשה. ווען ער האָט געענדיקט, איז ער געשטאַנען און בּאַטראַכט דאָס געזונטע פּנים פון דעם פּאָליציימאַן און אים מקנא געווען : אָט דאָס איז אַ מענטש !

דער פּאָליציימאַן האָט זיך געטון אַ רייב דעם שטערן און געזאָגט :

— ליסטען, אייבּרעם, איך גלייב דיר, אַז דיין פריינט איז אַן ערלעכער מענטש. אָבער איך בּין נישט קיין „קעפּטען" און אויך נישט קיין „דזשאַדזש". מיין קליינער קאָפּ זאָגט, אַז דו בּאַדאַרפסט האַנדלען גיך. וואָרים ווייסט'ך... דאָרט ווו עס האָט צו טון מיט אַ וואומען", איז נישט גוט. דו לויף בּעסער אַוועק צו דעם „יידישן פּייפּער". דערצייל דאָרטן

און זיי וועלן שוין זען, וואָס זיי קאָנען טון. אייברעם, לויף גלייך אהין. און איך זאָג דיר צו, אַז אַזוי גיך ווי מען בייט מיך איבער און אויב איך טרעף אים נאָר אין סטיישאַן, וועל איך טון מיין „דיוטי". איך בין אַן איירישמען. ווי הייסט ער, מאַניס?

— יעס, ביל. איך דאַנק דיר — האָט אייברעם אַ פאַרלווירענער געזאָגט און האָט זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג פון איסט בראָד־וויי. לויפנדיק האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. וואָרים פאַר אַ „פּיי־פּער" האָט ער געהאַט גרויס אָפּשיי. ער האָט תמיד מורא געהאַט אפילו פאַר איינעם, וואָס האָט געקאָנט לייענען אַ „פּייפּער". און איצט לויפט ער אַליין אין דעם אָרט וווּ מען דרוקט דעם „פּייפּער".

עס האָט נישט גענומען לאַנג און אייברעם איז געשטאַנען אין פאָרנט פון אַ נידריק הילצערן שטיבל מיט צעבראָכענע לאָדן און מיט אַ קליין גאַניקל און איבערגעפוילטע טרעפּלעך. איבער די טרעפּלעך באַם קליינעם דעכל פון גאַניקל איז געהאָנגען אַ טאַבעל מיט גרויסע יידישע אותיות. אייברעם האָט זיי נעבעך נישט געקאָנט איבערלייענען, אָבער פונדעסטוועגן איז ער אין דער מינוט עפּעס אויסערגעוויינלעך שטאָלץ געוואָרן, וואָס אין דער מיט פון אַמעריקע הענגט זיך אַזאַ „סאַין" מיט יידישע בוכשטאַבן.

אייברעם האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז אַריין אינעווייניק אין דעמדאָזיקן שטיבל. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ גרויס צימער און איז געבליבן שטיין באַ דער טיר. ווייט אויבן־אָן באַ דער וואַנט איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש און באַם טיש זענען געזעסן עטלעכע מענטשן אָן היטלען, נאָר מיט קליינע שוואַרצע יאַרמולקעלעך אויף זייערע ליסע־וואַטע קעפּ. דידאָזיקע מענטשן זענען אַלע געווען פאַרטון, ווער אין טיפן טראַכטן, ווער אין זיין שרייבן.

אייברעם איז געשטאַנען אויסגעשטרעקט און שטייף. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל הלילה נישט טון אַ ריר מיט זיינע פיס און איבער־שלאָגן די שטילקייט. ער איז אַזוי געשטאַנען אַ גוט שטיקל צייט, ביז איינער, פון יענע דאָרט באַם טיש, האָט אים באַמערקט און מיט אַ פינגער צו אים געטון אַ ווונק. אייברעם איז צוגעגאַנגען.

— וואָס האָט אַ ייד געוואָלט?

— איך בין געקומען בעטן פאַר מיין פריינט אַ טובה — האָט אייבע־
רעם געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— דהיינו ?

— מיין פריינט איז זייער אַ פיינער ייד פון פּאַדאָליע.

— אָן הקדמות ! — טוט יענער אַ רייס איבער אייברע־
מען.

— מען האָט מיין פריינט צוגענומען אין פּאָליס סטיישאַן.

— פאַרוואָס ?

— פאַר גאַרנישט — שרייט אויס אייברעם.

— גלאַט אַזוי... — זאָגט יענער, און מען ווייסט נישט, צי מ'אַכט
ער חוזק, צי ניין.

— איך שווער, אַז פאַר גאַרנישט — זאָגט אייברעם.

— העד באַר דאָרט, ווען, זאָגסטו, איז אויסגעפאַלן יום־כפור־קטן
אין אַכצן זיבן און זיבעציק ? — פרעגט איינער פון דעם אַנדערן עק טיש
באַ דעם, אַקעגן וועלכן אייברעם שטייט.

— יום־כפור־קטן ? . . . יום־כּפור־קטן ? . . . כ'ווייס נישט. . . באַדער
מיך נישט, ווען כ'רעד מיט אַ מענטש. וואָס זשע זאָגט איר, מיסטער, אייער
פריינט איז אין דזשייל ?

— נאָך נישט — כאַפּט זיך אייברעם — אָבער אויב מען וועט אים
נישט העלפן, וועט ער נאָך גיין אין דזשייל.

— ווער האָט אייך געשיקט אַהער ?

— דער פּאָליסמאַן פון מיין בלאָק — ענטפערט אייברעם אומשול־
דיק און פילט, אַז ער זאָגט דעם אמת.

— אָ וואָ, אַ גרויסע פערזענלעכקייט. . . מיסטער, מיר האָבן נישט
קיין צייט זיך צו באַדערן מיט אייך.

— אַ ייד — — — וויל אייברעם אָנהייבן זיך אויסצוטענהן, אָבער
יענער, וואָס זיצט הינטערן טיש, הייבט זיך אויף און ווייזט אייברעמען
די טיר.

אייברעם פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין, גייט גיך אַרויס פון דער־
דאָזיקער שטוב. שוין אינדרויסן באַקומט ער רציחה, און מיט פאַרביסע־
נע ציין אין זיין מויל לאָזט ער זיך גיין און קערט זיך צוריק און רייסט
אָפּ אַ שטיקל ברעטל פון די הילצערנע טרעפּלעך און טוט אַ וואָרף אין

יער טאבעלע מיט די יידישע ווערטער און אנטלויפט צוריק צו זיין די-
לענסי סטריט. לויפנדיק, שפייט ער אלע מאל אויס אין דער קרום און
צוריקוועגס, מיינענדיק, אז ער שפייט נאך אלץ אויף דער איסט בראָדווייער
גאס, מיט איר יידישן פייפער, וואס מען שרייט אויף אלע גאסן זיין נא-
מען: „דאס בלאט".

## כב.

## „דאָס בלאַט“

בשעת אייבערעם האָט נאָך געהאַלטן אין שפּייען אין דער ריכטונג פון איסט בראָדוויי, איז אַן אַנדערער ייד, וואָס האָט אויך געהייסן אייבערעם מיט נאָך אַ גאָר לאַנגן צונאָמען „דער רעפּאָרטער מיט די לאַנגע פיס“, אָנגעקומען אין דער רעדאַקציע פון „דאָס בלאַט“. פון זיין לאַנגער פּיס־רייזע איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק, „אייבערעם, דער רעפּאָרטער מיט די לאַנגע פיס“, האָט זיך צוגעקוקט צו די גאַסן, וואָרים ער האָט נאָר טאַקע געקאָנט קוקן, ווייל הערן האָט ער שוין נישט געקאָנט, מחמת, ער איז געווען אַ ביסל טויבלעך. ער איז געווען געזונט און הויך און זיין באָרד האָט אים צוגעגעבן דאָס שיינקייט פון עפּעס אַן אויסגעדיינטן גענעראַל. ער האָט מיט זיך געטראָגן אַ פולע קעשענע מיט פאַרשפּיצטע קאַראַנדאַשן און אַ קליין ביכל. טאָמער האָט זיך עפּעס געמאַכט אַ נייעס אין גאַס, האָט ער באַלד פאַרשריבן. ווי אַזוי ער האָט געקאָנט אויסקומען מיט זיין טויבקייט, איז געווען אַ געהיימניש.

ער איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען דילענסי גאַס בשעת מען האָט מאַניסן אין פּאָליצײ־וואָגן איינגעזעצט. האָט ער געטון אַ בליק מיט זיינע שאַרפע אויגן אויף דעם גרויסן עולם, וואָס אַרום אין גאַס, און ער האָט פאַרצייכנט דאָס, וואָס ער האָט געזען. און איז דערנאָך אַוועק אין פּאָליצײ און מען האָט אים צוגעלאָזט צו מאַניסן אַלס צייטונגס־מענטש.

מאַניס האָט זיך גאָר מחיה געווען מיט אים. איין זאַך האָט אים

נישט געשמעקט, דאָס, וואָס דער גאַסט איז טויב. מאַניס האָט באַדאַרפט שרייען. מאַניס האָט אים דערציילט די גאַנצע מעשה און אייברעם דער רעפּאָרטער האָט געשריבן. געענדיקט האָט זיך מיט דעם, וואָס אייברעם האָט אַנטדעקט אין מאַניסן אַ ייד אַ למדן און זיך שוין מיט אים פּשוט געפרייט און אים צוגעזאָגט, אַז עס וועט נישט נעמען קיין סך און מען וועט אים אַרויסלאָזן.

אַז אייברעם דער רעפּאָ־טער איז געקומען אין רעדאַקציע, האָט ער מיט זיין באַרימטער ברייטקייט דערציילט און איינער פון דער רע־דאַקציע האָט געשריבן. אַליין אויפצושרייבן האָט ער נאָך נישט געהאַט דעם זכות. נישט דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געקאָנט, נאָר דערפאַר. וואָס מען האָט אים נישט געגעבן די געלעגנהייט.

און אַז אייברעם דער רעפּאָרטאָר האָט שוין געהאַלטן באַם ענדיקן דאָס שטיק נייעס, האָט דער, וואָס האָט דידאָזיקע נייעס אויפגעשריבן, צוגערופן אַלע קאָלעגן און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— קינדער, מיר האָבן פאַר מאָרגן אַ העכט!

— וועגן וואָס? וועגן וועמען?

— די ענגלישע צייטונגען וועלן דאָס באַ אונז צוכאַפּן.

— טאַקע?!

— וואָס איז פאָרגעקומען?

— אַ פרומער ייד שטייט אויף דער שוועל פון דזשייל.

— גיי, מאַכסט חוזק!

— אמת. נישט, אייברעם?

— אמת. איך האָב אַליין מיט אים גערעדט — האָט אייברעם זיך געגרויסט.

— אויף דער ערשטער פּיידזש! — האָט איינער פון די קאָלעגן אַ קאָמאַנדע געטון.

— און אַ דאָבעל קאָלום!

— און וואָס וועל איך דערפון האָבן? — פרעגט אייברעם דער רעפּאָרטער.

— עס איז גאָרנישט דאָ אין רעדאַקציע אַזוי פיל מזומן דיר צו באַ־צאָלן.

— כ'מיין עפּעס... — זאָגט אייברעם מיט ווירדיקייט און טראַכט,

אַז ער איז געווען אַ נאַר, וואָס ער האָט אַזאַ מעטן ביסן פון דער האַנט אַרויסגעלאָזט.

— אַ נו, לאָמיר הערן — בעטן זיך די קאָלעגן — לאָמיר כאָטש הערן.

דער, וואָס האָט די גייעס וועגן מאַניסן אויפגעשריבן, זעצט זיך צוועק ברייט און הייבט אָן לייענען: „אין נומער הונדערט אַכצן דילענסי סטריט איז פאַרלאָפן אַזאַ געשיכטע: אין דיזן הויז וווינען הויפּטזעכלעך נאָר יידן. און אונזערע יידן האָבן אַ נאָמען אַלס שטילע, געהאָרכזאַמע מענטשן, וועלכע זייערע פאַמיליעס מיט גרויס כבוד סופּאָרטן און היטן אָפּ זייערע פאַמיליען און זייער הויז-געזונט פון אַלערליי געפאַרן. פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: אייגער פון דיזע יודען, אַ פרומער און אַ וווילער, אַלס ראַביי געקאַנט זיין ווירדע; ער, דערדאָזיקער יוד, איזט אין אַ נעץ פון איינערזוכט אַריינגעפלאָנטערט און אונטער פאַרדאַכט פון איין אַנדערער פרוי אַרעסטירט ווירדען”.

— פראַכטפול!

— איבערטרעפלעך!

— מען באַדאַרף אַ שטיקל מאָרד צו דעם באַהעפטן!

— עס איז גענוג ווי עס איז.

— צען טויזנט צירקוליישאָן!

— און פינף טויזנט איז אים ווינציק.

— נאַר, איך וועל נעמען צוויי טויזנט.

— שלאָג מיט אים איין אויף איין טויזנט.

— הכּלל, אייבערעם — שרייט דער הויפּט פון די קאָלעגן — דו ביסט גרויס! דיין נאָמען ווירד שיינען אין דער יידישער געשיכטע, דאָס זשורנאַליזמוס אין אַלע עקן וועלט. הוראַ!

אייבערעם דער רעפּאָרטער מיט די לאַנגע פיס, איז געבליבן שטיין אַ ביסל צעמישט: געשיכטע, זשורנאַליזמוס — פאַר אַזעלכע ווערטער האָט ער גרויס דרך ארץ. שטייט ער זיך אַזוי און קוויקט זיך מיט דעמדאָזיקן כּבוד.

און דערווייל גייט נאָך אַלץ דער אַנדערער אייבערעם פון די-לענסי סטריט און שפּייט אין דער קרום, אין דער ריכטונג פון איסט בראָדוויי.

ביז אייבּרעם קומט אָן אין דילענסי גאַס און דערמאַנט זיך, אַז ער האָט נאָך איין האָפנונג און דאָס איז זיין אַלטער פריינט דזשייקאָבּס, באַ וועמען מאַגיס אַרבּעט.

נישט קיין סך געטראַכט און אייבּרעם לויפט אַוועק צו דזשייקאָבּסן און האָט מזל צו געפינען אים אין זיין פאַבּריק פון העמדער. באַלד באַ זיין אַריינקומען פרעגט אים דזשייקאָבּס ווו מאַגיס איז.

— מאַגיס, אין טראָבּעל — זאָגט אייבּרעם שטילערהייט און נעמט אָן דזשייקאָבּסן באַ איין אָרעם און פירט אים אַוועק אין אַנדערן צימער. אין דער פריוואַטער וווינונג דזשייקאָבּס, און דערציילט אים די גאַנצע מעשה.

דזשייקאָבּס הערט אויס, ווי זיין שטייגער איז געווען אויסצוהערן יענעם ביז צום לעצטן וואָרט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. דערנאָך זאָגט ער:

— אייבּרעם, גיי אַהיים און שלאָף רויק. דזשייקאָבּס וועט ווי אַ פאָ־טער פאַר אים אַלע באַזאָרגן.

— אוי, דזשייקעלע, וווהין זאָל איך דיך אַרויפזעצן — צי אויף מיין קאָפּ, צי אויף דעם הימל איבּער אונז? — איז אייבּרעם געוואָרן אַזוי צעקראָכן און געקוועטשט דזשייקאָבּס האַנט ביז צום צע־ברעכן.

— נישט געמאַכט קיין קאַראַש — האָט דזשייקאָבּס געוויזן אַ פינ־גער צו זיין מויל, אַ סימן צום שווייגן און האַלטן בּסוד. אייבּרעם איז אַוועק אין דעלענסי סטריט זען וואָס שבע טוט. ער איז אַרויפגעקומען און געפונען דאָרטביידע פרעמדע פרויען. נאָך איידער ער איז געקומען האָבּן דידאָזיקע צוויי פרעמדע פרויען באַוויזן צו באַרויקן שבען. שבע האָט זיך פאַר דידאָזיקע צוויי ווייבּער געפיעסצעט, ווי אַ בת־יחידה באַ איר מאַמען. זי האָט נישט געוואָלט טרינקען ביז זיי, דידאָזיקע ווייבּער, האָבּן איר צוגעזאָגט גאָלדענע בּערג. אַז שבע האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז טיי און האָט זיך אַ ביסל דערוואַרעמט, האָט זי באַלד באַדאַרפט ענטפערן אויף דעם, וואָס איינע פון די פרויען האָט מיט אַ זיס מיילעכל געפרעגט:

— און ווער איז אָט „דער", וואָס לייגט זיך אַזוי אַוועק? — מיט דעם „דער" האָט זי געמיינט אייבּרעמען.

— אַ צרה, אַ גאַנץ אַנשיקעניש — האָט שבע געענטפערט מיט אַ זיפץ — ווען נישט „ער", וואָלט איך נישט געהאַט אַזעלכע צרות איצט.

— נו, נו, זאָרגט אייך נישט... מיר וועלן שוין זען, וואָס מען קאָן טון אייער מאַן פון דער צרה אַרויסצושלעפּן — האָט די צווייטע פרוי געגלעט שבען איבער דעם שטערן — אין אַמעריקע טרעפט מיטן פיינסטן מענטש אַזוינס, וואָס אין קיין אַנדער לאַנד קאָן נישט טרעפן.

— דאָהי איז אַ צונויפלויפעניש — זאָגט די אַנדערע און פאַרגלאָצט מיט אירע אויגן פרום — אַ שטייגער אָט „דער", וואָס ליגט זיך אַזוי אַוועק צוליב אייך — ווער איז ער, מיינט איר?

— דער הויז-קיפּער — ענטפערט שבע.

— אָבער איר זאָגט דאָך, אַז ער איז שולדיק — פרעגט ווידער די פרוי מיט די פרומע אויגן.

— ס'אַ גאַנצע מעשה — וויל שבע זיך אָפּטרייסלען פון אַן ענטפער.

— אַזוי? מיר פאַרשטייען שוין, מיר פאַרשטייען שוין — זאָגט די אַנדערע, וואָס האָט נישט קיין פרומע אויגן.

— וואָס זשע זאָל איך טון? — פּילט שבע ווי עס ברענט איר פּנים.

— טאַקע, גרינע, וואָס קאָן מען טון?

— כ'קאָן אַ ווייבל, איז זי אַנטלאָפן מיטן „הויז-קיפּער".

— און אויף מיין בלאָק איז דעם הויז-קיפּערס ווייב אַנטלאָפן מיט אַ מאַן.

שבע האָט געברענט אי פון בושה און אי פון ערגערניש. זי האָט געדאַנקט גאָט ווען אייבערעם איז אַרויסגעקומען און געלאָזט וויסן, אַז אַלץ איז שוין באַזאָרגט. די צוויי פרעמדע ווייבער האָבן אייבערעמען גוט אָנגעקוקט און זענען אַוועקגעגאַנגען. ווען זיי, די צוויי ווייבער, זענען אַראָפּגעקומען אין גאַס, האָט די, וואָס מיט די פרומע אויגן, געטון אַ קניפּ די אַנדערע אין דעם ווייכן פלייש פון איר האַנט.

זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט. און זיך ברייט פונאַנדערגע-
לאַכט. ביידע האָבן זיך געבויגן כמעט אין צווייען, מיט זייערע
קעפּ ביז די קניעס און זיך ווידער אויפגעהויבן און געלאַכט אַזוי
שטאַרק, אַז זיי האָבן מורא געהאַט, חלילה, עס זאָל בײַ זיי נישט פּלאַצן
קיין אָדער.

## כג.

## גרויסער יושר

אַז מען האָט מאַניסן אַרייַנגעבראַכט אין אַ גרויסער שטוב און אים דאָרטן פאַרשפאַרט און איבערגעלאָזט אַליין, און אַז ער האָט דערזען די אייזערנע גראַטעס אויף די צוויי פענצטער, איז אים זייער נישט גוט גע־וואָרן. אַזאַ מין נישט גוט ווערן איז אים באַפאַלן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן. עס איז אין דערדאָזיקער שטוב נישט געווען קיין טיש און דערפאַר האָט זי אויסגעזען מוראדיק גרויס און ליידיק. אַרום די ליידיקע ווענט זענען געשטאַנען מאָדנע לאַנגע בענק. אויף די דעקלעך פון די בענק זענען געווען סימנים פון אַ סך זיצן. דאָ זיצט מען, האָט מאַניס געטראַכט. און די צוויי באַוואָרנטע פענצטער זענען געווען זייער פינצטער און קויטיק. זיי זענען אויך געווען פאַרמאַכט און אין שטוב האָט זיך געפילט אַ טוכ־לער ריח.

מאַניס האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ משוגענער פון איין וואַנט צו דער אַנדערער און געוואָלט דאַוונען און נישט געדענקט אויף אויסנווי־ניק קיין איין וואָרט. עטלעכע מאָל אָנגעהויבן און געבליבן שטיין. ער איז איצט געווען שטאַרק דערשלאָגן און זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון רבונו של עולם... שמייס!... האָט מאַניס געטראַכט, און צוריקגעפרעגט: פאַרוואָס?. און צוריקגעענטפערט: מסתּם קומט מיר...

באַלד האָט זיך געעפנט די איינציקע טיר פון דערדאָזיקער שטוב און עטלעכע מענטשן האָבן זיך געטון אַ שיט אַריין. טאַקע ממש אַ שיט

אריין. זיי זענען געבליבן ליגן אויף דער פּאָדלאָגע און צוויי פּאָליציי-
מענער אין די הוילע אַרבל, אָן רעקלעך, זענען אַריין און אַריבערגע-
שפּרונגען די קופּע מיט מענטשן און מיט קורצע שטעקנס גענומען האַקן
איבער דער קופּע מיט מענטשן, אויף דעם שניט, ווי מען מאָלאָטשעט
סנאָפּעס מיט ווייץ. ביז זיי האָבן אויסגעקלאַפּט אָט די דיזאָזיקע קו-
פּע מיט מענטשן, איז מאַניס געשטאַנען באַהאַלטן אין אַ ווינקל מיטן
פּנים צו דער וואַנט און מיט פאַרמאַכטע אויגן; ער האָט גע-
בויגן זיין פּלייצע און שטאַרק צונויפגעקוועטשט זיינע ציין און שטי-
לערהייט געוואַרט, אַז דער קלאַפּ פון דעם שטעקן זאָל פאַלן אויף אים
אויך.

שפּעטער איז געוואָרן שטיל. די טיר האָט זיך פאַרהאַקט. מאַניס
האָט זיך אויסגעדרייט פון דער וואַנט און דערזען אויף עטלעכע בענק-
לעך זיצן מאָדנע איבערגעאַנדערשטע מענטשן מיט אָנגעשוואָלענע אויגן
און צעשפּאָלטענע ליפּן און צעלעכערטע קעפּ. און בלוט איז גערונען פון
אַלעמען. און זייערע קליידער זענען געווען צעריסן. און פונדעסטוועגן,
אַז זיי האָבן דערזען מאַניסן, האָבן זיי זיך אַלע שטאַרק דערפרייט מיט
אַ מאָדנע פרייד, וועלכע האָט מאַניסן באַליידיקט; זיי לאַכן גאָר פון
מיר, האָט מאַניס געטראַכט.

מאַניס האָט זיי אָנגעקוקט און באַלד פאַרשטאַנען, אַז מען האָט זיי
נישט געמאָלאָטשעט אומזיסט. דער אָנבליק פון בלוט האָט אים אָבער אַזוי
דורכגענומען, אַז ער האָט געפילט ווי זיין האַרץ האָט זיך צונויפגע-
קוועטשט, ווי מען קוועטשט צונויף אַ שטיקל ציגאַר-פּאַפּיר. ער האָט
אַ ציטער געטון. אויסגעעפנט זיינע אויגן און ווידער אָנגעהויבן צו שפּאַ-
נען איבער דער שטוב פון איין וואַנט ביז צו דער אַנדערער.

די צעשלאָגענע און פאַרבלוטיקטע האָבן אים גערופן אויף זייער
לשון, און מאַניס האָט דאָך נישט פאַרשטאַנען זייער לשון, איז ער נישט
געגאַנגען צו זיי. זיי האָבן געמאַכט אַלערליי משוגענע באַוועגונגען מיט
זייערע הענט און אַלץ צו מאַניסן, און ער האָט זיך געמאַכט ווי ער זעט
זיי נישט.

געשטערט האָבן זיי אים דאָך צו טראַכטן. זיינע געדאַנקען זענען
געווען אָפּגעריסענע און שווערע. ער האָט, מסתם, געטראַכט פון זיין
ווייב שבע. וואָס איז עס פון איר דאָרט געוואָרן, און אויף וועמענס הענט

האָט ער זי איבערגעלאָזט. און וואָס עס וועט זיין מיט איר אַליין, צי וועט ער שוין דאָ דאַרפֿן זיצן, אויב יאָ, ווו איז דאָס שטיקל בעט אַני־דערצוליילייגן דעם קאָפּ. אפשר שלאָפֿט מען טאַקע דאָ אויף די בענק. און אפשר איז דאָס אָרט דאָ נישט מער ווי אַ פּאַרהויז. און וואָס וועט טאַקע זיין: ער וועט זיך לאָזן, אַז מען זאָל אים, מאַניסן, אַריינזעצן און פֿאַר גאָרנישט? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין לאַנד, געוואַלט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין לאַנד.

און בשעת מאַניס פֿייניקט זיך אַזוי, עפֿנט זיך די טיר און עס טוט זיך אַ שאָט אַריין אַ בינטל געשטאַלטן מיט אַ געקוויטשעריי. אויסגע־שאָטן אויף דעם פֿאַל, און די טיר האָט זיך צוריק פֿאַרהאַקט. אין הלל פֿון שטוב איז נאָך געשטאַנען דאָס שאַרפֿע קוויטשען, וואָס האָט זיך אי־בערגעשניטן ווי מיט אַ מעסער. עס איז איצט געווען שטיל. און פֿון דער פּאָדלאָגע האָבן זיך אויפֿגעהויבן מאָדנע געשטאַלטן, מיט בלאַסע, מאָגערע פּנימער, גרויסע, געשוואָלענע אויגן; מיט בלויע סימנים אַרום זיי. זייערע בגדים אויסגעשמירט מיט בלאָטע. ווייזט אויס, זיך ערגעץ געוואַלגערט אין רינשטאָק; בײַ דידאָזיקע געשטאַלטן האָבן זיך געטעלעפּעט מאָדנע דאַרע הענט, לאַנגע און, ווי עס האָט זיך מאַניסן אויסגעוויזן, זענען די־דאָזיקע הענט געווען אויסגעליבקטע. אָרימע באַשעפֿענישן, ווי אַזוי קימט איר אַהער? האָט מאַניס געפֿרעגט און זיך אַליין געענטפֿערט — וואָס דען זאָל מען טון מיט זיי?

נאָר אַזוי גיך ווי דידאָזיקע באַשעפֿענישן האָבן זיך געפּרוווט שטעלן אויף זייערע פֿיס, איז אין שטוב געוואָרן אַ גערודער. דאָס גע־רודער האָט זיך גענומען שטופּן און אָנפֿילן דאָסדאָזיקע צימער. מאַניס האָט געזוכט אַ ווינקל זיך צו באַהאַלטן. אייניקע פֿון די געשטאַלטן איז צוגעלאָפֿן צו אַ פֿענצטער און מיט אירע דאַרע הענט אָנגעכאַפּט די אייזערנע גראַטעס און זיך געשאָקלט און עפּעס אין דער הייך אויף אַן אומפֿאַרשטענדלעך לשון, מאַניסן, געשריגן. מסתּם איז אַקעגן איר אַן אומ־גערעכטיקייט געטון געוואָרן. אַזוי ווי אַנטקעגן מאַניסן, נאָר נישט מער, ער, מאַניס, איז בטבע אַ שטילער, אונטערטעניקער, און זי וויל זיך נישט אונטערגעבן. זאָל זי צעברעכן די אייזערנע גראַטעס. דאָס געשריי אירס, צעבּרעכט מאַניסעס האַרץ. זי איז גערעכט. מסתּם אויך אויפֿגעשטאַנען

אין דער פרי און עס האָט זיך איר אפילו נישט געחלומט קיין שלעכטע
חלומות און מען איז געקומען און מען האָט זי אַוועקגעכאַפּט, און גיי
שריי חי וקים.

פאַרשטענדלעך, אַז דאָס געשטאַלט האָט נישט געקאָנט צעברעכן
די אייזערנע גראַטעס. עס איז באַלד אַריינגעקומען אַ הויכער פּאָליציי-
מאַן, באַ וועמען די גאָלדענע קנעפּ האָבן זייער שטאַרק געבלישטשעט און
אַליין איז ער געווען דווקא אַ בייזער און געטון אַ געשריי, אַז אַלע זאָלן
גיין. מאַניס האָט געהאַט אַ חשק פאַר דידאָזיקע ווערטער, אין וואָס פאַר
אַ פרעמדער שפּראַך זיי זאָלן נישט געווען געזאָגט ווערן. אַרויסגיין איז
אַרויסגיין. מאַניס האָט אפילו געכאַפּט אַ סטוסאַק פון איינעם פון דער
פּאָליציי. ער האָט זיך מורא געהאַט אומצוקוקן. עס פעלט אים דען נאָך
אַ סטוסאַק? גענוג — דער איינער. זיי קאָנען געבן. און באַלד איז מאַ-
ניס געזעסן ווידער אין אַזאַ פאַרמאַכטע קאַרעטע מיט צוויי לאַנגע בענק.
באַ דער טיר פון דער קאַרעטע איז געשטאַנען דער הויכער פּאָליציימאַן
מיט די אויסערגעוויינלעכע, בליצנדיקע קנעפּ. און ביידע בענק באַזעצט
מיט גוטע שכנים. מאַניסן איז געווען וויל. פירט מען זיי אַלע אין טייך
אַרייַנוואַרפן, אין טייך אַרייַנוואַרפן? וווהין פירט מען זיי? אַן אַן עק
פירט מען זיי. די קאַרעטע גיט זיך אַלע מאָל אַ דריי און מען גיט אַ פאַל
אַראָפּ פון די בענק. זיי פאַלן אויף מאַניסן, גראָד אַלע מאָל אויף מאַ-
ניסן. זאָל זיין אַזוי. וואָס וועט ער גיין פאַלן אויף זיי. אַז בסך הכל פילט
ער זיך אַזוי קליין און דערשלאָגן. זאָלן זיי שוין בעסער פאַלן אויף אים.
אַ פריילעכע חברה, מען לאַכט און מען קוויטשעט, פונקט ווי זיי
וואָלטן געפאָרן אויף אַ חתונה און נישט אין טייך אַריין, אין טייך
אַריין.

ענדלעך איז די קאַרעטע געבליבן שטיין. דער פּאָליציימאַן עפנט
די טיר און אַן אַנדערער פּאָליציימאַן פון גאַס נעמט איבער איינציקווייז
די פּאַסאַזשירן פון דער קאַרעטע און פירט זיי אַריין מיט גרויס כבוד אַי-
נעווייניק אין דעם שרעקלעך גרויסן שטיינערנעם מויער. אַ קלויסטער,
אָדער דעם גובערנאַטאָרס הויף — טראַכט מאַניס. שפּעטער האָט מאַניס זיך
דערוווּסט, וואָס דאָס איז. דערווייל איז ער אַריינגעגאַנגען גלייך מיט
אַלעמען. אינעווייניק איז מען געבליבן שטיין אין אַ שורה צווישן צוויי

ווענטלעך פון אייזערנע גראַטעס אויסגעפלאָכטענע. מאַניס איז געשטאַנען צווישן צוויי שלעכטע שכנים. דער, וואָס פון פאָרנט, האָט אים געשטופּט צוריק און דער, וואָס פון הינטן, האָט אים געשטופּט פאָרויס. מאַניס האָט זיי נישט געקאָנט געבן צו פאַרשטיין, אַז ער באַדאַרף דאָ שטיין. אייגנ־טלעך באַדאַרף ער נישט, נאָר ער מוז דאָ שטיין. און אַז ער שטייט אויף זיין אָרט, נישט אויף דעמס אָרט, וועלכער שטייט פון פאָרנט פון אים און נישט אויף דעמס אָרט, וועלכער שטייט פון הינטן. נאָר ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז שווייגן וועט זיין זייער גוט. נאָך בעסער פון גוט. האָט ער געשוויגן. סיי ווי וואָלט ער דאָך מיט זיי זיך נישט געקאָנט אויסטענהן. נו, האָט ער געשוויגן. ביז גאָט האָט אים געהאָלפן און דער, וואָס פון פאָרנט, איז צוגענומען געוואָרן. נישטאָ. פּטור. דאַנקען גאָט. ווען וועט מען שוין אים אויך צונעמען, מאַניסן. דאָס האַרץ קלאַפּט. עס שרעקן זיך באַ אים זיינע אָדערן אין די שלייפן. עפּעס פילט ער, אַז עס וועט נישט זיין גוט. פון יענער זייט גראַטעס זעט מאַניס אַ סך מענטשן אויף בענק, אַזוי ווי אין אַ קלויסטער. שורות בענק. אויבנאָן זיצט איינער, וואָס קוקט אויס אַזוי ווי אַ גלח אין שוואַרצן אָנגעטון. באַ אַ טיש אָן אַ זייט שטייט דער שמש זיינער און קלאַפּט מיט אַ האַמער אין טיש. עס וועט נישט זיין גוט. איינס פון די צוויי, אָדער מען וועט אים אַ נעם טון און מען וועט אים פרוון אָפּשמדן, אָדער מען וועט אים ערגעץ אין די קעלערן פון אָט דעם קלויסטער פאַרשליסן. אָפּשמדן... זיי מיינען, אַז זיי האָבן צו טון מיט אַבי וועמען. מאָלט אייך, אַז איר האָט זיך באַנאַרישט, אויב איר מיינט, אַז איר האָט צו טון מיט אַבי וועמען... אַזוי טראַכטנדיק, האָט מען אים דערוויי׳ל, דאָס הייסט מאַניסן, געטון אַ נעם און אין זיי־נע אויגן האָט אָנגעהויבן שווינדלען, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און איז געקומען, ווען מען האָט אים צוגעבראַכט צום ריכטער. מאַניס איז געשטאַנען אַזוי ווי מאַניס דאַרף שטיין פאַר אַ גרעסערן פון זיך. אַן ערלעכע פּראָסטקייט האָט זיך באַוועצט אויף זיין פּנים, און זיינע הייסע הענט, די נישט־מאַנסבילשע, האָט מאַניס געקנעטן אַזוי גלאַט אין דער וועלט אַריין, ווי ער וואָלט זיי ערשט געוואַשן און געוואָלט אָפּטריקענען. דער ריכטער, וואָס איז געזעסן אויבנאָן, האָט אים אָנגעקוקט. מאַניס האָט זיך אָזש מחיה געווען פון אָט דעם קוק. קלוגע אויגן. גוטע אויגן. באַ זיי

איז אויך פאַראַן „תּלמידי חכמים", האָט מאַניס אינדערגיך געטון אַ טראַכט — „אָט דאָס איז אַ תּלמיד חכם".

דערנאָך האָט דער, וואָס אין שוואַרצן, געקוקט אויף יענעם פאַר־שריבענעם פּאַפּיר בײַ זיך אויפן טיש און חי אויפגעהויבן זײַנע אויגן אויף מאַניסן.

מאַניס האָט געפילט, אַז מען קוקט אויף אים פון אַלע זײַטן. ער האָט זיך געוואָלט אויסדרייען און איטלעכן אָנקוקן. אָבער ער האָט געוווּסט, אַז דאָ טאָר מען זיך נישט אויסדרייען. דאָ באַדאַרף מען שטיין גלײַך. עס איז אים מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז ער שטייט פאַר דעם, וואָס וועט איבער אים באַלד משפטן.

דער ריכטער קוקט אים אָן און פרעגט:

— מאַניס?

— יאָ, — שאָקלט מאַניס מיטן קאָפּ אויף יאָ. ווער דען בין איך?

און דערנאָך הייבט ער זיך אויף, דער וואָס אין שוואַרצן, און זאָגט עפּעס צו אַלע מענטשן, וואָס זיצן אויף די בענק.

גאָט איז דיר ליב, פונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען? לעבן מאַניסן וואַקסן באַלד אויס זײַן ווײַב שבע, אייבערעם און אויך זײַן באַלעבאָס, דזשיי־קאָב. מאַניס רײַבט זיך זײַנע אויגן, כּדי ער זאָל וויסן, צי עס איז וואָר און נישט אין חלום.

דערווײַל איז שבע צוגעלאָפן צו מאַניסן און אים אָנגעכאַפּט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזעלכער ווי שבע, בײַ אייגעם פון זײַנע אַקסל און דאָרט אײַנגעגראָבן איר שיין פּנים. עס האָט מאַניסן געטון אַ ריר אָן אַזש בײַ דער נשמה; זײַנע אויגן האָבן געטרערט און דער גאַנצער זאַל איז פאַר־שוווּנדן אינאײנעם מיט דעם פּאַל פון אונטער די פיס. מאַניס איז שיער נישט אומגעפאַלן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן שבען און זיך שטאַרק אָן איר אָנגעהאַלטן. אייבערעם איז אים געקומען צו הילף און אים מיט זײַן שטאַרקער האַנט געטון אַ דריק אין דעם גראָבן פלייש פון זײַן אָרעם, אַז מאַניס האָט פון דעמדאָזיקן קוועטש דערנאָך געפילט אַ ווייטיק אין זײַן גראָב־פלייש דאָס גאַנצע לעבן.

אין זאַל איז געוועזן שטיל. דורך די גרויסע, הויכע פענצטער האָט

אַריינגעוואָרעמט. די זון און אַ קיל ווינטל האָט אָפּגעפרישט דעם אָטעם. פון איין זייט איז געשטאַנען מאַניס אַרומגערינגלט מיט זיינע מענטשן. און פון דער אַנדערער זייט זענען געשטאַנען די גוטע שכנים מאַניסעס, וועלכע זענען געקומען אים אומגליקלעך מאַכן.

דער ריכטער האָט געקוקט אין אַ פּאַפּיר און אויפגע־הויבן זיינע אויגן און ביין געפרעגט באַ דעם אַנדערן צד, ווי זי הייסט.

— מרס. טוירק — האָט די פרוי געענטפערט.

— מרס. טוירק — זאָגט דער ריכטער בייז און מיט אַ שאַרף פּנים — וואָס פאַר אַ שלעכטס איז דערדאָזיקער מענטש קעגן אייך באַגאַנגען ?

— וואָס פאַר אַ שלעכטס ? — הייבט אָן די פרוי צו שיטן ווערטער פון איר מויל און מיט אַזאַ ליאַרם און מיט באַוועגונגען פון אירע הענט און מיט פייער־שפּייענדיקע אויגן — איר קוקט אים אָן, דאַכט זיך, אַ שטיל יידל. . .

דער ריכטער קלאַפּט מיט דעם האמער אין טיש.

— ליידי, זייט אַזוי גוט און דערציילט אין קורצן, וואָס ער האָט געטון — שרייט דער ריכטער — מער גאָרנישט.

— ער האָט אויפגעבראָכן מיין טיר און געוואָלט אַריין צו מיר.

— ווער ? — פרעגט דער ריכטער.

— ער ! — שרייט די פרוי און ווייזט אויף מאַניסן.

מאַניס האָט נישט פאַרשטאַנען דאָס לשון, האָט ער נישט געוווסט, וואָס די פרוי זאָגט. ער האָט נאָר געזען, אַז זי ווייזט אָן אויף אים, האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון זיין אָרט, כדי ער זאָל זיך קאָנען מער אַרויסזען.

דער ריכטער האָט געהייסן, אַז מרס. טוירק זאָל זיך אַוועקזעצן און מער קיין וואָרט נישט זאָגן, סיידן ער וועט זי פרעגן. די פרוי איז געוואָרן רויט פון כעס און זי האָט געטראַכט, אַז עס איז נישט גוט, וואָס דער ריכטער איז נישט אויף איר זייט. אָבער זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער פאָדערשטער באַנק, וואָס איז פון

קיינעם נישט געווען באַזעצט. מיט איר האָבן זיך אויך אַנידערגע־זעצט אירע עדות, נאָך צוויי ווייבער, אויך מיט רויטע פּנימער און ברוגזע.

דער ריכטער האָט אומגעדרייט זיין פּנים צו מאַניסן. און אַזוי ווי מאַניס האָט נאָר געקאָנט רעדן יידיש, האָט מען געמוזט ברענגען דעם אי־בערזעצער.

— ווי לאַנג זענט איר אין אַמעריקע ?

— באַ אַ צוויי חדשים, — ענטפערט מאַניס.

— און וווּ אַרבעט איר ?

— אָט באַ אים. — ווייזט מאַניס אויף דזשייקאָבסן.

— וואָס טוט איר דאָרט ?

— איך לייג צונויף העמדער.

— און וואָס האָט איר געטון באַ איר טיר ?

— איך האָב זי עפּעס געוואָלט בעטן.

— אַ ליגנט ! אַ ליגנט ! — שרייט די פרוי פון איר אָרט אַרויס — ער האָט זי אויפגעבראָכן !

— מאַדאַם, אויב איר וועט נישט שווייגן, וועל איך אייך פאַר־שיקן — זאָגט דער ריכטער שטרענג און קלאַפּט מיט זיין העמערל אין טיש.

דער איבערזעצער הערט אויס דעם ריכטער און פרעגט מאַ־ניסן :

— דער ריכטער וויל וויסן די גאַנצע מעשה. דערציילט פון אָנ־הייב ביזן סוף.

— עס איז אַזוי געווען — הייבט מאַניס אָן צו דערציילן — איך בין אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, כדי איך זאָל קאָנען גיין אַרבעטן. די לעצטע נאַכט האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן שפּעט. מר. אייבראַמס האָט געבראַכט ביר און מיר האָבן אַ ביסל זיך פאַרטרונקען. בין איך אויפגע־שטאַנען גאַנץ פרי און נישט געוואָלט אויפוועקן מיין שבען. זאָל זי נאָך אַ ביסל שלאָפן, טראַכט איך מיר. איך גיב אָבער אַ קוק, שבע האַלט שוין אָפן אירע אויגן און קריכט פון בעט אַרויס. פרעג איך זי : וואָס ביסטו אַזוי פרי אויפגעשטאַנען ? זאָגט זי, אַז זי וויל נישט בלייבן אַליין אין שטוב. פרעג איך זי : וואָס פּלוצלינג ? זאָגט זי, אַז זי וועט נישט בלייבן

אַליין אין שטוב. רעד אַהין, רעד אַהער, זי וויל נישט בלייבן אַליין. זוּן דאָ זענען מיר נישט לאַנג אין אַמעריקע. מיר האָבן דאָ קיינעם נישט. און איך מוז לויפן אין פאַבריק אַריין. וואָס טוט מען? בין איך געפאַלן אויף אַ שׂכל: איך וועל צוגיין צו מיין שכנהס טיר און בעטן די שכנה, אַז זי זאָל אַכטונג געבן אויף מיין ווייב. אָט אַזוי ווי איך טראַכט, אַזוי גיי איך אַרויס אין קאָרידאָר און גיי צו צו דער טיר, וואָס לעבן מיין טיר, און פּרוּוו עפענען די טיר. אַזוי ווי איך פּרוּוו און קאָן נישט, עפנט זיך די־דאָזיקע טיר אַליין, און אַ פרוי פאַלט אָן אויף מיר בייז און פאַרמאַכט צוריק די טיר מיר גלייך אין פּנים אַריין. טראַכט איך: אַ בייזע יידענע. און גיי צו דער אַנדערער טיר, וואָס אין צווייטן עק פון קאָרידאָר. פּרוּוו דאָרטן עפענען די טיר. די טיר עפנט זיך. אַ יידענע באַווייזט זיך אין איר שלאָף־העמד. איך וויל שוין פון פאַרשעמטקייט אַוועקגיין. אָבער זי פרעגט מיך, וואָס איך האָב געוואָלט. זאָג איך איר, וואָס איך האָב געוואָלט. זאָגט זי, אַז אויב איך וועל נישט אַוועקגיין מיט גוטן, וועט זי מיך באַגיסן מיט הייס וואַסער. פאַרדריסט מיך שוין. זאָג איך איר, און אַלץ מיט מיין פּנים אַוועקגעדרייט, אַז זי באַדאַרף נישט זיין אין כּעס. פאַלט זי אָן אויף מיר און רופט מיין פרוי אָן מיט נישט קיין שיינעם נאָמען. דאָס, טראַכט איך, וועל איך איר נישט שווייגן. וואָלט איר געשוויגן, ווען מען רופט אייער פרוי מיט אַזעלכע נעמען?

דער איבערזעצער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס מאָניס האָט שוין געענדיקט. ער האָט דעם ריכטער איבערגעגעבן אַלץ אויף אַמעריקעס לשון, און דער ריכטער האָט געהייסן פרעגן, וואָס פאַר אַ שלעכטן נאָמען מען האָט גערופן זיין שכנה.

— אַז זי שפּילט זיך מיט פרעמדע מענער.

— אמת! אמת! מיר האָבן אַליין געזען! — שפּרינגט אויף מרס. טוירק פון איר באַנק און טייט מיט אַ פינגער אויף שכנה.

— ליידי, דאָס איז אייך אַ לעצטע וואָרנונג, אַז איר זאָלט שווייגן. זעצט זיך באַלד אַנידער! — שרייט דער ריכטער. די מרס. טוירק זעצט זיך אַוועק.

— און וואָס האָט איר געטון? — פרעגט ווידער דער איבערזעצער בא מאָניסן.

— איך האָב איר דערלאַנגט אַ פּאַטש, — זאָגט מאָניס.

— ווייסט איר, אַז מען טאָר נישט באַליידיקן אַ ליידי דאָ אין לאַנד?

— ניין. איך ווייס נישט.

— האָט איר געלט?

— ניין, נישט קיין פּעני.

— און אויב איר וועט באַדאַרפן אַ פאַרטיידיקער, אַדוואָקאַט, — כאַפּט אונטער דער איבערזעצער.

— ווי וועל איך נעמען? — פרעגט מאַניס מיט אַ נאַיווער פּראָסטקייט.

— מען קלאָגט אייך אָן זייער סעריעז — האָט דער איבערזעצער קוים געפונען דאָס וואָרט „סעריעז" און נישט געווען זיכער, צי מאַניס פאַרשטייט אים.

— וואָס זשע זאָל איך טון. אדרבה, גיט אַן עצה.

— דער ריכטער וויל הערן, וואָס אייער באַלעבאָס ווייסט פון אייך.

דזשייקאָבס רייניקט זיך אויס זיין גאָרגל און מאַכט צוויי שפּאַן נענטער צום טיש פון ריכטער און ציט זיך אויס ווי אַ סאָלדאַט.

— אייער האָנאָר, איך קען מאַניסן. ער איז אַן ערלעכער דזשו. ער אַרבעט באַ מיר שוין עטלעכע וואָכן.

— וויפיל פאַרדינט ער באַ אייך? — פרעגט דער ריכטער און אַ שמייכל באַווייזט זיך אויף זיינע ליפּן.

— באַ מיר?... ער וועט ערשט היינטיקע וואָך באַקומען זיין ערשטע פּעי — שעמט זיך דזשייקאָבס דעם פאַקט צו דערציילן און דער־ציילט עס פאָרט מיט אַ ביסל שטאָלץ.

אין זאַל ווערט אַ געלעכטער.

דער ריכטער האָט אויף צוריק פאַרוואָרפן זיין קאָפּ און זיך געטרייסלט פון געלעכטער. ער האָט געטון אַ מאַך מיט דער האַנט צו דזשייקאָבסן און גערופן אייבערעמען:

— און דו ווער ביסט?

— איך בין דער הויז־קיפּער. מיין נאָמען איז אייבערעם, אייער האָנאָר.

— קענסטו מאַניסן?

— יעס, אייער האָנאָר, איך טראַכט, אַז מאַגיס איז איינער פון די גאָר נייע יידן, וואָס הייבן אָן צו קומען קיין אַמעריקע.

— אין וואָס באַשטייט זייער נייקייט ? — פרעגט דער ריכטער פאַר־אינטערעסירט.

— אין זייער ריינקייט. איר זאָלט זען, אייער האָנאָר, ווי זיי האַלטן ריין זייער היים.

אין זאַל ווערט ווידער אַ געלעכטער. דער ריכטער קלאַפּט מיטן העמערל אין טיש.

— און איצט זייט אַזוי גוט, לײדי... — ווענדט זיך דער ריכטער צו דעם אַנדערן צד.

פון דער באַנק, וווּ מרס. טוירק איז געזעסן, האָבן זיך אויפגעשטעלט דריי פרויען. זיי זענען אַלע צוגעגאַנגען צום טיש פון דעם ריכטער.

— וועלכע איז פון אייך די אַנקלאָגערין ? — פרעגט דער ריכטער.

— איך, — זאָגט מרס. טוירק, און שאַרט אַוועק מיט אירע הענט די אַנדערע צוויי ווייבער.

— און ווער זענען יענע צוויי — פרעגט דער ריכטער.

— מיינע שכנים, עדות.

— וואָס האָט דערדאַזיקער ייד געטון באַ אייער טיר.

— איך ווייס, אָט וואָס: איך בין געשלאָפן, האָב איך דערהערט, ווי מען ברעכט די טיר. בין איך אַראָפּ און דערזען, אַז די טיר איז שוין אויפגעבראָכן און אָט יענער איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר מיט צוויי אויגן, ווי באַ אַ פּיקפּאַקעט און איך האָב געמאַכט אַ געוואַלט און אים געכאַפּט. מיינע שכנים זענען אַרויס און זיי האָבן אים געזען.

— איז דאָס אַלץ אמת ? — פרעגט דער ריכטער מיט אַ שטרענג פנים.

— אמת ! — שרייעןביידע פרויען מיטאַמאָל.

— דער ייד איז אייער שכן ? — פרעגט דער ריכטער און רייבט זיך דעם שטערן.

— אונזער שכן — ענטפערט מרס. טוירק.

— האָט איר פריער עפּעס געהאַט צווישן זיך, אָדער האָט ער אייך באַליידיקט ווען סע נישט איז ?

— ניין, — ענטפערט מרס. טוירק.

— איך וועל בעטן דעם אַרויסהעלפער פון געריכט, — האָט דער ריכטער געציילט זיינע ווערטער — אַז ער זאָל זאָגן אָט דער ליידי און איר געבן צו פאַרשטיין, איידל און מיט ווירדע, אַז דאָ אין אַמעריקע, אין אַ געריכט-הויז, רעדט מען נישט אַזוי, ווי מען רעדט אין גאַס. דאָ דאַרף מען זיך האַלטן ווירדיק.

דער אַרויסהעלפער הייבט זיך אויף און דערקלערט :

— מאַדאַם, אין געריכט-הויז ענטפערט מען אַזוי : „יאָ, אייער האָנאָר", אָדער „ניין, אייער האָנאָר" . . . פאַרשטאַנען ?

— יעס, אייער האָנאָר — האָט מרס. טוירק מיט טראַציקייט אין איר שטים געזאָגט.

— איר האָט פון מאַניסן און זיין ווייב קיין קרום וואָרט נישט געהערט ? — פרעגט דער ריכטער.

— ניין, אייער האָנאָר.

— איז דאָס נישט אמת, אַז מאַניס האָט אייך שטילערהייט געבעטן, אַלס שכנה, אַז איר זאָלט האַלטן אַן אויג אויף זיין ווייב — פרעגט דער ריכטער.

— וואָס בין איך אַ דעטעקטיוו ? — לאַכט מרס. טוירק — אויב ער באַדאַרף אַ דעטעקטיוו פאַרן ווייב, ווייסט ער וווהין צו גיין.

— איך פרעג באַ אייך נישט, צי מאַניס באַדאַרף אַ דעטעקטיוו — שרייט שוין דער ריכטער און קלאַפּט מיטן האַמער אין טיש — דאָ האַנדלט זיך וועגן עפּעס אַנדערש. איר זענט אַלע געקומען אין אַ גוט און שיין לאַנד, איר אַלע. דאָ איז פאַראַן אַ גוט און שיין איינפירונג, אַז אַ „ליידי" מוז ווערן רעספּעקטירט. איר, וועלכע זענט אַהערגעקומען פון אַלערליי לענדער, כאַפּט אַריבער די מאָס. איר מיינט, אַז אַ „ליידי" קאָן אויסטראַכטן, וואָס זי וויל נאָר אויסטראַכטן אויף אַ פרעמדן ערלעכן מאַן און עס איז גענוג. דער ריכטער וועט מוזן גלייבן. איך פרעג : ווייסט איר, וואָס איר ווילט ברענגען אויף אַן אומשולדיקן מענטש ?

— גיט אים די גרעסטע שטראָף, אייער האָנאָר — שרייט מרס. טוירק.

— און וואָס וועט זיין, אויב מאַניס וועט אייך גאָר הייסן באַ־שטראָפן — זאָגט דער ריכטער מיט אַ פינגער טייטלענדיק אויף מרס. טוירק — איך וועל אים געבן דאָס רעכט. איבערזעצער, פרעגט באַ מאַ־ניסן, וואָס פאַר אַ שטראָף ער האָט קעגן אָט דער פרוי.

— דער ריכטער פרעגט באַ אייך — זאָגט דער איבערזעצער צו מאַניסן מיט אַ שמייכל — וואָס פאַר אַ שטראָף איר הייסט געבן אָט דער פרוי.

— איר... — פרעגט מאַניס און קוקט אויף זיין ווייב שבען, אויף אייבערמען און אויף דזשייקאָבסן, און פאַרשטייט נישט, וואָס דאָ איז — איך בין נישט קיין שופט, און איך בין איר מוחל.

דער איבערזעצער גיט איבער דעם ריכטער מאַניס ווערטער. אין זאַל ווערט אַ גערודער. אין דער לופט טראָגט זיך דאָס גערעכטע געפיל. אַלע האָבן דאָס געפיל אויף זייערע ליפן. דער ריכטער האָט פאַרמאַכט זיינע אויגן און זיין שאַרף פנים אונטערגעשפּאַרט מיט אייגער פון זיינע הענט. די אויבערשטע ליפּ זיינע איז געווען איצטער אַ סך גרעסער ווי אַ געוויינלעכע ליפּ. מען האָט געקאָנט מעסטן דאָס גרויסקייט פון דעם יושר, וואָס וועט באַלד אַרויסקומען פון ריכטערס מויל, מיט דער גרויס פון אָט דער ליפּ. און אָט עפנט ער די אויגן און זאָגט:

— איך, מאַניס, שיק איך אַהיים צו אייער ווייב. געדענקט, אַז אין אַמעריקע באַדאַרף מען זיין פּאַרדיכטיק. איר וועט שוין אַליין לערנען. און אייך, מאַדאַם, זאָג איך און בעט אייך, אַז איר זאָלט געדענקען, אַז איר זענט אין אַמעריקע. דאָ איז אַ פריי לאַנד. איר זאָלט אָבער פאַר־שטיין, אַז אַ פריי לאַנד איז נישט נאָר אייערס אַליין. עס איז אייער שכנס אויך. עס איז אַלעמענס. דאָס מאָל שענק איך אייך, אָבער איך זאָג אייך אָן נישט צו פאַרפירן קיין אומזיסטע סקאַנדאַלן...

פאַרשטענדלעך, אַז מאַניס מיט שבען, אייבערעם און דזשייקאָבס זע־נען שוין גאָר אויפגעלייגטע געגאַנגען אַהיים. מאַניס אין דער מיט, צווישן אייבערעמען און דזשייקאָבסן, און שבע איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן. שבע האָט זיך געוווּנדערט, ווי גרויס און לאַנג די שטאָט איז. די פיס האָבן שוין געבראָכן פון דעם גיין און עס איז גאָר קיין סימן נישט פון דילענסי סטריט. און סאַמע אַזעלכע פּאַראַדנע גאַסן. און קיינער, ווי עס ווייזט אויס, ווייסט

גאָרנישט, וואָס מיט איר מאַניסן האָט געטראָפן. קיינער שטעלט זיך נישט אָפּ פרעגן. דער איינדרוק אירער איז געווען, אַז אָדער אַלע וואָס גייען, לויפן אויך ערגעץ אַהיים אויסגעלייזטע, אַזוי ווי זי מיט מאַניסן; אָדער מען לויפט ערשט אַרויסנעמען אַן אייגענעם פון אַ צרה. מאַניס האָט אַלע מאָל מיט פרייד געזאָגט צו אייבערעמען און צו דזשייקאָבסן, אַז אין אַמע-ריקע איז דאָ אַ גרויסער יושר.

## כד.

# אמעריקע...

עס איז שוין געווען נישט ווייט פון זונענאונטערגאַנג. דזשייקאָבס האָט זיך געזעגנט מיט מאַניסן און האָט אים געהייסן קומען מאָרגן גאַנץ פרי צו דער אַרבעט:

— היינטיקער טאָג איז אייערער, און פון מאָרגענס זינט זי שאָן אויסגעגרינט... פאַרשטאַנען? — האָט דזשייקאָבס גוטמוטיק געשמייכלט.

— ער זאָגט, אַז איר האָט זיך שוין אויסגעגרינט, — גיט איבערעם מאַניסן צו פאַרשטיין.

מאַניס האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען, וואָס „אויסגעגרינט" איז, אָבער ער האָט ביטערלעך־שמייכלענדיק געשאָקלט מיט זיין קאָפּ. געמיינט האָט ער: מיר האָבן אַ גרויסן גאָט איבער דער גאַנצער וועלט און דעם גערעכטן היט ער אָפּ פון אַלערליי אַנשיקענישן. און אויב דאָס הייסט אויף אייער לשון „אויסגעגרינט", בין איך מיט אייך מסכים.

און אַז מאַניס האָט דערזען זיין שטוב, מיט דעם הילצערנעם מענטש אינדרויסן באַ דער קראָם, פון איין זייט, און דאָס רויטע זאַנטיקל, וואָס הענגט באַ דער קראָם, פון דער אַנדערער זייט, האָט ער זיך נאָך מער דערפרייט.

די אַלטע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אין שטוב אַריין, האָבן היינט

שוין נישט געקרעכצט, ווען מאַניס איז אַרויפגעגאַנגען. דאָס הייסט, זיי האָבן יאָ געקרעכצט, אָבער מאַניס האָט דאָסדאָזיקע קרעכצן נישט גע־פילט. אַזוי טייער איז אים געווען יעדער טרעפּ באַזונדער, אַז ער האָט זיך נישט פאַרגינענען צו גיין גיך. ער האָט געשפּאַנט אַרויף, אַרויף צו זיין שטוב אַריין. שבע האָט אויפגעשלאָסן די טיר און די היימלעכקייט פון זייער אייגן ווינקל האָט אַקעגן זיי געטון אַ קום אַרויס פון אַלע זייערע זאַכן; פון דעם טיש מיט די בענקלעך; פון די טעפּ, וואָס זענען בײַ אים געשטאַנען אַזוי ווי פאַרכמורעטע און אַצינדערט געוואָרן פריי־לעך. וואָרים שבע האָט נאָך נישט געהאַט קיין צייט אַפּצוציען דעם אָטעם און זי האָט שוין גענומען קאָמאַנדעווען מיט די טעפּ: איינער אַראָפּ און דער אַנדערער אַרויף. עס האָט געקלונגען זיס און היימיש דאָס גע־צאַפּטע וואַסער פון קראַן אין טאָפּ אַריין; דאָס אָנרייבן פון דעם שוועבעלע; דאָס פאַלאַכקען פון דעם פייער אין אויוון, און דערנאָך דאָס שטילע געזאַנג פון דעם אויפזידנדיקן וואַסער. מאַניס האָט זיך אַרומגעדרייט אין זיין שטוב, איבערגעשטעלט די בענקלעך אויף זייער אָרט, געפּרוווט דעם טיש, צי ער שאָקלט זיך נישט. (דער פּאָל אין מאַניסעס שטוב איז געווען קרום אויף אייניקע ערטער און דער טיש האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געפינען אַן אָרט צו שטיין אומ־געשאָקלט).

— נו, פאַרלוירן אַזאַ טאָג — האָט מאַניס געזאָגט.

— מסתּם אַזוי באַשערט — טרייסט שבע — האסט כאָטש עפּעס „טועם טעם" געווען?

— גאָרנישט. אפילו נישט קיין טרונק וואַסער.

— רוצחים.

— ווער?

דאָרטן, וווּ דו ביסט געווען — לאַכט שבע פון דעם באַ־וווסטזיין, אַז מאַניס איז שוין דאָ און נישט דאָרטן, וווּ ער איז געווען.

— מער האָט מיר נישט געפעלט, נאָר עסן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין אָרט? — פרעגט שבע און מיטביידע הענט טרייסלט זי אַ טאָפּ מיט אָנגעברענטע רעטשענע גרויפּן און

דער געשמאַקער ריח פֿון געבאַקענע רעטשקע צעטראָגט זיך איבער דער שטוב.

— אַ גרויס חדר. מיר ווענט — מאָלט מאַניס מיט זיינע הענט אויס דאָס זאָרט, ווו ער איז געווען פֿאַרשפּאַרט — און צוויי פֿענצ־טער. די פֿענצטער מיט אייזערנע גראַטעס. מאַניס זאָל חלילה נישט אַנט־לויפֿן.

— אַ שוואַרץ יאָר אויף זייער קאָפּ — לאַכט שבע — און וואָס האָט מען דיר דאָרטן געטון?

— מיר? מען האָט מיך פֿאַרשלאָסן.

— מיט אַ שלאָס?

— וואָס דען. מיט אַ שלאָס און מיט אייזערנע ריגלען.

— וואָס זשע האָסטו דאָרטן געטון?

— כ'האָב געוואָלט זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים און נישט געדענקט אויסנווייניק.

— וואָס הייסט, דו האָסט נישט געקאָנט. תהילים האָסטו נישט גע־דענקט? — וווּנדערט זיך שבע.

— אַזוי ווי דאָס לשון האָט בײַ מיר אויסגעפֿעלט, אָפּגע־נומען.

— ווען כ'וויס, גיב איך דיר מיט אַ סידור.

— ווען!...

אַז די וועטשערע איז שוין געווען פֿאַרטיק, און מאַניס מיט שבען זענען געזעסן בײַם טיש און געגעסן, האָט זיך שבע דערמאָנט, אַז מען באַדאַרף רופֿן אייבערמען צום טיש. זי האָט געכאַפּט עפּעס אויף זיך און איז געלאָפֿן נאָך אייבערמען. לויפֿנדיק מיט די טרעפּ אַראָפּ, האָט זי זיך באַגעגנט מיט די דריי שכנות, וועלכע האָבן גע־וואָלט אומגליקלעך מאַכן מאַניסן. זי האָט זיך געמאַכט אַזוי דין, ווי ווייט זי האָט געקאָנט, און זיך צוגעטשעפּעט צו דער וואַנט און דורכגע־לאָזט דידאָזיקע דריי ווײַבער און זיך מורא געהאַט אין זיי אפֿילו אָנ־צוקוקן.

אייבערעם איז גראָד געשטאַנען אינדרויסן מיט דער פּיפּקע אין זיין מויל און געבלאָזן רויך גלייך צום פֿאַרנאַכטיקן הימל און מיט ביידע הענט אין זיינע הויזן־קעשענעס.

— אייברעם, אייברעם! — שרייט שבע.

אייברעם האָט זיך געטון אַ דערשרעק און זיך אומגעקוקט. דערזען שבען, איז ער צוגעלאָפן.

— וואָס איז שוין ווידער בייעס?

— קומט אַרויף עסן וועטשערע.

— זופּ? — שמייכלט אייברעם.

— זופּ — ענטפערט שבע און פאַרשעמט זיך. זי לויפט אין איילע־ניש צוריק אין הויז אַריין. אויפן טראָטואַר שלאָגט זי זיך אָן אָן פאַרביי־גייער, וועלכע גייען ווי אַ טשערעדע שאָף, איינגעפּלאָנטערט אייבס אין דעם אַנדערן. שבע שלאָגט זיך דורך אַ וועג און באַלד איז זי צוריק אין שטוב באַ זיך. אייברעם קומט אויך אַרויף. באַ זיין אַריינקומען, בשעת ער גייט פאַרביי דעם קאָרידאָר, האַלט ער איין אויג אויף די טירן פון די שכנים, וועלכע האָבן געוואָלט מאַניסן אומגליק־לעך מאַכן. אייברעם האָט געטראַכט, אַז עס איז זייער גליק, וואָס זיי עפענען נישט די טירן צו כאַפּן אַ קוק. — זייער טויט אָדער זיין טויט.

באַם עסן די רעטשענע קאַשע מיט דעם גוטן ביסל יויך, וואָס שבען איז היינט זייער געראָטן, האָט אייברעם זיך אַזוי אויסגעדריקט, האַלטנדיק אַ פולן לעפל אין דער מיט וועג, צווישן טעלער און זיין מויל:

— ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, דידאָזיקע מענטשן גייען מאַרטש פונדאַנען!

— וואָס הייסט? — וויל שבע פאַרשטיין.

— איך וועל געבן איין פינטל מיטן אויג און זיי גייען פונ־דאַנען.

— טאַקע? — פרייט זיך שבע.

— מסתם קאָן ער! — גיט מאַניס אייברעמען מוט.

— אייברעם וועט זיי באַזאָרגן — כאַפּט אייברעם אַריין דעם לעפל אין מויל אַריין, ווי ער וואָלט דערמיט אילוסטרירט, ווי גרינג ער קאָן טון זאַכן — אַזעלכע מענטשן דאַרפן וווינען באַם ריווער.

— ווו איז דאָס ? — פרעגט מאַניס.

— באַם וואַסער — פּאַרטייטשט אייברעם — ניכט איבערן וואַסער.

— און וואָס איז איבערן וואַסער ? — דערשרעקט זיך מאַניס.

— איבערן וואַסער ! — זאָגט אייברעם מיט אַ טרויעריקן מאַך פון זיין האַנט — דאָרט איז מען שוין אַ פאַרפאַלענער.

— אַזאַ שטראָף קומט זיי נישט — בעט זיך מאַניס בא אייברעמען — זאָלן זיי וווינען באַם וואַסער. אַבי נישט איבערן וואַסער.

— פון מאַי פאַרט — זאָגט אייברעם — מעגן זיי וווינען ווו זיי ווילן, אַבי נישט דאָ בא מיר אין הויז.

עס איז געוואָרן שטיל. מיילער האָבן געקלאַפּט, ציין האָבן געקנאַקט.

אייברעם האָט וועגן מאַניסן פלוצלינג אַ טראַכט געטון: „דאָסדאָזיקע יידל, מאַניס, איז דום".

אַ ביסל שפּעטער נאָך דער וועטשערע, אַז מאַניס האָט גענומען דערציילן, וואָס ער האָט היינט איבערגעלעבט, האָט אייברעם ווידעראַמאָל געטון אַ טראַכט : „פאַרוואָס האָט מען אים געגעבן אַזאַ ווירטין פאַר אַ ווייב ?"

אָבער דאָסדאָזיקע טראַכטן זיינס וועגן מאַניסן האָט אים נישט געשטערט צו זיצן און הערן מיט געשפּאַנטקייט דאָס, וואָס מאַניס האָט דערציילט.

נאָר אַז מאַניס האָט געענדיקט דערציילן, איז אייברעם אויפגעשטאַנען, און געזאָגט :

— זיי גייען פונדאַנעט — מיט אַ פינגער ווייזנדיק צום קאָרידאָר.

שבע האָט געוווּנקען צו מאַניסן, אַז ער זאָל אייברעמען נישט אַוועקלאָזן אַזוי פרי. מאַניס האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי ווינקט און גאָרנישט געזאָגט.

שבע האָט געטראַכט, אַז דערדאָזיקער אייבערעם איז אַן אמתער גוטער פריינט, דער איינציקער דאָ אין פרעמדן לאַנד, און איִם געוואָלט מיט עפּעס אָפּדינען. זאָל ער כאָטש זיצן דאָ צווישן מענטשן נאָך אַ ביסל.

ווען אייבערעם וואָלט דאָס געוווּסט, וואָלט ער טאַקע נאָך געזעסן, אָבער אַזוי ווי ער האָט עס נישט געוווּסט און געמיינט, אַז מאַניס איז מיד, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהיים צו זיך אין קעלער. באַ דער טיר, בשעת ער איז אַרויסגעגאַנגען פון מאַניסעס שטוב, האָט ער זיך אומגעדרייט מיטן פּנים אין שטוב אַריין און געזאָגט:

— איך וויל עפּעס באַ אייך בעטן.

— פאַרוואָס נישט — האָט מאַניס געענטפערט.

— איך האָב מורא, אַז איר וועט זיך באַליידיקן — קרימט זיך אייבערעם. באַ שבען איז דער שפּיץ פון איר נאָז געוואָרן בלאַס. זי האָט זיך באמת געשראָקן. אָבער אַז אייבערעם האָט געזאָגט:

— איך וויל באַ אייך עסן אַלע אָוונט — מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צום דיל, איז שבען גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ, און זי האָט געענטפערט:

— פאַרוואָס נישט, איר קאָנט באַ אונז עסן.

— כ׳על באַצאָלן.

— ס׳מאַכט נישט.

— האָ, כ׳על באַצאָלן. כ׳וויל ווערן אַ מענטש. גענוג געווען אַליין. כ׳וויל זיין צווישן מענטשן — האָט אייבערעם זייער שווער און מיט אַ בידריקן טאָן געזאָגט. מיט אַזאַ טאָן איז זיך אַ מענטש מודה אין אַ פאַרברעכן.

מאַניס האָט אייבערעמען אָנגעקוקט מיט ברייט פונאַנדערגעשפּרייטע אויגן און מיט זיין צעעפנט מויל גאַרנישט געקאָנט זאָגן עפּעס אַ וואָרט, כדי צו פאַרגרינגערן אַ מענטש.

— וואָס איילט איר זיך אַזוי פרי אַהיימצוגיין? — מישט זיך אַריין שבע.

— כ'קאָן נאָך זיצן, זאָגט איר ? — פרעגט אייבערם.

— זיצט נאָך אַ ביסל — ווינקט שבע צו מאַניסן, אַז ער זאָל זיין גאַסטפריינטלעך.

מאַניס פאַרשטייט ווידער נישט שבעס ווונק. אייבערם זעצט זיך ווידער אַוועק און פילט, אַז ער מוז אַראָפּרעדן פון זיין האַרץ.

— איך האָב בײַ זיך אָפּגעמאַכט צו ווערן אַן אַנדערער מענטש. ביז אַהער בין איך געווען אַ נאַר. דאָס, וואָס עס נעמט אַן אַנדערן מענטש זיך אויסצולערנען אין איין טאָג, האָט בײַ מיר געדויערט עט־לעכע צענער יאָרן. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געפרעגט צוליב וואָס איך לעב. קיינמאָל נישט. איך האָב געלעבט אָן אַ חשבון. כ'בין אַלע מאָל אָפּגענאַרט געוואָרן און עס האָט מיך נישט געאַרט, וואָס מען האָט מיך אָפּגענאַרט. וואָרים מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די־דאָזיקע, וואָס נאַרן מיך אָפּ, נאַרן זיך אַליין. עס איז נישט אמת. יעדעס מאָל, וואָס מען האָט מיך אָפּגענאַרט, האָט מען מיך אָפּגענאַרט און בײַ מיר איז געבליבן וויניקער און בײַ יענעם — מער. איך מוז זיין זייער אַ גרוי־סער נאַר, אויב איך האָב ביז יעצט דאָס נישט פאַרשטאַנען. איך האָב געשוויגן, און זיך אַלע מאָל געטראַכט: הע, עס וועט קומען דער טאָג און איר וועט דערזען, אַז בײַ דעם אָפּגענאַרטן איז געבליבן זיין אוצר און בײַ אייך די ליידיקע זעק. נישט וואָר! די ליידיקע זעק זענען בײַ מיר...

אייבערם איז געבליבן זיצן און געקוקט אי אויף מאַניסן, אי אויף שבען. אים האָט זיך געוואָלט זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף זיי.

שבע איז געזעסן אַ ווייל פאַרטראַכטע. „אָט, זי האָט פאַרשטאַנען", האָט אייבערם געטראַכט. אָבער מאַניס האָט אויף אים נאָכדעם ווידער געקוקט מיט ברייט־צעשפּרייטע אויגן און געהאַלטן זיין מויל שטאַרק אָפן. אָבער, ווי עס איז אייבערעמען שוין פריער, בײַם עסן וועטשערע, קלאָר גע־וואָרן, האָט אייבערם געטראַכט ווידעראַמאָל, אַז דערדאָזיקער מאַניס פאַר־שטייט וויניק.

אין דער אמתן איז עס געווען פּונקט פאַרקערט. שבע האָט

איבערעמען גאַרנישט אַנגעהויבן צו פאַרשטיין. וואָרים זי האָט גע־מאָסטן אייבערעמען און אַלע זיינע ווערטער און יעדן קער זיינעם מיט איין מאָס. ריכטיקער: פון איין ווענדונג. און דאָס איז געווען: ווי האַלט זי מיט אים?

דערפאַר האָט זי נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מאַכט ער זיך אַזוי קליין און נידריק אין אירע אויגן?

מאַניס האָט אייבערעמען גראָד יאָ פאַרשטאַנען. עס איז איינגאַנצן געלעגן פאַר אים אַן אָפענער מענטש, וועמען גאָט האָט געשטראָפט מיט ווינציק שכל, אָבער וועלכער איז פאָרט אַ מענטש מיט אַ נשמה. ער האָט אין אים געזען אַן אָפשפּיגלונג פון זיך אַליין, נישט מער, אייבערעם איז פּראָסט און קאָן נישט באַהאַלטן דאָס, וואָס מאַניס, דער פיינערער, קאָן יאָ באַהאַלטן. צוליב וואָס איז אַ מענטש דאָ אויף דער וועלט באַשאַפן געוואָרן? וואָס טרייבט אים אַרום איבער דער וועלט? אָט איז ער אין פּאָדאָליע און אָט איז ער אין אַמעריקע. און פון אַמעריקע, וווהין גייט אַ ייד? מאַניס האָט נישט געקאָנט ענטפערן אויף די דאָזיקע זאַכן און דער־פאַר מקנא געווען, וואָס אייבערעם קאָן כאָטש אַרויסרעדן זיך. מאַניס האָט געזאָגט:

— אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ באַדאַרף מען נישט. מען איז אין גלות... און מען באַדאַרף שווייגן...

— האָ, האָ — האָט אייבערעם זיך נישט געלאָזט — האָ, האָ... וואָס איז דאָס גאָלעס?... וואָס מיינט׳ס גאָלעס?...

— איר ווייסט נישט, וואָס דאָס מיינט? — האָט מאַניס פאַרקנייטשט זיין שטערן — עס מיינט, אַז מיר זענען אין דער פרעמד און קאָנען נישט גיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיר טאָרן נישט געבן קיין געשריי און מען טאָר נישט און מען טאָר נישט.

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט זיך אייבערעם צעלאַכט אויף אַ קול — דאָ אין אַמעריקע מעג מען. דאָס איז נישט יוראָפּ.

— מעג דאָ אַ ייד וווינען באַ דער גרענעץ? — פרעגט מאַ־ניס.

— באַ וואָס פאַר אַ גרענעץ? דאָ איז נישטאָ קיין גרענעץ — זאָגט אייבערעם און טוט מיט זיין האַנט אַ וויש איבערן טיש.

— אָבער מעג אַ ייד וווינען אומעטום ?

— פאַרוואָס נישט ?

— פאַרוואָס נישט, איז נישט קיין ענטפער — ווײל מאַניס טאַקע באמת וויסן — מעג דאָ אַ ייד וווינען אומעטום ?

— אפילו אין וואשינגטאָן.

— ווו איז דאָס ?

— דאָרט, ווו דער פּרעזידענט וווינט — גרויסט זיך אייבּרעם.

— הערסט, שבע ? — ציט מאַניס שבעס אויפמערקזאַמקייט.

— אַמעריקע — זאָגט שבע.

— און טאַבאַק מעג אַ ייד פאַרקויפן ?

— ער מעג — זאָגט אייברעם מיט נצחון.

— און בּראָנפן ? — פרעגט מאַניס.

— אין יעדן סאַלון פאַרקויפט מען שנאַפּס און ווער מיינט איר זענען סאַלון־קיפּערס ?

— יידן ? — פּרוווט מאַניס טרעפן.

— ווער דען ?

— הייסט עס, מעג מען דאָ אַלץ ? — איז שוין מאַניס באַלד פאַרטיק.

— נו, עס זענען דאָ אַזעלכע זאַכן, וואָס מען טאָר נישט — שלאָגט אים איבער אייברעם און ער הייבט אָן אויסרעכענען — מען טאָר נישט האָבן קיין צוויי ווייבער. מען טאָר נישט אָוועקוואַרפן דאָס ווייב, מען טאָר נישט זיין קיין פּייקער. . .

— אַ וואָס ?

— פּייקער. . . — זאָגט אייברעם אויספּייפנדיק דאָסדאָזיקע וואָרט מער מיט דער נאָז ווי מיטן מויל.

— הער נאָר, שבע, זייער לשון : פּייקער. . . — שמייכלט מאַניס — וואָס איז דאָס ?

— אַ פּייקער איז אַזעלכער, וואָס פאַרקויפט שנאַפּס און גיסט אין אים אַריין וואַסער — גיט אייברעם צו פאַרשטיין.

— און אַז מען כאַפּט אַ פּייקער ? — וויל מאַניס וויסן.

— עס איז דאָ גענוג פּייקערס און קיינער כאַפּט זיי נישט.

— טויג דאָך נישט — קרימט זיך מאַניס.

רעד בעסער פון פרייליכערע זאַכן — מישט זיך אַריין שבע — פון וואָס זיי האָבן זיך דאָ צערעדט...

— יאָ, כ'האָב גאָר פאַרגעסן — דערמאַנט זיך מאַניס — און אַ באָד איז דאָ פאַראַן ?

— פאַראַן ! — ענטפערט אייבערעם מיט ברייטקייט — אָט דאָ נישט ווייט. און נאָך וואָס פאַר אַ באָד !

מיט דעם האָט זיך דער אָוונט געענדיקט.

אַז אייבערעם איז אַוועקגעגאַנגען האָט שבע געפרעגט מאַניסן, צי ער וויל שוין שלאָפן. מאַניס האָט געזאָגט, אַז אים דאַכט זיך, אַז ער וויל שוין שלאָפן. שבע האָט געענטפערט, אַז איר דאַכט זיך אויך, אַז זי וויל שוין שלאָפן. ווען מיר טאַקע אפשר גיין זיך לייגן שלאָפן, האָט מאַניס געזאָגט. שבע איז אַריינגעגאַנגען אין שטיבל, ווו די בעטן זענען געשטאַנען. באַלד האָט זיך געהערט דאָס ענערגישע קלאַפּן פון אירע הענט אין פול אָנגעפּילטע קישנס. עס איז געווען ריטם אין דעמדאָזיקן קלאַפּן. מאַניס האָט פון תמיד אָן געהאַט אַ טבע, אַז בשעת ער האָט געהערט אָט דאָסדאָזיקע ריטמישע קלאַפּן, האָבן זיך אים זיינע אויגן אָנגעהויבן צו קלעפּן און עס האָט אים געצויגן אין בעט אַריין. אין שטוב איז באַלד געוואָרן פינצטער. מאַניס האָט געלייענט „קריעת שמע" און שבע האָט אויך שטילערהייט געטון דאָס אייגענע. דערנאָך האָבן זיי צווישן זיך נאָך שטילערהייט גערעדט. שבע האָט שטיל, קוויטשיק פרום געלאַכט און מאַניס האָט איר געהייסן שוויגן מיט נאָך אַ שטילערער שטים.

דילענסי סטריט איז אויך געווען שטיל. די לאַמטערנעס האָבן אָפּגעהיטן די גאַס. פון צייט צו צייט איז אַ שטערן פון הימל אויף דילענסי סטריט אַראָפּגעפאַלן. די הייזער זענען געווען אַזוי ווי צוויי שורות שטיינערנע סקאַלעס, צווישן וועלכע מען האָט אַ וועג אויסגעהאַקט. עס איז געווען

אַ קילע נאַכט. עס איז געווען גוט צו שלאָפן. און ניו־יאָרק האָט זיך צו־
געכאַפּט צום שלאָף. קליינע קינדער אין די וויגן זענען גוט געשלאָפן.
קעץ און הינט פון דער גאַס זענען אויך געשלאָפן. די לאַמטערן האָבן
געהיטן די גאַס. און די שטערן פון אויבן אויך. היט גאָט אָפּ די מידע
מענטשן פון אַלערליי אומגליקן.

כה.

## דאָס קאָנווערטל

אַז די אַרבעטער אין דזשייקאָבס שאַפּ, דאָרט וווּ מאַניס האָט געאַרבעט, האָבן דערהערט, וואָס עס האָט מיט מאַניסן געטראָפן, זענען זיי געוואָרן מלא שמחה. כאָטש זיי האָבן אַלע גוט פֿאַרדינט, פֿונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געוואָלט, אַז עס זאָל קומען נאָך איינער, אַ נייער אַרבעטער, און אויך פֿאַרדינען. כאָטש זיי האָבן געוווּסט, אַז דער נייער אַרבעטער וועט נישט קאָנען אַליין טאָן די גאַנצע אַרבעט דאָ אין שאַפּ, האָבן זיי, פֿונדעסטוועגן, נישט געקאָנט לײַדן, אַז אַ נייער אַרבעטער איז אָנגעקומען אין שאַפּ אַרײַן. טעמים זענען געווען זייער אַ סך. ערשטנס, זאָל דער באַלעבאָס נישט זען, אַז עס איז גרינג צו באַקומען נייע אַרבעטער; צווייטנס, זאָל דער באַלעבאָס טאַקע מורא האָבן פֿאַר די־דאָזיקע אַרבעטער, וואָס ער האָט, אַז זיי זאָלן נישט וועלן אים אָוועקוואַרפֿן; דריטנס, זאָל דער באַלעבאָס וויסן, אַז ער באַדאַרף צי־טערן פֿאַר זיינע אַלטע אַרבעטער, וואָרים זיי קענען דאָך די אַרבעט גוט.

דערפֿאַר האָבן זיך אַלע געפֿרייט, וואָרים זיי האָבן געמיינט, אַז זיי זענען פּטור געוואָרן פֿון מאַניסן. „דער רויטער", וועלכער איז געווען מאַניסעס שכן, האָט זיך נאָך מערער געפֿרייט, וואָרים בײַ „דעם רויטן" איז דאָס געווען אַן אידעע: פּטור געוואָרן פֿון אַ קאָנקורענט און איצט וועט די גאַנצע אַרבעט פֿון צווייפֿלייגן העמדער זיין אין איין האַנט, חוץ וואָס „דער רויטער" האָט גלאַט אַזוי פֿיינט געהאַט מאַניסן.

באַטאָג, ווען דער פֿעדלער איז געקומען, האָט איס „דער רויטער" מיט נצחון דערציילט, אַז מען האָט מאַגיסן געכאַפּט באַ גישט זייער קיין שיי־נער זאַך און מען האָט אים אָנגעטון קייטעלעך אויף די הענט.

— גייט שוין, גייט, וואָס לאַכט איר פֿון אַ ייד? — איז דער בליי־כער פֿעדלער געוואָרן בלוי ווי אַ מילץ.

— קינדער, ער וויל גישט גלייבן, — שרייט „דער רויטער" אויף אַ קול איבער דעם גאַנצן שאַפּ.

— יאָ, יאָ.

— קייטעלעך אויף די הענט.

דערנאָך האָט „דער רויטער" געטון אַ כאַפּ דעם פֿעדלער באַ אַ האַנט און זי אים אַרונטערגעדרייט אויף זיינע פּלייצעס. דער פֿעדלער האָט געפֿילט אַ שטאַרקן ווייטיק, און ער האָט זיך איינגעהאָרבעט און פֿאַרקוועטשט מיט זיינע אויגן און זיך געצאַפּלט: — לאָזט אָפּ מיין האַנט.

— איך בין אַ בלאָפֿער? האַ? — האָט „דער רויטער" געלאַכט מיט זיין בייז און קוויטשיק געלעכטער, — בין איך אַ בלאָפֿער?

— ניין, ניין, — האָט זיך דער פֿעדלער געבעטן און געפֿילט, אַז זיין האַנט ברעכט זיך.

— וואָס זאָגט איר, קינדער, — פֿרעגט „דער רויטער" באַ די אַרבעטער, וועלכע שטייען אַרום אין אַ רעדל, — זאָל איך אים אָפּרייסן די האַנט?

— דאָס מאָל שענק אים צוריק די האַנט.

— רייס אים אָפּ.

— גיב זי אים צוריק.

— ער האָט גענוג איין האַנט.

— אוי, אוי, לאָזט אָפּ מיין האַנט! — האָט דער פֿעדלער שוין געטון אַ געשריי מיט אַלע זיינע כּוחות.

דער רויטער האָט זיך דערשראָקן און אָפּגעלאָזט די האַנט. דער פֿעדלער האָט מיט זיין באַפֿרייטער האַנט געטון אַ טרייסל, ווי ער וואָלט פּרווון זען צי זי לעבט נאָך.

אַלע אַרבעטער האָבן זיך צעלאַכט. זייער געלעכטער האָט זיך אויס־געשאָטן ווי ניס פֿון אַ זאַק. דער פֿעדלער האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר דעם־

דאָזיקן געלעכטער. באַ אים איז דאָס האַרץ איצט געהאַנגען אויף אַ דין פעדעמל. ער האָט זיך געשראָקן, אַז מען וועט אין אים דאָ איצט נעמען נקמה פאַר דעם, וואָס זיינס אַ גלייכן איז געכאַפּט געוואָרן באַ אַ נישט קיין שיינער זאַך. ער האָט שוין געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט דערלעבט צו זען, ווי דידאָזיקע חברה־פרעסאַרעס, ווי ער האָט זיי גערופן באַ זיך אין דער מחשבה, האָבן זיך גענומען צו זייערע קעשענעס און אים אָנגעהויבן צו באַצאָלן. פאַרשטענדלעך, אַז מען האָט באַ דעמדאָזיקן פעדלער געגנוג בלוט אָפּגעצאַפּט, איידער מען האָט אים באַצאָלט.

דערפאַר איז געווען דעמדאָזיקן פעדלערס פרייד צוויי מאָל מער, ווען ער איז געקומען אויפן צווייטן טאָג און געפונען מאַניסן באַ דער אַרבעט. ער איז גלייך צוגעלאָפן צו מאַניסן און אים געגעבן שלום און זיך שיער נישט אַרומגעכאַפּט מיט אים.

נאָכדעם האָבן זיי זיך ביידע געשאָקלט באַם טיש און געמאַכט מיט זייערע הענט אין דער לופטן, ווי זיי וואָלטן עפּעס מבטל געווען און טרויעריק געשאָקלט מיט זייערע קעפּ און געקרעכצט און זיך ביידע איינגעהויקערט און צום סוף זיך ביידע אויסגעגלייכט, און דער פעדלער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער באַדאַרף שוין גיין טראָגן דעם קויש.

מאַניס האָט באַלד נאָכמיטאָג, ווי ער האָט זיך געשטעלט אַרבעטן, אַנטדעקט, אַז אין זיין חלק פון טיש איז דאָ קאַרבן. עס איז אים געווען אַ חידוש פונוואַנען די קאַרבן האָבן זיך גענומען און פאַרוואָס ער האָט דידאָזיקע קאַרבן פריער נישט באַמערקט. וואָרים דידאָזיקע קאַרבן האָבן געשטערט אין דער אַרבעט, בשעת ער האָט דאָס העמד צוזויפגעלייגט, האָט ער עס באַדאַרפט מיט זיינע הענט אויסגלעטן. און דער טיש האָט באַדאַרפט זיין גלאַט, אָן פגימה. אַ נישט איז די האַנט געשטרויכלט געוואָרן און נישט געקאָנט אַזוי גוט אויסגלעטן דאָס העמד.

„קאַרבן, — האָט מאַניס צו זיך אַליין געמורמלט, — דאַכט זיך, אַז דאָ איז קיינמאָל נישט געווען קיין איין קאַרב אין טיש". מאַניס האָט פאַרביסן זיין אונטערשטע ליפּ און געטון זיין אַרבעט. ער האָט געפילט, אַז „דער רויטער", זיין שכן, וואַרפט צו אים בליקן, אָבער מאַניס האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק.

אין שאַפּ איז געווען שטיל, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן.

די שטילקייט פון די אַרבעטער איז אפילו געווען אַ געצוווּנגענע. יעדער איז געווען פאַרטאָן אין זיין אַרבעט.

מאַניס האָט געאַרבעט מיט פלייס. אין יעדן קער פון זיינע הענט איז געווען דאָס געפיל, אַז ער איז פריי און קליגער. וואָס מער העמדער ער וועט צונויפלייגן, וועט זיין בעסער פאַר אים. אין זיין גאַנץ וועזן איז אָנגעקומען אַ גיכקייט און געיאָגט זיינע פינגער און געיאָגט זיינע הענט. דער שטערן איז געוואָרן באַדעקט מיט שווייס און די פינגער האָבן זיך געיאָגט און די הענט האָבן זיך געוואָרפן. דער באַרג מיט העמדער איז געוואָרן קלענער. און ער האָט פון זיך אַליין אָנגעהויבן צו געפינען נייע וועגן ווי אַזוי צו טון זיין אַרבעט גיכער. למשל: באַם צו-נויפקנעפלען דאָס העמד האָט ער ביז איצט גענוצט ביידע הענט. איז אים באַ דער אַרבעט איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז מען באַדאַרף נישט נוצן ביי-דע הענט — איין האַנט איז גענוג, און אין דער צייט, וואָס איין האַנט קנעפלט דאָס העמד, קאָן דערווייל די אַנדערע האַנט טון אַן אַנדערע אַרבעט. דערדאָזיקער איינפאַל האָט פאַר מאַניסן געווונען אַ ביסל צייט. און מיט דעמדאָזיקן ביסעלע צייט האָט מאַניס אַריבערגעיאָגט זיין שכן „דעם רויטן".

יענער, „דער רויטער", האָט דערזען, אַז מאַניס יאָגט אים אַריבער, איז אים געווען אַ ווּנדער, פאַרוואָס מאַניס יאָגט אים אַריבער. האָט „דער רויטער" געוואָלט אויסגעפינען, וואָס מאַניס טוט, כדי אים אַריבערצויאָגן.

האָט מאַניס אָבער נישט געוואָלט, אַז „דער רויטער" זאָל געווויר ווערן פון דעם „שכל", וואָס מאַניס האָט אויסגעטראַכט.

זיי האָבן ביידע אָנגעהויבן אין איין רגע. מאַניס האָט אַנידערגע-לייגט אַ העמד אויף זיין חלק טיש, און „דער רויטער" האָט אַנידערגע-לייגט אַ העמד אויף זיין חלק טיש. „דער רויטער" גיט זיך אַ וואָרף און הייבט אָן גיך צונויפלייגן דאָס העמד. מאַניס פאַלט ווידער אויף אַ שכל און פאַרקנעפלט פריער דאָס העמד און דערנאָך קערט ער עס איבער און הייבט עס אָן צונויפלייגן. „דער רויטער" כאַפּט אַ קוק צו מאַניסן, און אים דאַכט זיך, אַז מאַניס איז דאָס מאָל געבליבן העט ווייט הינטערשטע-ליק, אָבער צום סוף ענדיקט מאַניס פריער פון „דעם רויטן" און כאַפּט שוין אַן אַנדער העמד.

איז „דער רויטער" געוואָרן אין כעס און געשאָלטן, אַז עס זאָלן

מאַניסן אָפּדאַרן די הענט. דאָסדאָזיקע שפּלטן האָט ער געטון באַ זיך אין
דער מחשבה.

וואָרים ער האָט גוט געוווּסט, אַז מאַניס איז איצט אַ גאַנצער
מיוחס באַ דעם באַלעבאָס, און פאַר אַזעלכע זאַכן האָט „דער רויטער“
מורא געהאַט. ער איז געווען פאַרטיק זיך איבערצובעטן מיט מאַניסן און
זיך אונטערגעבן צו אים. נאָר ווי אַזוי צוצוקומען צו מאַניסן האָט ער
נישט געוווּסט.

דידאָזיקע שטימונג איז געווען באַ אַלע אַרבעטער אין שאַפּ. זיי
האָבן אַלע באַקומען גרויס דרך ארץ פאַר מאַניסן. אַ ייד, וועלכער איז
שוין געווען אין די גרויסע פענצטער און איז שוין שיער־שיער נישט
אַריינגעפאַלן, און איז דאָך צוריק דאָ. פאַר אַזאַ מענטש באַדאַרף מען
האָבן גרויס דרך ארץ. וואָרים ווער זענען זיי? פּשוטע באַלמעלאָכעס.
ווער ווייסט פון זיי? קיינער נישט. מיט וועמען האָבן זיי צו טון? אָדער
מיט דעם ווייב, אָדער מיט דעם באַלעבאָס. היינט לעבט מען און מאָרגן
שטאַרבט מען. אָבער ער, דערדאָזיקער מאַניס, איז שוין גאָר אַן אַנדע-
רער מענטש. אין „פייפער“ האָט מען געשריבן וועגן אים אַ גאַנצע מעשה.
און אָט איז ער דאָ צווישן זיי גלייך, ווי נישט אים מיינט מען. ער איז
אפילו נישט שטאָלץ דערמיט, וואָס מען האָט געשריבן וועגן אים אין
„פייפער“. ווייזט אויס, ער איז געוווינט צו אַזעלכע זאַכן.

פאַרנאַכט, פאַר דעם אַהיימגיין, איז דזשייקאָבס צוגעקומען צו מאַ-
ניסן און אים געגעבן אַ „פייפער“.

— היר, האָבן זי, מיסטער מאַניס, „דאָס בלאַט“. דאָ היר שרייבט
זיך וועגן אינען, — האָט דזשייקאָבס געזאָגט מיט פיל ווירדע און מיט
אַן אויפגעשטעלטער ברוסט.

— וואָס? — האָט מאַניס איבערגעפרעגט.

— אַ באַשרייבונג פון אינען, — האָט דזשייקאָבס מיט אַ צע-
שמייכלט פנים נאָך אַמאָל מאַניסן דערקלערט.

די אַרבעטער אין שאַפּ האָבן אַרומגערינגלט מאַניסן מיט דזשיי-
קאָבסן, און מיט פנימער צעשטראַלטע פון אַן אינערלעכער פרייד, געקוקט
אויף מאַניסן און אים מקנא געווען. מאַניס האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס
דאָ איז. אַז ער האַלט אין די הענט אַ בלאַט־צייטונג האָט ער געוווּסט.
אַז די צייטונג איז מיט יידישע אותיות האָט ער געזען. ער האָט געוועגדט

זיינע אויגן צו דעם אָרט אין דער צייטונג, אויף וועלכן דזשייקאָבס האָט אים אָנגעוויזן:

— הירה, מיסטער מאַניס, לעזען זי אינענס נאָמען.

מאַניס האָט דערזען זיין נאָמען געדרוקט מיט יידישע אותיות. עס איז פון אָנהייב אַזוי פאַרטונקלט געוואָרן אין זיינע אויגן, ווי מיט אַ טו־מאַן פאַרצויגן. דערנאָך האָט ער דערפילט, אַז עס איז אים הייס געוואָרן אין פּנים. ער האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט און זיינע פינגער האָבן אים געבריט. דערנאָך האָט ער פאַרשטאַנען און געזאָגט:

— צוליב וואָס האָבן זיי דאָס געטון?

— די וועלט מוזט יאָ וויסען, — האָט דזשייקאָבס געענטפערט מיט פיל ענערגיע.

— ווי אַזוי וועל איך אַריבערגיין די גאַס? — האָט מאַניס גע־זאָגט, אַזוי ווי ער וואָלט באַלד שיער נישט אָנגעהויבן צו וויינען.

— דאָס מאַכט ניכטס, — האָט אים דזשייקאָבס געגלעט מיט איין האַנט איבער זיין פּלייצע.

— וואָס דען, פון מיר וועט מען שרייבן אין די פּייפּערס? — האָט „דער רויטער" אַריינגעוואָרפן, און זיך באַהאַלטן הינטער די פּלייצעס פון אַן אַנדערן אַרבעטער.

— גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איך בין גאָרנישט שולדיק, — האָט מאַניס זיך פאַרענטפערט.

— נעמען זי דיזען פּייפּער און ברענגט צו אינענס פרוי, — האָט דזשייקאָבס מאַניסן געגעבן אַן עצה.

— אַהיים, זאָגט איר? מיין שבע וואָלט געחלשט, — זאָגט מאַניס.

— נאָ, נאָ! דאָס איזט שוין צופּיל, — האָט דזשייקאָבס מיט זיינע הענט געפּאָכעט אין דער לופטן, — איך זאָג אינען, נעמט דאָס פּייפּער אַהיים פאַר איינדענק.

— זאָגט איר, אַז איך מעג? — האָט מאַניס אַליין נישט געוווּסט וואָס צו טון.

— דאָס טרעפט מיט אַ מענטש איינמאָל אין טויזנט יאָר! — שרייט „דער רויטער".

— קאָן מען דאָך מיט אַזאַ זאַך אָנשיטן פעסער גאָלד, — זאָגט אייזיק דער איינטונקער, און גלעט זיך זיין פאַרקראָכמאַליעטע באָרד.

— יאָ, בעטשאָ! — כאַפּט זיך דייוו, דער אָנטרייבער, מיט ביידע הענט באַ זיינע זייטן.

מאַניס איז געשטאַנען אינדערמיט פון דעם בונט מיט אַרבעטער אַזוי ווי אַ דערשלאָגענער. און ווער ווייסט, וואָס מיט אים וואָלט געווען, ווען נישט דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט, נעמלעך: היינט אָוונט האָט דזשייקאָבס אויסגעצאָלט זיינע אַרבעטער זייער וואָכנגעלט, און מאַניס האָט אויך באַקומען פון דזשייקאָבסן אַ קליין קאָנווערטל, וואָס איז געווען פאַרקלעפּט און אָנגעפּילט מיט זיין פאַרדינסט. דאָס איז געווען מאַניסעס ערשטע פאַרהאָרוועטע געלט.

מאַניס האָט דאָסדאָזיקע קאָנווערטל גענומען מיט אַ בנעימותדיקע פרייד און נישט באַמערקטערהייט די ציימונג, אין וועלכער מען האָט געשריבן וועגן אים אויך, אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע.

## כו.

# די גאָלדענע קאַרעטע

גייענדיק אַהיים פון דער אַרבעט, האָט מאַניס צוריק אַרויסגענומען פון זיין קעשענע דאָס בלאַט, פאַר זיינע אויגן מיט ביידע הענט געהאַלטן אויסגעשפּרייט און געפּרוּווט לייענען וואָס דאָרטן שרייבט זיך. דאָס לשון איז אָבער געווען אַזאַ שווער לשון, אַז מאַניס האָט נישט פאַרשטאַנען. עס איז געווען, ווי מאַניס האָט זיך אָנגעשטויסן, דאָס לשון פון טייטש־חומש. אין דעמדאָזיקן לשון איז מאַניס נישט אַזוי געווען קלאָר ווי אין לשון קודש. ער האָט דאָס בלאַט־צייטונג צוריק אין קעשענע אַריינגעלייגט און אַרויסגענומען דאָס קאָנווערטל מיט זיין האָרעוואַניע און עס אויפגעריסן און אַרויסגענומען די גרינע פּיזיטן און אַזוי גייענדיק געציילט. אין קאָנווערטל איז נאָך געלעגן קליין געלט פון זילבער און פון קופּער. מאַניס האָט עס אויסגעשאָטן אויף זיין האַנט און עס איז אים מיט אַמאָל אַזוי גוט געוואָרן צו גיין דאָ אין גאַס מיט אַלעמען. וואָס גייען זיי אַזוי מיד און פאַרשלאָפן? — האָט מאַניס בא זיך געפרעגט.

ער האָט שוין קוים דערלעבט צוצוקומען צו זיין טיר. ער איז אַריין אין שטוב מיט פריילעכע טריט.

— שבע! נאַ דיר דאָס קאָנווערטל.

— וואָס פאַר אַ קאָנווערטל? — האָט שבע צעטומלט געפרעגט.

— נעם, וועסטו שוין זען.

— וואָס איז עס ?

— מיין האַרעוואַניע.

שבע האָט געטון אַ כאַפּ דאָס קליינע גרויע קאָנווערטל און אויס־געשאָטן אויף דעם טיש דאָס, וואָס עס איז געווען אינעווייניק אין קאָנ־ווערטל.

— אַזוי פיל האָסטו פאַרדינט, מאַניס ?

— די ערשטע וואָך, — האָט מאַניס זיך אַזש געוואָרגן מיט די ווערטער פאַר פרייד, — דאָס איז די ערשטע וואָך. די צווייטע וואָך וועט אם ירצה השם זיין בעסער.

— זאָל גאָט העלפן, — בענטשט שבע מאַניסן, צונויפלייגנדיק ביידע הענט, אַזוי ווי זי איז געווען געוווינט צו טון בשעת זי האָט גע־בענטשט ליכט.

— זאָל גאָט העלפן ! — האָט מאַניס געטון אַ פּאַטש שבען אין אַקסל אַריין מיט פיל ווייכקייט און גרינגקייט, — און איצט באַדיר נאָך עפּעס.

— וואָס ? — האָט שבע מיט פאַרוווּנדערונג זיך אויסגעדרייט גלייך מיט איר פּנים צו מאַניסן. זי האָט שוין נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און אומגעדולדיק גענומען העלפן מאַניסן שלעפּן פון זיין קעשענע דאָס בלאַט־צייטונג.

— אָט איז דאָס ! — האָט מאַניס געוויזן שבען מיט אַ פינ־גער.

— דיין נאָמען, אוי ווי איז מיר !

— מיין נאָמען. . . — האָט מאַניס געזאָגט אַ פאַרשעמ־טער.

— ווי קומט דיין נאָמען אַהער ?

— כ׳ווייס ? כ׳זאָל אַזוי נישט וויסן פון בייז.

— וואָס איז דאָס ?

— אַ בלאַט־צייטונג.

— וואָס מען רופט בלעטער. . . — האָט שבע, וועלכע האָט אַזאַ נאָך ווי אַ צייטונג קיינמאָל פריער נישט געלייענט, איצט מאַניסן געגעבן

צו פאַרשטיין דאָס, וואָס זי האָט אַמאָל געהערט, אַז עס זענען פאַראַנען אויף דער וועלט „בלעטער".

— יאָ, אַ בלאַט-צייטונג.

— וואָס זשע וויל ער, דער בלאַט-צייטונג?

— כ'האָב נאָך נישט געלייענט.

— נעם בעסער און באַגראָב עס אָט אָ דאָ-אָ, — כאַפּט אויס שבע דאָס בלאַט און לויפט צו גלייך צום אויוון.

— ניטע, ניטע, פאַרברען עס נישט! לאָם איך כאָטש פריער אי-בערלייענען, וואָס דאָרט שטייט, — איז מאַניס צוגעלאָפן צו שבען און צוריק אויסגעכאַפּט דאָס בלאַט בײַ איר. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט בײַם טיש און אָנגעהויבן צו לייענען.

שבע איז אָבער זייער געשיקט אונטערגעלאָפן און אויסגעריסן בײַ אים דאָס בלאַט און נאָך גיכער אויפגעעפנט די פּאַקרישקע פון אויוון און אַריינגעשטופּט די צייטונג אויף די גליענדיקע קוילן. דער גאַנצער אויוון האָט געפלאַקערט פון דעם פלאַם, וואָס האָט די צייטונג אַרומגע-כאַפּט.

— באַגראָבן און מער וויל איך נישט הערן פון דעם. — האָט שבע געזאָגט.

און אַזוי האָט זיך שוין געפירט אין מאַניסעס שטוב. אויב שבע האָט עפּעס געוואָלט, האָט זי אויסגעפירט. מאַניס האָט געמעגט וויסן, אַז עס איז אַ קרומע זאַך, אָבער אויב שבע וויל אַזוי, בלייבט עס ווי זי וויל. עס איז דערפאַר תמיד בײַ זיי געווען שלום אין שטוב. כאָטש מאַניס איז אַמאָל אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרדראָס קעגן שבען, האָט ער אָבער זיינס פאַרבויגן, כדי עס זאָל זיין שלום. אַזוי איז עס געווען דאָרטן, ווי זיי האָבן זיך דערקענט און חתונה געהאַט און אַזוי איז עס געגאַנגען דאָ אין אַמעריקע.

זייער לעבן דאָ אין אַמעריקע איז נאָך שענער געווען ווי דאָרטן, וואָרים דאָ האָבן זיי נישט געהאַט קיין קרובים. האָבן זיי זיך ביידע אַזוי איינגעוואַקסן איינס אין דאָס אַנדערע און אַזוי זיך דערנענטערט, אַז נעבנטער האָט שוין נישט געקאָנט זיין. עס זענען געווען מינוטן, ווען

זיי זענען געזעסןביידע אין שטוב און געשוויגן. און אין אַ ווײַלע שפּע־
טער איז געקומען צווישן זיי, ווידעראַמאָל, רייד. האָט זיך אַרויסגעוויזן,
אַז ווען זיי האָבן געשוויגן, האָבן זיי ביידע געטראַכט כּמעט דאָס אייגע־
נע. פונוואַנען האָסטו געוווסט, וואָס איך טראַכט ? — לאַכט מאַניס. איך
האָב טאַקע נישט געוווסט, — זאָגט שבע. איך האָב גלאַט אַזוי אַ טראַכט
געטון. און איך האָב אויך גלאַט אַזוי זיך פאַרטראַכט — פאַרענטפערט
זיך מאַניס.

שבע איז געווען מאַניסעס ווײַב, שוועסטער און מאַמע. און מאַניס
איז געווען שבעס מאַן, ברודער און פאַטער. עס איז נישט געווען אַזעל־
כעס, וואָס זי האָט נישט געקאָנט דערציילן מאַניסן אָדער פאַרקערט,
ער — איר. זיי זענען געווען ביידע איינס. פון אינדערפרי ביז אָוונט
און פון אָוונט ביז אינדערפרי, אפילו דעמאָלט, ווען מאַניס איז געווען
אין שאַפּ, איז שבע אַרומגעגאַנגען מיט מאַניסן אין שטוב בײַ זיך. אויב
זי האָט אײַנגעקויפט, האָט זי נאָר געטראַכט וועגן מאַניסן. דאָס האָט ער
ליב און דאָס האָט ער פײַנט. און בשעת זי האָט געקאָכט, ווידער
אַמאָל דאָס אייגענע : דאָס האָט ער ליב, אַז עס זאָל זײַן אַזוי געקאָכט
אָדער אַזוי געפּרעגלט. און מאַניס איז בײַ דער אַרבעט אַלע מאָל געווען
פאַרטראַכט וועגן שבען. האָט אים געפלאַמט דאָס לינקע אויער, למשל,
האָט ער געוווסט, אַז שבע רעדט וועגן אים. האָט אים געקלונגען אין די
אויערן, האָט ער געטראַכט, אַז שבע בענקט נאָך אים. האָט ער זיך גע־
טון אַ שטאָך און אַ קלאַפּ בײַ דער אַרבעט, האָט ער געטראַכט, אַז שבען
איז דאָרט אומעטיק צו זײַן אַליין. און אַז ער האָט געטראַכט וועגן דעם,
וואָס עס וועט זײַן ווײַטער... האָט ער קיינמאָל נישט געטראַכט דערפון
נאָר צוליב זיך אַליין. צוליב אים אַליין איז גאָרנישט געווען קיין חייטער,
אָבער פאַר אים מיט שבען איז שוין געווען זייער אַ ווײַטער ווײַטער. איז
ער געגאַנגען אין גאַס און עפּעס שיינס דערזען, האָט ער געזאָגט צו זיך
אַליין : דאָסדאָזיקע שיינע באַדאַרף מען קויפן פאַר שבען. האָט ער גע־
הערט אַ גוט און קלוג וואָרט, האָט ער געטראַכט, דאָס באַדאַרף מען
דערציילן שבען.

און אַמאָל בײַ דער אַרבעט, אַז עס איז אים באַפאַלן אַ חשק צו

טראַכטן וועגן דעם, ווי ער וועט רייך ווערן, ווי אַזוי? מאַלע וואָס
עס קאָן טרעפן. ער וועט אַרבעטן, אַרבעטן און אַרבעטן, ביז
עס וועט אים זיך דערעסן דאָס אַרבעטן, וועט ער נעמען דאָס
אָפּגעשפּאָרטע געלט און קויפן אַן אַקציע, אָדער עפענען אַליין
אַ פאַבריק. עפענען אַ פאַבריק איז אַ שווערער ענין ווי קויפן אַן
אַקציע. יאָ, עפענען אַ פאַבריק און רייך ווערן, נישט סתם רייך
ווערן, זיך אָנשטאָפּן מיט געלט. נישט. נאָר רייך ווערן אויף דעם
שיינעם אופן. און פירן אַ שטוב ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ מין אופן.
וואָלט אפשר נישט זיין שיין צו האָבן אַ גאָלדענע קאַרעטע מיט פיר
זילבערנע פערד. און ער מיט שבען זאָלן זיך דורכפאָרן אַלע פאַר-
נאַכט אַרויס פון דער שטאָט. און עט ווייט פון דער שטאָט אַרויס
וועט מאַניס הייסן דעם קוטשער בלייבן שטיין. און ער וועט אַראָפּ-
גיין צום קוואַל, וואָס בײַם וועג און אָנשעפּן אַ לעפל וואַסער פאַר
שבען און אַ לעפל וואַסער פאַר זיך. און נאָכדעם, אַז זיי וועלן
זיך דערקוויקן זייערע הערצער מיט דעם קוואַל-וואַסער, וועט דער
קוואַל נישט-ווערן. וואָס, עס איז נישט מעגלעך? וואָס וועט אים
צערן, אַז דער קוואַל וועט זיין אַן אמתער קוואַל בײַם וועג. אויב
דאָס וואַסער איז גוט, וועט עס נאָך עמעצן דערקוויקן. אָבער צו-
ריק אַריינפאָרן אין שטאָט וועלן ער מיט שבען אויף אַ גאָלדע-
נער קאַרעטע מיט פיר זילבערנע פערד. וואָס אַזוינס גוטס וועט ער
טון פאַר אונזערע יידעלעך? גוטס. . . ער וועט בטל מאַכן אַלע
זייערע זאָרגן. קאָן מען זיך פאָרשטעלן אַ ייד און ער זאָל נישט
באַדאַרפן זאָרגן? עס קאָן זיין, אַז נישט. דאָס הייסט, אַז עס קאָן
נישט זיין אַ ייד, וואָס זאָל גאָר קיין זאָרג נישט האָבן. אין דער
אמתן איז זאָרג אפשר גוט. אָבער עס איז פאַראַן זאָרג צווייערליי.
זאָרג פאַר מאָרגן און זאָרג פון היינט; אָט פון באַלד. די זאָרג פאַר
מאָרגן איז נישט געגעבן געוואָרן דעם מענטש, אַז ער זאָל עס קאָנען
אַוועקוואַרפן. וואַרפט ער עס אַוועק, איז ער נישט מער ווי אַ בהמה.
אָבער די זאָרג פון היינט, פון באַלד, דאָס נעמט זיך דער מענטש
אַליין. וואָס זשע וועט ער, מאַניס, טון, כּדי אָט דידאָזיקע מענטש-
לעכע זאָרגן, די קליינע, נישטיקע, אויסצוואָרצלען? ער וועט זיצן
מ'ט שבען אין גאָלדענעם פּאַטשאָן און מיט איר פאָרן איבער די

גאַסן פון שטאָט און זי פון איין זייט און ער פון דער אַנדערער זייט װעלן װאַרפן גאָלדענע רענדלעך. װער עס באַדאַרף, זאָל אויפקלויבן. און נאָך, נאָך גוטע זאַכן.

אָבער דערװייל איז מאַניס נאָך אַן אָרימער אַרבעטער. ער אַרבעט בײַ העמדער. פֿאַר יעדער העמד, װאָס ער לייגט צונויף, צאָלט מען אים נאָך װינציקער פון אַן אַמעריקאַנער פעני. ער באַקומט פינף פעניס פאַר אַ טוץ העמדער. דער באַלעבאָס דזשייקאָבס זאָגט אים, אַז ער קאָן מיט דער צייט צונויפלייגן אין איין טאָג הונדערט טוצן העמדער.

הונדערט טוצן העמדער! פינף פעניס פאַר אַ טוץ: — װיפיל באַטרעפט דאָס? און װעט אַמאָל קומען יענע צייט? דערװייל, קאָן ער, מאַניס, נאָך נישט צונויפלייגן אפילו קיין צען טוצן העמדער. דער שכן זיינער, „דער רױטער", לייגט נישט צונויף קיין הונדערט. פע, עס איז נישט שיין יענעם נאָכצוקוקן. מאַניס פרוװט טאַקע נישט נאָכצוקוקן „דעם רױטן" און קאָן זיך נישט בייקומען. ער טוט עס צוליב דעם, אַז ער זאָל זען צי עס איז דאָ װאָג אין זיינע האָפנונגען. איי, האָפנונגען, האָפנונגען! זאָגט מאַניס צו זיך אַליין און טוט אַ לייכטן זיפץ און עס טוט אים אַ ריס בײַם האַרץ.

געװען אַמאָל בײַ אים אַנדערע האָפנונגען. זענען זיי שוין באַגראָבן און פאַרשאָטן אונטער אַ באַרג אַש. ער אַליין איז אויסגעריסן געװאָרן פון זיין אָרט. און מען האָט נישט געהאַט קיין צייט אים גוט אויסצוזױיסן. װאָרים, מען האָט איבערגעלאָזט די װאָרצלען, דאָס הייסט, זיינע קינדער און זיינע נאָענטע; אָט אַלע יענע יידן, װאָס זענען אים אַזוי גוט און באַליבט געװען, זענען געבליבן ערגעץ דאָרטן. און אים האָט מען אַריבערגעװאָרפן אַהער אין אַמעריקע. אמת, ער הייבט שוין אָן זיך פילן היימיש. ער װייסט שוין דאָ די נעמען פון אַ סך גאַסן; ער קאָן שוין דאָ אַ סך יידן און מיט זייערע אייגענע הענט פאַרדינט ער זיין ברויט; ער באַדאַרף נישט אָנקומען צו קיינעם און באַדאַרף נישט שמעקן פונװאַנעט און װוהין דער װינט בלאָזט; ער פאַרדינט זיין ברויט װען עס מעג רעגענען אָדער שנייען, אָדער זיין הייס אָדער קאַלט; ער שטייט אויף

טאָג זײַן אָפּ אַרבעט און אַרבעט דער צו אַוועק גײט און אינדערפֿרי;
וועט ער האָבן כּח אין זײַנע הענט, וועט ער צונױפֿלײגן מער און
מער; וועט ער זיך דאָ אײַנוואָרצלען און זיך אײַנפֿונדעווען. נאָך אַלעמען,
איז דער טאָג דער אײגענער דאָ ווי אומעטום, און נאַכט אויך. און אַ
שטוב איז אַ שטוב און אַ מענטש איז אַ מענטש.

## כז.

# די שיינע מידה

עס איז געווען מיטאָג־צייט.

אַ שיינע זאַך האָבן זיי דאָ אין אַמעריקע. מיטאָג־צייט. מאַניס האָט דערפאַר אַליין שוין ליב געהאַט אַמעריקע. אינמיטן העלן טאָג, מיר נישט, דיר נישט, נעמט מען און מען הערט אויף צו אַרבעטן. אַלע אינאיינעם; פון איין עק שטאָט ביז צום אַנדערן; אין יעדער פאַבריק; אין אַלע גאַסן שטעלט מען אָפּ די אַרבעט און מען רוט זיך אָפּ. אַזאַ שיינע מידה, האָט געפּאַסט פאַר די צייטן פון בית המקדש. און ווער ווייסט, אפשר. . . אפשר איז דאָ אין אַמעריקע פאַראַן אַ ווונק אויף דעם. מאַניס האָט זיך צעשמועסט מיט דעם „סעלאַפּקיוועצער שוחט" וועגן דעם ענין.

— איר זענט אַזאַ מאָדנער ייד, — האָט דער פּעדלער שטילערהייט געזאָגט צו מאַניסן, — דאָ אין דעם וויסטן אַמעריקע זעט איר אַ ווונק... ווּהין? . . .

— פאַרגיט מיר, — האָט זיך מאַניס ווי געבעטן באַם פּעדלער, — באַ מיר איז עס אַזוי ביי. פשוט, עס פאַרכאַפּט מיין אויג. אינמיטן העלן טאָג שטעלט מען אָפּ די אַרבעט אי פאַר דעם מענטש, אי פאַר דער בהמה.

— אינגאַנצן אויף איין שעה צייט, — קרימט זיך דער פּעדלער, — מען קאָן דען מאַכן אַ לעבן דערפון.

— נאַ, אייך לוינט נישט, כ'פאַרשטיי, — זאָגט מאַניס, — אָבער

פאַר מיר איז עס זייער גוט. כ'קאָן אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אין מצרים וואָלט אַזאַ זאַך נישט געווען מעג עך. אין ארץ ישראל, יאָ.

— איר פאַרגלייכט דאָ, צו ארץ ישראל, להבדיל אלף הבדלות — ווערט דער פעדלער ברוגז.

— איר ווילט זיך מיט מיר קריגן? — שמייכלט מאַניס, — וואָס האָט איר געוואָלט, אַז מען זאָל רוען אַ גאַנצן טאָג? בײַ מיר וועט איר פועלן.

— אַ גאַנצן טאָג נישט, — פאַרענטפערט זיך דער פעדלער, — אָבער איין שעה איז ווינציק. אין איין שעה קאָן איך גאָרנישט אויפטון. איך קום אַריין אַהער און איידער איך קוק זיך אַרום איז שוין די שעה אַריבער און דאָס איז מיין גאַנצער פדיון. וואָס קאָן מען פאַרדינען אין איין שעה?

— טאַקע שלעכט, — איז מאַניס מסכּים, — פאַרוואָס טוט איר נישט דאָס וואָס איך טו?

— וואָס? — דערשרעקט זיך דער פעדלער.

— אָט...

— דאָס נישט.

— פאַרוואָס נישט?

— כ'האָב נאָך האָפנונג.

— אויף וואָס?

— אָדער אַהין אָדער אַהער.

— כ'פאַרשטיי נישט.

— אָדער כ'וועל ווערן צוריק אַ שוחט אָדער...

— ווערן אַ שוחט... זאָל אייך גאָט העלפן.

— בײַ „אים" אין די הענט.

— נישט פאַרלירן קיין האָפנונג.

— צוריק גערעדט, ווער באַדאַרף דאָ אַ שוחט, — קרימט דער „סעלאַפּקעוויצער שוחט" זיינע ליפּן.

— הע, עס האָלט נישט אַזוי שמאָל? האָלט עס?

— חלילה.

— פאַראַן יידן?

— גענוג.

— אין וואָס זשע באַשטייט די מניעה?

— אין דעם חזיר.

— אין וואָס פאַר אַ חזיר, — לאַכט מאַניס.

— כ'האָב אייך נאָך נישט דערציילט?

— האַ, די מעשה מיט דעם חזיר. יאָ, דאַכט זיך, דערציילט. ניין, איר האָט אָנגעהויבן און נישט דערענדיקט.

— בין איך אַזוי געגאַנגען אינמיטן וועג מיט מיינע חלפים אין בוזעם־קעשענע און גיב אַ קוק אַ חזיר אַ גרויסער, וואָס זיין גרייס איז נאָך נישט געזען געוואָרן, גייט פונקט אַקעגן מיר. און אָט איז ער שוין לעבן מיר. באמת, איך האָב זיך דערשראָקן.

— וואָס זשע האָט איר געטון?

— איך האָב אויפגעהויבן אַ שטעקן און האָב אים דערלאַנגט איבערן קאָפּ, דעם חזיר.

— העי, מיסטער, עס האָט שוין „געוויסעלט"... — האָט דייוו, דער אָנטרייבער, געטון אַ געשריי און איבערגעשלאָגן דאָס געמיטלעכע שמועסערײַ צווישן מאַניסן און דעם פּעדלער. מאַניס האָט אָנגעהויבן צוריק צו אַרבעטן און „דער פּעדלער" איז אַוועקגעגאַנגען און אין איילעניש, כמעט אויף איין פוס, איינגעמאָנט דאָס געלט פון די אַרבעטער. באַם אַרויסגיין האָט ער געטון אַ געשריי צו מאַניסן: האַלטן מיר, הייסט עס, בײַ דעם, אַז איך האָב אים געגעבן איבערן קאָפּ.

— געגעבן איבערן קאָפּ, — האָט מאַניס געמורמלט און געאַרבעט. און געפּרוווט זיך באַצווינגען, אַז ער זאָל אַרבעטן און נישט טראַכטן. וואָרים צוויי זאַכן מיט אַמאָל האָט ער נישט געקאָנט טון. אי טראַכטן, אי אַרבעטן... וואָס איז ער דען נאָך עפּעס מער פון אַ מענטש? אַ פּשוטער מענטש. איז אויב ער הייבט נאָר אָן צו טראַכטן בײַ דער אַרבעט, אַזוי רוקט זיך דער טאָג און די אַרבעט שטייט. מאַניס קאָן אָבער זיך אַזוי גרינג נישט באַצווינגען אויפהערן צו טראַכטן. עס איז אַ שווערע מלאכה. ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער נעמט אָן מיט ביידע הענט זיין מוח און קוועטשט אים אויס און וואַרפט אַוועק דאָס פּעטע און נעמט דאָס, וואָס עס בלייבט איבער, דאָס שאָלעכץ, און לייגט צוריק אַריין אויף דעם אָרט, וווּ דער מוח באַדאַרף ליגן. און איצט, אַז ער ווערט פאַרטיק מיט אָט דער מלאכה, נעמט ער זיך אַריינלאָזן אין דער אַרבעט, וואָס

פאַר אים אויפן טיש. אַבסאָלוטע פאַרגעסנהייט. מאַניס רופט עס אַנדערש. ער רופט עס דאָס „אָפּנעמעניש", עס גייען אַוועק אַלע חושים און עס בלייבן נאָר שרייפּלעך און שרייפּלעך, וועלכע דרייען זיך און דרייען זיך ערגעץ אינעווייניק, ביז זיי דערדרייען זיך צום אָרט, ווו די הענט זענען צוגעשרויפט. און דאָ ווידער, דרייען זיך די שרייפּלעך און די הענט פון זיך אַליין, וואַרפן זיך אַהין און צוריק, ביז צום „אָפּנעמען", אָבער זיי ווערן נישט אָפּגענומען, דערפאַר וואָס עס איז דאָ אין זיי אַזאַ מין עקשנות, וואָס לאָזט זיי נישט „אָפּגענומען" צו ווערן, און זיי וואַרפן זיך און אַרבעטן, ביז דער טאָג גייט אַוועק. יאָ, געבענטשט זאָלסטו זיין גאָט, וואָס דער טאָג איז שוין אַוועק, און עס ווערט נאַכט. און עס גיט אַ פייף דער „וויסעל", און מען הערט אויף צו וואַרפן מיט די הענט. און מען קאָן שוין צוריק אַרויסנעמען דעם מוח און אים אָנפילן מיט מחשבות און צוריק אַ טראַכט טון וועגן וואָס מען וויל.

ווי גוט עס איז דעמאָלט מאַניסן!

עס מוז דעמאָלט איטלעכן גוט זיין!

אַזוי מיינט מאַניס, אַז עס איז איטלעכן אַזוי גוט. וואָרים ער איז איינער פון אַלע. ווען דער „וויסעל" גיט אַ פייף, הערן אַלע אויף צו אַרבעטן און ער אויך. דאָס אַליין איז שוין אַ סימן, אַז מאַניס איז איינער פון אַלע. און אויב עס איז אים גוט, איז דאָך אַלעמען גוט.

קאָן דען זיין בעסער? עס עפענען זיך אָן-אַ-שיעור טירן און מען גייט אַרויס אויף גאַסט וועלט. מען כאַפּט אָפּ דעם אָטעם. מען גייט אי-בער די גאַסן און מען שמעקט גאָטס גוטע ביסל לופט. מען זעט דעם שיינעם הימל מיט די שטערן און מען זעט גאָטס באַשעפענישן. און מען פילט זיך ווי מען איז אויך עפּעס נישט קיין פאַרשפאַרטער. אַראָפּגע-וואָרפן פון זיך דעם שווערן יאָך און מען קלאַפּט אויס מיט די פיס די פרייע, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג שיער נישט אָפּגענומען געוואָרן, אַלערליי טריט.

איז עס אַ וווּנדער, וואָס מאַניס פרייט זיך אַזוי? ווי אַ קינד פילט ער אַלע אָוונט, ווי אַ קינד, וואָס הייבט אָן ערשט צו גיין אויף זיינע

פיסלעך. אַלע אָוונט אַזוי — פיס, פיס, פיס! עס איז אַזוי גרינג צו שפּאַ־
נען אין דער גאַס מיט אַלע אינאיינעם.

אָבער וואָס וועט זיין ווייטער?... פרעגט זיך מאַניס. וואָס וועט זיין ווייטער. עס איז אַ שרעק זיך צו דערמאַנען, אַז דאָס איז עס אינ־גאַנצן און נישט מער. מאַניס וויל דעמדאָזיקן געדאַנק נישט צולאָזן צו זיך: דאָס איז עס און נישט מער. וויפיל ער וועט לעבן וועט ער צונויפ־לייגן העמדער. מען קאָן אויסרעכענען. אַזוי פיל העמדער און אַזוי פיל העמדער וועט ער צונויפלייגן און דערנאָך וועט קומען דער סוף. האַ, רבונו של עולם?... דערנאָך וועט קומען דער סוף...

און וואָס וועט ווערן דערפון? עס וועט אַלעמענס סוף קומען. קינ־דער וועלן בלייבן באַ עמעצן, וועלן זיי אויך טון דאָס אייגענע, וואָס זייערע טאַטעס האָבן געטון, אָדער צונויפלייגן העמדער. אָדער שטעפּן העמדער, אָדער פּרעסן העמדער, און וואָס וועט זיין דער סוף.

איז דאָס דער תכלית פון דער וועלט? צוליב דעם, רבונו של עולם, האָסטו אָנגעגרייט אַזאַ מדינה אַמעריקע, כדי עס זאָלן קומען יידן און צונויפלייגן העמדער? און זיין פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן טאָג און פאַר־נאַכט זיך באַפרייען און מאָרגן ווידער זיך אַליין מיטן גוטן ווילן פאַר־שפּאַרן און אַזוי אָן אַ סוף.

שבע, מאַניסעס ווייב, איז שוין געווען אַנדערש. זי האָט עס בעזען אַנדערש.

— וואָס איז דער חילוק, וואָס אַ מענטש טוט — האָט זי געזאָגט, — דאָ אויף דער וועלט מוז מען אַרבעטן און האָבן צרות.

— אַ נייעס, — האָט מאַניס זיך געוויצלט.
— אויב דו ווייסט, וואָס זשע קלאָגסטו זיך.
— שבע, עס באַפאַלט מיך אַ שרעק, — האָט מאַניס געזאָגט און איז געווען גערירט ביז טרערן — ווען איך גיב זיך אַ פאַרטראַכט וועגן דעם תכלית. וואָס פאַר אַ תכלית, טראַכט איך, ליגט אין דעם צו־נויפלייגן העמדער.
— ס'נישט אַזוי מסוכן, — שלאָגט אָפּ שבע מאַניסעס טרויעריקע

געדאַנקען, — און אַז עס שטייט געשריבן דאָרטן וועגן יענעם „תנא“ וואָס איז געווען אַ שוסטער.

— גערעכט, שבע. ביסט גערעכט, — ווישט זיך מאַניס זיין שטערן — איך וועל שוין מער נישט האָבן קיין תרעימות.

— ווער לאָזט דיך נישט, — האָט שבע געזאָגט מיט אייגן ווייט פאַרטראַכטע, — קאָנסט אַהיימקומען און לערנען און שרייבן דיין ספר, וואָס דו האָסט אַמאָל געוואָלט אָנשרייבן. געדענקסט ?

— וואָס דען, כ׳האָב פאַרגעסן ? — האָט מאַניס זיך גערוטלט און איז צוגעגאַנגען צום טיש און זיך אין אים אָנגעשפאַרט. — דאַכט זיך, אַז איך האָב דיר שוין געזאָגט, וואָס פאַר אַ ספר איך וויל שרייבן.

— ניין, מיר האָסטו גאָרנישט געזאָגט, ווי אַזוי דאָס ספר וועט זיין. האָסט מיר גאָר געזאָגט, אַז דו ווילסט שרייבן אַ ספר, — האָט שבע געזאָגט און זיך געשאָקלט באַ יעדער וואָרט, וואָס דאָס האָט צוגעגעבן זייער פיל חן צו אירע ווערטער.

— וועל איך דיר איצטער זאָגן — איז מאַניס געשטאַנען אָנגעשפאַרט אָן טיש מיט ביידע הענט, און בשעת ער האָט גערעדט האָט ער געקוקט צום טיש, — מיין ספר וועט זיין אַ נייער שולחן־ערוך.

— ווינציק דינים — האָט שבע געטון אַ שמייכל, דאָסדאָזיקע שמייכלען האָט נישט באַליידיקט קיינעם. חוץ דעם, האָט מאַניס גאָרנישט געזען ווי זי האָט געטון אַ שמייכל — ווינציק זענען דאָ באַ אונז יידן דינים, וועסטו נאָך אויפשרייבן נייע דינים.

— וואָרט, כאַפּ נישט, — האָט מאַניס מיט איין האַנט אינדערלופטן געוויזן שבען, אַז עס איז דאָ גענוג צייט און גענוג אָרט — האָסט נאָך נישט געהערט וואָס און ווען. ס׳איז מיר גאָר וואָס איינגעפאַלן די דאָזיקע מחשבה. איך האָב גאָר געוואָלט שרייבן אַ חידוש איבער דעם מדרש. גאָר איצט, אַז מיר זענען דאָ אין אַמעריקע, און איך זע, אַז אַלע יידן שטייען אויף אינדערפרי און גייען צו דער אַרבעט. אַלע אַרבעטן. עס

איז אַ נייע מדינה, און דאָ גילט נישט דאָס, וואָס עס האָט געטויגט פאַר דאָרט. פאַרשטייסט, שבע, דאָ באַדאַרף מען האָבן אַ נייעם שולחן-ערוך. וואָס מיינסטו?

— אין אַזעלכע זאַכן בין איך בלינד, — זאָגט שבע און שפּאַרט פונדעסטוועגן אונטער מיט איין האַנט איר פּנים און וויל דאָסדאָזיקע, וואָס מאַניס האָט געזאָגט, אַ ביסל טיפער באַנעמען. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס מאַניס ציט ווייטער דעם שמועס און שבע הערט שוין נישט וואָס ער רעדט, אָבער אין דער אייגענער צייט קאָן זי זיך נישט פאַרטיפן אין זיך אַליין.

— כ'וועל נאָך אַזוי גיך זיך נישט אַוועקזעצן שרייבן. — שפּאַנט מאַניס איבער דער שטוב און קרייזלט מיט איין האַנט איינע פון זיינע פּאות — פריער וועל איך פאַרצייכענען אין אַ ביכעלע גלאַט אַזוי אַלער-ליי דינים.

— למשל — גיט מאַניס צו דערקלערן, נאָכדעם ווי ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פּאָר מינוט און געשוויגן, — נעם אַזאַ מנהג, ווי זיי האָבן דאָ, אַז אין מיטן העלן טאָג, אין מיטן פון דער אַרבעט, טוט מען אַ פייף און מען הערט אויף צו אַר-בעטן.

— ווער טוט דעם פייף? — קאָן די פרוי אין שבען נישט ביישטיין דעם נסיון.

— כ'ווייס אויך נישט, ווער עס טוט דעם פייף, — ציט מאַניס מיט זיינע פּלייצעס, — אָבער עס דערהערט זיך אַ פייף און מען בלייבט שטיין אין דער מיט אַרבעט. אַ שטייגער, איך האַלט אינמיטן צונויפפלייגן אַ העמד. טוט מען אַ פייף, לאָז איך איבער דאָס העמד און זעץ זיך אַנידער אָפּרוען.

— זייער ווויל, — געפעלט שבען דער מנהג.

— אַזאַ זאַך איז ווויל, און עס מוז ווערן אַ דין — קלאַפּט מאַ-ניס מיט איין האַנט אין דער אַנדערער, — טאָמער געפינט זיך איינער אַן אַרבעטער, וואָס וויל נישט רוען. ער זאָגט: איך בין נישט מיד און איך וויל נישט רוען. אָדער טאָמער געפינט זיך איינער אַ באַלעבאָס, וואָס

ווייל נישט לאָזן זיינע אַרבעטער רוען אין מיטן טאָג. קאַרג, זאָגט ער, איז אייך די נאַכט?

— אַזוינע צעזעצט מען דעם קאָפּ — פּסקנט שבע.

— צוואָס? אַ מער וועט עס ווערן אַ דין אין שולחן־ערוך — וויל מאַניס דווקא זיינס אויספירן.

כח.

# א סוד

עס זענען געגוג וואַסערן אוועק ביז מאַניס האָט זיך גענומען שרייבן זיין שולחן־ערוך. דאָס לעבן פון דעם פרעמדן ייד אין אַמעריקע האָט זיך געצויגן, אַזוי ווי פון פעך. מאַניסעס פאַרדינסטן זענען געווען קוים, קוים גענוג אויף דעם, וואָס זיין שטוב האָט באַדאַרפט. אָפטמאָל איז נישט געווען גענוג. און כאָטש שבע האָט געוווּסט דעם סוד פון שפּאָרזאַמקייט, פונדעסטוועגן האָט זי נישט געקאָנט זיך צוצוקן ווי אַזוי מאַניס קומט אַהיים אַן אויסגעמוטשעטער. און האָט לעצטנס אָנגעהויבן צו פּראַכן מיט דער נאָז. און צו דערצו האָט מאַניסעס קאָפּ האָר אָנגעהויבן צו ווערן גרוי. און דער קאָפּ אַליין זיינער, ווערט עפּעס אַזוי ווי איינגעשרומפּן און קליין. רעדן מיט מאַניסן וועגן דעם האָט זי מורא געהאַט. זי פלעגט קוקן און שווייגן. איר האַרץ איז צעגעגאַנגען געוואָרן פון ווייטיק.

דערפאַר איז זיי אָבער אין אַמעריקע געגאַנגען אין אַנדערע זאַכן בעסער. זייערע שונאים, די שכנים, האָבן זיך פאַרנומען פון דילענסי־סטריט. און פונקט די צווייטע טיר האָט זיך אַריינגעצויגן דער סעלאָפּ־קיוויצער שוחט.

איצט, אַז מאַניס גייט אַוועק און שבע בלייבט אַליין אין שטוב, טוט זי אַ קלאַפּ אין דער וואַנט און די שוחטטע קומט באַלד אַריין. זי הייסט רבקה. און זעט אויס טאַקע ווי אַן אמתע שוחטטע. שבע מיט רבקהן זענען שוין געוואָרן אַזוי נאָענט ווי צוויי שוועסטער. זיי־

איז שוין אינאיינעם גרינגער צו טראָגן דעם שווערן יאָך פון דעם פרעמדן לאַנד.

און אין אָוונט קומט דער שוחט אַריין אַמאָל צו מאַניסן, אָדער פאַרקערט, מאַניס גייט אַריין צום שוחט. דער שוחט הייסט אברהם און זיין ווייב רופט אים אברהמל. באַם שוחט איז דאָ אַ פולע שטוב מיט קינדער. און זיי האָבן שוין אַ היפש מיידל, וועלכע הייסט לאהטשע. די צוויי שטיבלעך, וואָס דער שוחט האָט באַוווינט, זענען כמעט געווען ליידיק און פוסט. ליידיק זענען זיי געווען אָן מעבל. נישט קיין בענקלעך, נישט קיין טיש, אָבער פול זענען זיי געווען מיט קינדער. חוץ דער גרויסער לאה זענען געווען קלענערע מיידלעך, מאָגערע, בלאַסע, מיט שוואַרצע האָר און מיט אויסגעשמירטע פנימער. עס זענען געווען יינגלעך גאָר קליינע. צוויי פון זיי זענען נאָך אַרומגעקראָכן אויף דעם פאָל, איין יינגעלע איז נאָך געווען בא דער מאַמעס ברוסט און איין יינגל איז שוין געווען אַ גרעסערער. אין דער צייט פון צווישן צוויי שוועסטערלעך געבוירן געוואָרן.

די שוחטקע רבקה איז אַליין געווען זייער אַ פיינע נשמה — דאָס גוטסקייט אַליין, און האָט פאַרמאָגט אַלערליי גוטע מידות, וואָס נישט אַלע פרויען האָבן. איין זאַך, דאָס, וואָס זי איז נישט געווען אזא בריה אין שטוב. זי האָט שוין געהאָפט, אַז דאָס מיידל לאה וועט זי שוין אַרויסשלעפן פון דער שווערער האָרעוואַניע, איז אָבער דאָ אַמעריקע, און אין אַמעריקע גייען גאָר די מיידלעך אויך אַרבעטן.

עס האָט זיך אָפּגעטון אַלערליי מעשים אין שוחטס שטוב, איידער לאה האָט געפועלט, אַז מען זאָל זי לאָזן גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק. לאה איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אירע עלטערן, ווען זי איז נאָך קוים צוועלף-דרייצן יאָר אַלט געווען. זי האָט נאָך פאַרכאַפּט אַרומצולויפן אַ ביסל איבער די גאַסן און זיך צו שפּילן מיט די קינדער אין גאַס. דאָרטן, ווו זיי האָבן געוווינט, איז געווען זייער געדיכט באַזעצט מיט מענטשן. די גאַס אַ שמאָלע, הייזער הויכע און אַלטע און אָנגעפּילטע מיט מענטשן, ווי מיט מוראַשקעס. דאָס געפּילדער דאָרטן אין יענער גאַס ליגט נאָך בא לאהן אין די אויערן. ווער ווייסט, צי זי וועט שוין דאָס קאָנען פאַרגעסן. זי האָט זיך אויך אויסגעלערנט ענגליש. דאָרט אין יענער גאַס האָבן די קינדער געוווּסט, אַז זי איז נישט קיין אַמעריקאַנער-

געבוירענע. מען פלעגט עס איר אויפוואַרפן אויף יעדן טריט און שריט. אָבער זי האָט זיך נישט געשעמט מיט דעם. זי האָט נישט געקאָנט באַגנע־מען, פאַרוואָס עס איז פאַראַן צו שעמען זיך מיט דעם, וואָס זי איז גע־בוירן געוואָרן אין דעם שיינעם שטעטל סעלאָפּקעוויץ. און זי האָט זיך טאַקע נישט געשעמט. אָבער ענגליש האָט זי זיך אויסגעלערנט און זי רעדט אַזוי ווי אַן אמת געבוירענע אין אַמעריקע. דאָס איז זייער אָנגע־לייגט באַ אירע עלטערן. זייער טאָכטער קאָן רעדן ענגליש. פאַרוואָס אַ שטייגער איז עס באַ זיי אָנגעלייגט? זיי ווייסן נישט. נאָר אַז זיי דערהערן ווי זייער טאָכטער לאַהטשע טוט אַ זאָג עפּעס אין ענגליש מיט דעם אמתן פאָנפן פון נאָז און מיט דעם פינקטלעכן פאַרקאַטשען פון איר צינגל, ווערן זייערע הערצער פול מיט פרייד. עס איז פאָרט ענגליש. עפּעס אַן איידל לשון און נישט גוייש. און אַז זי איז אַלט געוואָרן פופצן יאָר האָט מען איר אָנגעטון אַ לאַנג קליידל, און זי האָט אויפגעהערט צו גיין אין גאַס זיך שפּילן מיט קינדער, און האָט אָנגעהויבן העלפן דער מאַמען אין שטוב. נאָר זי האָט געזען, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו העלפן דער מאַמען אין שטוב. ווארים דער טאַטע איז אַ גרויסער אָרימאַן, און וואָס זי וויל קויפן אין שטוב אַריין קאָן זי נישט. ווארים עס איז נישטאָ פאַר־וואָס, איז זי דאָך אַ מיידל, קאָן זי נישט איינרוען. מאַמע, זאָגט זי, איך וועל גיין אַרבעטן. וועסט נישט גיין. איך וועל יאָ גיין. אַז איך זאָג גיין, וועט זיין גיין! אַ מאַמען פאָלגט מען. און אַז איך וועל פרעגן באַם טאַטן און דער טאַטע וועט מיך הייסן? יאָ, דעמאָלט איז עפּעס אַנדערש. דער טאַטע האָט זיך געקרימט און געקרימט און געזאָגט, אַז אויב זי וויל, קאָן זי אָנהייבן אַרבעטן, נאָר באַ עפּעס אַן איידעלע אַרבעט. איז לאהה גע־גאַנגען און זיך אָנגעגעבן אין אַ פאַבריק, וווּ מען מאַכט בייטלעך. קליי־נע בייטלעך און גרויסע בייטלען. די פאַרדינסט שוין גאַנץ נישקשה. זי ברענגט אהיים דאָס קאָנווערטל און גיט עס אוועק דער מאַמען. די מאַ־מע טראָגט דאָס קאָנווערטל מיט לאהס האָרעוואַניע אין אַ באַנק אַריין און זאַמלט דאָס געלט פאַר איר טאָכטערס נדן. לאה, פאַרקערט, וואָלט בעסער געוואָלט, אַז די מאַמע זאָל אויסגעבן דאָס געלט, וואָס זי פאַרדינט אויף דער שטוב. נדן, זאָגט זי, באַדאַרף איך נישט. זי ווייסט, וואָס זי זאָגט. לאה איז אַ שיין מיידל. זי ווייסט שוין דערפון. זינט זי האָט אָנ־געהויבן אַרבעטן אין דער פאַבריק, האָט זי דערוווּסט זיך, אַז זי איז אַ

שיין מיידל. זי איז אויך אַ ביסל באַלעזן. אין אָוונט זיצט זי תמיד מיט אַ בוך אין האַנט און שלינגט בלאַט נאָך בלאַט. דאָס לייענען איז בײַ איר אַזוי באַטעמט, פּונקט אַזוי ווי דאָס עסן. אַ סך מאָל וואָלט זי נישט געגעסן און בעסער געלייענט. אַזוינע שיינע ביכלעך דאָ אין אַמעריקע. זי לייענט איבער אַ ביכל און דערציילט דער מאַמען און שבען וואָס אין ביכל שטייט. און די מאַמע מיט שבען קוקן זיך איבער און טראַכטן מסתּמא, אַז זיי וואָלטן אויך געלייענט, ווען זיי וואָלטן געקאָנט. אין אַט די ביכלעך זענען פאַראַן מיידלעך זייער שיינע, און לאה שפּילט זיי איבער אין לעבן. און עס דאַכט זיך איר, אַז זי איז שענער פון זיי אַלעמען. וואָרים זי האָט מען נאָך נישט געזען. אַזאַ געפיל האָט זי, אַז קיינער האָט זי נאָך נישט געזען. אין יענעם טאָג, ווען מען וועט זי שוין דערזען, וועט עפּעס אויסערגעוויינלעכס געשען. זי איז זיכער אין דעם. זי האַלט בײַ זיך אינעווייניק אַ סוד, וואָס אויב די וועלט וועט אים דערוויסן, וועט אפשר די וועלט זייער שיין ווערן. זי אַליין ווייסט אויך נישט, וואָס דאָס איז. אָבער אַזאַ געפיל האָט זי. און זי האָט נישט מיט וועמען פון דעם איבערצוריידן. זי פאַלט פון צייט צו צייט אָן אויף איינעם פון די קליינע ברידערלעך און דריקט אים צו זיך און קושט אים אַזוי באַטעמט, פּשוט אים אויפצועסן. אין פאַבריק פועלט זי אַלץ, וואָס זי וויל. אַט שפּאַרט זי זיך איין, אַז זי וויל נאָך פופציק סענט אויף דער וואָך. גיט מען איר. אַן אַנדערש מאָל נעמט זי זיך אָן פאַר אַן אַנדער מיידלס קריוודע און געווינט. זי וואָלט געקאָנט האָבן די לייכטסטע אַרבעט, נאָר זי וויל נישט זיין פון די מיידלעך, וואָס מען זאָל טייטלען אויף איר מיט די פינגער. סיי=ווי קוקן די מיידלעך קרום אויף איר. מען רופט זי אין „שאַפּ" מיט דעם צונאָמען: „דאָס שיינע פּנימל". עס איז טאַקע שיין צו פאַרמאָגן אַ שיין פּנים. אָבער אַז זי ווייסט, אַז מען קוקט קרום אויף דעם, פילט זי ווי צו נעמען סאַזשע און זיך אויסשמירן דאָס פּנים. אָבער זי טוט עס נישט. וואָרים עס איז פּאַרט שיין. און בסך הכּל זענען נאָר די מיידלעך נישט צופרידן. אין לאָהן איז דאָס מיידלשע איפּגעשטאַנען אומ-דערוואַרטעט. זי האָט אפילו געוווסט שוין אַ סך זאַכן, נאָך אַרומלויפנ-דיק אין גאַס צווישן די קינדער, אָבער דאָס אמתע מיידל איז ערשט געבוירן געוואָרן, ווען די מאַמע האָט איר געהייסן אָנטון אַ לאַנג קליידל. ערשט דעמאָלט האָט זי זיך אָנגעהויבן שעמען מיט אירע נאַקעטע

העגט פאַר דעם אייגענעם טאַטן. און אויב דער טאַטע האָט איר אַמאָל געגעבן אַ קניפּ אין באַק פאַר ליבשאַפט און אירע באַקן האָבן זיינע פינ-גער געטון אַ ברי, איז לאה דערנאָך געווען אַזוי ווי צעמישט און נישט געוווסט מיט וואָס צו פאַרשטעלן דעם וועג צו אי'רע אינעווייניקסטע גע-דאַנקען, אַז דער טאַטע זאָל זיי נישט זעען.

אָט אַזוי איז דאָס געגאַנגען. דער שוחט איז געווען אַ מענטש פול הלצה. זיין קענטעניש און זיין לערנען האָבן אים אָבער נישט געמאַכט קליגער. ער איז געווען אַ ביסל נאַריש און ווינציקער נאָך פּראַקטיש. ער האָט געוווסט, אַז אפילו צו זיין אַ שוחט, באַדאַרף מען האָבן שכל, אָבער, אין וואָס עס באַשטייט דאָס האָבן שכל, האָט ער נישט געוווסט. ער האָט אַלץ געלאָזט אויף גאָטס באַראָט. ער איז געווען אַ גרויסער בעל-בטחון. אין אַמעריקע וואָלט ער אויך געלעבט מער פון בטחון, נאָר עס האָט צו-געטרעטן שוין ביז צום האַלז. איז ער געוואָרן אַ פּעדלער. אַזוי האָבן לאַנדסלייט געראַטן. זיי האָבן געזאָגט, אַז פּעדלעריי איז נישט קיין בושה. כמעט אַלע גבירים זענען דאָ פריער געווען פּעדלער. אברהם פילט אָבער, אַז דאָס טראָגן פון דעם קויש איז אַ דערנידערונג פאַר אים. מען באַהאַנדלט אים גראָב. מען מיינט, אַז ער האָט גאָר קיין נשמה נישט. ער שטייט זיך אויס יעדן טאָג אַלערליי בושות. און אין אָוונט, ווען ער קומט אַהיים און טוט אַ קוק אויף זיין שטוב, דער אָרים-ליידיקער און דער פולער מיט קינדערלעך, פאַרגעסט ער אין אַלע בושות. ער נעמט אָן אַלץ מיט ליב-שאַפט און האָט בטחון, אַז ער וועט נאָך דאָ ווערן צוריק אַ שוחט. דאָס לאַנד איז נאָך ניי, יידן קומען אַהער פון אַלע עקן וועלט און מיט דער צייט וועט דאָ זיין אַ יידישע שטאָט.

— אָט וועט איר זען, ר' מאַניס, — זאָגט ער מאַניסן אין איינעם פון זייערע געמיטלעכע שמועסן, — וואָס דאָ וועט ווערן.

— עס איז שוין — זאָגט מאַניס, — ווינציק יידן זענען דאָ פאַראַן. אָבער וואָס איז אמת, איז אמת, די יידן דאָ וועלן זיך אויסשמדן. נעמט מיין וואָרט.

— חלילה-וחס, — מישט זיך אַריין שבע, — אונזערע יידן, שפּילסט זיך מיט אונזערע יידן! ווו מען גייט, הערט מען רעדן יידיש. קלויזן זע-נען דאָ פאַראַנען. אפילו אַ ישובה. יידן זיצן און לערנען תורה.

און מען גיט אַכטונג אויף כשרות. און האָסט געזען ווי יידן האָבן גע־בויט סוכות ? דו אַליין, מאַניס, האָסט געגעסן אין אַ סוכה, ניין ?

— און די מלחמה מיט די איירישע באַמס ? — האָט מאַניס דער־מאָנט שבען.

— געהאַט אַ מלחמה ? — פרעגט דער שוחט אַ פאַראינטערע־סירטער.

— ניין, ניין, מיר וועלן נישט האָבן ? — שאָקלט ביטער מיטן קאָפּ מאַניס — די איירישע באַמס. כ'ווייס, וואָס פאַר אַ ברואים דאָס זענען. זיי האָבן נאָר געוואָלט וואַרפן שטיינער אין דער יידישער יויך אריין. מילא, אין דער יויך איז ווי אין דער יויך, אָבער די שטיינער האָבן גראָד געטראָפן אין קאָפּ אַריין. נו, נו, זענען אונזערע יידעלעך אויך נישט קיין לעמעשקעס. איז מען אַרויס און עס איז געוואָרן אַן אמתע מלחמה. פענצטער זענען צעבראָכן געוואָרן, די שטריק אויף וואָס מען העננט גרעט, זענען אָפּגעשניטן געוואָרן און בלוט האָט זיך געגאָסן. איבער וואָס ? איבער אַ יידישער סוכה. מיינט איר דאָך, אַז אונז יידן ליגט די סוכה אין קאָפּ ? האָט איר אַ טעות. אָפּגעגעסן און זיך אָפּגעשלאָגן, איז מען אַוועק און אָפּגעווישט די ליפּן און פאַרגעסן, אַז מען איז יידן.

— פונוואַנען ווייסט איר, אַז מען האָט פאַרגעסן, — פרעגט דער שוחט טאַמעוואַטע.

— יאָ, פונוואַנען ווייסטו ? — האַלט אונטער שבע.

— איך ווייס, איך ווייס. וואָס ווילט איר מיר דערציילן, אַז דאָ שמעקט ווי אין אַ יידישער שטאָט ? — איז מאַניס גע־וואָרן אַ צעקאָכטער — אין אַ יידישער שטאָט, אַז עס קומט שבת שמעקט דאָרט מיט שבת. אַלע ימים־טובים האָבן געהאַט זייער אייגענעם גוטן ריח און די גאַנצע שטאָט האָט געשמעקט מיט דעמדאָזיקן טאָג.

— דאָס איז אמת, — גיט זיך דער שוחט אונטער.

— און די קינדער די יידישע וואַקסן גויים, — זאָגט מאַניס מיט ווייטיק.

— דאָס איז אמת, — גיט זיך ווידער דער שוחט אונ־טער.

— זאָגט איר מיר, אַז מען וועט באַדאַרפן אַ שוחט, — לאַכט מיט גאַל מאַניס, — אַ שוחט...

— ווען מיר פעדלעווען, — זאָגט דער שוחט מיט הכנעה.

— הערט אים נישט, — נעמט זיך אָן שבע אַמעריקעס קריוו־דע, — ווי ער וויל אַזוי רעדט ער. אַז ער וויל שרייבט ער שוין אַ שולחן־ערוך מיט דינים פאַר אַמעריקע און אַז ער וויל, איז דאָ גאָר נישטאָ.

מאַניס האָט אָנגעקוקט שבען מיט פאַרוואורף. ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז פאַר אַ פּרוי טאָר מען גאָרנישט דערציילן, וואָרים זי קאָן דיך אַמאָל מיט אַ וואָרט אומגליקלעך מאַכן. ער האָט אָבער זיך געמאַכט ווי נישט אים מיינט מען. ער איז געבליבן שטיל. און ווי זיין שבע איז געווען, שוין מער גאָרנישט גערעדט. כאָטש דער שוחט איז גע־זעסן און דערמאַנט מאַניסן, אַז ער האָט נאָך נישט געענדיקט זיין מעשה מיט דעם חזיר. מאַניס האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און דער שוחט האָט דערציילט די מעשה מיט דעם חזיר ביז צום סוף. ווי אַזוי מען האָט אויסגעטראַכט אין סעלאָפּקעוויץ אויף אים אַ שם־רע, אַז ער האָט געשלאָגן דעם חזיר מיט איינעם פון זיינע חלפים...

מאַניס האָט געהערט און געשוויגן. ער האָט נאָר געטראַכט וועגן זיך און זיך געשטראָפט, פאַרוואָס ער האָט גאָר דערציילט שבען וועגן דעם שולחן־ערוך און זיך צוריק געשטראָפט פאַר דעם, וואָס ער איז ברוגז אויף שבען.

אַז דער שוחט איז אַוועקגעגאַנגען, האָט מאַניס געזאָגט צו שבען שטילערהייט:

— פאַרוואָס דערציילסטו מיינע סודות?

— וואָס פאַר אַ סודות? — פאַרשטייט נישט שבע.

— מיט מיין שולחן־ערוך...

— פונוואַנען ווייס איך, אַז עס איז אַ סוד

— זאָלסטו וויסן, אַז עס איז אַ סוד.

— אַ סוד...

— יאָ.

— פֿאַר וועמען האָסטו מורא?

— פֿאַר קײנעם נישט. אָט אַזוי, עס איז אַ סוד.

— אויב אַ סוד, וועל איך וויסן פֿון הײנט אָן.

— זאָלסטו וויסן, — וואָרנט זי מאַגיס מיט אַ פֿינגער.

## כט.

# דזשייקאָבס מלוכה

דאָס, וואָס מאַניס האָט געמאַכט אַ שווייג וועגן די קאַרבן אויף זיין טיש, האָט „דעם רויטן" גאַרנישט געשמעקט...

די אַרבעטער אין דזשייקאָבס פאַבריק, האָבן צווישן זיך געהאַלטן אין אָפּמאַכן אַ געהיימע פאַרבינדונג. עס איז געטון געוואָרן אַזוי געהיים, אַז אי דייוו, דער אָנטרייבער, זאָל נישט וויסן, אי דער באַלעבאָס, דזשייקאָב, זאָל אויך נישט וויסן. און אַזוי ווי די פאַבריק איז אַלע מאָל געווען אָפּגעהיטן פון דייוון, אָדער דזשייקאָבן מיט דייוון, האָבן די אַרבעטער זיך באַדאַרפט רעכענען מיט שוועריקייטן. זיי האָבן זיך געמוזט צונויפרעדן דורך צייכנס פון איין אויפגעהויבענעם פינגער, אָדער אַ טיפּקע פון אַ פוס.

די געהיימע פאַרבינדונג פון די אַרבעטער איז באַשטאַנען אין דעם: אַז אַזוי ווי אַלע אַרבעטער דאָ אין פאַבריק האָבן נאָר גענוג אַרבעט פון זייערטוועגן אַליין. און אויב דזשייקאָב זאָל נאָך פּרוּוון אַריינגעמען אַנדערע אַרבעטער, ווייס שוין דעמאָלט נישט זיין גענוג אַרבעט פאַר אַלעמען. דערפאַר מוזן אַלע אַרבעטער אין דזשייקאָבס פאַבריק זיך אָפּשמועסן אַזוי ווי ברידער צווישן זיך און נישט לאָזן, אַז דזשייקאָב זאָל אַריינגעמען נייע מענטשן.

„דער רויטער" האָט געוווּסט, אַז אויב מען וועט די פאַרבינדונג טאַקע דורכפירן, וועט דאָך מאַניס אויך זיין צווישן די פאַרבינדעטע. און מאַניסן האָט ער אַזוי פיינט. מאַניס איז דאָך זיין קאָנקורענט. צוואָס טויג

אים דאָ מאַניס? קאָן ער דען אַליין נישט טון די גאַנצע אַרבעט דאָ אין פֿאַבריק? זיי, די איבעריקע חברה, די שטעפּערס, די פּרעסערס — זיי איז גוט! זיי אַרבעטן פֿון וואָך. אָבער אים איז אַ ווייטיק. ער אַרבעט פֿון שטיק. אַז ער וויל, טוט ער זיך אַ וואָרף און „וואַרפֿט" אַרויס נאָך עטלע-כע טוץ העמדער. פֿאַרוואָס זאָל דאָ זיין מאַניס? „דער רויטער" איז אָבער געווען אַ דיפּלאָמאַט. זאָגן אָפֿן, אַז ער איז קעגן מאַניסן, האָט ער נישט געוואָלט. דעמאָלט וועלן דאָך די אַרבעטער זאָגן צו אים: אויב דיר איז דאָ ענג, קאָנסטו אַוועקגיין. „דער רויטער" וויל אָבער, אַז מאַניס זאָל אַוועקגיין. האָט ער, „דער רויטער", אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז ער האָט זיך דערטראַכט. ער האָט געהערט דערציילן, אַז אין ניו-יאָרק איז דאָ אַזאַ חברה באַנדיטן, וועלכע הייסט מיט דעם נאָמען „דריי קאַרבן". און די דאָ-זיקע באַנדיטן קוקן נאָך אַ מענטש, וועמען זיי קלייבן אויס צו פֿאַראומ-גליקן. און אַז זיי קאַרבן אויס דריי קאַרבן אויף יענעמס טיר. און דעמאָלט ווען זיי מאַכן שוין די דריי קאַרבן אויף אַ מענטשס טיר, מעג שוין דער מענטש זיך אָנגרייטן און באַצייטנס אָפּזאָגן ווידוי, וואָרים קיין לעבעדי-קער וועט ער שוין לאַנג נישט בלייבן. „דער רויטער" האָט געפּרוווט זיין מזל. ער וועט מאַכן דריי קאַרבן אויף מאַניסעס טיש. מאַניס וועט דער-זען און מסתּמא פֿרעגן דערויף. וועט דייוו אַ קוק טון און דערזען די דריי קאַרבן. דייוו ווייסט, וואָס דאָס מיינט. וועט ער זאָגן מאַניסן אַזוי: מיס-טער, גייט אַהיים און באַהאַלט זיך. מיסטער, גייט אַהיים און באַהאַלט אייך! . . .

מאַניס האָט גראָד געזען די דריי קאַרבן אויף זיין טיש, האָט ער אָבער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געשוויגן. וואָס אַרט עס מאַניסן, זאָל זיין קאַרבן אין טיש. און אַז מאַניס האָט געשוויגן, האָט דאָך „דער רויטער" אויך געמוזט שווייגן.

„דער רויטער" האָט זיך אַזוי געטראַכט: איך וועל וואַרטן און זען, וואָס דאָ וועט זיין.

דערביי האָט ער הינטנאַרומעט נאָכגעשמעקט מאַניסן. אַלע אָוונט, ווען מאַניס איז געגאַנגען אַהיים פֿון דער אַרבעט, איז אים דער רויטער נאָכגעגאַנגען פֿון הינטן. דער רויטער האָט ערשטנס געוואָלט זען: צי מאַניס פּרוווט נישט זיין מזל ערגעץ אין אַן אַנדערע פֿאַבריק. צווייטנס: וווּ מאַניס וווינט. און דריטנס, מיט וועמען מאַניס איז באַקאַנט: צי

האָט מאַניס פריינד, אָדער דערוואַקסענע קינדער. דער רויטער האָט אַזוי
אַ לאַנגע צייט נאָכגעשמעקט מאַניסן און געזען, אַז ער קאָן גאָרנישט
אָנשמעקן. אַלץ, וואָס ער האָט געוווּסט, איז, אַז מאַניס וווינט אין 118
דילענסי סטריט. דאָס אַליין וועט אים אפשר מיט דער צייט צונוץ קומען.
אָבער דערווייל האָט ער געשוויגן וועגן דעם. דער רויטער האָט פאַר־
מאָגט אַזאַ קראַפט, אַ בייזע, אין זיך, אַז ער האָט געקאָנט זיך אַליין
אָפּנאַרן און נישט אויסזאָגן זיך אַליין, וואָס ער האָט פאַרטראַכט אויף
שפּעטער.

און ווי שוין פריער געזאָגט, האָבן די אַרבעטער זיך געוואָלט צו־
נויפנעמען און מאַכן צווישן זיך אַ געהיימען אָפּמאַך. די אַרבעטער האָבן
נישט געוווּסט, וואָס דער רויטער טראַכט וועגן מאַניסן. די באַציונגען
פון אַלע אַרבעטער צו מאַניסן, איז שוין כמעט געווען אַזוי ווי צו אַן
אַלטן אַרבעטער. נישט קוקנדיק, וואָס מאַניס איז געווען אַ נייער מענטש
דאָ אין פאַבריק; און אויך נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מאַניס האָט
זיך געהאַלטן אַ ביסל פונדערווייטנס.

פאַרקערט, דאָס, וואָס מאַניס האָט זיך געהאַלטן פונדערווייטנס, האָט
נאָך מער גוטס געטון מאַניסן. און אַז מען האָט באַדאַרפט מאַניסן
געבן צו לאָזן הערן וועגן דעם, אַז די אַרבעטער ווילן זיך באַ־
וואָרענען, האָט מען צו אים געמוזט שיקן אַ פּאָר ווערטער מיט אַ
מענטש.

און וועמען קלייבט מען אויס? דעם רויטן. מען זאָגט צום רויטן,
ער זאָל מאַניסן איבערגעבן, אַז אַלע אַרבעטער אין שאַפּ ווילן זיך באַ־
וואָרענען. דעם רויטן איז נישט־גוט געוואָרן ביז צום חלשן. אים הייסט
מען, אַז ער זאָל זאָגן מאַניסן... פון אָנהייב האָט ער נישט געוואָלט
איבערנעמען אַזאַ שליחות. אָבער אַזוי ווי מען האָט אים זייער צוגערעדט
דערצו, האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן. און טאַקע באַלד הנאה
געהאַט דערפון, וואָס ער וועט קאָנען אָפּנאַרן אי די אַרבעטער, אי
מאַניסן.

וואָרים, אינעווייניק באַ זיך האָט דער רויטער געלאַכט פוןביידע,
אי פון די אַרבעטער, אי פון מאַניסן. דאָס איז געווען באַ אים אַזאַ
געוווינהייט: באַ זיך אינעווייניק אָפּצולאַכן פון איטלעכן. וואָרים ער
האָט איטלעכן פיינט געהאַט. און מאַניסן האָט ער קיינמאָל נישט געזאָגט

דאָס, וואָס מען האָט אים געהייסן זאָגן. ער האָט אַזוי געטון: אין אַ טאָג אַרום איז ער געקומען צו די אַרבעטער און זיי איבערגעגעבן, אַז ער האָט יאָ געזאָגט מאַניסן.

— וואָס האָט מאַניס געענטפערט? — האָט מען באַם רויטן גע־פרעגט.

— גאָרנישט. ער האָט געשוויגן — האָט דער רויטער דיפּלאָמאַטיש געזאָגט.

אין פאַבריק איז פאַר די אַרבעטער דעמאָלט געווען זייער שווער און אוממעגלעך צו רעדן. דייוו האָט שטאַרק אָפּגעהיטן די אַרבעטער. וואָרים מען האָט געדאַרפט ענדיקן עטלעכע טוץ העמדער, איבער וועל־כע די אַרבעטער האָבן געמוזט אַרויסווייזן, וואָס זיי קאָנען און אַריינלייגן אין יעדן שטיקל אַרבעט זייער שענסטע מלאכה. דידאָזיקע העמדער זענען געווען נאָר פאַר אַ „פּראָבע". דזשייקייב האָט געוואָלט אָנשפּאַרן מיט זיינע העמדער ערגעץ אויף בראָדוויי.

דאָס וואָרט בראָדוויי האָט אַרומגעשוועבט אין דער לופט פון שאַפּ און געדריקט דאָס געמיט. בראָדוויי!... עס איז גרינג אַרויסצורעדן: בראָדוויי!... אויב די „פּראָבע" וועט זיי געפעלן, וועט יענער סוחר פון בראָדוויי אָנהייבן צו קויפן באַ דזשייקאָבן, וועט דזשייקאָב ווערן אַ גרוי־סער פאַבריקאַנט. ער וועט אפשר אַליין אויך זיך אַריבערציען פונדאַנען, פון דער „איסט סייד" קיין בראָדוויי... און אַז עס וועט באַ דזשייקאָבן ווערן ליכטיק, וועט דאָך די אַרבעטער אויך ווערן ליכטיק אין די אויגן. דזשייקאָב וועט באַצאָלן העכערע פרייזן פאַר מלאכה, און אין שאַפּ וועט זיין מער ליכטיק, וואָרים אויף בראָדוויי איז דאָ גרויסע פענצטער. און גלאַט אַזוי איז שוין בעסער צו זיין אַן אַרבעטער אויף בראָדוויי... הכּלל, ס'האָט זיך געוודערט מיט בראָדוויי... די „פּראָבען" האָט מען געמוזט אויפּבייען און פּרעסן און צונויפלייגן מיט גרויס דרך־ארץ, און דייוו האָט געהיטן יעדן אַרבעטער. און אפילו דזשייקאָב אַליין האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף דייוון. ער, דזשייקאָב, האָט אַליין אַכטונג געגעבן אויף דער אַרבעט פון די פּראָבען.

עס איז געווען אָנהייב ווינטער. און „די פּראָבען"־העמדער, וואָס דזשייקאָב האָט צוגעגרייט, זענען שוין געווען זומערדיקע, פאַר דעם קו־מענדיקן פרילינג און זומער. און דאָס זומערדיקע אין די העמדער האָט

זיך געפֿונען אין דעם קאָליר פֿון די לײַוונט. אין אַנדערע זאַכן איז דאָס זומערדיקע העמד געווען פּונקט אַזוי, ווי די ווינטערדיקע. דזשייקאָבֿ האָט אײַנגעפֿירט, אַז בײַ אים אין פֿאַבריק האָט מען נאָר געמאַכט אַ העמד מיט אַ קאָלנער, אַ צוגעגרייטן. דזשייקאָבֿ האָט פֿײַנט געהאַט די אַמעריקאַנער העמדער, וואָס מען האָט באַדאַרפֿט צושפּילען דעם קאָלנער באַזונדער. זײַן אידעע איז געווען, אַז מען פֿאַרלירט אַ סך צײַט מיט דעם, וואָס מען דאַרף צושפּילען אַ קאָלנער. זײַן העמד, וועלכעס האָט שוין אַ קאָלנער אויף זיך, טוט מען אָן און מען פֿאַרקנעפּלט און מען איז שוין פֿאַרטיק אַרויסצוגיין אין גאַס. עס איז געווען נאָך איין אורזאַך, פֿאַרוואָס דזשייקאָבֿ האָט געמאַכט העמדער מיט צוגענייטע קעלנער: אַ פֿערזענלעכע. ער אַליין האָט פֿאַרמאָגט אַ נידעריקן האַלז. און, אַז ער האָט באַדאַרפֿט צושפּילען דעם אָפּגעטיילטן קאָלנער, פֿלעגט אים דאָס אָנקומען מיט שווייס און מיט מאַטערנישן. און עס איז נישט אַזוי גרינג דזשייקאָבן אָנגעקומען, איידער ער האָט זײַן „העמד מיטן קאָלנער" געקאָנט פֿאַרקויפֿן.

דזשייקאָבֿ איז געקומען קיין אַמעריקע מיט זײַן ווײַבֿ, באַלד נאָך זײַן חתונה, פֿון גאַליציע. דאָ האָט ער זיך שטאַרק געפּלאָגט און געטון אַלערליי זאַכן און נישט געוואָלט גיין אין אַ שאַפּ. אין אַ שאַפּ, האָט ער געזאָגט, זאָל „יענער" אַרבעטן. ער האָט געפּעדלט מיט אַלערליי זאַכן, ביז ער האָט דורך אַ צופֿאַל איינמאָל אָפּגעקויפֿט העמדער, פֿון נאָך אַ שׂרפֿה. די העמדער זענען געווען פֿאַרנעצט און אַ ביסל פֿאַרדרויכערט. ער האָט די העמדער אַהיימגעבראַכט און ער מיט זײַן ווײַבֿ האָבן גענומען אַרבעטן איבער די דאָזיקע העמדער, ביז זיי האָבן פֿון זיי געמאַכט אַ שטיקל לײַט. דזשייקאָבֿ האָט זיי דערנאָך פֿאַרקויפֿט און גוט פֿאַרדינט. און אַז ער האָט געזען, אַז עס איז אַ גוטער מסחר, האָט ער געקויפֿט אַ שטיקל לײַוונט און געבראַכט אַהיים. ער האָט געשניטן, באַקוקנדיק נאָך אַן אַנדער העמד און זײַן ווײַבֿ האָט גענייט און אַזוי ווײַטער. ביז ער האָט זיך מיישבֿ געווען און אויסגעליידיקט איין חדר טאַקע בײַ זיך אין שטוב און אַרײַנגעשטעלט איין מאַשין און דערנאָך אַ צווייטע און דערנאָך אַ דריטע און אַזוי ווײַטער. ביז יענץ צימער איז שוין געוואָרן קליין. און דזשייקאָבֿ האָט גענומען אַ נײַע דירה מיט גרעסערע צימערן. און אָפּגעזונדערט צוויי צימערן פֿאַר אַרבעט און אַ קיך מיט אַ שלאָף־צימער פֿאַר זיך.

דזשייקאָפּ האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי אַזוי עס איז געשעען, אָבער ער איז געוואָקסן, זיינע הויפּט־מעלות, מיט וועלכע ער איז געקומען פון יענער זייט ים, זענען אים דאָ שטאַרק צונויף געקומען: זיין פּינקטלעכ־קייט און זיין אָרנטלעכקייט. שוין גאָר פון אָנהייב, ווען ער האָט נאָך אַרומגעטראָגן אַ פּאַק מיט העמדער אויף זיינע פּלייצעס און געקלאַפּט אין אַלע טירן, צי די באַלעבאָסטע וויל קויפן אַ העמד פאַר דעם באַלע־באָס — שוין דעמאָלט האָט מען אומעטום געוווּסט, אַז דזשייקאָב איז אַן אָרנטלעכער מענטש און אַ פּינקטלעכער און אַזוי איז ער פאַרבליבן ביז איצט, ווען עס אַרבעטן בײַ אים שוין נאָענט צו צוואַנציק מענטשן, איצט ווען ער איז שוין אַ שטיקל גביר און וואָלט שוין געקאָנט זיך פאַרגינען צו זיין — ניין, קאָן ער אָבער נישט זיין אַנדערש, ער האָט זיך יאָ געביטן פון אויסנווייניק. מען דערקענט שוין אין אים, למשל, ווען מען טוט נאָר אַ קוק אויף אים, אַז ער איז רייך. זיין אויסגעגליכטקייט; זיין שטאָלצער טריט; זיין ווייס־לויטערע הויט פון פּנים, האַלז און נאַקן און הענט; זיין דינציק, זיס שמייכעלע, וואָס בשעת ער טוט עס, צערוקן זיך אַ ביסל זיינעווינקלדיקע ליפּן; זיינע קליידער, וואָס מאַכן אויף איינעם דעם איינדרוק, אַז זיי קאָנען גאָר קיינמאָל נישט צעריסן ווערן — בײַ אַ גביר רייסט זיך נישט.

און נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, וווינט דזשייקאָב מיט זיין ווייב און זיינע צוויי קינדער נאָך אין שכנות מיט זיין פאַבריק. דאָס אַליין גיט אים צו אַזוי פיל פּרעסטיזש אויף עלען סטריט. מענטשן זאָגן אַזוי: „זעט נאָר, אַזוינער, און רייסט נישט אויף יענעמס אויגן".

אָבער נישט צוליב דעם, אַז ער זאָל נישט אויפרייסן יענעמס אויגן, וווינט דזשייקאָב אין שכנות מיט זיין פאַבריק.

דזשייקאָב איז אַ ביסעלע קאַרגלעך. אמת, ער האָט אַליין געאַרבעט אויף זיין יעדן גראָשן און זיין ווייב, וועלכע איז נאָך קאַרגער פון אים, האָט אויך געאַרבעט אויף יעדן גראָשן — אָבער וואָס אמת איז אמת — קאַרגע זענען זיי ביידע.

און אַז זיי זיצן אַמאָל שפּעט אין אָוונט אין קיך בײַ אַ גלאָז קאַווע און מען שמועסט וועגן היימישע זאַכן און מען הייבט אָן צו מאַכן חשבונות, ווי אַזוי אָפּצוטיילן דעם שאַפּ פון דער היים, דערשרעקן זיי זיך ביידע פאַר די ציפערן, און מען באַשליסט ווייטער אַזוי, דאָ, אין עלען סטריט

צו בליין. דאָ קענען זיי איטלעכן און איטלעכער קען זיי. דאָ איז פאַר די קינדער זייער נאָענט די שול; דאָ איז עפּעס אַזוי באַקוועם; דאָ האָט מען נישט מורא אַ נאַכט איבערצושלאָפן. דאָס לעצטע איז אַ שטאַרקער באַווייז, אַז דזשייקאָב טאָר זיך פונדאַנען נישט רירן. די פאַבריק באַזונדער און דאָס הויז באַזונדער — זאָל גאָט היטן.

נאָר אַזוי ווי ער, דזשייקאָב, רוקט זיך צו בראָדוויי — אויב די פּראָבן וועלן געפעלן — און זיי וועלן באַ אים אָנהייבן צו קויפן — אָט יענע בראָדווייער סוחרים — איז שוין קלאָר, אַז דזשייקאָב וועט אפשר מוזן אויך טון אַ טריט אַריין אויף בראָדוויי.

אייגנטלעך חלשט ער און אויך זיין ווייב, אַז מען זאָל אַריין אַהין, אויף בראָדוויי. דאָרט וועט זיין גאָר עפּעס אַנדערש. און טוט ער נאָר אַ טריט אויף בראָדוויי...

אָבער דזשייקאָב האָט מורא אפילו גוט צו טראַכטן וועגן אָט דעם, וואָרים ער ווייסט נאָך נישט, ווי אַזוי די פּראָבן וועלן אויסגעמען און ער האָט פיינט צו בויען שלעסער אינדערלופטן. אַזוי אויך זיין ווייב, וועל־הייסט מיני. אַז עס וועט קומען דערצו, וועלן מיר נישט שלאָפן, זאָגט מיני.

און באַ זיי אין שטוב איז באמת געווען אַזוי ווי אַ צוגעדעקטער טאָפּ. מיני גלייבט אַזוי שטאַרק אין דזשייקאָבן און זי ווייסט, אַז זי האָט זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן. דזשייקאָב ווייסט, אַז זיין ווייב גלייבט אין אים, און ער האָט זי דערפאַר זייער ליב. אַז ער פאַרטראַכט אָבער עפּעס, קומט ער נישט אַהיים צו זיין ווייב איר דערציילן און זיך מיט איר ראַטן, נאָר, פאַרקערט, ער פאַרטראַכט און טוט, און דערנאָך, אַז עס איז שוין אָפּגעטון, קומט ער אַהיים און דערציילט זיין מינין. און אַזוי ווי קיין שום דורכפאַל האָט ער נאָך דערווייל אין זיין פאַבריק נישט געהאַט, הייסט עס שוין במילא, אַז ער איז אַ קלוגער. דאָס, וואָס ער טוט, איז פול מיט חכמה און מען מעג זיך אויף אים פאַרלאָזן.

מיני מישט זיך דערפאַר נישט אין איר מאַנס פאַבריק, כאָטש די טיר פון זייער היים איז תמיד אָפן אין דער פאַבריק אַריין, אַזוי, אַז מען קאָן זען פון דער היים, וואָס עס טוט זיך אין דער פאַבריק, אָדער פאַר־

קערט, מען קאָן זען פון דער פאַבריק, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין דזשייקאָבס היים.

די היים האָט באַ דזשייקאָבן, ווי אויך באַ זיין ווייב, מיני, פאַרנומען זייער אַ קליין אָרט. עס איז נישט געווען די רחבותדיקע היים, וואָס עס איז באַ מענטשן אָנגענומען ליב צו האָבן; און איבערהויפּט באַ מענטשן פון דזשייקאָבס שטאַנד. דזשייקאָב אַליין איז געווען אַזוי פאַרטון אין זיין געשעפט, אַז ער האָט אפילו אין חלום געקויפט לייוונט און פאַרקויפט העמדער. זיין קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט דעם, ווי אַזוי מען זאָל קאָנען וואָס מער העמדער אויסשניידן פון אַ שטיק לייוונט. באַ אים אין קאָפּ האָט זיך תמיד געשפּרייט לייוונט, אָדער אין דער לענג, אָדער אין דער ברייט און אַמאָל סקאָסנע. ער איז מער געווען אין פאַבריק, ווי אינדערהיים, כאָטש פון דער פאַבריק ביז זיין היים איז אינגאַנצן געווען איין שוועל אַריבערצוגיין. אַז עס פלעגט אָנקומען צוועלף אַ זייגער, די שעה פון רו, איז דזשייקאָב גראָד דעמאָלט זייער אָפט נישט געווען אינדערהיים. און פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי אַלע אַרבעטער זענען שוין לאַנג געווען אין זייערע היימען, האָט ערשט דזשייקאָב געפונען אַרבעט אין פאַבריק פאַר זיך. זיין ווייב פלעגט אים קוים אַרויסרייסן פון דער אַרבעט און אים אַריינבעטן אין קיך אַריין, אָפּצועסן דאָס ביסל וועטשערע. דערנאָך האָט ער ליב געהאַט זיך אָוועקצוזעצן מיט די ביכער באַם קיך-טיש און פאַרשרייבן וויפיל די אַרבעטער האָבן אויסגעאַרבעט און וויפיל מען האָט פאַרקויפט. ער האָט געפירט זיינע חשבונות מיט זיין אייגענער האַנט און אויף זיין פשוטן וועג. יענעם איז ער שולדיק אַזויפיל. און אים קומט באַ יענעם אַזויפיל. עס וואָלט פאַר אַ זייטיקן געווען שווער צו דערגיין ביז צום לעצטן אונטערצי. וואָרים אין קיין שול פאַר בוכהאַלטעריע, איז דזשייקאָב נישט געגאַנגען. ער האָט געקאָנט שרייבן „נעמען" אויף ענגליש און ציפער. זיינע ציפערן זענען געווען מאָדנע און אומגעלומפּערטע. אַ זיבן האָט ער געשריבן אַזוי ווי אַן איינס, און זיין „ניין" האָט אָפט אויסגעזען ווי אַ צען. וואָרים ער האָט דאָס קעפּל פון „ניין" תמיד געמאַכט אַזוי ווי אַ באַזונדער רינגל און דאָס פיסל פון דער „ניין" האָט ער געצייכנט אויף דער לינקער זייט. אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט צו וויסן פּינקטלעך וויפיל עס קומט יענעם און וויפיל יענער איז אים שולדיק. איז, ווי אויבן געזאָגט, האָט ער ווינציק צייט געהאַט, כדי ער זאָל

קאָנען הנאה האָבן פון אַ היים מיט רחבות. זיין עסן איז געווען תמיד אויף איין פוס. צו זיינע קינדער האָט ער זיך נישט אָפּגעגעבן. עס איז אמת, אַז זיין ווייב, מיני, האָט זיך אויך נישט אָפּגעגעבן צו די קינדער. צוויי איז בײַ זיי געווען. זענען זיי אַרומגעלאָפן אין גאַס, ביז זיי פלעגן ווערן הונגעריק. און דערנאָך ווידער אַרומגעלאָפן אין גאַס, ביז זיי זענען געוואָרן שלעפעריק. מיני, דזשייקאָבס ווייב, האָט אַליין אויך קיין סך אָרט אינדערהיים נישט באַדאַרפט. די קיך צום קאָכן און דאָס שלאָף־צימער צום שלאָפן. קיין טואַלעט האָט זי נישט באַדאַרפט. וואָס זי איז געגאַנגען אָנגעטון, איז בײַ איר געווען גוט. זי האָט נישט געהאַט קיין באַדערפעניש פאַר בעסערע זאַכן. זי איז געווען זאַט מיט דעם געפיל אַליין, אַז זיי פאַרמאָגן קיין עין־הרע...

אָ, דאָס געפיל פון האָבן געלט! דזשייקאָב האָט געפירט אַ בלעטל אין אַ בוך, וווּ ער האָט מיט זיינע מאָדנע איבערקערטע ציפערן געהאַט פאַרצייכנט, אַז ער פאַרמאָגט אַכט מאַשינען. אַז ער פאַרמאָגט נײַנצען אַרבעטער. און געלט האָט ער אַליין נישט געוווּסט וויפיל ער פאַרמאָגט. דאָס איז שוין געווען אַ שווערער ענין פאַר אים. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז ער טראָגט אַלעמאָל אין צוויי בענק געלט. ער האָט געטראָגן געלט אין גרעסערע סומען אין דער גרויסער „ביישאָנאַל" באַנק. דאָרטן איז אַ שרעקלעך גרויסע באַנק און אַ ריין אַמעריקאַנישע. דאָרטן באַפאַלט דזשייקאָבן אַ מורא ווען ער קומט אַהין אַריין. ער גיט זיי אַוועק די סומע געלט. זיי פאַרשרייבן און דזשייקאָב גייט אַוועק מיט דעם געפיל, אַז אייגנטלעך שיט ער אָן דידאָזיקע באַנק מיט זיין געלט און ווי עס ווייזט אים אויס, קומט זיי נאָך אַ דאַנק... אָבער ער באַרעכנט זיך ווידער, אַז ער איז נישט דער איינציקער. עס איז דאָך נאָך פאַראַנען אַזוינע ווי ער, וואָס זשע וועט ער זיך אַרויסשטעלן — אָבער, אַז דאָס געלט איז אין אַ גוט אָרט, דאָס קאָן קיינער נישט אָפּלייקענען. דערפאַר האָט שוין דזשייקאָב הנאה פון דעם טאָג ווען ער טראָגט נאָר אַ קליין ביסעלע געלט אַריין אין דער יידישער באַנק אויף ריווינגטאָן סטריט. דער באַלעבאָס פון דער באַנק שטייט אַליין הינטערן טיש און זאָגט אים דערביי אַ גוט וואָרט און טוט צו אים אַ שמייכל. דערפאַר האָט שוין דזשייקאָבס נישט אַזוי פיל דרך־ארץ פאַר דערדאָזיקער באַנק און טראָגט אַהין נאָר אַזוי פיל, וויפיל ער באַדאַרף פאַר דעם אויסקום פון זיין שאַפ

ער בייט זיך מיט דערדאָזיקער באַנק. היינטיקע וואָך לייגט ער אַריין. און קומענדיקע וואָך נעמט ער צוריק אַרויס און אַזוי ווייטער. אָבער דערווייל האָט דזשייקאָב דאָס געפיל, אַז ער האָט געלט אין צוויי בענק און האָט דערפון הנאה. דזשייקאָב איז פאַרשריבן אין צוויי חברות. און מיט זיינע קלובן איז ער זיך נוהג פונקט ווי מיט די בענק. איז ער פאַרשריבן אין איין חברה פון זיינע לאַנדסלייט, יידן. איז זיין ווייב פאַרזאָרגט מיט געלט אויף איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר און ער אַליין מיט זיין פאַמיליע, זענען פאַרזאָרגט מיט אַ שטיקל אָרט: פאַר זיך אַ קבר און אויך פאַר זיין פאַמיליע. טאַקע גוט. אָבער ער האָט נישט קיין דרך־ארץ פאַר דעמדאָזיקן קלוב — דערפאַר האָט ער אָבער מער דרך־ארץ פאַר דעם „בייטס אָוו פיטיס־קלוב". עס איז אים אָנגעקומען זייער שווער, איידער מען האָט אים אַהין אַריינגענומען. און אַז מען האָט אים שוין אַהין צוגענומען, איז ער פריער געווען אין ערשטן קלאַס. עס איז עפּעס אַן ענין. ערשטער קלאַס! און דערנאָך האָט ער זיך דערדינט צום צווייטן גראַד. אָט דערדאָזיקער קלוב איז דער „יום-טוב" פון זיין לעבן, כאָטש, ווען מען באַדאַרף דאָרט אָפּזיצן אַן איבערדערנאַכט, קומט ער אָפּ מיט שווייס, וואָרים דאָס אַמעריקאַנישע לשון איז אים פרעמד. און דאָרט זענען אַלע רייכע מענטשן און אַמעריקאַני־זירטע; מענטשן פון גאָר אַן אַנדערן שנים. דזשייקאָב זיצט און ווישט זיך דעם שווייס פון זיינע הענט. און איז צונויפגעצויגן און איינגעקנייטשט אין זיך, כדי מען זאָל אים נישט אַרויסזען. אַזאַ געפיל האָט ער, אַז מען טאָר אים נישט זען. עס איז נישטאָ וועמען צו זען! אָבער אַז דזשייקאָב טוט אַמאָל אַ טראַכט, ווי אַ מענטש טוט אַמאָל אין אַ געוויסער מינוט אַ טראַכט, אַז עס וועט מסתּמא קומען די שעה און ער וועט טון אַ שטאַרב. וועט מען דאָך אים מסתּמא באַגראָבן אויף דעם שטיקל אָרט פון זיינע לאַנדס־לייט. אָבער דער עיקר, וואָס אים טוט הנאה איז דאָס, וואָס די „בייטס אָוו פיטיס" וועלן אָנטון די האַרטע קאַפּעליושן און די ווייסע הענטשקעס און זיי וועלן נאָכגיין נאָך זיין קאַסטן טאַ, טאַ... עס איז אָנגענעם און וואַרעם צו טראַכטן פון אַזאַ מין מאָמענט. טאַקע, וואָס פעלט דזשייקאָבן? געלט האָט ער אין צוויי בענק. ווייסע הענטשקעס מיט האַרטע היטן נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר; אַכט מאַשינען דרייען זיך אין זיין פאַבריק; ביינצן אַרבעטער — זיינע אַרבעטער! זאָל עמעצער

פּרוּוון אַוועקנעמען באַ דזשייקאָבן אַן אַרבעטער. זיי וועלן דען אַוועקגיין? זיי וועלן דען קאָנען אַרבעטן באַ עמעצן אין אַ פֿרעמדער פֿאַבריק? און באַ וועמען וועלן זיי האָבן אַזאַ ווילטאָג, ווי באַ אים? אַז עס שלאָגט אויס דריי דער זייגער פֿרייטיק פֿאַרנאַכט, הייבן זיי שוין אָן אויפֿצוהערן צו אַרבעטן. שבת האָבן זיי אַ גאַנצן טאָג אַ פֿרייען. דאָס נישט: שבת אַרבעט מען נישט באַ דזשייקאָבן, ווען מען זאָל אים אָנשיטן פֿעסער מיט דאָלאַרלעך. מאָנטיק, איז שיק-טאָג, מאָנטיק, שיקט דזשייקאָב אַרויס די פֿאַרטיקע העמדער. ער ווייסט, אַז די אַרבעטער זיינע נוצן אויס דעמדאָזיקן טאָג און אַרבעטן נישט אַזוי פֿלייסיק. טראַכט זיך דזשייקאָב: זאָל זיי נעמען דאָס גוטע יאָר. עס איז שיק-טאָג. מיטוואָך, איז שוין ווידער צאָל-טאָג. ווען אַלע ניינצן אַרבעטער דערפֿילן, אַז דזשייקאָב פֿילט אָן די קאָנווערטלעך מיט דאָלאַרלעך, האָבן זיי שוין נישט קיין חשק צו טון זייער טאָג-אַרבעט. טראַכט זיך דזשייקאָב: טאַקע, וואָס קאָן מען טון? אַ צאָל-טאָג מוז דאָך זיין, אויב נישט מיטוואָך איז דאָנערשטיק — זאָלן זיי וויסן, אַז זיי אַרבעטן באַ דזשייקאָבן.

איז אַזוי ווי דזשייקאָב רעכנט אויס, לעבן באַ אים די אַרבעטער אַ גוטן טאָג. שבת זענען זיי אינגאַנצן פֿריי. מאָנטיק איז שיקטאָג. מיטוואָך איז צאָל-טאָג. פֿרייטיק איז דער טאָג קורץ. נו, באַ וועמען וועט זיי נאָך אַזוי גוט זיין? איז דאָך אָפּגערעדט, אַז זיי וועלן שוין באַ אים פֿאַרבלייבן דאָס גאַנצע לעבן, זיינע אַרבעטער.

דזשייקאָב האָט מיט זיינע באַלמעלאָכעס זיך באַרימט פֿאַר אַלע זיינע סוחרים פֿון העמדער. אַזאַ שטיקל אַרבעט ווי זיינע אַרבעטער גיבן אַרויס פֿון זייערע הענט, קאָן קיינער נישט באַווייזן. זיינע אַרבעטער, זייער גיכקייט, זייער פֿיינער און געשמאַקער „שטאָך". באַ אים אַרבעטן סאַמע „עקטאָרס". טאַקע אמתע „עקטאָרס". זיי שפּילן דאָך און זינגען אָפּ אַ שטיקל אַרבעט. דאָס שטיקל אַרבעט זינגט אַרויס פֿון זייערע הענט.

און „דער רויטער", צום ביישפּיל, אַזאַ געטרייער אַרבעטער! אים קאָן מען הייסן אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, וועט ער נישט זאָגן קיין איין וואָרט און וועט אַרבעטן און נישט מיד ווערן און „אייזיק, דער איינטינקער" איז נאָך אַ שטיקל דינסט אין שטוב אויך. ער פֿאָלגט

אַ גאַנג און העלפט דזשייקאָבס ווייב, ווען זי באַדאַרף אויפהענגען גרעט אויפן שטריק. און דער שטילער און הערלעכער מאַניס, װעלכער באַשײנט די פאַבריק, אַזוי ווי אַן אייגענער רב אין פאַבריק, אָט דער מאַניס. און דזשייקאָב איז נישט נאָר שטאָלץ מיט זיינע אַרבעטער, נאָר ער האָט זיי אויך ליב.

דאָס הייסט ליב האָבן צו ליב האָבן איז נישט גלייך. דזשייקאָב האָט זיינע אַרבעטער ליב אַזוי ווי אַ באַלעבאָס באַדאַרף ליב האָבן. ער ווייס דאָך נישט לויפן זיי אַרויסוויזן זיין ליבשאַפט. וואָרים זיי וועלן אים דעמאָלט אַראָפּדרייען דעם קאָפּ. פאַרקערט, אין דעם ענין פון ליב האָבן, ווייזט דזשייקאָב אַרויס אַ ביסל בייזקייט צו זיינע אַרבעטער. זאָלן זיי מורא האָבן פאַר אים. אָבער ער וויל נישט, אַז זיי זאָלן זיך דערשרעקן און פון אים אַנטלויפן. דזשייקאָב האָט אַ מאָס אין זיין בייזקייט. אַז מען האָט פאַר אים מורא און אַז מען האַלט אים פאַר אַ גוטן באַלעבאָס.

און דאָס קאָסט אים נישט אַ גראָשן געלט. ער פאַרלירט גאָרנישט און געווינט אַ סך. עס איז שוין לאַנג אין דעם, אַז דזשייקאָב האָט אַנטדעקט אָט דידאָזיקע חכמה: איידער ער זאָל שרייען אויף אַלע אַרבעטער מיט אַמאָל, שרייט ער בעסער אויף דייוון. דזשייקאָב פּלעגט בשעת ער שרייט אויף דייוון, אַז אַלע אַרבעטער ציטערן. דזשייקאָב ווייסט, אַז דייוו איז אַ גאָר-נישט. ער האָט אים אַריינגענומען אין פאַבריק טאַקע דערפאַר, וואָס דייוו איז אַ גאָר-נישט. דייוו איז געטריי. און עס איז אַזוי: אַז דזשייקאָב ווערט ברוגז, צעשרייט ער זיך אויף דייוון. דייוו וואָרט געדולדיק ביז דזשייקאָב שרייט אַרויס דעם גאַנצן רוגזו. דערנאָך נעמט זיך דייוו צו די אַרבעטער. פאַלט אויף זיי אָן און זידלט זיי מיט אַלערליי זידלערייען. דער שלעכטער בלייבט דייוו. וועמען שעלטן די אַרבעטער? דייוון! די אַרבעטער ווילן נישט, אַז דייוו זאָל אויף זיי שרייען. אויב שוין שרייען, פאַרוואָס שרייט נישט דזשייקאָב אַליין אויף זיי?

און אָט אַזוי פירט זיך דזשייקאָבס מלוכה.

אַכט מאַשינען און ניינצן אַרבעטער-טישן, פרעסלעך און אַ פּולער קאַמער מיט לייוונט. עללען סטריט קען דזשייקאָבן און גיט אים אָפּ

כבוד. אפילו דער גאַסן-קערער גיט אים אָפּ דעם ברייטן גוט מאָרגן. און כאַפּט אַ מאָל אַריין אַ מתּנה פון דזשייקאָבן אַן אויסבראַקירט העמד.

און פונדעסטוועגן וויל דזשייקאָב אַוועקגיין פון עלען סטריט. אים ציט צו בראָדוויי...

## ל

# דאָס קאַנאַריקל און די קאַץ

„די פּראָבען" זענען פאַרטיק געוואָרן. די אַרבעטער האָבן געשוויצט
און אַריינגעאַרבעט זייער לעצט ביסל כּוח און זייער נשמה אין דערדאָ-
זיקער מלאכה. די צושניידערס האָבן געמוזט זען, אַז די געקעסטלטע
לייוונט זאָל בײַם שניידן אַזוי אויסגעשניטן ווערן, אַז איין קעסטעלע זאָל
אַריינפאַלן אין אַנדערן קעסטעלע. די שטעפּערס האָבן בשעת שטעפּן
באַדאַרפט אַכטונג געבן, אַז די „נאָט" זאָל זיין אַ גלייכע און די שטעפּ —
קליינע און אויסגעמאָסטענע. די פּרעסערס האָבן נישט געטאָרט איבער-
לאָזן קיין שפּרענקעלע און קיין קנייטשעלע. די צונויפלייגער האָבן באַ-
דאַרפט אַזוי צונויפלייגן דאָס העמד, אַז עס זאָל טון אַ נעם דאָס אויג
און עס זאָל ליגן ווי אַ לעבעדיקע זאַך.

און נישט אַלע אַרבעטער אין שאָפּ האָבן געקאָנט האָבן דעם זכות,
אַז זיי זאָלן אַרבעטן אויף די פּראָבן. און דידאָזיקע, וואָס האָבן יאָ גע-
האַט דעם זכות, האָבן זיך געפילט דערהויבענע אויף גאָר אַ הויכער
מדרגה. און פאַרקערט, יענע, וואָס האָבן נישט געאַרבעט אויף די פּראָבען,
האָבן זיך געפילט אַ ביסל דערשלאָגן און געפאַלן.

דייוו, „דער אָנטרייבער", האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט, און
אַרויסגעוויזן זיין פאַרביסנקייט צו אייניקע פון די אַרבעטער מיט דעם,
וואָס ער האָט זיי אפילו נישט געלאָזט אָנרירן זיך צו די פּראָבן. בײַם
צונויפלייגן, האָט דייוו אויסגעקליבן „דעם רויטן", אַז ער זאָל צונויפלייגן
די פּראָבן, מאַגיס האָט נישט פאַרשטאַנען דעם אונטערשיד פון צונויפ-

לייגן פראָבן און צונויפלייגן פשוטע העמדער. און האָט אויך נישט גע־
פילט, אַז ער באַדאַרף זיין דערשלאָגן, דערפאַר, וואָס ער האָט נישט דעם
זכות צונויפצולייגן די פראָבן. „דער רויטער" האָט אָבער יאָ געפילט זיך
שטאַרק דערהויבן ביז גאָר אַ הויכער מדרגה. און בשעת ער האָט געאַר־
בעט אויף פראָבן און, האָבנדיק לעבן זיך דייוון, האָט דער רויטער צו
דייוון אַזויפיל געשמייכלט, ווי ער וואָלט דעמדאָזיקן דייווס בייז און
אָנגעשטרענגט פנים געוואָלט ווייכער מאַכן.

אָבער דייוו איז געווען אַ צופיל אָנגעשטרענגטער. און קיין שום
שמייכלערייען אין דער וועלט האָבן אים נישט געקאָנט ווייכער מאַכן.
באמת, עס האָט אים הנאה געטון דאָס, וואָס „דער רויטער" איז אַזוי אונ־
טערטעניק. אָבער, ער האָט נישט פאַרגינען זיך אָט דעם געדאַנק, ווען
מען מאַכט פראָבן!

און די פראָבן זענען מיט מזל פאַרטיק געוואָרן און מען האָט זיי
אַוועקגעטראָגן און זיי זענען געפעלן געוואָרן. און דער סוחר פון בראָדוויי
האָט אָנגעהויבן קויפן באַ דזשייקאָבן. דזשייקאָב האָט זיך אַליין נישט אָנ־
געהויבן צו דערקענען. ער איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערער.

זיין שטים האָט זיך געאַנדערשט. ער האָט גערעדט מיט שווערגע־
וויכטיקייט און מיט אַ טיף באַסאָווע קול; אינדערפרי איז ער אויפגע־
שטאַנען פריער מיט אַ שעה ווי אַלע מאָל; עס איז איבערהויפּט אין זיין
שלאָף געווען אַ סך אומרויקייט; ער האָט געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט
און איז, ווי אויף צולהכעיס, דווקא געוואָרן מאָגערער אויף זיין געזיכט;
אין מוח באַ אים האָט געשווינדלט מיט אַלערליי מחשבות און ער האָט
באַקומען אַ טבע צו פאַרגעסן זאַכן. זיין ווייב, מיני, האָט באַמערקט, אַז
באַם עסן, ווען זי האָט אים דערלאַנגט אַ טעלער מיט יויך, האָט דזשייקאָב
פאַרגעסן אויפצועסן די יויך. און עס האָט שוין געטראָפן, אַז דזשייקאָב
איז געגאַנגען ערגעץ און פאַרגעסן וווהין ער באַדאַרף גיין און זיך אומ־
געקערט און זיך געריבן דעם שטערן און נישט געקאָנט זיך דערמאַנען,
וווהין ער באַדאַרף גיין.

אָבער דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס דזשייקאָב האָט נישט גע־
קאָנט שלאָפן. דאָס איז געווען פאַר אים זייער נישט גוט. וואָרים, אַז ער
האָט נישט געקאָנט שלאָפן, איז ער געלעגן מיט אָפענע אויגן און געטראַכט.
וועגן וואָס האָט ער געקאָנט טראַכטן, אויב נישט וועגן בראָדוויי... העמ־

דער... און מאָרגן באַדאַרף ער אויפשטיין. און ווי וועט ער קאָנען אויפשטיין, אויב ער וועט נישט שלאָפן.

דזשייקאָב האָט אָנגעהויבן איבער זיך צו אַרבעטן. ער האָט גע־פּרוווט אויסצוציען זיין מוח אַ ביסעלע גרעסער, אַז עס זאָל זיין דאָרט מער אָרט. און אויב עס וועט דאָרט זיין מער אָרט, וועט זיין קאָפּ נישט אַזוי צעשאָסן ווערן פון ענגשאַפט. אַז ער זאָל געבן אַ טראַכט אויף צו־ריק: — „צו וואָס עס טויג אים דאָס רייכקייט?" — האָט דזשייקאָב גראָד נישט געטראַכט. עס איז בא אים אפילו נישט געווען דער מינדעסטער חשק צו ווערן רייך. עס איז אָבער יאָ געווען אַ געפיל, אַז אַנדערש קאָן עס נישט זיין, אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס זיין. וואָס עס וועט זיין? דאָס וועט שוין דזשייקאָב דעמאָלט האָבן צייט צו זעען. זיין מוח איז שוין אַזוי פול געווען מיט מחשבות... און דערווייל איז דזשייקאָבס פאַבריק גע־וואָרן פול מיט אַרבעט. אַזוי פיל העמדער, האָבן דזשייקאָבס ביינצן אַר־בעטער נישט געקאָנט אויסאַרבעטן, ווען זיי זאָלן אפילו אַרבעטן טאָג און נאַכט. אויך די פאַבריק אַליין איז געווען זייער קליין אין שטח.

דזשייקאָב האָט זיך געפונען אין אַ קלעם. פאַרגרעסערן די פאַב־ריק דאָ, ווו זי איז, האָט ער נישט געקאָנט. סיידן ער זאָל אַרויסוואַרפן די וואַנט. וואָס טיילט אָפּ זיין שלאָף־שטיבל פון דער פאַבריק, און אויב ער וועט שוין אַרויסוואַרפן די וואַנט, וועט זיין הויזגעזונט נישט האָבן וווּ צו שלאָפן.

און דאָרט, אין בראָדוויי, רייסט מען פון דזשייקאָבן די הויט: „גיב העמדער!" און וויפיל מען גיט זיי איז נישט גענוג. און קיין צייט איז נישטאָ. און דזשייקאָב איז שוין געפאַלן אויף אַ פּלאַן, אַז ער זאָל זיין גאַנצע היים אָפּטיילן פון שאַפּ. ער קאָן וווינען מיט זיין הויזגעזונט אַקעגנאיבער, אָדער דערלעבן, אָדער אפילו אין אַן אַנדערער גאַס. זיך אַ ביסל איבערגעשמועסט מיט זיין ווייב, מיני. איר געפעלט דער פּלאַן. אַלע מאָל געפעלט איר דאָס, וואָס דזשייקאָב פאַרטראַכט. זי האָט זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן.

שוין גוט. אַריבערציען די היים און דאָ וועט צוקומען צו דער פאַבריק נאָך צוויי צימערן. ער וועט די ווענט אַרויסוואַרפן און עס וועט ווערן אַ גרויסע פאַבריק. נאָך עטלעכע מאַשינען, לענגערע טישן — — —
אָבער ווו וועט ער נעמען אַרבעטער?

— די שיפן פון יוראָפּ ברענגען ווינציק — האָט ער זיך שוין גע־קלאָגט פאַר זיין ווייב, מיני — און איך באַדאַרף כאָטש נאָך אַמאָל אַזוי פיל אַרבעטער.

מיני האָט אים נישט געקאָנט טרייסטן. זי האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי. ווען זי זאָל האָבן שיפן, וואָלט זי שוין געוווּסט. זי האָט זיך באַ־נוגנט מיט דעם, וואָס זי האָט מקנא געווען איר מאַן דזשייקאָב. זי האָט אים מקנא געווען מיט דעם, וואָס ער האָט אַזוי פיל זאָרג אויף זיין קאָפּ. זי האָט אפילו זיך געפילט שטאָלץ, וואָס זי האָט אַזאַ מאַן מיט אַזוי פיל זאָרג אויף זיין קאָפּ.

און דזשייקאָבס צרות און זאָרגן האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן.

וואָרים די אַרבעטער האָבן זיך צונויפגענומען איינמאָל אַ פאַר־נאַכט און אַלע אינאיינעם אַוועקגעשפּאַצירט אויף דריי, פיר גאַסן ווייטער פון עלעלען סטריט און זיך דאָרטן אַנידערגעשטעלט אויף אַ ליידיק שטיק אָרט, ווו מען האָט נישט לאַנג אַראָפּגעריסן אַן אַלט הויז. מאַניס איז אויך געווען מיט די אַרבעטער. און האָט באַטראַכט דאָס ליידיקע שטיק אָרט פון אַלטן הויז און געטראַכט, אַז דאָ אין אַמעריקע, זעט מען נאָר ווי מען רייסט אַראָפּ אַלטע שטיבער און מען בויעט ווידער בייע און מען רייסט ווידער אַראָפּ אַלטע און אַזוי ווייטער.

יאָ, מאַניס איז אויך געווען צווישן זיי אַלע. און זיי אַלע זענען געשטאַנען אין אַ רעדל און עס האָט זיך אָנגעהויבן אָט אַזוי: — מיר טאָרן נישט דערלאָזן, אַז דזשייקאָב זאָל אַריינבעמען נאָך אַרבעטער. אַזוי האָבן מיר געזוג. אַז ער וועט אָבער בעמען אַנדערע אַרבעטער, וועלן מיר נישט האָבן און יענע וועלן נישט האָבן.

מאַניס האָט נאָך נישט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן ענין. יענע וועלן נישט האָבן. ווער זענען עס יענע? און וואָס וועלן זיי נישט האָבן? און אויב יענע וועלן יאָ האָבן, פאַרוואָס קאָנען מיר אויך נישט האָבן? מאַ־ניס איז דערפאַר אויך געשטאַנען אין רעדל און מיט איין אויער זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס די אַרבעטער האָבן גערעדט און מיט זיינע אויגן באַטראַכט די צוויי אָפּגעריסענע ווענט, צווישן וועלכע עס איז גע־שטאַנען ערשט נישט לאַנג אַ שטוב און איצט איז שוין די שטוב פון די־דאָזיקע ווענט אָפּגעריסן. אויף איין וואַנט זענען געווען די סימנים פון טרעפּ און אויף דער צווייטער וואַנט איז געווען אַ סימן פון אַ קוימען.

טשוועקעס האָבן געשטעקט דאָ און דאָרט אין די ווענט. עס איז מאַניסן גוט געווען און ער האָט געטראַכט, אַז אויף די טשוועקעס, קאָן זיין, האָט אַ מענטש, אַ מידער, זיין מאַנטל אויפגעהאָנגען; אַ יידענע אירע טעפּ; און אויף יענעם טשוואָק איז מסתם אַ האַנטוך, אַ ווייס געהאָנגען. אָדער אפשר אַ בילד פון די פינף משהס. און מיט זיין אויער האָט זיך מאַניס צוגעהערט צו דעם, וואָס די אַרבעטער רעדן.

איינער פרעגט אַ קלאָץ קשיה: טאָמער וועט זיך דזשייקאָב איינ-עקשענען. ער וויל יאָ צונעמען נאָך אַרבעטער?

שרייען אַלע אין איין קול: — אויב ער וועט זיין אַ חזיר, וועט מען אים ווייזן.

— מיט וואָס?

— מיר וועלן אַלע אַוועקגיין.

— וועט אים שטאַרק וויי טון...

— שיפן קומען אָן!... מישט זיך אַריין דער רויטער.

— מיר האָבן נישט מורא.

— און ווער וועט דזשייקאָבן זאָגן. עמעצער דאַרף דאָך אים זאָגן...

— דאָס וועלן מיר איצט אויסקלויבן.

— דו וועסט אים זאָגן — ווייזן אָן עטלעכע פינגער אויף דעם רויטן.

— איך?! וואָס עפּעס נאָר איך — ווערט דער רויטער בלאַס אויף זיין פּנים און מען קאָן נישט וויסן, צי עס איז דערשראָקנקייט, צי רציחה.

— ווער דען?

— שיקט אים — ווייזט דער רויטער אויף מאַניסן — ער איז צווישן אונז דער עלטסטער און דזשייקאָב וועט אים אויסהערן מיט רעספּעקט.

— זאָל זיין ער — הערן זיך עטלעכע שטימען.

— וועט איר רעדן מיט דזשייקאָבן? — פרעגט מען בּאַ מאַ-ניסן.

— וועגן וואָס? — פרעגט מאַניס.

— אַז מיר ווילן נישט, ער זאָל צונעמען נאָך אַרבעטער — דער־קלערט דער רויטער מאַניסן,

— אויף מיר געפאַלן דער גורל ? — פרעגט מאַניס מיט אַ שמייכל.

— איר באַדאַרפט נישט מורא האָבן — זאָגט טשאַרלי, דער שטע־פּער, און טוט אַ שטעל אָן דאָס פּנים מיט דער נאָז, אַזוי ווי ער וואָלט נאָכגעקרימט אַ ווילד געוואָרענעם האָן, און לאָזט אַרויס אַ קוי־קוי־רע־קו — אויב ער וועט אייך שלעכטס טון, וועלן מיר אים אויסבייסן די אויגן זייגע.

— ווער האָט דען געזאָגט, אַז איך האָב מורא — איז מאַניס גע־בליבן שטיין אַזוי ווי אַ צעמישטער.

— מען קאָן זען, אַז איר האָט מורא. אין אייער פּנים קאָן מען זען. וואָס זענט איר אַזוי בלוי געוואָרן — זאָגט איינער פון די פּרע־סערס און בשעת מעשה גלייכט ער אויס זיין הויכע פיגור און שטעלט אַרויס זיין שטאַרקע ברוסט — מען באַדאַרף גאָרנישט מורא האָבן. מען גייט צו אים צו און מען זאָגט אים, אַז אַלע מיר דאָ, האָבן אייך גע־שיקט.

— ניין, דאָס טויג נישט.

— וועט ער דאָך וועלן וויסן, ווו מיר האָבן זיך צונויפגענומען און וואָס מיר האָבן גערעדט.

— נו, וועט מען אים דערציילן.

— ניין, דאָס טויג נישט.

— טאַקע, וואָס וועט זיין, אויב דזשייקאָב פרעגט באַ מיר אַלץ אויס — כאַפּט זיך מאַניס אָן אין דעם, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך, כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי. וואָרים מאַניס האָט באמת נישט געהאַט קיין חשק צו רעדן מיט דזשייקאָבן. עס איז אפילו באַ יעדן איינעם פון די פּאַרזאַמלטע געווען אָט דער אייגענער געפיל, אָבער זיי האָבן געהאַט אַלערליי וועגן, ווי אַזוי צו באַהאַלטן דאָסדאָזיקע געפיל. מאַניס האָט נאָך נישט געוווסט, ווי אַזוי צו באַהאַלטן זיינס אַ געפיל.

— וואָס זשע וועט זיין, אויב ער פרעגט באַ מיר — וויל מאַניס וויסן.

— נישט דערציילן — שרייען אייניקע.

— ער מעג יאָ דערציילן — שרייען אַנדערע.

— ניין.

— וואָס איז דאָ מורא צו האָבן?

— טאקע, אַלע אינאיינעם, האָבן מיר נישט מורא.

— הייסט עס, אַז מיר מוזן דערציילן? — פרעגט מאַגיס.

— קיינער הייסט אייך נישט דערציילן. אויב ער וועט שטאַרק צו־שטיין, וועט איר אים דערציילן — זאָגט דער רויטער און קוועטשט מאַ־גיסן בײַ אַ האַנט, ווי ער וואָלט אים וועלן דערמיט געבן צו פאַרשטיין, ווי צו האַלטן אַ סוד.

— נו, אויב אַזוי, — באַשליסט מאַגיס — וויל איך נישט רעדן מיט דזשייקאָבן. צו וואָס זאָל ער מיר ווערן אַ שונא.

— קו־קו־רע־קו!... — שרייט אויס טשאַרלי און שפּרייט אויס זיינע הענט, ווי צוויי פליגלען — שאַט, קריגט זיך נישט. איך וועל רעדן מיט דזשייקאָבן, אָבער איך וויל, אַז מיר זאָלן אַלע דאָ־אָ שווערן, אַז ווען מיר קומען מאָרגן צוריק אין שאַפּ, זאָלן מיר זיך מאַכן, ווי מיר ווייסן גאָרנישט.

— ווער עס וועט רעדן אַ וואָרט, דעם וועט מען די קישקעס אַרויס־שניידן זאָגט דער הויכער סעם און אילוסטרירט זיין „שניידן די קיש־קעס" דווקא מיט אַ געזונטער, פאַרמאַכטער פויסט. טרייסלענדיק אין דער לופטן — און איצט וועלן מיר אַריינגיין אין אַ סאַלון.

אינדרויסן איז שוין כמעט ווי געווען פינצטער. דער אָוונט האָט געטון אַ קום אָן גיך און אומדערוואַרט. אַלע אַרבעטער, וואָס זענען דאָ געשטאַנען אויף דעם ליידיקן שטיק אָרט, זענען אַריין אין סאַלון און מיט זיך מיטגעשלעפּט מאַגיסן. ווארים מאַגיס האָט נישט געוואָלט גיין מיט זיי. זיין ווייב, שבע, זיצט דאָרט און וואַרט אויף אים, האָט מאַגיס געזאָגט. מיר האָבן אויך אונזערע ווייבער און זיי זיצן אויך און וואַרטן אויף אונז, האָבן די אַרבעטער געזאָגט מיט איראָניע אין זייערע רייד. און איינמאָל מעג מען מיט פריינט טרינקען אַ גלעזל ביר.

אין סאַלון זענען אַלע אַריין מיט אַ געפּילדער. עס איז נאָך דאָרט געווען שטאָק פינצטער און אַ פּאָר געשטאַלטן האָבן זיך געשאָקלט בײַ דעם טיש־קאַסטן. און דער פאַרשימלטער ריח פון ביר האָט זיך געפּילט אין דער אַטמאָספערע. ווען די אַרבעטער פון דזשייקאָבס שאַפּ זענען

אריין אין סאַלון, איז דער באַלעבאָס באַלד אַפּערגעלאָפן פון טיש־קאַסטן און געטון אַ צי דאָס שטריקל פון דעם הענגענדיקן לאָמפּ. עס איז געוואָרן ליכטיק און די חברה האָבן זיך באַזעצט אַרום אַ קיילעכדיקן טיש. באַלד האָט דער באַלעבאָס געבראַכט בייכיקע כּוסות פול מיט שוימיק ביר. דידאָזיקע כּוסות האָט ער געטראָגן צו עטלעכע מיט אַמאָל אין איין האַנט און מיט זיי זשאָנגלירט אַזוי ווי אַ קונצן־מאַכער אין דער לופטן און מיט אַ פיינעם מאַניר אַנידערגעשטעלט פאַר איטלעכן אַ כּוס.

— פונוואַנען זענען יידן לאַנדס־לייט? — האָט ער געפרעגט, שטייענדיק איבער דערדאָזיקער חברה מיט ביידע הענט הינטער זיין ווייס פאַרטוך און פיל אונטערטעניקייט אויף זיין פּנים.

— גיס בעסער אָן נאָכאַמאָל — האָט דזשייקעלע, טשאַליס חבר, געזאָגט און נאָכגעקרימט דאָסדאָזיקע אונטערטעניקע פּנים — גיס אָן, מיר זענען עקטאָרס, זעסט נישט, אַז מיר זענען עקטאָרס! — האָט דער באַלעבאָס פון סאַלון זיך דערשראָקן און איז אַוועק אָנגיסן כּוסות. אַז ער איז צוריקגעגאַנגען מיט די פולע כּוסות אין זיינע הענט, האָט ער פונדעסטוועגן אַ טראַכט געטון, אַז וויבאַלד עס זענען עקטאָרס, באַדאַרף מען באַ זיי באַלד נעמען קעש (מזומן). פונוואַנען עס האָט זיך באַ אים גענומען דערדאָזיקער געדאַנק, ווייסט ער אַליין נישט. אפשר האָט ער עפּעס געהערט פון עמעצן אַנדערש, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז מיט „עקטאָרס” דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק. דער באַלעבאָס האָט ווידער אַמאָל זשאָנגלירט מיט די פולע כּוסות ביר און אַוועקגעשטעלט באַ יעדן איינעם פון דער חברה אַ כּוס. און איז אַוועק און האָט געבראַכט אַ טעצל און געפרעגט:

— אַ לאַ פילאַדעלפיא?...

— ביין, איך צאָל — האָט זיך דער הויכער סעם געכאַפּט צו זיין קעשענע.

— „זיי באַצאָלן דאָך” — טוט דער באַלעבאָס אַ טראַכט און עס טוט אים שוין באַנג, וואָס ער האָט געמאָנט אַזוי פרי. טאָמער וואָלטן זיי נאָך געזעסן, שטופּט ער זיי אַליין אַרויס. דער הויכער סעם האָט אַנידערגעוואָרפן אַ גרין פּאַפּירל אויף דעם טעצל.

— ברענגט נאָכאַמאָל — האָט טשאַלי, דער וואָס קאָן נאָכקרימען אַ האָן, געגעבן צו וויסן.

און אַזוי האָבן אַלע געהייסן ברענגען ביר, ביז עס איז געקומען

צו מאַניסן. ער איז שוין געווען אַזוי אָנגעטרונקען, אַז עס איז אים אַזש געווען ביטער אין די אויגן. אָבער ער האָט נאָך געקאָנט געדענקען, אַז זיינע קעשענעס זענען ליידיק. אים איז געווען אַ בושה, אָבער ער איז נישט געווען בכּוח זיך צו שעמען. ער האָט אָפן געזאָגט צו זיינע נאָענטע שכנים, אַז ער וואָלט אויך געשטעלט ביר, נאָר ער האָט נישט קיין געלט. אַזוי ווי ער האָט דאָסדאָזיקע געזאָגט, האָט זיך פון אַלע זייטן גענומען שיטן קולות. מאַניס איז געווען גערירט פון דעם גוט-בּרידער-שאַפט, וואָס אַלע האָבן צו אים אַרויסגעוויזן. און אַזוי אַרום האָט ער אויך געקאָנט שטעלן ביר. און אַזוי ווי ער איז געווען דער לעצטער, האָבן די אַרבעטער נישט אַזוי גיך אויסגעטרונקען דאָס לעצטע גלאָז ביר און ווער עס האָט פאַררייכערט און ווער עס האָט געזונגען עפּעס אַ לידל.

דער באַלעבאָס, שוין איצטער אַ צופרידענער און אַ זיכערער, איז צוגעקומען און געבעטן, אַז די „עקטאָרס" זאָלן עפּעס זינגען אָדער טאַנצן.

די אַרבעטער האָבן געטון אַ חוזק צו דעם „פּורים-פּאָרל" און זיי האָבן זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן. זיי זענען אויפגעשטאַנען פון טיש און ביידע אָנגעהויבן צו זינגען אַ וויציק לידל. איינער האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן „אײַרישען" אין סענטראַל-פּאַרק. און ווי אַזוי דער „ייד" פאַרקויפט גאַנץ סענטראַל-פּאַרק צו דעם „אײַרישען" פאַר צען דאָלאַר. און אַזוי ווי נאָכדעם, אַז דער „אײַרישער" האָט שוין באַצאָלט, זאָגט דער „ייד" צו אים „גוישער קאָפּ". פרעגט דער „אײַרישער" באַם „ייד", וואָס ער זאָגט, זאָגט דער „ייד", אַז ער זאָגט „האָסט געקויפט אַ גרויסע מציאה"... עס איז געווען אַזוי פיל קאָמישקייט אין דערדאָזיקער סצענע: ווי אַזוי דער „ייד" מאַכט זיך, ווי ער איז באַלעבאָס פון דעם סענטראַל-פּאַרק און טרייבט די פייגל פון די ביימער און ווערעווערקעס פון דעם גראָז...

די אַרבעטער האָבן געקייכט פון געלעכטער און אויף זיי קוקנדיק, האָט אויך דער באַלעבאָס פון סאַלון זיך געהאַלטן באַם בויך פון געלעכ-טער. דערדאָזיקער באַלעבאָס האָט צעעפנט די האַלבע טירלעך פון זיין סאַ-לון און אַריינגערופן פאַרבייגייער. ער האָט געפילט זיך מיט עמעצן צו טיילן מיט זיין פרייד פון אַזעלכע פריילעכע געסט און בײַ אים אינעווייניק איז

געוועט אַ געפּיל, אַז מען זאָל זען ווי פריילעך דאָ באַ אים אין סאַלון איז, ווען מען קומען אַהער אַלע מאָל.

דערווייל איז דער סאַלון פול געוואָרן מיט מענטשן. און אַז דאָס „פורים-פּאָרל" האָבן דערזען, אַז עס זענען אָנגעלאָפן מענטשן, האָט זיך באַ זיי ערשט דער חשק צעבערענט. העדסט, אָט דאָס, וואָס זיי ווילן, מענטשן זאָלן זיי הערן און לאַכן געזונט. דער סאַלון איז באַלד פאַרוואנדלט געוואָרן אין אַ טעאַטער. מענטשן זענען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ און דער באַלעבאָס פון סאַלון האָט זיי, די דאָזיקע אָנגעלאָפענע מענטשן, צוריקגעשטופּט מיטביידע הענט און זיי אָפּגעטיילט פון דעם אָרט, ווו דאָס „פורים-פּאָרל" האָט איצט פאָרגעשטעלט: ווי אַזוי אַן „אייִרישער" קויפט אָפּ אַ „ייד" אין טאָג פון „וואַלן". דער „ייד" הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין אַ וואָרט ענגליש און דער „אייִרישער" קרימט נאָך יידישע העוויות, כדי צו געבן דעם „ייד" צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט. צווישן אָנגעלאָפענעם עולם איז געוואָרן אַזאַ פליעסקעריי און אַלע מיטאַמאָל האָבן אַזוי געזונט געלאַכט, אַז עס האָט אָנגענומען אויך דזשייקעלען און טשאַלין אַ חשק צו ווייזן, וואָס זיי קאָנען.

דזשייקעלע האָט זיך אויפגעשטעלט, געטון אַ טרייסל מיט זיין קאָפּ געקרייזלטע האָר און דורך דער גאַנצער מאַסע אָנגעלאָפענע מענטשן אין סאַלון איז דורך אַזוי ווי אַ ציטער, און עס האָט זיך באַלד געהערט פון דאָרט באַמערקונגען:

— דאָס ווייזט אויס צו זיין אַ ברען.

— ווו האַלטן זיי זיך אויף?

— פאַרוואָס שפּילן זיי נישט קיין רעגעלע טעאַטער?

— אוי, ווער ווייסט צי זיי האָבן, נעבעך, ערגעץ אַ היים? — האָט אַ פרוי זיך געקרומט.

— נו, און אויף טרונקען ווו נעמען זיי?

— דאָס גיט זיי דער סאַלון אומזיסט.

— אומזיסט, מאַי אַי! — שלאָגט אָפּ אַ זייטיקער.

דערווייל האָט דזשייקעלע געזאָגט: מיינע הערשאַפטן, איך וועל פאָרשטעלן, ווי אַזוי אַ יידינע כאַפּט אַ קאַנאַריקל, וואָס איז געקומען און

זיך אַנידערגעשטעלט בײַ איר פענצטער. איך וועל זײַן די יידענע און מײַן פרייגט טשאַלי — אָט איז ער — וועט זײַן דאָס קאַנאַריקל.

טשאַלי שטעלט זיך אויף. דאָס קאַנאַריקל בײַם פענצטער: טשאַלי הייבט אָן צו שפּילן און זינגען אַזוי ווי אַ קאַנאַריקל. דזשייקעלע טוט זיך אין דער גיך אָן זײַן נאָז־טיכל אויפן קאָפּ, קומט צו און מיט אַ גלאָז אין זײַנע הענט כאַפּט ער. דאָס הייסט, די יידענע כאַפּט דאָס קאַנאַריקל. ברענגט עס אַרײַן אין שטוב און פאַרמאַכט אַלע פענצטער. דאָס קאַנאַ־ ריקל הייבט אָן אַרומצופליען איבער די שטוב. טשאַלי מאַכט מיט די הענט אַזוי ווי מיט פליגל און זינגט דערבײַ, פונקט ווי אַ קאַנאַריקל. די „יידענע" כאַפּט און לייגט עס אַרײַן אין אַ טאָפּ. און דעקט צו דעם טאָפּ מיט דעם האַנטוך און גייט אַוועק אין מאַרק אַרײַן קויפן אַ שטייגל. דערווײַל בלײַבט דאָס קאַנאַריקל פאַרשפּאַרט אין טאָפּ און זינגט נאָך אַלץ, ווי אַ קאַנאַ־ ריקל אין פעלן. דערהערט די קאַץ — ווידער אַמאָל טשאַלי, — אַז עס איז דאָ אַ קאַנאַריקל אין טאָפּ. דאָ באַווײַזט טשאַלי אין אַ דועט, ווי אַזוי דאָס קאַנאַריקל בעט זיך בײַ דער קאַץ, און ווי אַזוי די קאַץ איז אומ־ דערבאַרמדיק און עסט אויף דאָס קאַנאַריקל, און אַז די יידענע קומט פון מאַרק מיט דעם שטייגעלע, געפינט זי נאָר עטלעכע פעדערן. . .

בײַ דערדאָזיקער סצענע איז אָנגעקומען די באַלעבאָסטע פון סאַלון, אַ געזונטע פרוי, מיט אַ ווייס אָנגעפּודערט פּנים און מיט בלישטשענדיקע אויערינגלעך אין אירע אויערן. דידאָזיקע פרוי האָט זיך שטאַרק צעשריגן, פריער אויף איר מאַן און דערנאָך אויף דעם גאַנצן אָנגעלאָפענעם עולם. דער עולם איז זיך באַלד פונאַנדערגעגאַנגען און די אַרבעטער פון דזשיי־ קאָבס שאָפּ, זענען אויך אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, נאָר דורך דער הינ־ טערשטער טיר פון סאַלון, כדי דער עולם זאָל זיי נישט באַפאַלן אין גאַס.

עס איז געווען זייער אַ שיינער אָוונט. דער הימל איז געווען אינ־ גאַנצן אַ זילבערנער און די לבנה האָט אַזוי גוט אין קלוג אַראָפּגעקוקט אויף דער גאַס. דער אָוונט איז שוין געווען אַ האַרבסטיקער, אַ קילער. עס האָט געשמעקט מיט רויכערדיקע בלעטער, פון ערגעץ ווייטע, ברענענ־ דיקע וועלדער. די לבנה איז געלאָפן אַהין און די זילבערנע וואָלקנס זענען געלאָפן אַהער. אַזוי ווי אויבן, אויף דעם הימל, אַזוי אויך אונטן אין גאַס. עס לויפן מענטשן אַהין און עס לויפן מענטשן אַהער.

מאַניס האָט געזאָגט:

— קינדער, לאָמיר מחדש זיין די לבנה,

די אַרבעטער האָבן געענטפערט:

— קינדער, לאָמיר מחדש זיין די לבנה.

מאַניס האָט זיך אַנידערגעשטעלט באַם ראַנד פון טראָטואַר און האָט אָנגעהויבן אויף אַ קול מחדש צו זיין די לבנה.

עס איז באַלד געוואָרן אַ ראָד מיט מענטשן אַרום מאַניסן. און אַזוי גיך ווי עס איז געוואָרן אַ ראָד מיט מענטשן, האָט מען אָנגעהויבן צו לויפן פון אַלע זייטן אַהין צו דעם ראָד. וואָס איז דאָ? איך ווייס נישט. עמעצן געכאַפּט? איך ווייס נישט. איבערגעפאָרן? איך ווייס נישט. וואָס איז דאָ? עמעצער דערהרגעט? איך ווייס נישט. דאָס ראָד מיט מענטשן איז געוואָרן געדיכטער און איבער די קעפּ פון אָט דעם ראָד איז געשטאַנען אַ ווייסע גרויסע לבנה. גאַסן האָבן זיך אַוועקגערוקט. דער הימל איז געוואָרן גרויס. „שלום עליכם", האָט מאַניס געשריגן צו די נאָענטסטע מענטשן לעבן זיך. „עליכם שלום" — האָבן געענטפערט עטלעכע מענטשן מיט אַמאָל — „פונוואַנען איז אַ ייד?"

מאַניס האָט אויפגעהויבן אַ האַנט אין געוויזן צום הימל.

— כאַ, כאַ, דער ייד קומט פון הימל. און דאָס ראָד ווערט געדיכטער. וואָס איז דאָ? כ'ווייס נישט. עמעצער געהרגעט? כ'ווייס נישט. כאַ, כאַ, דער ייד קומט פון הימל.

און ווער ווייסט, וואָס דאָ איז געוואָרן.

מאַניס האָט געטון אַ שפּיי אויס און אַוועקגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק דאָס גאַנצע ראָד מיט מענטשן.

## לא.

# אין כאַפּעניש

אויף דעם אַנדערן טאָג איז באַ דזשייקאָבן אין פאַבריק געווען אַ כאַפּעריי. שוין גאַנץ פרי, נאָך איידער די אַרבעטער זענען זיך צונויפגעקומען, האָט שוין דזשייקאָב מיט דער הילף פון דייוון אויסגעלייגט אויף די טישן, פאַר די צושניידערס, אַלערליי לייוונטן, און דערנאָך זענען געקומען די צושניידערס און האָבן דידאָזיקע לייוונט אויסגעמיאַרקירט מיט קרייד. און זיך איינגעביסן מיט זייערע גרויסע שערן, וועלכע האָבן מיט זייער זשאַווערן שערן-קלאַנג דערמאַנט אין דעם בילן פון הייזעריקע הינט — און באַלד דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס כאַפּעניש. דייוו האָט געכאַפּט פון די הענט פון די צושניידערס און געטראָגן צו די שטעפּערס. די שטעפּערס האָבן זיך געיאָגט, טרייבנדיק מיט זייערע פיס די קישקעס פון די מאַשינען. און דייוו האָט ווידער אַמאָל, פון זייערע הענט, געכאַפּט און געטראָגן צו דעם, וואָס האָט אָנגענייט די קעלנער; צו דעם, וואָס האָט אָנגענייט אַרבל; צו דעם, וואָס האָט געמאַכט פּאַטעלקעס; צו דעם, וואָס האָט אָנגענייט קנעפּלעך און אַזוי ווייטער.

און דזשייקאָב אַליין איז אינדערפרי אַוועקגעגאַנגען און איז כאַפּנדיק אַריינגעקומען און זיך דורכגעשמועסט מיט דייוון כאַפּנדיק און איז ווידער אַוועק און ווידער געקומען און נאָך אַמאָל גערעדט מיט דייוון כאַפּנדיק.

סעם, דער הויכער, האָט געוואָלט אויספירן זיין שליחות און נישט

געקאָנט. עס איז געווען זייער הייס אין פאַבריק און סעם האָט שוין אַראָפּגעוואָרפן פון זיך וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. דאָס בלויזע העמד באַם לייב האָט ער אויך אויפגעקנעפּלט, און זיין ברוסט באַוואַקסן מיט שוואַרצע האָר האָט זיך אַרויסגעזען אינגאַנצן. און גרויסע ריקעס שווייס זענען געזעצן איבער זיין קאַרבעדיק פנים. און זיינע גרויסע הענט זענען געווען איינגעטונקען אין שווייס און דייוו, דער אָנטרייבער. האָט געריסן פון זיינע הענט און האָט אים געוואָרנט אַלע מאָל, אַז די אַרבעט מוז זיין גוט, אַנישט וועט מען ברענגען צוריק, און אַז מען וועט ברענגען צוריק, וועט מען זיך דאַרפן אָנטון און גיין מעסטן די גאַסן. סעם האָט געפילט צו נעמען אַ הייס פּרעסל און אַ שמיר טון דייוון איבער זיין פנים, נאָר ער האָט עס נישט געטון, וואָרים ער האָט געקאָנט מיט זיינע הוילע הענט דייוון טון אַ שמיר אין פנים אַריין, וואָלט אים אויך געווען גענוג. אָבער סעם האָט אפילו דאָס אויך נישט געטון. עס איז אויף סע־מען געלעגן אַזאַ מין קללה און זיין שטאַרקייט איז דאָ, אין דערדאָזיקער פאַבריק, איינגעפּרעסט געוואָרן. ער האָט גאָרנישט געקאָנט טון חוץ פּרעסן העמדער, און אַלע מאָל איז באַ אים געווען אַן אינעווייניקסטע מורא, אַז טאָמער וועט ער נישט האָבן חלילה ווו צו פּרעסן העמדער און ער וועט נאָך באַדאַרפן אומקומען. און ווען סעם האָט געפּרעסט העמדער, איז ער געפאָרן מיט זיין פּרעסל, ווי אַ גליטשער אויף אייז. דער גלאַנץ פון שטאָלערנעם פּרעסל האָט געפינקלט אַזוי ווי אַ בליץ אין אַ פינצטע־רער נאַכט. און אין פאַבריק איז אַזאַ רעש. עס טראָגט זיך אַ ווינט אי־בער ימים, איבער וועלדער און איבער זאַמדיקע פעלדער. די זון שניידט אַריין פון דער קרום און וואַרפט אַ לאַנגן, געלן זייל איבער אַ שטיק וואַנט און הענגט אין דער קרום איבער דער מיט פון פאַבריק, ווי אַ פאַס פון געלן לייוונט. סעם הייבט אויף זיינע אויגן און באַגעגנט זיך הילפ־לאָז מיט אַנדערע אויגן, און סעם פאַרשטייט, אַז יענע אויגן פרעגן אים „האָסטו שוין געזאָגט?" און ער ענטפערט צוריק מיט זיין שטומען בליק „ניין, איך האָב נאָך נישט געזאָגט".

שפּעטער אַ ביסל האָט געטראָפן, אַז דער, וואָס אַרבעט אַריין די אַרבל, האָט אין איילעניש אַריינגענייט אַן אַרבל קרום. דייוו איז אַרויס מיט לשון:

— אַז איר האָט אין זינען דער רוח ווייסט וואָס ?

דידאַזיקע ווערטער האָט דייוו אַזוי הויך געזאָגט און אַזוי פּלוצ־לינג, אַז די אַרבעטער האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ און אים אָנ־געקוקט. פאַרשטענדלעך, אַז מען האָט דערווייל אויפגעהערט צו אַרבעטן אויף אַ רגע.

— איך הייס אַרבעטן ! — האָט דייוו געטון אַ געשריי — וואָס איז דאָס פאַר אַ ביזנעס, אויפהערן צו אַרבעטן ?

און צו דעם, וואָס האָט אַריינגעאַרבעט דעם אַרבל קרום, האָט דייוו אַזוי געזאָגט : — אַזאַ אַרבעט קאָן דאָ נישט געטון ווערן. טרען אויס און ניי צוריק איין, אַנישט וועסטו מעסטן די גאַסן און נאָכלויפן דעם עלע־ווייטער. . .

דייוו איז געווען דערנאָך פול מיט רציחה. ער האָט שוין געוווּסט פון דער נעכטיקער פאַרזאַמלונג און שוין אפילו דערציילט דזשייקאָבן אויך. אים איז געווען פאַרדראָסיק אויף די אַרבעטער. ער האָט גע־טראַכט : מען טאָר זיי נישט לאָזן אויפהייבן קיין קאָפּ. העכער באָר, וואָס אַרבעטער קאָן איינפאַלן. זיך צונויפנעמען אויף אַ ליידיק אָרט אינ־מיטן גאַס און מאַכן צווישן זיך אַן אָפּמאַך. נישט גענוג, וואָס זיי מאַכן אַ לעבן, ווילן זיי נאָך אַריינכאַפּן דזשייקאָבן אין זייערע הענט. . .

דאָס האָט דייוו געטראַכט, אָבער אויסגעלאָזט האָט ער אויף אַ קול אַזוי, אַז אַלע זאָלן הערן :

— דאָס, קינדערלעך, וועט אייך נישט ווערן געשענקט.

— וואָס ? ! — האָבן כמעט אַלע שטומערהייט געפרעגט, און דער־שראָקן אָנגעקוקט דייוון.

— איך הייס אַרבעטן ! דאַטס אָלל ! — האָט דייוו ווידעראַמאָל באַפוילן און האָט זיך גענומען יאָגן פון איין אַרבעטער צום אַנדערן. די שטעפּערס האָבן צעלאָזט זייערע מאַשינען און נישט געקאָנט פאַר־שטייען דאָס, וואָס עס האָט געבייערט אין זייערע קעפּ : ווער האָט אים דערציילט ?

סעם, דער הויכער, האָט זיך געבויגן מיט זיינע ברייטע פּליי־צעס איבער דעם טיש און געפלויגן מיט דעם פּרעסל, אָנגעשפּאַרט אויף דעם מיט זיינע האָריקע הענט און אים האָט הנאה געטון, וואָס דייוו ווייסט שוין. איצט וועט זיין גרינגער צו רעדן מיט דזשיי־

קאָבן. אָבער ווער האָט עס אים געקאָנט דערציילן? זאָל עס זיין מעגלעך, אַז דערדאָזיקער דייוו איז זיי נאָכגעגאַנגען און האָט זיי אונ־טערגעקוקט? צי איז דאָס געווען די אַרבעט פון איינעם פון די אַרבע־טער.

מיטאָגצייט איז אין פאַבריק געווען שטיל. דזשייקאָב איז געווען פאַרנומען באַ זיך אינדערהיים און דייוו איז אויך דאָרטן געווען. זיי ביידע האָבן געפירט אַזאַ געשפּרעך:

— איך ראָט אייך אַלעמען אַוועקצושיקן — זאָגט דייוו.

— דו ביסט זיכער, אַז —

— זיכער.

— עס קאָן נישט זיין.

— אויב איר גיט זיי נישט נאָך, גייען זיי אַוועק.

— איך מוז עס אַליין הערן פון זייער מויל.

— און אויב איר וועט?

— ווייס איך נישט, וואָס צו טון.

— שיקט זיי אַוועק אַלעמען.

— און וווּ וועל איך באַקומען אַנדערע אַרבעטער?

— שיפן קומען אָן אַלע טאָג.

— אַ שיינע ביזנעס...

— זייער...

— און ווען איז עס געשען?

— נעכטן, נאָך דער אַרבעט.

— ווער איז דאָרט געווען?

— אַלע.

— קום אַריין אינעווייניק — האָט זיך דזשייקאָב געוואָלט לאָזן אין פאַבריק אַריין.

— געלאַסן! נישט אַזוי היציק — האַלט אים צו, דייוו — וואָס וועט איר טון באַלד צום ערשטן.

— איך וויל וויסן, צי עס איז די וואָרהייט — רייסט זיך דזשיי־קאָב.

— איר פאַרגעסט זיך מיט זיי צו צעקריגן — וואָרנט דייוו — דאָס טויג נישט. ווער וועט מאַכן די העמדער?

— דאָס, וואָס איך זאָג — זאָגט דזשייקאָב — איך וועל צו זיי רעדן מיט גוטן און פרעגן, וואָס זיי ווילן. עס קאָן דאָך גאָר נישט שאַטן.

— אפשר אַריינפירן איינעם פון זיי אַהער — איז דייוו געפאַלן אויף אַ פּלאַן. וואָרים ער האָט פּלוצלינג מורא באַקומען, אַז עס זאָל נישט געשעען אַ שלעכטע זאַך, אויב דזשייקאָב וועט רעדן צו אַלע אַרבעטער מיטאַמאָל.

— וועמען וועסטו רופן? — פרעגט דזשייקאָב.

— דעם שטאַרקסטן צווישן זיי — ראָט דייוו.

— נו, רוף אַריין דעם הויכן סעם.

---

דער „הויכער סעם" שטייט מיט זיין צעקנעפּלטער האָריקער ברוסט אַקעגן דזשייקאָבן. דזשייקאָב זיצט באַם טיש מיט די אָנגעוואָרפענע ביכער און פּאַפּירן. דייוו שטייט באַ דער זייט. מיט זיינע קליינע, שוואַרצע אויגן, מעסט ער דעם הויכן סעמען פון קאָפּ ביז צו די פיס.

— איך ווייס אַלץ — הייבט אָן דזשייקאָב מיט דעם טאָן פון איינעם, וואָס וויל אויסשטראָפן זיין פאַרשייט קינד. — איצט, פרעג איך באַ דיר, צי עס איז ריכטיק אַזוי?

— וואָס? — פאַרשטייט נישט סעם.

— אייער אָפּמאַך — מישט זיך אַריין דייוו.

— מיט וועמען האָב איך ביזנעס, מיט אייך, מיסטער דזשייקאָב, צי מיט אים? — האָט סעם געזאָגט און זיינע באַזלעכער האָבן זיך פון אויפרעגונג צעשפּרייט, בשעת ער האָט אָנגעוויזן מיט זיין האַנט אויף דייווען.

— מיט מיר — האָט דזשייקאָב געענטפערט און מיט איין האַנט זיך אַ קלאַפּ געטון אין זיין ברוסט אַריין.

— דאַטס אָל! — האָט סעם פון אויפרעגונג געביטן זיינע שווערע גרויסע פיס אין די גאָר גרויסע צעלאָבעסטע שיך — איך וויל אייך

נישט פרעגן ווער עס האָט אייך צוגעטראָגן. עס איז אמת. מיר ווילן אַר־בעטן!... קרייס סייק, מיר זענען נישט לייזי...

— ווער זאָגט דען, אַז איר ווילט נישט אַרבעטן — מישט זיך ווידער אַריין דייוו.

— שאַראַפּ! — שרייט דער הויכער סעם צו דייוון אין פּנים אַריין.

— שאַראַפּ יור סעלף! — שרייט צוריק דייוו, אויך גלייך סעמען אין פּנים אַריין.

— האָ, האָ, אָן פייטס! — צעשפּרייט דזשייקאָב זיינע הענט אַזוי, אַז מיט איין האַנט פאַרדעקט ער סעמס פּנים און מיט דער אַנדערער דייווס — איך האָב דיך געשיקט אַהער ברענגען, דערפאַר, וואָס דו ביסט דער שטאַרקסטער און אויך דער קליגערער. זאָג מיר, סטרייט אין מיין פייס, וואָס איך זאָל טון. ווייט אַ מינוט. איך האָב נאָך נישט געפינדעשט. לעט מיע טאָק. גיב מי אַ טשאַנס. איך האָב איצט אַ גוטן קאָסטאָמער, ער וועט מיך פאַרשיטן מיט אַרבעט. איז דאָך אָלרייט. אָבער, אָלרייט, ער ברויך צו האָבן די אָרדערס, רייט אַווי, און אין אַ האָרי. אויב נישט, גיט ער נישט קיין אָרדערס. ווייט אַ מינוט. לעט מי פיניש. אויב ער וועט נישט געבן קיין אָרדערס, וועט איר נישט האָבן קיין ארבעט, און אויב ער וועט יאָ געבן אָרדערס, וועט איר נישט קאָנען אַרויספינדישן די אַרבעט. עס איז נאָ יוז צו זיין אַ דאָמבעל און נישט פאַרשטיין; יאָ אָנדערסטענד! דו ביסט דאָך נישט קיין גרינהאָרן, און איך מוז די פעקטאָרי מאַכן גרע־סער און נאָך צונעמען אַ סך הענט. באָט, ווייט אַ מינוט, א״ר, די אַלטע הענט, וועט סיי ווי קריגן אַ שאָה...

— מיסטער דזשייקאָב — האָט סעם אָנגעהויבן, ווען עס איז גע־קומען זיין געלעגנהייט צו רעדן — יו נאָו, און איר ווייסט, אַז איך בין נישט קיין פייטער. איט טייקס אַ לאָנג טיים, איידער איך ווער האָט אינאַף צו געבן יענעם אַ פייט, באָט איצט איז נאָך נישט קיין פייט. קרייס סייק, ווער וויל זיך פייטן? איך זאָג, אָלרייט, אָרדערס, אָלרייט. וואָס דען, עס איז גוט, אַז עס איז סלאָו און מען פאַרדינט אַ קרענק. שור איז גוט, אַז עס איז ביזי. אָבער וואָס וועט אונז טון גוט, אַז איר וועט אָנפילן דעם פּלייס מיט נאָך הענט, און אַלע וועלן האָבן קדחות מיט רויטן פּאָדעם. עף קאָס, איך בין נישט קיין לאָיער און אויך

נישט קיין ספיטשער, אָבער וואָס עס איז רייט. איז רייט. וואָי נאָט אונז געבן אַ טשענס... מיר זענען נישט קראַנק צו אַרבעטן אָווערטיים, אויב עס וועט זיין נעסעסערי. פאַר קרייס סייק, מיסטער דזשייקאָב, גיב אונז אַ אַ טשאַנס צו אַרבעטן אָווערטיים און דו וועסט דעליווערן דיינע אָרדערס.

— אָווערטיים?! — האָט דזשייקאָב איבערגעחזרט דאָסדאָזיקע וואָרט מיט אַ ניגון און עס אויסגעצויגען און געקוקט אויף דייוון צו כאַפּן אויף זיין פּנים עפּעס אַ ווונק אָדער אַ צייכן וועגן דעם ענין „אָווערטיים" — וואָי נאָט? איך בין אַ ספּאָרט. פאַר מיינע אַרבעטער וועל איך טון אַלץ אין דער וועלט. באָט, פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען לייק דזשענ־טעלמען און געזאָגט: מיסטער דזשייקאָב, מיר ווילן אַרבעטן אָווערטיים? פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ אינסאָלטמענט, אַז מיינע אַרבעטער מאַכן אַ מי־טינג אויף אַ לײַדיקן לאָט... און ווען איר זאָגט מיר, אַז איר ווילט אַ מיטינג, נעם איך און גיי מיט אייך אַוועק אין אַ האָל און דינג פאַר אייך דעם האָל פאַר אַ מיטינג.

— מיסטער דזשייקאָב — האָט דער הויכער סעם אָנגעהויבן מיט זיין קאָפּ אַראָפּגעבויגן, ווי אַ פאַרשעמטער און שולדיקער — דיס טיים יו אַר אָלרייט. זעסט מיינע הענט?

— נו, נו. — האָט דזשייקאָב אויפהייבנדיק זיך פון טיש אָנגע־הויבן צו שרייען אין דער גיך — איך וויל נישט קיין פייטס.

— נישט דאָס — בעט זיך דער הויכער סעם בײַ דזשייקאָבן — איך מיין, אַז איך גיב דיר מיין האָנעסט וואָרט, אַז מיר האָבן דיך נישט געוואָלט טריטן שלעכט. מיר האָבן נישט וואָס צו „קיקען" אקעגן דיר.

דערווייל האָט געטון אַ פייף דער איינס אַ זייגער וויסעל. דער הוי־כער סעם איז ווי אַן אָפּגעבריטער אַריין צוריק אין פאַבריק אַריין. צו די איבעריקע אַרבעטער האָט ער געטון אַ מאַך מיט דער האַנט. ער האָט געמיינט מיט דעמדאָזיקן צייכן צו זאָגן, אַז מען וועט ווייטער בלייבן דאָ אַרבעטן. און די אַרבעטער האָבן געמיינט, אַז דער צייכן האָט באַדייט, אַז דער הויכער סעם האָט דאָרט גוט דעם באַלעבאָס אַריינגעזאָגט און האָט אים „געלייגט אין דער ערד".

און אין אָוונט האָט דייוו געטון אַ קלאַפּ מיט דער האַנט אין אַ טיש. אַלע אַרבעטער זענען געבליבן שטיל און אָנגעשטרענגט געקוקט אויף

דייוון. דייוו האָט אויסגעשריגן, בלאָזנדיק זיינע רויטע באַקן: היינט אויף דער נאַכט אַרבעט מען „אָוועטיים", און אַלע וואַן-אַרבעטער און אַלע שטיק-אַרבעטער מוזן אַרבעטן אָוועטיים. דאַטס אָל!

— אָווערטיים?

— וואָס איז דאָס? — פרעגט מאַניס בײַ זיין שכן, דעם רויטן.

— אָווערטיים!... דערקלערט דער רויטער מאַניסן.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט נאָכאַמאָל מאַניס.

— מען עסט דאָס — ענטפערט דער רויטער, זייענדיק אויפגעלייגט און וויצלדיק.

— וואָס טרייבט איר קאַטאָוועס? — לאָזט זיך נישט מאַניס — איך טאָר בײַ אייך נישט פרעגן, וואָס דאָס איז, האַ?

— האָט געדולד — זאָגט דער רויטער און אויף זיין פּנים פּאַרציט זיך אַ געהיימניספולע פרייד — עס וועט קומען דערצו, וועט איר זעען.

— איז מה טוב — זאָגט מאַניס און פאַרטיפט זיך אין זיין אַרבעט.

אין פאַבריק איז איצט געווען אַ פריילעכע שטימונג. די שטעפערס האָבן גענומען קלעצלעך פון פאָדים און געוואָרפן צו די פרעסערס, און די פרעסערס האָבן דידאָזיקע קלעצלעך צוריקגעוואָרפן צו די שטעפערס. די מאַשינען האָבן געיאָגט און די פריילעכע פּנימער פון די שטעפערס האָבן זיך געצאַיגט אַזוי ווי פון אײנעם, וואָס פאָרט רייטנדיק אויף אַ פערד פאַר ווילסטאַג. עס איז געווען אַזוי פיל גרינגקייט אין די פיס פון די שטעפערס און די מאַשינען זענען אליין געגאַנגען, אַזוי ווי באַשמירטע מיט פוטער. און די צווייַ, וואָס האָבן געגייט קנעפלעך און פעטלקעס, האָבן געזונגען, ציענדיק מיט זייערע הענט נאָדל-פאָדים, נאָך דעם הויכקייט און טיפקייט פון ליד.

דייוו האָט אָנגעצונדן די גאַז-לאָמפּן און עס איז געקומען צו לויפן אַ יינגל פון דער אַפּטייק און גערופן דזשייקאָבן צום טעלעפאָן. דזשייקאָב, ווי עס האָט אויסגעוויזן, איז אַ דערשראָקענער אַרויס פון זיין שטוב, זיך געווישט די ליפּן און געלאָפן אין אַפּטייק צום טעלעפאָן.

אַז דזשייקאָב איז אַריין אין אַפּטייק, האָט אים דער אַפּטייקער אָנ-

געוויזן אויף אַ שוואַרץ רעדל, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם גלעזערנעם טיש.

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דזשייקאַבס לעבן, אַז ער זאָל האָבן צו טון מיט אַ טעלעפאָן. דאָס האַרץ האָט באַ אים זייער געקלאַפּט. ער האָט געטון אַ כאַפּ דאָס שוואַרצע רעדל און אָנשטאָט עס צוצולייגן צו זיין אויער, האָט ער דאָס רעדל צוגעלייגט צום מויל. דזשייקאָב האָט געהערט, אַז עס איז פאָרגעקומען אין דעם רעדל עפּעס אַזוי ווי אָפּגעריסענע ווערטער פון אַ געקוילעטן. וואָס מען האָט צו אים געזאָגט, האָט דזשייקאָב נישט געוווּסט.

דער אַפּטייקער האָט באַמערקט, אַז דזשייקאָב האַלט נישט דעם טעלעפאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין. איז ער צוגעקומען און מיט זיינע ווייסע הענט און מיט אַ מאַניער פון אַ זייער געלערנטן מענטש, דזשייקאָבן געוויזן, ווי אַזוי מען דאַרף האַלטן אַ טעלעפאָן.

און ערשט איצט האָט דזשייקאָב געהערט, ווי אַ געקוילעטער וויל עפּעס זאָגן — — קים — קיר — קיר און דאָס איבעריקע זשום—ם—ם—ם—ם.

— האַלאָ, גוד איוונינג ! — שרייט דזשייקאָב און לאַכט אומבאַהאָלפן, אָט אין טעלעפאָן-רעדל אַריין און אָט צום אַפּטייקער, וועלכער שטייט און קוקט אים אָן.

פון טעלעפאָן קומט אַרויס, ווי עס דאַכט זיך דזשייקאָבן : זשום—ם—ם—ם—ם. עס ווערט באַ דזשייקאָבן אין קאָפּ אַ געמיש פון אַלערליי מחשבות און ער לאָזט אַרויס דאָס שוואַרצע רעדל פון זיינע הענט און בלייבט שטיין, ווי אַ צעמישטער. דער אַפּטייקער קומט צו און נעמט מיט זיינע ווייסע הענט דאָס רעדל פון טעלעפאָן, און ווי אַ מאַגיקער מאַכט ער מיט דעם רעדל אַ האַלבן קרייז און לייגט עס צו צו זיין אויער און רעדט שטילערהייט, ווי דזשייקאָבן דאַכט זיך, צו אייגעם, וואָס שוועבט אין דער לופטן.

— מען רופט אייך פון בראָדוויי, פון דער ראָזענהייםקאָמפּאַניע — זאָגט דער אַפּטייקער צו דזשייקאָבן באָך שטילער.

— אָ, זאָגט זיי, אַז איך בין דאָ — ווערט דזשייקאָב אַזש אַ פּאַר־ציטערטער.

— דאָס איז דזשייקאָב, אָ — רעדט דער אַפּטייקער אין רערל אַריין — וואָס האָט איר געוואָלט?

— מאָרגן דעליווערען? האָ? מאָרגן?

— זאָגט אים מאָרגן — זאָגט אונטער דזשייקאָב צום אַפּטייקער — מאָרגן שור טינג. מאָרגן.

— יעס סער. מאָרגן שור טינג — שרייט דער אַפּטייקער אין טעלע־פאָן אַריין — גוד באַי. גוד באַי.

— אַ גוטע זאַך, אָט דער טעלעפאָן — פילט דזשייקאָב, ווי צו מאַכן דעם אַפּטייקער אַ קאָמפּלימענט — איך וואָלט באַ־דאַרפט אַזאַ טעלעפאָן באַ זיך אין שאַפּ. וויפיל קאָסט אַזאַ טעלע־פאָן.

— אַ דאָלאַר אַ מאָנאַט — ציילט דער אַפּטייקער פון זיינע ווייסע ציין אַרויס — אויב איר ווילט, וועל איך אייך סובסקרייבען. איך בין אַן אַגענט.

— וואָס, באַ אייך קריגט מען אַ טעלעפאָן? — וווּנדערט זיך דזשייקאָב און באַקוקט די אַפּטייק מיט די גרויסע און קליינע פלעשער און סלויעקלעך מיט די ווייסע פּאַפּירלעך און מיט די אָפּגעדרוקטע נעמען פון די מעדיצינען.

— באַ מיר קריגט איר אַלץ — האָט דער אַפּטייקער גע־ריבן זיינע ווייסע הענט און איז אַוועק הינטערן גלעזערנעם טיש־קאַסטן און געעפנט אַ בוך און פאַרשריבן דזשייקאָבן פאַר אַ טעלעפאָן און אויפגעהויבן זיינע אויגן און געזאָגט: איין דאָלאַר מיט פּופציק, פּליעס.

דזשייקאָב האָט באַצאָלט און איז אַוועק אַהיים, און ווען נישט די פרייד, וואָס ער וועט שוין אויך האָבן אַן אייגענעם טעלעפאָן, וואָלט ער זיך באַדאַרפט שטאַרק פילן געפאַלן פון דעם דורכפאַל, וואָס ער האָט גע־האַט אין אַפּטייק באַם טעלעפאָן.

ער האָט סיי ווי נישט געקאָנט פאַרגעסן זיין דורכפאַל באַם טעלע־פאָן, און אַהיימקומענדיק, איז שוין געווען שטאָק פינצטער אין דרויסן.

באַ אים אין שאָפּ איז געווען ליכטיק און ווען דזשייקאָב איז אַריינגעקומען, האָט ער געטון אַ געשריי צו דייוון:

— מען רייסט די הויט פון בראָדוויי — העמדער... העמדער...

— מיסטער מאַגיס ווייסט שוין וואָס אָווערטיים איז — האָט דייוו געזאָגט דזשייקאָבן און געשמייכלט פון דעם וויץ אויף מאַגיסעס חשבון.

— און דו, ים־קאַטער, האָסט געוווּסט וואָס אָווערטיים איז? — שרייט אַריין דער הויכער סעם אין שאָפּ אַריין און צעלאָזט זיך מיט זיין פּרעסל איבער דעם העמד.

— שאַראַפּ! — ענטפערט דייוו.

— שאַראַפּ יור סעלף!

— ווער? — האָט געפרעגט אַ צווייטער פּרעסער. כאָטש ער האָט גוט געוווּסט וועמען דער הויכער סעם מיינט. אָבער עס איז איצט אין שאָפּ געוואָרן אַזוי געהויבן די שטימונג, אַז עס האָט זיך די אַרבעטער אַ גלוסט געטון צו מאַכן שפּאַס. האָט דער דראָזיקער פּרעסער אַ פרעג געטון: ווער?

— איך מיין דעם פאָרמאַן אונזערן — פאַרענטפערט זיך סעם, אויך ווויסנדיק, אַז דער וויץ הייבט זיך אָן און מען דאַרף אַזוי ענטפערן: איך מיין דעם פאָרמאַן אונזערן.

— אַ פאָרמאַן איז ער? — שרייט דער רויטער פון זיין ווינקל.

— וואָס דען איז ער? — פרעגט צוריק דער הויכער סעם.

— אַן עקספּרעסמאַן איז ער! — שרייט איינער פון די שטעפּערס.

— אַן עקספּרעסמאַן איז ער!? — פרעגט צוריק אַן אַנדערער שטעפּער.

— וואָס דען איז ער? — ענטפערט סעם.

— אַן אַנטרייבער איז ער! — ענטפערט צוריק דער רויטער.

— וועמען טרייבט ער? — פאַלט אַריין דייוו אין דער שפּיל.

— פערד! — שרייט איינער פון די צושניידערס, און מען ווייסט נישט צי מיינט ער עס אין שפּאַס, צי אין פאַראַכטונג.

— פערד טרייבט ער?

— וואָס דען טרייבט ער? א. אַ. ו.

## לב.

# די שיף מיט נייע הענט

דזשייקאָב האָט געשיקט אויף בראָדוויי אַזוי פיל העמדער, וויפיל עס האָט זיין שאַפּ נאָר געקאָנט אַרויסגעבן. מען האָט אָבער געריסן פון זיינע הענט נאָך און נאָך. דאָס, וואָס זיינע אַרבעטער האָבן געאַרבעט אי באַטאָג, אי בײַנאַכט, איז נאָך געווען ווינציק. דזשייקאָב האָט נישט געוווסט, וואָס צו טון. ער האָט געמוזט פאַרגרעסערן זיין שאַפּ, און געמוזט אַריינגעמען נאָך מאַשינען און נאָך נייע הענט. אָבער ווו האָט ער געקאָנט באַקומען נייע הענט? און אויב מען האָט שוין באַדאַרפט באַקומען נייע הענט, האָט מען געמוזט גיין אין קעסל־גאַרדן צו דער שיף.

און דזשייקאָב האָט מורא געהאַט פאַר קעסל־גאַרדן. ער האָט אַזוי ליב געהאַט אַמעריקע און אַמעריקע איז געווען אַזוי מזלדיק פאַר אים, אַז ער האָט מורא געהאַט, אַ קוק צו טון אויף קעסל־גאַרדן, דאָרטן, ווו די שיפן קומען אָן מיט גרינע.

נאָר נויט ברעכט אייזן און דזשייקאָב האָט געמוזט אויך איבער־ברעכן זיין מורא פאַר קעסל־גאַרדן און איז אין אַ שיינעם טאָג אַראָפּגע־פאָרן אַהין. ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין זיין שענסטן גאַרניטור און אָנ־געטון דעם שבתדיקן צילינדער־הוט און איז דאָרטן, אין קעסל־גאַרדן, אָנגעקומען און זיך געוווּנדערט, וואָס עס איז נאָך דאָ אַ סך אַזוינע ווי ער, וועלכע וואַרטן אויף דער שיף מיט גרינע.

די אַלע, וואָס זענען געשטאַנען און געוואַרט אויף גרינע,

האָבן זיך געמוזט אויסשטעלן אין אַ ליניע פון איין זייט און אַ ליניע פון
דער אַנדערער זייט. פאַרשטענדלעך, אַז ווער עס איז אָנגעקומען פריער,
דער איז געשטאַנען נענטער צו דעם ברעג, וווּ די שיף האָט באַדאַרפט
אָנקומען. די ערד געפלאַסטערט מיט גרויסע, פיר-עקיקע שטיינער און
אַזוינע ווייסע שטיינער, נאָר וואָס אָפּגעוואַשענע מיט דעם געזאַלצענעם
ים-וואַסער. דאָס וואַסער פון ים איז בלוי און ווייסע, שוימיקע כוואַליעס
קליינע, אַזוי ווי ליסקעס פון אַ שיף, באַדעקן די אויבערפלאַך פון וואַ-
סער. קעסל-גאַרדן שטייט מיט צעפראַלטע טויערן פון דריי מינים. איין
טויער אינדערמיט פאַר וואָגנס און פערד און פון ביידע זייטן פון אָט דעם
גרויסן טויער, צוויי קליינע טויערן — „מסתם פאַר מענטשן“, טראַכט
דזשייקאָב. עס איז אינמיטן טאָג, די זון וואַרעמט. איבער דעם הימל
שווימען קליינע וואָלקנס. דאָרט, וווּ דער הימל איז ריין, קאָן מען זיך נישט
אָנשפּיגלען אין דער ריינער בלויקייט. ווייסע, גרויסע ים-פייגל פליען אַרום
אינדערהייך און קומען אַראָפּ צום וואַסער. שיפלעך ווייסע און שיפלעך
בלויע לויפן אַרום איבער דעם וואַסער אַהין און צוריק. איבער דעם
ווייס-געפלאַסטערטן, שטיינערנעם וועג, קלינגען וואָגנס און אַ שווערער
טריט פון פערד. אַרום און אַרום זענען הויכע פאַבריקן. פאָנען אַמעריקאַ-
נישע מיט שטערנדלעך און פאַסן פלאַטערן אין ווינד. עס פילט זיך דאָ
אַן אָנגעשטרענגטקייט אַזש עס נאָגט באַם האַרץ. ווען זי קומען? וועט
מען זי אַריינלאָזן אַהער אין לאַנד? צי אפשר איז זי אומגעקומען אינ-
מיטן ים?

מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ גערודער. די שיף קומט. די שיף קומט,
אָט איז זי. פונוווייטנס האָט זיך דערזען די שאַרף פון דער שיפס-נאָז. אַ
ווייסע שיף און דער שאַרף פון איר נאָז איז אינגאַנצן שוואַרץ. דער
קוימען אַ ביסל אויף אַ זייט, אַזוי ווי באַ אַן אונטערגעטרונקענעם דער
צילינדער-הוט. אין באַ די שטאַכעטן אַזויפיל מענטשן. די שיף גיט אַ
ברום. אַ דיקער קנויל רויך זעצט באַ איר פון קוימען און גייט אויף ביז
צום הימל. די שיף גייט פּאַמעלעך און מיט אַ זייט אַריין צום האַפן. דאָס
בלויע וואַסער פון ים רוקט זיך אַריבער איבערן ברעג, וואַשט די שטיי-
נער און רינט צוריק אַראָפּ אין ים אַריין. עס קלינגען קייטן פרייליך און
קלינגענדיק. עס פילט זיך, ווי עס עפענען זיך הערצער און הענט שפּרייטן
זיך און פיילער ציען זיך צו מיילער. די פּראָצעסיע הייבט זיך אָן.

אַ הויכער, לאַנגער און דאַרער מאַן מיט אַ קליין גרין קאַפּעליושל אויף זיין קאָפּ און מיט קליינע שטיוועלעך אויף זיינע לאַנגע און דאַרע פיס און מיט זאָקן ביז איבער די קני און די שמאָלע הויזן זענען אַריינגעשטעקט אין די זאָקן. אַ קליין, קורץ לייבל אָן אַרבל, פאַרקנעפּלט מיט אַ סך קנעפּלעך אויף זיין ברוסט און אַ ווייס העמד מיט אָנגעבלאָזענע אַרבל. נאָך אים און אַרום אים גרעסערע און קלענערע קינדער. די יינגלעך אויך אַזוי אָנגעטון, אַזוי ווי ער. און די מיידלעך מיט ברייטע קליידלעך און מיט פאַרביקע סטענגעס נאָכגעהאָנגען אַרום זייערע אַקסלען און פון זייערע פאַרפלאָכטענע פלאַקסענע האָר. די מאַמע פון אָט דערדאָזיקער פאַמיליע אויך מיט סטענגעס פאַרביקע באַהאָנגען און מיט אַ ברייט אָנגעבלאָזן שליאַרידיק קלייד. און בײַ יעדן איינעם פון זיי אין די הענט אַ פּאַק, אָדער אַ טשעמאָדאַן. אויף די טשעמאָדאַנעס רויטע אָנגעקלעפּטע פּאַפּירלעך. און דער מאַן שמייכלט און איז אַזוי אומבאַהאָלפן און בלייבט אַלעמאָל שטיין און קוקט זיך אַרום און לייגט אַוועק זיינע פּעקלעך און הייבט זיי אויף און גייט ווייטער.

דזשייקאָב האָט זיך פאַרלוירן אין דעם טומל פון אַלערליי שפּראַכן און דעם געמיש פון אַלערליי קאָלירן און פנימער. ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טון. פון די אָפענע טויערן פון קעסטל-גאַרדן האָט געשטראָמט אַ טייך פון מענטשן מיט רויטע פרישע באַקן, געזונטע הענט, לויטערע אויגן און שמייכלענדיקע פנימער. און די, וואָס זענען געשטאַנען פון גאַנץ פרי אָן אין צוויי ליניען און געוואַרט אויף דידאָזיקע נייע, געזונטע און פרייליכע אימיגראַנטן, האָבן זיך געטון אַ וואָרף אויף דעם דאָזיקן שטראָם. אין דער לופט האָט זיך אויפגעהויבן דאָס געשריי פון אַלערליי לשונות און עס האָט זיך געהערט דאָס פרייליכע אויסגעשריי פון מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט געזען לאַנגע יאָרן; פון מענטשן, וואָס האָבן באַגעגנט זייערע אונטערגעוואַקסענע קינדער, וועלכע זענען אַמאָל ערגעץ איבערגעבליבן גאָר קליינערהייט; פון מענטשן, וועלכע האָבן באַגעגנט געליבטע זייערע, וועמען זיי האָבן פריער אין ערגעץ נישט געזען, נאָר זיך פאַרליבט אין זיי דורך בריוו; פון מענטשן, וועלכע האָבן דאָ באַגעגנט אַרבעטער מיט פרישע געזונטע הענט און זיך מיט זיי געדונגען איבער דער פּרייז, צי זיי ווילן אַרבעטן פון טאָג, צי זיי ווילן אַרבעטן אויף זייער אייגענעם חשבון. דזשייקאָב האָט געפּרוווט צוצושטיין צו

אייניקע פון די נייע אָנקומענדע און וווהין ער איז צוגעקומען, האָט ער שוין דאָרט עמעצן געטראָפן. אויסכאַפּן בײַ יענעם, האָט דזשייקאָב נישט ליב געהאַט. איז ער אַזוי געשטאַנען אַ פֿאַרזאָרגטער און געביסן זיינע ליפּן און אין האַלז איז אים געווען טרוקן. ער האָט דערזען אַ יונגן מענטש, פון וועלכן עס האָט זיך אים געוואָלט לאַכן. פֿאַרוואָס האָט ער געוואָלט פון יענעם לאַכן? דערפֿאַר, וואָס יענער האָט מאָדנע אויסגעוויזן אין זיינע זייער שמאָלע הויזן. נאָר דאָס וואָלט ער אים מוחל געווען. זאָל זיין שמאָלע הויזן. אָבער צוליב וואָס איז זיין העמד אַרויסגעשלעפּט פון די הויזן אַרויס און אַריבערגעוואָרפן איבער די הויזן. נאָר דאָס וואָלט ער אים אויך מוחל געווען. מוז זיין אַ פֿאַרטראָגענע בריאה און האָט פֿאַרגעסן דאָס העמד אין די הויזן אַריינצושטעקן. אָבער פֿאַרוואָס טראָגט ער אַ רויט העמד? און פֿאַרוואָס זענען זיינע האָר אַזוי פֿאַרוואַקסן? און פֿאַרוואָס איז זיין קאַפּעליוש אַזוי צעדרייט, פון איין זייט איז דער ראַנד אַראָפּ ביז איבער די אויגן און פון הינטן איז דער ראַנד אַרויפגעבויגן? און פֿאַרוואָס בייסט ער פון אַן עפּל? און ווער איז ער פֿאַר אַ מין גריי־האָרן? דזשייקאָב האָט אים אינגאַנצן מבטל געווען בײַ זיך אין האַרץ און איז צו אים צוגעגאַנגען און אים זיך געשטעלט אין וועג אַזוי, אַז יענער האָט גייענדיק אַזוי און בייסנדיק דעם עפּל, זיך אין דזשייקאָבן אָנגעשלאָגן.

— פֿאַרדאָן!

— פֿאַרדען, — לאַכט דזשייקאָב. — אַן אומזעריקער?

— יאָ — ענטפֿערט יענער און קוקט אָן דזשייקאָבן מיט אויסגע־גלאָצטע אויגן.

— איר פֿאָרט אין ניו־יאָרק? — וווּנדערט זיך דזשייקאָב.

— איר זעט דאָך, — זאָגט יענער און וויל אויסמיידן דזשייקאָבן, זיך לאָזנדיק גיין ווייטער.

— איילט זיך נישט, — נעמט אים אָן דזשייקאָב.

— וואָס האָט איר געוואָלט? — פרעגט יענער שוין אַ ביסל שטרענג.

— איך באַדאַרף אַ יונגנמאַן אין מיין פֿאַבריק, — זאָגט דזשיי־קאָב שטילערהייט און נעמט נישט אַראָפּ זיינע אויגן פון דעם פרעמדן.

— און איך באַדאַרף אַ פֿאַבריק, — צעשמייכלט זיך דער פרעמ־

דער, פֿאַרענדיקט מיט עטלעכע גיכע ביס דעם עפּל און וואַרפֿט אַוועק וווילינגעריש דעם קאַריק פֿון עפּל אין אַ זייט.

— האָט איר עמעצן אין ניו־יאָרק ? — פֿרעגט דזשייקאָב.

— יאָ.

— ווער ? און ווו וווינען זיי ? — איז דזשייקאָב נייגיריק.

— איך ווייס נישט ווער איר זענט, ר׳ ייד, און איך קען אייך נישט.

— מיין נאָמען איז דזשייקאָב און איך האָב אַ פֿאַבריק פֿון העמ־דער — האָט דזשייקאָב זיך שוין געפֿילט ווי באַליידיקט.

— און מיין נאָמען איז איסאַק. און אָט דאָס שטרויענע רענצל איז מיין פֿאַרמעגן — האָט דער פֿרעמדער מיט פֿיל איראָניע אין זיין שטים געזאָגט — און וואָס ווילט איר פֿון מיר, וואָלט איך געוואָלט וויסן ?

— איך וויל, אַז איר זאָלט גלייך אָנהייבן צו אַרבעטן בײַ מיר — האָט דזשייקאָב געזאָגט.

— איר האָט שוין קיין צייט נישט... וואָס איז דאָס אייַלעניש אויף אייך ? — האָט איסאַק נישט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ איז — פֿריער וויל איך קומען צו מיינע קרובים אין הויז אַריין, און איך וויל זיך אַרומקוקן, דערנאָך וועלן מיר זען.

— ווו וווינען אייערע קרובים ? — פֿאַרגייט אים דזשייקאָב פֿון אַן אַנדערע זייט — און ווי אַזוי איז זייער נאָמען ?

— איך האָב אַ זיידן אין דילענסי סטריט, נומער הונדערט און אַכצן — האָט איסאַק פּראָסט און אויפֿריכטיק געזאָגט.

— נומער הונדערט און אַכצן ?! — וווּנדערט זיך דזשייקאָב.

— יאָ, וואָס איז דען ?

— נומער הונדערט און אַכצן ?! — שרייט שוין דזשייקאָב און זיינע ליפּן שפּרייטן זיך אויס אין דער ברייט פֿון זיין פּנים — נומער הונדערט און אַכצן ?! — הייסט אייער זיידע נישט אַמאָל מאַניס ?

— יאָ, מיין זיידע הייסט מאַניס! האַ, איר קאָנט מיין זיידן ? — ווערט איסאַק לעבעדיק און אויפֿגעלייגט — מיין זיידע הייסט מאַניס. איז ער געזונט ?

— אויב עס איז ריכטיק נומער הונדערט און אַכצן, דאַן קען איך אייער זיידן — האָט דזשייקאָב דערפֿילט ווי עס באַפֿאַלט אים אַ מיד־

קייט — הערסט, צי איך קען אייער זיידן? אייער זיידע אַרבעט באַ מיר אין פאַבריק.

— מיין זיידע אַרבעט באַ אייך אין פאַבריק? — ווייסט איסאַק נישט וואָס צו טון — צי זאָל ער זיך פרייען, צי זאָל ער זיך נישט פרייען — הערט אַ צופאַל... ווונדערלעך!... ווי עס קאָן פאָרקומען. ווונדערלעך!...

— אויב אַזוי, וועט איר שוין זיין מייגער — ווישט זיך דזשייקאָב דעם שווייס פון שטערן — אייער זיידע מאַכט באַ מיר אַ שיין לעבן.

— דאָ באַ אייך „מאַכט" מען אַ לעבן? — האָט איסאַק זיך גע־וויצלט. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט דזשייקאָב נישט פאַרשטאַנען דעם וויץ און געענטפערט:

— אַז מען איז אַ מענטש מאַכט מען אַ לעבן.

אויף וואָס איסאַק האָט געענטפערט מיט אַ שטומען: האַ, האַ.

— וועל, ווי האַלט איך מיט אייך? — פרעגט דזשייקאָב און קוקט זיך אום.

— וואָס פאַר אַ פאַבריק האָט איר? — קוקט אים אָן איסאַק מיט זיינע גרויסע ברוינע אויגן. דזשייקאָב דערשרעקט זיך פאַר דידאָזיקע אויגן און ענטפערט:

— באַ מיר מאַכט מען העמדער.

— אַ לעבן „מאַכט" מען באַ אייך און העמדער „מאַכט" מען באַ אייך... — שמייכלט איסאַק גוטמוטיק — איך האָב נאָך צייט. איך וועל זיך באַטראַכטן.

„פון די גוטע אַרבעטער, וואָס מען פרעגט אויף זיי..." האָט דזשיי־קאָב געטון אַ טראַכט צו זיך אַליין. ער האָט זיך געפילט זייער דער־שלאָגן. עס קומט אים נאָך אַ בעסערע שטראָף. פאַרוואָס איז ער געגאַנגען באַגעגענען די שיף מיט בייע הענט? ער האָט דאָך אַזעלכע גוטע אַרבע־טער און כמעט מיט זיי ווי אָפּגעמאַכט, אַז ער נעמט נישט אַריין קיין בייע אַרבעטער. וואָס זשע איז ער געקראָכן אַהער? איז שוין זיין וואָרט מער קיין וואָרט נישט? דזשייקאָב האָט שוין געזוכט אָן אויסרייד זיך אַרויסצודרייען פון דעמדאָזיקן יונגנמאַן מיט דעם רויטן העמדל און מיט די שמאָלע הויזן, ווען ער האָט פּלוצלינג דערהערט קולות פון זייער אַ באַקאַנט לשון. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַהין פונוואַנען די קולות זענען

געקומען, און איז אַ פאַרוואונדערטער געשטאַנען און נישט געגלייבט זיינע אויגן.

אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין דאָרט געווען. בײַ דעם גרויסן טויער פון קעסטל-גאַרדען זענען געשטאַנען גאַנצע קופּעס מיט מענטשן און פּעק מיט בעטגעוואַנט זענען געלעגן אויף דער ערד; מאַמעס מיט פּאַטשיילעס אויף זייערע קעפּ האָבן געשריגן אויף דעם קליינוואַרג, וואָס זענען געקראָכן אויף די פּעק בעטגעוואַנט. דידאָזיקע מאַמעס זענען געגאַנגען אָנגעטון זייער אָרים און אָפּגעלאָזט. און די קינדערלעך זענען דווקא געווען אַרומגעוואַשן און פאַרקעמט, נאָר וואָס פון אונטערן קעמל אַרויס. אָבער די פּנימער פון די קינדערלעך זענען באַלד דאָ אויף דעם אָרט ווידער פאַרשמירט געוואָרן פון דעם, וואָס זיי האָבן געגעסן פּאָווידלע מיט ברויט און פון דעם, וואָס זיי האָבן זיך פון גרויס פרייד געוואַלגערט אויף דער ערד. די טאַטעס פאַרזאָרגטע, מיט אויגן צום הימל געהויבן, אָדער צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט. מען האָט איינס דאָס אַנדערע געטרייסט דאָ שטייענדיק אויף דער ערד פון דעם נייעם לאַנד: מען האָט געלאָזט אַ טרער פון דעם אַנדערנס עלנטקייט דאָ אין דעם נייעם לאַנד; מען האָט זיך געבייזערט אויף דעם קאַפּיטאַן פון שיף, פאַרוואָס ער האָט זיי אַזוי שפּעט אַרייַנגעלאָזט אַהער אין דעם נייעם לאַנד, שוין נאָך אַלעמען, ווען אַלע אַנדערע, די סלאַוון, די דייטשן און די אונגאַרן זענען שוין ערגעץ מסתּמא אין לאַנד און שוין פאַרכאַפּט, ווו ס'איז נאָר דאָ אַן אָרט. און וואָס איז זיי געבליבן — זיי, די אָרימע און עלנטע?

אָט אויף דעמדאָזיקן געפילדער איז אָנגעקומען דזשייקאָב און זיך פּשוט מחיה געווען. עס איז אים באַלד איינגעפאַלן אַ פּלאַן. און ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן האַלטן גרויס מיט דעמדאָזיקן פּלאַן. ערשטנס, וועט ער רייך ווערן פון דעם פּלאַן, און צווייטנס, אַז ער וועט דערציילן דייוון פון זיין פּלאַן, וועט יענער משוגע ווערן פון פרייד. דער פּלאַן זיינער איז געווען אָט וואָס: ער וועט נעמען גאַנצע פאַמיליעס, דעם טאַטן, די מאַמען און די קינדער, און זיי באַזעצן אין צוויי צימערן און זיי אַרייַנשטעלן אַ מאַשין. דער טאַטע וועט נייען, די מאַמע וועט פּרעסן און די קינדער וועלן מאַכן פּעטעלקעס און אָננייען קנעפּלעך און צונויפלייגן די העמדער און אָפּטראָגן דאָרטן, וווהין מען דאַרף. דזשייקאָב וועט קאָנען מאַכן די אַרבעט, און אין דער פאַבריק בײַ אים וועלן די אַרבעטער גאָר-

נישט וויסן פון דעם פּלאַן... דזשייקאָב איז געווען שטאַרק צופרידן מיט זיין פּלאַן. ער איז אַזוי געווען פריילעך, אַז ער האָט דעם ערשטן ייד, וואָס ער האָט אַ כאַפּ געטון באַ אַ האַנט, שיער אים די האַנט נישט צעקוועטשט פון אַזוי פיל דריקן יענעם דעם וואַרעמען, פריילעכן שלום עליכם.

— ווי גרויס איז אייער פאַמיליע?

— וואָס?

— אייער פאַמיליע?

— אָ, אַ ווייב מיט קינדער... — האָט דער ייד געענטפערט מיט הכנעה און זיך געגלעט דאָס שוואַרצע שפּיצן בערדל און געטראַכט: אָט, האָט דער רבונו של עולם שוין צוגעשיקט אַ גואל.

— וויפיל קינדער? — שרייט דזשייקאָב אויף דעם ייד. דער ייד טראַכט זיך, אַז דער אדון איז אַ בייזער, פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם נישט צוגעשיקט אַ גוטהאַרציקן גואל? און ער ענטפערט:

— פינף און מיט איינעם טראָגט זי... — דערביי האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ פרוי, וואָס איז געזעסן אויף אַ בינטל מיט בעטגעוואַנט.

— ווילט איר מאַכן אַ לעבן?

— וואָס, זאָגט איר, זאָל איך מאַכן? — פאַרשטייט נישט דער ייד.

— צי איר ווילט מאַכן אַ לעבן!

— אַ לעבן אויף אייך, אַ געזונט אויף אייך — זאָגט דער ייד מיט הכנעה — איך האָב דאָ קיינעם נישט, כאָטש נעם און וואַרף זיך אין ים אַריין — — —

נאָר דזשייקאָב לאָזט אים נישט ענדיקן און זאָגט צו אים, קלאַפּנדיק אים אין דער אויסגעבויגענער פּלייצע, דער ביינערדיקער:

— זאָרגן באַדאַרפט איר נישט. דאָ איז אַ לאַנד, ווו אַלע דאַרפן אַרבעטן. הייסט איר וואָס דאָס מיינט?

— וואָס דען, איך ווייס נישט? למשל, אַ בלעכער, אַ שוסטער, אַ זייגערמאַכער...

— וואָס זענט איר פון דער היים?

— איך? אַ גאָרנישט. כ׳ווייס דאָרט, צוגעהאַנדלט, געמעקלערט.

און גענומען אַ ירושה=שטוב און זי פאַרקויפט און געקומען קיין „אַמעליקע".

— דאָ וועט איר מוזן אַרבעטן — זאָגט דזשייקאָב שטרענג — אַז נישט וועט מען אייך צוריק אַרויסזעצן איבער דעם ים.

— טאַקע? וואָס דען, איך בין געקומען דאָ נישט אַרבעטן?

— ווילט איר אַרבעטן בײַ מיר?

— פאַרוואָס נישט?

גוט. שטייט, זייט מוחל, דאָ=אָ, וואָרים איך באַדאַרף נאָך עט=לעכע יידן. וועל איך אייך אַלע צונויפנעמען און אייך אַריינפירן אין שטאָט אַריין.

דערהערט דאָס, איז דער ייד געוואָרן מלא שמחה. און דאָס ווייב זיינס האָט זיך אַזש פאַר פרייד נישט געקאָנט אויפהייבן פון אָרט. זי איז שיער פון פרייד נישט געבליבן זיצן מיט אָפגעשטאָרבענע גלידער, אָדער ווער ווייסט, אפשר חלילה, געוואָלט מפיל זיין. אָבער איר מאַן האָט זי געטון אַ שלעפ מיט ביידע הענט און זי אויפגעשטעלט אויף די פיס. דערווייל איז געוואָרן אַ געוואַלט צווישן אַלע יידן דאָ. מען איז געקו=מען דינגען אַרבעטער! מען איז געקומען דינגען אַרבעטער! און באַלד האָט מען אַרומגעסטאָמפעוועט דזשייקאָבן פון אַלע זייטן און צו אים גע=שטרעקט הענט: נעמט מיך! נעמט מיך!

## לג.

# דער גאַסט

אַז איסאַק האָט דערזען, ווי דער אַמעריקאַניעץ מיט דעם צילינ־דער־הוט איז אַוועק אַהין צו דער קופּע יידן מיט ווייבער און קינדער, האָט ער געטון אַ ציִ אַראָפּ זיין צעדרייטן הוט איבער די אויגן און איז אַוועק צום ברעג. די שטיינער זענען געווען אָנגעגליט פון דער זון און הייס, ווי נאָר וואָס אָפּגעקאַלירטע. אין דער לופט האָט געשמעקט מיט דעם שאַרפן ריח פון זאַלץ־וואַסער. און דאָס בלויקייט פון ים האָט גע־צויגן צו זיך און באַרויקט. איסאַק האָט, שטייענדיק באַם ברעג, צעשפּרייט זיינע נאַזלעכער און אַריינגעאָטעמט באַרויקונג. אים איז שטאַרק געפעלן די שטאָט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן. מויערן הויכע מיט פענצטערלעך אַ סך. דאָס געפּילדער פון רעדער און דאָס געשריי פון די מענטשן. און כוואַליעס פון רויש און טומל זענען געשווומען פון ערגעץ ווייט. די זון איז דאָ אַ זון ווי אומעטום. און דער הימל איז דאָ אַ הימל ווי אומעטום. פאַרט־אַרבעטער גייען אַהיים פון דער אַרבעט מיט זייערע פעקלעך אויף די פּלייצעס, פאַרברענטע פון דער זון און פון גע־זאַלצענעם וואַסער, אַזוינע מידע, גייען אין שורות און לאַכן הויך און געזונט און רעדן צווישן זיך. פיינע הערן און דאַמען גייען אויף דעם טראָטואַר, אַזוי ווי אומעטום.

איסאַק דערזעט אַ פּאָליציימאַן, גייט ער צו צו אים און פרעגט אים אויף דעם ביסל ענגליש, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אינדערהיים:

— וויר איס דילענסי סטריט, פּאַרדאָן?

— דילענסי סטריט? — קוקט אים דער פּאָליציימאַן אָן און שמייכלט אוודאי פון דעם רויטן העמדל מיט די שמאָלע הויזן. אָבער ער טוט עס אַזוי, אַז דער פרעמדער זאָל עס נישט באַמערקן — יו טעיק דהאַט קאַר. סי, דהאַט קאַר, ענד גאָ סטרעיט טו דילענסי סטריט.

איסאַק האָט זיך נישט געוווּנדערט, פאַרוואָס ער האָט נישט פאַר־שטאַנען אפילו איין וואָרט. וואָרים דער קלאַנג פון די ווערטער איז גע־ווען אַזוי אויסגעמישט און אַזוי מאָדנע אויסגעצויגן און כמעט ווי אומ־הערבאַר, אַזוי ווי ער וואָלט נישט געקערט מיט דער צונג, נאָר אַרויס־געשאָסן די ווערטער פון דער נאָז אַרויס, אָבער דאָס, וואָס דער פּאָליציי־מאַן האָט אָנגעוויזן אויף דעם טראַמוויי, האָט כמעט ווי געראַטעוועט די סיטואַציע. איסאַק האָט אים באַדאַנקט מיט אַ הייב אינדערהייך פון זיין צעדרייטן הוט און איז מיטן קליינעם, שטרויענעם רענצל אַוועקגעגאַנגען צום טראַם. און ווען ער איז געזעסן אין קאַר אויף דער שטרוי־געפלאָכ־טענער באַנק און זיך געוויגט אַהין און אַהער פון דעם, וואָס די קאַר האָט זיך געדרייט גאַס איין גאַס אויס, האָט ער געפּרוּווט נאָכמאַכן דעם פּאָליציימאַן און עס איז בײַ אים אַרויסגעקומען עפּעס מאָדנע און קאָמיש.

איסאַק האָט געהאַלטן דאָס שטרויענע רענצל אויף די קני און גע־היט דעם קאָנדוקטאָר. וואָרים דער קאָנדוקטאָר איז גראָד געווען אַ רוּ־סיש־יידישער בחור פון אָדעס און זיך שיער נישט צעלאָזט דאָ אין דער קאַר אַרויסצווייזן זיין שיינעם אָדעסער רוסיש, ווען ער האָט נישט מורא פאַר אַ פאַרבאַהאַלטענעם אינספּעקטאָר... יעדער פּאַסאַזשיר איז דאָ מעג־לעך אַ פאַרבאַהאַלטענער אינספּעקטאָר. אָבער דילענסי סטריט וועט ער פאַר אים אַ געשריי טון.

איסאַק האָט דערפאַר געהיטן דעם אויסגעשמירטן בחור מיט דעם פאַרשמאַלצעוועטן רעקל און מיט צוויי קעשענעס, וואָס זענען אַוועקגע־שטאַנען פון רעקל אַזוי ווי צוויי טאָרבעס פול מיט געלט. צום סוף, האָט דער קאָנדוקטאָר אַרויסגעזונגען אויף אַ קול: דילענסי סטריט, מאַמאַליגע מיט ברינזע, דילענסי סטריט!

איסאַק איז אַראָפּ פון קאַר און האָט זיך געלאָזט גיין, זוכנדיק דעם נומער הונדערט מיט אַכצן. דאָס איז אים אָנגעקומען זייער גרינג, און אין אַ מינוט, אָדער צוויי, איז ער שוין געווען אין דער אָפענער טיר פון זיין באָבעס שטוב.

— איציקל! — האָט זיך שבע געטון אַ כאַפּ מיט ביידע הענט באַם קאָפּ.

— באָבע!

און איסאַק האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס רענצל אויף דער פּאָדלאָגע און איז אַרויפגעפאַלן אויף זיין באָבע שבע. זי געקושט אין ביידע באַקן. און זי האָט אים אויך געקושט אין ביידע באַקן, און דערנאָך האָבן זיי זיך איינס דאָס אַנדערע אָפּגעלאָזט פריי. און עס האָט זיך אָנגעהויבן:

— איציקל!

— באָבע!

— ווי קומסטו אַהער?

— מיט דער באַן, מיט דער שיף און מיטן טראַמוויי.

— פאַרוואָס האָסטו נישט געשריבן, אַז דו קומסט?

— נישט געווען קיין צייט.

— וואָס טוט דער טאַטע, די מאַמע?

— ווען איך האָב זיי פאַרלאָזט, געזונט.

— און די מאַמע דיינע האָט דיך געלאָזט פאָרן?

— נישט געלאָזט. אָבער געמוזט.

— וואָס הייסט, געמוזט?

— באַדאַרפט שטיין צום פּריזיוו.

— גלייך געטון, — פרייט זיך די באָבע שבע — ווען איך האָב עמעצן צו שיקן נאָך דעם זיידן מאַניסן.

— ווען קומט דער זיידע געוויינלעך אַהיים?

— אָט באַלד. ווען די זון זעצט זיך.

— ווע לן מיר וואַרטן, ביז ער וועט אַהיימקומען.

— איציקל! — האָט שבע ווידער אַמאָל אָנגעהויבן מיט איר קוויטשיק קול.

— באָבע?

— ווי אַזוי האָסטו אַליין געטראָפֿן?

— וואָס בין איך, אַ קליין קינד?

— און מען האָט דיך אַריינגעלאָזט פֿריי.

— מען האָט מיך נאָר געפֿרעגט, צי איך האָב געלט.

— נו?

— האָב איך זיי געוויזן געלט.

— נו?

— נו, האָט מען מיך געהייסן גיין מאַרש.

— אוי, איציקל, איז אונז דאָ געווען סקוטשנע. האָסט גלייך געטון, וואָס דו ביסט געקומען.

— באָבע, אַ גלאָז טיי און אַ סעכעריל? — האָט איסאַק זיך געמאַכט היימיש.

— באַלד, מיין קינד. נעם און וואַש פֿון זיך אָפּ דעם שטויב פֿונם וועג.

איסאַק האָט אַראָפּגענומען זיין הוט און דאָס מאָדנע ברייטע רעקל און איז געבליבן אין דעם רויטן העמד מיטן גאַרטל אַרומגעגאַרטלט. דאָס האָט אים געגעבן אַ שלאַנקן אויסזען און די פּעך־שוואַרצע האָר זענען געפֿאַלן אויף צוריק פֿון דעם ווינקלדיקן שטערן און געגעבן זיין פּנים אַ דורכגעלייטערטע ווייסקייט.

שבע האָט אָנגעצאַפּט אַ טשייניק וואַסער און צוגעשטעלט טיי. זי האָט אָנגעקוקט איר אייניקל און הנאה געהאַט פֿון זיין איידל, שיין פּנים. דערפֿאַר האָט זי געבראַכט אַ ווייס, פֿריש האַנטוך און דערלאַנגט איסאַקן און אים אָנגענומען בײַ דער האַנט און אַרויסגעפֿירט צום קראַן אין קאָרידאָר אַריין. איסאַק האָט זיך גוט אויסגעוואַשן אין קאַלט וואַסער, געלאָזט צאַפּן דאָס וואַסער פֿון קראַן זייער שטאַרק און קרעפּטיק, און דאָס וואַסער האָט געפּאַטשט זיינע האָר און פֿאַרלאָפֿן אין האַלז אַריין, טיף הינטערן העמד. אַ דערפֿרישטער, איז ער אַריין צוריק אין שטוב און זיך געווישט און אַריינגעאָטעמט דאָס געשמאַקע, ריינע לייוונט פֿון האַנטוך. איצט איז זיין קאָפּ האָר געווען אַזוי שיין, ווי בײַ אַ שיינעם לייב און די אויגן קלאָר און נאָך ברוינער, ווי זיי זענען אַלע מאָל, און זיינע ווייסלען האָבן

געגלאַנצט מיט זייער שפּיגלדיקער ווייסקייט, ווי אָפּגעקאָכטע ווייסלען פון אַן איי.

— איציקל! — האָט שבע נאָכאַמאָל זיך געפרייט מיט דער שיינ־קייט פון איר גאַסט.

— באָבע! וואָס זשע טוסטו דאָ אין אַמעריקע? — פרעגט איסאַק — און ווי פילסטו אין געזונט? דאַכט זיך מיר, באָבע, אַז דו ביסט יונגער געוואָרן.

— יאָ, יונגער געוואָרן — שמייכלט שבע — כ'על נישט האָבן וואָס צו טון, נאָר גיין און נעמען יונגער ווערן. וואָס איז דאָ, מיינסטו, אַ לאַנד ווו מען ווערט יונגער? —

שבע האָט איסאַקן געוואָלט דערציילן, וואָס זי און מאַניס האָבן דאָ געהאַט אין אַמעריקע, אָבער זי האָט באַלד אויף דער מינוט הרטה געהאַט און בעסער פאַרפירט מיט אים אַ שמועס וועגן דעם, ווי אַזוי ער קומט פלוצלינג קיין אַמעריקע. זי האָט אָנגעגאָסן טיי און געזאָגט:

— יאָ, דאַכט זיך, אַז דו האָסט געוואָלט ווערן אַ דאָקטאָר?

— שיער, שיער נישט געוואָרן — לאַכט איסאַק — נאָר מען האָט דערזען און מיך פון אוניווערזיטעט אַרויסגעוואָרפן.

— אַרויסגעוואָרפן? — דערשרעקט זיך שבע.

— פּראָסט אַרויסגעוואָרפן.

— פאַרוואָס?

— איך האָב געמאַכט אַ לאָך אין צאַרס קאָפּ — האָט איסאַק זיך געוויצלט. אָבער שבע האָט נישט אויפגענומען דעם וויץ. זי האָט זיך ווי־דער אַמאָל דערשראָקן און איבערגעפרעגט:

— אַ לאָך אין קייסערס קאָפּ?! אוי, איך האַלט נישט אויס!

— נישט אין זיין קאָפּ, נאָר אין דעם בילד פון קייסער, וואָס איז געהאָנגען בײַ אונז אין קלאַס. מיר האָבן שרעקלעך פיינט געהאַט אונזער לערער. און דאָרט, ווו ער פלעגט שטיין און מיט אונז לערנען, האָט גע־האָנגען דאָס בילד פון ניקאָלאַיען. האָבן מיר געמאַכט אַ לאָך אין בילד. מען האָט דערזען, עס איז געוואָרן אַ טומל. ווער האָט געמאַכט דאָס לאָך אין צאַרס קאָפּ? מיר האַלטן זיך שטאָל און אייזן, אַז מיר

ווייסן נישט. האָט מען אונז אַלע אַרויסגעוואָרפן פון אוניווערזי־
טעט.

— מען האָט אייך דאָך געקאָנט חלילה פאַרשיקן — ברעכט שבע
אירע הענט.

— דערפאַר בין איך דאָך דאָ אין אַמעריקע — פרייט זיך איסאַק
און בייגט זיך צום גלאָז טיי און זופּט ענערגיש פון גלאָז. — איך בין
אַנטלאָפן, נאָך איידער וואָס־ווען. עס וועט מסתמא דאָרט זיין אַ גאַנ־
צע אויספאָרשונג און מען וועט זוכן איסאַקן און איסאַק איז
נישטאָ.

— דיין זיידן זוכט מען און דיך וועט מען זוכן. פאָלג מיך אַ
גאַנג — לאַכט שבע.

— יאָ, וואָס טוט דאָ דער זיידע מאָניס? — דערמאַנט זיך אי־
סאַק — עפּעס אַ ייד אין אַ צילינדער־הוט האָט זיך באַ מיר צוגעשאַרט
נאָך באַ דער שיף, צי איך וויל באַ אים אַרבעטן.

— האָסט באַדאַרפט זאָגן, אַז ניין — זאָגט שבע — אַ סך מענטשן
ווערן אָפּגענאַרט און מען נעמט באַ זיי צו דאָס געלט און מען לאָזט זיי
שטיין אין מיטן שטאָט.

— איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב צייט.

— זייער גלייך.

— אָבער אַז ער האָט געהערט דעם זיידנס נאָמען, האָט ער
געזאָגט, אַז דער זיידע אַרבעט באַ אים אין פאַבריק און זיין
נאָמען איז — — איז — — — טשאָרט וואָזמי! איך האָב שוין
פאַרגעסן.

— דזשייקאָב, — פרוווט שבע דערמאַנען — דזשיי־
קאָב?

— דאַכט זיך אַזוי. און דער זיידע אַרבעט באַ העמדער.

— אמת.

— וואָס זשע האָט ער דאָ געוואָלט באַ מיר אויסנאַרן? — פאַר־
שטייט נישט איסאַק.

— נישט אַלע ווילן אָפּנאַרן.

— איך האָב אים סיי־ווי געזאָגט, אַז איך האָב צייט, — טרינקט

איסאַק אויס די טיי פון גלאָז ביז צום דנאָ — איך וויל אָבער נישט אַר־
בעטן באַ העמדער. פוי! איך וויל זיך אויסלערנען עפּעס אַן אַרבעט,
טשאָרט וואָזמי, אַן אַרבעט, נישט קיין העמדעלעך!
איסאַק האָט געמאַכט אַ קולאַק און מיט אים געוויכטיק אַ טרייסל
געטון אין דער לופט.

## לד.

# די קאָקעטקע

עס איז געוואָרן נאַכט. שבע האָט אָנגעצונדן די גאַז און נישט פאַרגעסן צו ציען איסאַקס אויפמערקזאַמקייט אויף גאַס וווּנדער. נישט מען גיסט אָן און נישט מען באַשניצט די קנויט, נאָר מען דרייט אויף און עס ברענט. און צי וויל ער אַ שמעק טון צו דעם, איידער עס ברענט. אָבער נאָר איידער עס ברענט. איסאַק האָט געשמייכלט, ווי אַ גרויסער מענטש שמייכלט, ווען אַ קינד דערציילט אים אַ חכמה פון זיין סאָך. ער וויל נישט שמעקן. אייגנטלעך האָט ער אין קיעוו שוין געזען גאַז-באַלייכטונג. קיין נייעס. אים וווּנדערט פאַרוואָס דער זיידע איז נאָך נישטאָ. אין קיעוו גייען די אַרבעטער אַהיים פון די פאַבריקן ווען עס ווערט נאָר נאַכט. און דאָ, וואָס? דאָ אַרבעט מען נאָך שפּעטער ווי אין קיעוו? צו וואָס טויג עס, אויב מען אַרבעט דאָ אַזוי שפּעט. . . אַזוי שפּעט. . . זע נאָר, עס איז שוין שטאָק פינצטער און דער זיידע איז נאָך נישטאָ.

— ער אַרבעט איבערטאַים — טוט שבע אַ זיפץ — איבערטאַים... קיינער גייט אים נישט. וועט זיין אַן איבעריקער דאָלער. נישקשה, עס וועט צונוצקומען.

— איך פאַרשטיי. — ווערט איסאַק טרויעריק און אויף זיין פּנים פאַרציט זיך אַ וואָלקן.

שבע האָט אָנגעקלאַפּט אין דער וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט איר

שטוב פון דער שכנטעס שטוב. זי האָט זיך איינגעהערט. ווידער אָנגע־קלאַפּט אין דער וואַנט.

עס האָט זיך באַלד געעפנט די טיר און די שכנטע איז אַריינגע־קומען און געבליבן שטיין בײַ דער טיר אַ פֿאַרשעמטע, ווען זי האָט דער־זען דעם שיינעם יונגן בחור. צוויי פון דער שכנטעס קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אונטער איר קלייד.

— קומט נעבעטער, איך האָב אַ גאַסט, — האָט שבע מיט פרייד געזאָגט — מיינס אַן אייניקל.

— פון יוראָפּ ? — האָט די שכנטע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און מורא געהאַט צו קוקן אויף איסאַקן.

— פון יוראָפּ.

— איך׳ל לויפן זאָגן מיין טאָכטער — האָט די שכנטע געטון אַ נעם דאָס קלייד אירס מיט ביידע קינדער און איז אַן אָנגעבויגענע אַוועק פון טיר.

— מיין שכנה — דערקלערט שבע איסאַקן — איר מאַן איז אַ שוחט און זיי האָבן אַ טאָכטער איז זי... נאָר איך וויל דיר נישט אויסזאָגן־ווערסט אַליין זען.

איסאַקן איז געוואָרן אומהיימלעך פון דעם. זאָגן עפּעס, האָט ער מורא געהאַט, און דאָס, וואָס ער שווייגט, איז אויך נישט גוט. עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט עפּעס צו זאָגן, וואָרים דורך דער טיר האָט געטון אַ וואָרף זיך אַריין אַ געשטאַלט פון אַ יונג מיידל. דאָס איז געשען אַזוי: דאָס מיידל האָט נישט געוואָלט אַריינגיין, און די שוחטקע האָט דווקא יאָ געוואָלט, אַז זי זאָל אַריינגיין. האָט די שוחטקע גענומען און אַריינגעשטופּט איר טאָכטער צו שבען אין שטוב אַריין מיט געוואַלט.

פון דעם זאַמאַך, האָט דאָס מיידל געטון אַ לויף ביז אין מיטן שטוב. און דאָ, פּונקט אין דער מיט שטוב, איז זי געבליבן שטיין מיט אַ ביסל צעשפּרייטע פיס. אירע פּעך־שוואַרצע האָר, די פאַרדרייטע אין אַ שווערן רונדן קובליק, האָבן זיך פון דעם לויף איצט אויפגעעפנט און אַראָפּגעפאַלן אין אַ שווערן, עטוואָס נאַכלעסיק געהאַלטענעם צאָפּ. דאָס האָט דעם מיידל צוגעגעבן אי אַ ביסל נאָכגעלאָזטקייט און אויך אַ ביסל חן. זי האָט אָבער באַלד מיט ביידע הענט און מיט גיכע באַוועגונגען פון אירע

לאַנגע, ביינערדיקע פינגער דעמדאָזיקן צאָפּ איבערגעפלאָכטן און צוריק פאַרדרייט אין אַ קובליק, וואָס האָט מיט זיין שווערקייט, ווי שיער נישט איבערגעוויגן איר קליינעם קאָפּ.

שבען איז געווען אַ פינצטערע בושה פון דעם, ווי אַזוי די שוחטקע האָט אַריינגעשאָסן דאָס מיידל אירס אַהער אין שטוב אַריין. און עס האָט שוין שבען באַנג געטון אויף דער גאַנצער זאַך. נאָר עס איז שוין געווען פאַרפאַלן. דאָס מיידל איז שוין דאָ און מיט איר מאַמען. האָט שבע זיך אָנגערופן:

— איציקל, דאָס איז אונזער שוחטקעס טאָכטער, לאה.

— זייער צופרידן אייך צו קענען — איז איסאַק צוגעגאַנגען און געגעבן זיין האַנט דעם מיידל, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אינמיטן שטוב מיט אירע פיס, אַזוי ווי איינגעשפּאַרט אין דער פּאָדלאָגע.

דאָס מיידל האָט איר ביינערדיק הענטל, דאָס ווייסע, געגעבן אי-סאַקן מיט אַזאַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט עס אים געשאָנקען אויף תמיד. איסאַק האָט געטון מיט זיין שיינער און קרעפּטיקער האַנט אַ דריק צו-נויף דעם מיידלס הענטל, אויך אַ שטאַרקן טרייסל געטון דאָסדאָזיקע הענטל מיטן מיידל צוזאַמען. און עס איז אים עפּעס געוואָרן פריקרע פון קאַלטקייט פון דעם מיידלס האַנט. האָט ער דידאָזיקע האַנט אָפּגעלאָזט און אַריינלייגנדיק זיינע ביידע הענט אין די קעשענעס פון זיינע הויזן, האָט ער גענומען שפּאַצירן איבער דער שטוב. די שמאָלע הויזן האָבן אים גע-מאַכט שלאַנק. עס איז געווען לאהן אַ וווּנדער, ווי אַזוי ער האָט געקאָנט אויף זיך אַרויפשלעפּן אַזוינע שמאָלע הויזן. זי זעענען געלעגן אויף זיינע פיס אַזוי אָנגעצויגן, ווי אַן אויבערשטע הויט, און בשעת ער האָט גע-שפּאַצירט, האָבן זיך זיינע קני-ען שאַרף אַרויסגעשניטן און די קנייטשעלעך באַם שלאָס פון זיינע קני-ען האָבן געהאַט אַלע חנען אין דער וועלט.

— וואָס זעצסטו זיך נישט, לאה? זיץ. — האָט שבע זיך אָנגערופן, וואָרים זי האָט נישט געקאָנט ליידן דאָס שטילשווייגן. די שוחטקע איז שוין געשטאַנען באַ דער אָפענער טיר גרייט אויף אַוועקצוגיין, און אויף איר פנים איז געווען יענער צופרידענער שמייכל פון אַ מאַמען, וואָס זעט נחת אין איר קינד.

לאה האָט זיך אַנידערגעזעצט. דאָס האָט זי געטון זייער נאָכלאָזיק, אַזוי, אַז זי איז כמעט געזעסן אויף אַ שפּיץ בענקל און איר קלייד איז פון איין זייט אײנגאַנצן געלעגן מיט אַ שיינעם בויג אויף דער פּאָדלאָגע, און גרויסע שטיקער פון אירע ווייסע זאָקן האָבן זיך אַרויסגעוויזן. אַזוי איז לאה געזעסן אַ ביסל. איר בלאַס, איידל פּנים אין אַ לייכטן שמייכל. אַ פּאַרטראַכטקייט און אַ צעווייטיקדיקייט און אַ מיידלשע פרומקייט און אין דער אייגענער צייט שפּילעוודיקייט האָבן זיך געביטן אַראָפּ און אַרויף אויף איר געזיכט. זי האָט זיך דערמאָנט און אַראָפּגעצויגן איר קלייד אַ ביסל נידעריקער איבער די אויפגעדעקטע זאָקן. אָבער זי האָט דאָס געטון גלייך ווי זי טוט עס פון אַזאַ געוווינהייט און אָן קיין שום געפיל פון אויפמערקזאַמקייט פון איר צד, חלילה.

— ווו איז מיסטער מאָגיס? — האָט דאָס מיידל גלאַט אַזוי געפרעגט.

— נאָך נישט געקומען פון דער אַרבעט, קינד.

— ווייסט ער נאָך נישט, אַז איר זענט דאָ. — דאָס מאָל האָט זי שוין געזאָגט נישט דירעקט צו איסאַקן, אָבער עס האָט דאָך נישט געקאַנט זיין געזאָגט צו עמעצן אַנדערש.

איסאַק האָט, ווי אַ זייגער, וואָס קלינגט צו דער מינוט, באַלד געענטפערט:

— ניין.

און ווי איז געוועזן די רייזע? — הייבט לאה אויף אירע אויגן פון די גרויסע כמאַרעדיקע ברעמען אירע.

— אָ, נישט שלעכט — ענטפערט איסאַק אין קורצן.

— און ווי געפעלט אייך אַמעריקע? — פרעגט לאה מיט אַ שמייכל, אַ פאַרפירענעם, אַ בריענדיקן.

— אַמעריקע?! — שטעלט זיך אָפּ איסאַק און באַטראַכט לאהן און נעמט זי דורך מיט זיינע אויגן און גיט אַ טראַכט: „אַ קאָקעטקע — אָבער אַן אינטערעסאַנטע". און זאָגט אין דער הויך — עס מוז זיין אַן אינטערעסאַנט לאַנד!

— איר וועט ערשט אָנקוקן, — זאָגט לאה און ציט אויס איר

געאַרגעט אַזוי, אַז איר האַלז ווערט לענגער, העכער און איר פּנים שאַרפער נאָך ווי עס איז.

— וואָס אָנקוקן? — מישט זיך אַריין שבע.

— אַמעריקע — זאָגט איסאַק, אַרויסכאַפּנדיק דאָסדאָזיקע וואָרט באַ לאַהן פון מויל אַרויס.

— דאָ איז דאָ יושר... — זאָגט שבע, ציילנדיק די ווערטער און אַזוי ווי מיט אַ שטיל געזאַנג.

— דאָ איז געווען אייבערהעם לינקאָלן — באַרימט זיך לאַה.

— איך האָב געלייענט וועגן אים. אַ פּראָסטאַק אַזאַ און אַ גרויסער מענטש — פאָרט איסאַק מיט זיינע פינגער דורך עטלעכע מאָל דורך זיינע האָר פון קאָפּ.

לאה האָט שוין אין דער מינוט חשק געהאַט צו האַלטן דעמדאָזיקן קאָפּ מיט די שיינע האָר אין אירע הענט. זי האָט געפילט, ווי אירע הענט ציען זיך אַ נעם צו טאָן דעם קאָפּ. פונוואַנען עס איז צו איר געקומען דאָסדאָזיקע געפיל, ווייסט זי נישט, צי זי האָט ערגעץ אין אַ בוך געלייענט. זי האָט זיך פאַרשעמט און געביסן נערוועז מיט אירע קליינע ציין די אונטערשטע ליפּ. זי האָט איבערגעחזרט דאָס, וואָס איסאַק האָט געזאָגט „אַ פּראָסטער און אַ גרויסער מענטש!" אָבער זי האָט געוואָלט רעדן פון אַנדערע זאַכן. זי האָט פּשוט געוואָלט אים הערן רעדן, נישט נאָר אָפּגעהאַקטע ווערטער, נאָר ער זאָל רעדן אַ סך, ער זאָל זיך דערהיצן און וואַרפן מיטן קאָפּ און טרייסלען מיט די האָר. און זאָל זיך אָנידערשטעלן מיט איין פוס איינגעבויגן. זי וויל זען זיינע קניען און די קליינע קנייטשן, וואָס עס ווערן אויף זיינע הויזן, בשעת ער בייגט אויס די קניען. אָבער זי איז איינגאַנצן געווען אומבאַהאָלפן. זי האָט פּשוט נישט געוווּסט, ווי אַזוי אַרויסצורופן אַ געשפּרעך. און, למשל, ווען זי איז מיט אים אַליין אויג אויף אויג, וואָלט איר שוין גרינגער געוואָרן. אָבער דאָ איז נישט באַקוועם. און עס איז נאָך צו פרי. און זיך אויפהייבן און אַרויסגיין פונדאַנען, האָט אויך נישט געפּאַסט. זי וואָלט פאַרלוירן אַ סך אין איר מוטערס אויגן. זי מוז וואַרטן, ביז די מאַמע אירע וועט זי קומען רופן אַהיים.

זי איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן און געזאָגט:

— האָט איר עפּעס געבראַכט פאַר דער באָבען?

— ניין, ער האָט מיר גאָרנישט געבראַכט, — האָט שבע געענט־פערט — אַ־יאָ, האָסט מיר גאָרנישט געבראַכט, איסאַק?

— אין איילעניש געפאָרן, באָבע, ווי האָב איך געקאָנט? — האָט איסאַק מיט זיין באַס־שטימע, ווי זיך זייער טיף פון האַרץ באַ־קלאָגט.

— דו אַליין ביסט באַ מיר די בעסטע מתנה — זאָגט שבע מיט אַ פריידיקן שמייכל אויף איר פּנים.

— דאָס הייסט ליב האָבן — רופט זיך אָפּ לאה.

— וואָס דען האָסטו געוואָלט, איך זאָל מיין אייניקל פיינט האָבן — האָט שבע ווי זיך באַליידיקט — אוודאי האָב איך אים ליב.

— איך בין אייך מקנא — זאָגט לאה און האָט באַלד חרטה אויף דעם, וואָס זי האָט געזאָגט, אָבער זי פאַרריכט אירע ווערטער מיט דעם, וואָס זי זאָגט: — נישט אייך, שבע, בין איך מקנא, נאָר אייער גאַסט.

— מיט וואָס? — פאַרשטייט נישט שבע. און זי קוקט אָן אי־סאַקן און עפּעס געפעלט איר נישט זיין ארומגיין איבער דער שטוב. איסאַק באַמערקט ווי די באָבע קוקט אים אָן. עס איז אים קלאָר, וואָס דאָס מיידל וויל מיט אירע קליגערישע רייד, נאָר עס וואונדערט אים יאָ גראָד, וואָס דאָס מיידל קלאַפּט מיט אירע רייד, אַזוי ווי מיט אַ האַמער אויף זיינע נערוון און זי מאַכט זיך נמאס אין זיינע אויגן. און דאָס וויל זי מן הסתם נישט. ער קוקט אָן דאָס מיידל פון דער קרום, און כאַפּנדיק פון איר זיינע אויגן, טראַכט ער, אַז זי מוז מסתמא זיין זייער אַ פּראָסטע. דאָס מיידל טוט זיך אירס. זי שלעפּט דאָס געשפּרעך אַהין, וווהין זי וויל עס פאַרשלעפּן. זי זאָגט צו שבען:

— מיט דעם, וואָס איר ליבט אים.

— מען וועט דיך אויך ליב האָבן, וואַרט נאָר. וואַרט — טרייסט זי שבע.

— מיך ?! — דרייט דאָס מיידל מיט איר קאָפּ אויף ניין.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ פון יענער זייט וואַנט.

— דאָס מיינט מען מיך — האָט לאה זיך אויפגעהויבן און אַרויסגעלאָפן.

## לה.

# אַ טרויעריקע מעלאָדיע

— צו מיינע שונאימס קעפּ, וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט נעכטן און פּאַר צוויי נעכטנס, זאָל אויסגיין צו זייערע קעפּ! זע נאָר, ווער עס איז דאָ, נאָך דיך האָט מען דאָ באַדאַרפט... — אַזוי זאָגנדיק, איז מאַניס געבליבן שטיין בײַ דער טיר, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַר־בעט און דערזען בײַ זיך אין שטוב זיין אייניקל, איציקלען. מאַניס האָט געשאָקלט מיט זיין קאָפּ און אויף זיין פּנים איז געווען דער אויסדרוק פון באַדויערן. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט באַלד וועט ער זיך צעוויינען.

דאָס יידישע פּנים האָט אָבער דאָס מאָל אָפּגענאַרט. מאַניס האָט זיך נישט צעוויינט, נאָר, פאַרקערט, זיך גאָר צעשמייכלט. כאָטש דאָס שמיי־כעלע זיינס איז געווען מער אויסגעמישט מיט טרויער, ווי מיט פריילעכ־קייט. אָבער געשמייכלט האָט ער פאָרט. מען מוז מודה זיין, אַז מאַניס האָט געשמייכלט, בשעת ער איז צוגעגאַנגען אַ ביסל נענטער אַקעגן זיין גאַסט, וועלכער איז שוין אויך אין דער מינוט אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און אַקעגנגעלאָפן באַגעגענען דעם זיידן. דאָס אייניקל מיטן זיידן זענען אַרויפגעפאַלן איינס דאָס אַנדערע מיט קאָפּ אויף האַלז און זיך אַרומגענומען מיט די הענט און זיך שטאַרק צוגעהאַלטן אַ ביסל. ביז שבע האָט אָנגעשריגן, אַז עס איז שוין גענוג און אַז מען מעג זיך שוין אָפּלאָזן. דעמאָלט האָט איסאַק פריי געלאָזט מאַניסן.

מאַניס איז געווען אַזוי מיד, אַז ער איז שיער נישט אומגעפאַלן, בלייבנדיק אַזוי שטיין אינמיטן שטוב אָן אַן אָנשפּאַר.
— טפוי, איך פאַל שוין פון די פיס — האָט מאַניס געזאָגט און אין שפּאַס געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט אויסגעשפּיגן אין אַ זייט אַריין. ער איז נישט געפאַלן און זיך געדרייט מיט זיינע שווערע, אַזוי ווי מיט בליי אָנגעגאָסענע פיס, אויף איין אָרט. זיינע צעקנייטשטע הויזן, וועלכע האָבן זיך פון גרויסקייט אין זייער מאָס, נאָכגעשלעפט אויף דער ערד און זיין אַמאָליק בייכל, וואָס איז איצט געהאָנגען אויף אים, ווי אַן אָנגעשטאָפּטס און נישט קיין אייגנס, און דער אַמעריקאַנער האַרטער קאַפּעלויש, וועלכער האָט אויך פון זיין גרויסקייט, אין דער מאָס, געהאָנגען און זיך אָנגעשפּאַרט אויף מאַניסעס צוויי אויערן און זיי מיט זיין געוויכט אַ ביסל איינגעפּלאַטשט, און דערצו דער אַמעריקאַנער ראָק מיט די קנעפּ ביז צום האַלז און מיט קליינע לעצעלעך און מיט שמאָלע אַרבל, פון וועלכע די הענט האָבן כמעט איינגאַנצן אַרויסגעשטעקט, און די שטיקלעך באַוול, וואָס האָבן געהאָנגען אויף מאַניסען — דאָס אַלץ, האָט מאַניסן צוגעגעבן אַ שפּלדיקן אויסזען, פון איינעם, וואָס האַלט אין גיין צו גרונט.

שבע האָט עס אָבער, ווי עס ווייזט אויס, נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז דער איינדרוק זאָל אַזוי בלייבן און זי האָט כמעט ווי זיך צעבייזערט, אָבער זי האָט עס געטון אַזוי קונציק, אַז דער בייזער איר איז געווען אין אַ גוט-ווערטלדיקן וועג.

— זע נאָר, ווי ער שטייט, אַזוי ווי די וועלט, זיינע, וואָלט אונטערגעגאַנגען... נעם און גיי און וואַש דיך אָפּ, וועט דיר ליכטיק ווערן אין די אויגן.

מאַניס האָט גיך אויפגעקנעפּלט די שורה קנעפּלעך פון זיין ראָק, אויך אַראָפּגענומען דעם האַרטן קאַפּעלויש און אַרויסגעגאַנגען זיך וואַשן. בשעת ער האָט זיך געוואַשן, האָט מאַניס געטראַכט שלעכט אויף שבען. איר איז גרינג צו זאָגן יענעם מוסר... און צוליב וואָסערע שוואַרצע יאָר איז איציקל אַהערגעקומען? און אפשר איז שבע גערעכט... די וועלט איז נאָך נישט אונטערגעגאַנגען. היינטיקע וואָך וועט זיין אַ גוטע וואָך. איי, וואָס מאַניס איז נישט געוווינט געווען באַ זיין טאַטן צו אַרבעטן...

איז דאָך זיין טאַטע שולדיק... אַז הויל איז צו דעם, וואָס קאָן אַ מלאכה! . .

אַזוי האָט מאַניס געטראַכט בשעת ער האָט זיך געוואַשן און געווישט זיין פּנים און שוין איצט געשמייכלט און גערעדט צו אי־ציקלען:

— האָסט אוודאי געקאָנט מיינען, מי יודע און וואָס פאַר אַ פּאַ־לאַץ דיין זיידע ווינט...

— איך בין נישט אַנטוישט, זיידע — פּאַרלויפט איסאַק מאַניסעס רייד. אָבער מאַניס לאָזט אים נישט רעדן.

— און האָסט געמיינט, אַז דו וועסט טרעפן דעם זיידן דיינעם אין די שיינע סאַמעטענע שטעק־שיך מיטן ליולקע־ציבעק אין זיין מויל, זיצנ־דיק באַ דער אָפענער גמרא...

אָבער גאָר פלוצלינג האָט מאַניס איבערגעריסן זיינע רייד און זיך אַנידערגעזעצט באַם טיש. ער האָט געפילט, ווי זיינע פיס ווילן זיך אי־בערברעכן פון מידקייט. עס איז אין זיי, אין דער מינוט, נישט געווען קיין איין גאַנץ ביינדל און אונטער דער הויט זענען אַרומגעלאָפן קליינע שפּיזלעך, געיאָגט זיך אַראָפּ און אַרויף פון די פּאָדעשוועס ביז צו די קניען, און די פּיאַטעס האָבן געשרפּעט, און אפילו די שיך־פּאָדעשוועס זענען געווען אָנגעווייקט מיט ברענענדיקן שווייס. חוץ דעם אַלעמען האָט מאַניס געפילט אַ ווייטיק אין די פּלייצעס און אין ביידע דיכן. און דאָס גראָבע פלייש פון ביידע הענט האָט געצויגן, ווי עס וואָלט דאָרט אָנגע־נומען אַ געשוויר. און די פינגער האָבן געפלאַמט און געבראָכן און האָבן זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. בייגט ער זיי איין, טוט וויי. גלייכט ער זיי אויס, טוט ווידער וויי. — „ווי געשריגן, האָט מאַניס געטראַכט, ווי געשריגן, וואָס וועט זיין מיט מיינע פינגער?"

מאַניס האָט באַטראַכט זיין אייניקל און טרערן האָבן זיך אים גע־שטעלט אין די אויגן. איציקל איז איצט געשטאַנען באַם אַנדערן ברעג טיש, אַ הויכער און אַ גלייכער.

— און וואָס מאַכן טאַטע־מאַמע? — האָט מאַניס קוים כּוח געהאַט צו פּלאָנטערן מיט דער צונג.

— אַ דאַנק. געזונט — ענטפערט איסאַק מיט אַ לייכטן בויג פון זיין שיינעם קאָפּ און טוט דערביי אַ טרייסל מיט זיינע האָר.

— און די מאַמע דיינע לאַכט נאָך אַלץ ? — פרעגט ווידער מאַ־
ניס. און דערמאַנט זיך, אַז איציקלס מאַמע האָט תמיד ליב צו לאַכן אַ סך
און געזונט לאַכן.

— די מאַמע ? אוודאי לאַכט זי אַזוי ווי אַלע מאָל — פאַרטראַכט
זיך איסאַק בשעת ער ענטפערט.

— און דיך געלאָזט פאָרן ?

— געמוזט.

— וואָס הייסט געמוזט ?

— דעם קייסער אַ לאַך אין קאָפּ געמאַכט — מישט זיך אַריין
שבע, אויסשטרעקנדיק איין האַנט אין דער לופטן צו באַווייזן אַהין פון
יענער זייט ים.

— באמת ?! — שטעלט אָן מאַניס צוויי גרויסע ליפּן.

— כמעט — שמייכלט איסאַק.

— אַי, ס׳איז דאָך אַן אַנטיק — ווערט שוין מאַניס אָן אויפגע־
לייגטער — איי, איי, ווי כ׳בין אַ ייִד, אַן אַנטיק, אַ לאַך אין קאָפּ.

— נישט אין זיין קאָפּ — שעמט זיך איסאַק און עס איז אים שוין
פאַרדריסלעך פאַרוואָס ער האָט אינגאַנצן דערציילט דעמדאָזיקן עפּיזאָד
מיט דעם קייזערס בילד.

— אין וועמענס דען קאָפּ ? — דערשרעקט זיך שיער נישט
מאַניס.

— אין בילד... אין בילד... — לאַכט שבע און פּליעסקעט מיט
ביידע הענט.

— וואָס פאַר אַ בילד ? — וויל מאַניס פאַרשטיין וועגן וואָס דאָ
האַנדלט זיך.

— עס איז נישט וויכטיק, זיידע — זאָגט איסאַק און עס הערט זיך
אין זיינע ווערטער אַ טאָן פון אייגעם אַן עלטערן מענטש, וואָס רעדט
צו אַ קינד — אין אוניווערזיטעט האָט בײַ אונז געהאַנגען אויף דער
וואַנט דעם קייזערס בילד.

— נו, נו, — האָט מאַניס אויפגעשפּיצט זיינע אויערן.

— זענען געגאַנגען חברה און האָבן אויסגעריסן אַ לאָך אין קאָפּ
פון בילד.

— נו, נו, נו.

— און אַז מען האָט דערזען דאָס לאָך. איז געוואָרן אַ גרויסער טומל.

— נו, נו, וואָס האָט מען געטון?

— מען האָט געוואָלט וויסן, ווער עס האָט דאָס שטיקל אָפּגע־טון.

— נו, נו, נו.

— ווילן חברה דאָך נישט אויסזאָגן. כאָטש, בראָט זיי לעבעדי־קערהייט.

— דער סוף?!

— דער סוף! האָט מען אונז אַלע אַרויסגעטריבן פון אוניווער־זיטעט.

— אוי, אוי.

— און חוץ דעם, אַלע אונז אָנגעקלאָגט.

— מיט וואָס שמעקט אַזאַ זאַך?!

— עס שמעקט! — האָט איסאַק אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — דערפאַר בין איך אַוועק קיין אַמעריקע.

— ווי באַלד אַזוי, איציקל, איז דאָך דיין מזל נישט ווייט פון מיין מזל... גיב זשע, שבע, ווערטשערע. וואָס זאָגסטו, וועסט געבן ווע־טשערע? — האָט מאַניס געשאַרט דעם טיש מיט זיינע הענט — און אייבערעם ווייסט שוין וואָס פאַר אַ גאַסט מיר האָבן?

— ניין. אייבערעם איז עפּעס היינט נאָך נישט אַרויפגעקומען. — זאָגט שבע אַ פּיל באַזאָרגטע.

— מסתּם באַלד קומען — טרייסט מאַניס — איי, דרייען זיך דאָ אַרום למד־וואוניקעס אין אַמעריקאַ. וועסט אַ קוק טון אויף אייבערעמען. קוק, איציק, אויף אים און שווייג. שאַ, אָט קומט ער שוין. כ'הער זיינע טריט. אייבערעם, גיכער, מיר האָבן אַ גאַסט!

אין טיר באַווייזט זיך אייבערעם מיט דער ליולקע אין מויל. ער בלייבט שטיין אויף דער שוועל פון טיר, קוקט אויף איסאַקן.

— שעמט זיך נישט, קומט נענטער — מונטערט מאַניס דעם דער־שראָקענעם אייבערעמען.

— האַלאָה! — שטרעקט אייבערעם זיין שווערע האַנט צו איסאַקן.

— זדראַסטוואַי! — ענטפֿערט איסאַק און נעמט אָן אייבּרעמס האַנט.

— כ'פֿאַרשטיי. מסתּם געווען אַ סאָלדאַט בּאַ פֿאָניען — זאָגט אייבּרעם.

— כּעט — האַלט זיך איסאַק פֿון וועלן לאַכן.

— וואָס אַזוי שפּעט? — קרימט זיך שבע.

— אַן אומגליק.

— וואָס?!

— אויס! — גיט זיך אייבּרעם אַ קלאַפּ מיט בּיידע שווערע הענט אין די זייטן.

— וואָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן?! — קאָן שוין שבע נישט אויסהאַלטן.

— מיט איין בּלאָז וועט מען אַלץ איבּערקערן... און אויס! — זיפֿצט אייבּרעם.

— וואָס וועט מען איבּערקערן?

— דילענסי סטריט!

— דילענסי סטריט?

— יאָ.

— ווּ האָט איר עס געהערט?

— דער פּאָליסמאַן האָט מיר דערציילט.

— פֿונוואַנען ווייסט ער?

— וואָס הייסט פֿונוואַנען? פֿון די הויכע פֿענצטער — זאָגט אייבּרעם מיט אַ טרויעריקער שטימע.

— ווען וועט מען דאָס איבּערקערן דילענסי סטריט?

— וואָס הייסט ווען? ווען זיי וועט זיך פֿאַרוועלן.

— טאַקע, בּאמת?

— אַז דער פּאָליסמאַן זאָגט, ווייסט ער וואָס ער זאָגט.

— נוּ, און וווהין וועלן מיר גיין? — פֿרעגט מאַניס.

— מיין דילענסי סטריט! — וויל אייבּרעם שיער נישט זיך צעוויינען, ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט.

— אַ שיינע חתונה... — זאָגט מאַניס צו זיך אין דער בּאָרד אַריין — האָסטוּ שוין געהערט אַזעלכעס אין דיין לעבּן, אַז מען זאָל

איבערקערן אַזאַ גאַס, ווי דילענסי סטריט — דאָס האָט שוין מאַניס גע־זאָגט דירעקט צו איסאַקן.

— וואָס־וואָס, ווען עס וועט אַמאָל געשען, אָדער פּאַר אונזערע אויגן, אָדער פּאַר אונזערע קינדערס אויגן — האָט שבע צעשלאָגן מיט אירע ווערטער די גאַנצע טרויעריקע שטימונג — דערווייל לעבן מיר נאָך און מען באַדאַרף זיך זעצן עסן וועטשערע. קינדער, גייט צום טיש.

באַם עסן זענען אַלע געווען שטיל. דורך די צוויי אָפענע פענצ־טער האָט אַרייַנגעקוקט דילענסי סטריט און נישט נאָר אַרייַנגעקוקט, נאָר אויך אַרייַנגעשריגן, און דאָ אין שטוב באַ מאַניסן, האָט מען שטיל גע־געסן און געטראַכט וועגן דעם שווערן מזל, פון וועלכן נישט נאָר מענטשן קאָנען זיך נישט אויסדרייען, נאָר אויך גאַנצע גאַסן.

נאָך דער וועטשערע איז אייבערעם אַוועקגעגאַנגען. און מאַניס, שבע און איסאַק זענען געבליבן אַלע דריי אין שטוב. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס מאַניס האָט געפרעגט:

— שעם זיך נישט, איציקל, האָסט געבראַכט עפּעס געלט?

— כ'האָב.

— מ'באַדאַרף אַראָפּלויפן קויפן אַ בעט.

שבע קוקט אָן מאַניסן מיט פאָרוואורף.

— קוק מיך נישט אַזוי אָן — זאָגט מאַניס — ווו וועסטו אים באַ־לייגן?

— אָ, איך וועל זיך אַריבערטראָגן אין אַ האָטעל — פּרובירט איסאַק

— ווו האָסטו דאָ האָטעלן? — לאַכט מאַניס — דו מיינסט, עס איז אינדערהיים.

— און איכ'ל אים דען לאָזן גיין אין אַ האָטעל — מישט זיך אַריין שבע.

דאָס וואָס איך זאָג, דאַרף מען דאָך אַ בעט — זאָגט מאַניס, דער־מאַנט זיך אָן עפּעס און זאָגט צו איסאַקן — נו, און אַ גאַרניטור האָסטו?

— אָט! — ווייזט איסאַק אויף דעם, וואָס ער טראָגט אויף זיך.

— אַ שיינער גאַרניטור... באַ מיר איז דאָס אַ העמד מיט גאַ-
טיעס... נישט מער. פע...

— דאָס האָב איך און דאָס טראָג איך — זאָגט איסאַק פּראָסט און פּשוט.

— כ׳על דיר נאָך הייגט אויף דער נאַכט קויפן אַמעריקאַנסקע הלבשה.

— און מאָרגן וועסטו קיין צייט נישט האָבן? — חוזקט שבע.

— הייגט אויף דער נאַכט! — זאָגט איסאַק — זאָל זיין הייגט אויף דער נאַכט! און ער נעמט אַרויס אַ בינטל מיט געלט און טראָגט צו מאַניסן. מאַניס ציילט איינמאָל און נאָכאַמאָל און זאָגט:

— איצט גייען מיר.

מאַניס הייבט זיך אויף. עס קומט אים אָן שווער, וואָרים זיינע קני זענען שטייף. ער מורמלט צו זיך אַליין אין דער שטיל: „רבונו של עולם, גיב מיר כוח...“ ער טוט אָן דעם קאַפּעליוש און דאָס רעקל. איסאַק האָט געקוקט אויף זיין זיידן, מאַניס, און דאָס האַרץ באַ אים האָט זיך שיער נישט אָפּגעריסן. איסאַק איז נאָך געווען יונג און אין זיינע יאָרן הייסט נאָך דער מענטש נישט פון זיפצן. אָבער איסאַק האָט שוין געוווסט, וואָס עס הייסט אַזוינס „שווערע איבערלעבענישן“. ער האָט שוין אַליין אויך אַ ביסל פאַרזוכט פון די שווערע איבערלעבענישן און דאָס איבעריקע האָט ער אויפגענומען פון ביכער. ער האָט איצט געקוקט ווי אַ „דורכגעגאַנגענער“ אויף זיין זיידן און פאַרשטאַנען אַז דאָ, אין אַמעריקע, מוז דאָס לעבן זיין שווער.

מאַניס מיט איסאַקן זענען אַראָפּ פון די שטיגן דורך דעם כאַראַקטעריסטישן שמאָלן קאָרידאָר. די קוים-ברענענדיקע גאַז-ליכט האָט אויפגעדעקט די טראַגעדיע פון די ווענט אין קאָרידאָר. די טראַגעדיע פון אַלטקייט, אָפּגעלאָזנקייט און נישט מער קאָנען קומען צו זיך.

איסאַק מיט מאַניסן זענען אַרויס אין גאַס. זיי זענען געגאַנגען נאָענט און צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. די גאַס איז געווען אַ באַלויכטענע און אַן אויפגעלעבטע. מענטשן אַפּ און אויף. קראָמען שטאַרק באַלויכטע-

נע. איסאַק האָט שוין דערזען דאָס אַמעריקאַנישע אין די קראָמען. וואָס אייגנטלעך דאָס אַמעריקאַנישע איז געווען, האָט ער נישט געקאָנט אויס־דריקן אין ווערטער. אָבער ער האָט פּאַרט געזען אַן אַנדערשקייט. איינ־מאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט עס אין דעם, וואָס דאָ האָבן זיי נישט קיין ספּעציעלע אויפגעהאָנגענע טאַבעלן מיט נעמען איבער די קראָמען. און אַן אַנדערש מאָל האָט ער עס געזען אין דעם, וואָס דאָ, אין אַמעריקע, זענען די סירן פון די קראָמען טיפער ווי די פענצטער. און איבערהויפּט זענען דאָ די פענצטער גרעסער. פענצטער, פענצטער... — האָט איסאַק געטראַכט, גייענדיק מיט מאַניסן — דאָ האָט מען ליב צו ווייזן זיך... ער האָט עס!

דערווייל זענען זיי אַריין אין העסטער סטריט. דאָ איז איצט גע־ווען אַזוי געפּאַקט מיט מענטשן, אַז איסאַק האָט שיער נישט פאַרלוירן מאַניסן. איסאַק האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען רייסט אים אַזוי. אַלע מאָל כאַפּט מען אים אָן בײַ דער האַנט און מען שלעפּט אים. מען רעדט צו אים אין אַלערליי לשונות, און אַלע מאָל מישט זיך אַריין מאַניס און ראַטעוועט אים אָפּ פון די, וואָס רייסן אים. עס איז מאַניסן ענדלעך איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק, אַריינצוגיין אין אַ קראָם. דאַנקען גאָט! פּטור געוואָרן פון די באַפאַלער. אין קראָם, וואָס איז געווען מיט טרעפּ־לעך אַראָפּצוגיין אין דער נידער, איז געווען האַלב־פינצטער. אָבער אַזוי גיך ווי זיי זענען אַראָפּגעקומען, האָט דער באַלעבאָס געמאַכט ליכטיק. און עס האָבן זיך באַוויזן קליינע געסעלעך, דורך וועלכע מאַניס מיט איסאַקן האָבן זיך קוים־קוים געקאָנט דורכשטופּן. אויף טשוועקעס זענען געהאָנגען אַלערליי גאַרניטורן, אַ לאַנג געסל מיט גאַרניטורן — ליכטיקע, טונקעלע. אויף יעדן גאַרניטור אַ קאַרטל מיטן בילד פון באַלעבאָס פון קראָם און די פּרייז פון גאַרניטור. מאַניס מיט איסאַקן האָבן אָבער פאַר קיין שום ענין ואופן נישט געקאָנט דערגיין דעם סוד פון די דאָזיקע ציפערן. דער קרעמער האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— דאָס איז מיין סיקרעט... בײַ מיר איז וואָן פּרייז... מעסט פּריער אָן און איר וועט שוין האָבן אַ באַגען. אַזאַ יאָר אויף מיר. סוהעלפּ מי גאָט.

איסאַק האָט אויסגעקליבן אַ גאַרניטור און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן.

— דאַטס אָלרייט, דאָ איז נישטאָ קיין לײדיס... עקסקיוז מי! מוז זיין אַ גרינער און רעד צו אים ענגליש. איר קענט זיך אויסטון און אָנמעסטן.

איסאַק האָט געשמייכלט, בשעת ער האָט אַראָפּגעשלעפּט פון זיך דאָס רויטע העמד און איז געבליבן אין זיינע ווייסע אַרבל. איסאַק האָט זיך נישט געפילט באַקוועם אין די הוילע אַרבל פון זיין אונטערשטן העמד, צווישן פרעמדע מענטשן. ער האָט אין דער גיך אָנגעטון דעם ראָק פון דעם גאַרניטור און דער קרעמער האָט אים געטון אַ נעם בײַ דער האַנט און צוגעפירט צו אַ לאַנגן שפּיגל, טיף אין ווינקל פון קראָם. איסאַק האָט זיך אָנגעקוקט און זיך שיער נישט צעלאַכט, אַזוי קאָמיש האָט ער אין זיינע אויגן אַליין זיך געזען.

— אַ פיט!

— עס פיט — האָט מאַניס מיט חוזק צוגעגעבן — ווי אַ פעלץ אויף אַ גוי.

— דיזעלבע רעקלעך גייען צו אַלע גרויסע גבירים — האָט דער קרעמער געזאָגט — קוקט נישט, וואָס איך שטיי דאָ באַגראָבן אויף העסטער סטריט. הלוואי האָב איך דאָס געלט, וואָס מען קאָן האָבן אין העסטער סטריט. יאָ, — בשעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער מיט ביידע הענט אָפּגעגלעט דעם מלבוש אויף איסאַקס אַרבל און אַקסל.

— וואָס קאָסט עס? — האָט מאַניס געטון אַ פרעג מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט נישט זייער פיל געהאַלטן פון מלבוש.

— צוויי מיט אַ האַלבן... — זאָגט דער קרעמער און עס טוט אים באַלד אויפן אָרט באַנג, וואָס ער האָט געזאָגט אַזוי ביליק — אַ סענט נישט ווייניקער.

— אַזוי פיל! — שטרעקט מאַניס אויס אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן.

— מיינע שונאים און אייערע זאָלן דאָס פאַרמאָגן, וואָס איך פאַרדין דערביי.

— איר וועט עס מאַכן אַ ביסל וועלוולער... — זאָגט מאַניס מיט אַ צעשמייכלט פּנים.

— וויפיל אַ שטייגער? — פרעגט דער קרעמער.

— כטאָ קופּיק... — האָט מאַניס געוואָלט זאָגן אַ היימיש,

גויאיש ווערטל, אָבער דער קרעמער האָט אים נישט געלאָזט פאַרענ־
דיקן.

— איך פאַרשטיי... איך פאַרשטיי... אָבער לאָמיר הערן אַ וואָרט.
וויפיל גיט איר?

— איינס און אַ האַלב — כאַפּט זיך אַרויס מאַניס און
עס טוט אים שוין באַנג, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַזוי־
פיל.

— גיט כאָטש נאָך אַ קוואָדער... — בעט זיך דער קרע־
מער.

— ניין!... — עקשנט זיך מאַניס און טראַכט צו זיך: „הלוואי
בעמט ער נישט". וואָרים עס האָט אים אין דער מינוט זיך אויסגעוויזן,
אַז איינס און אַ האַלב איז צופיל פאַר דעם גאַרניטור.

— וועט איר נישט קויפן — זאָגט דער קרעמער — איך
האָב דאָך אַ ווייב מיט קינדער, און צאָל צוויי מאָל דירה־געלט. אי דאָ,
אי דאָרט, וווּ איך ווױן. און איר ווילט גאָר, אַז איך זאָל נאָך צו אייך
דערלייגן.

— קום, איציקל — זאָגט מאַניס — דער ייד דערלייגט נאָך צו
אונז און איך וויל נישט, אַז אַ ייד זאָל האָבן היזק.

מאַניס מיט איציקלען לאָזן זיך אַרויסגיין, בײַ דער טיר זאָגט אי־
סאַק צו זיין זיידן, אַז עס איז אים דערווידער אַזוי צו קויפן. ער פילט,
אַז מען באַדאַרף געבן דעם קוואָדער און זאָל אַ ייד פאַרדינען. מאַניס
בייזערט זיך אויף איסאַקן, אַז ער זאָל נישט זיין קיין יאָלד. „אָט וועסטו
זעען. ער וועט אונז נאָך בעטן".

און עס איז טאַקע אַזוי געוועזן. אַזוי ווי מאַניס מיט איסאַקן
האָבן נאָר באַוויזן אַריבערצוטרעטן די שוועל פון דער קראָם, אַזוי
איז דער ייד זיי נאָכגעלאָפן און זיי צוריק אַריינגעשלעפּט אין קראָם
אַריין.

— וואָס זאָל איך טון מיט אייך. עס איז מיין לעצטער פּדיון. איך
וויל לייזן, איידער איך פאַרשליס. — האָט זיך דער ייד פאַרענטפערט,
אויסטראַכטנדיק אַ נייעם תּירוץ.

מאַניס האָט באַצאָלט און איסאַק האָט גענומען דעם אַמעריקאַנישן
גאַרניטור, וועלכן דער קרעמער האָט פאַרפּאַקט אין אַ פּאַפּירן קעסטל.

גייענדיק איבער העסטער סטריט, האָבן פונדעסטוועגן אַנדערע קרעמער נאָכגעשריגן מאַניסן: „מיסטער, בײַ אים האָט איר געקויפט אַ סוט! ער וועט זיין פיל מיט לעכער!" אויף וואָס מאַניס האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט און געלאָפן גיך מיט דעם קוים־נאָכיאָגנדיקן איסאַקן, ביז זיי זענען אַריין אין אַ קראָם פון מעבל.

— דאָ האָב איך געקויפט אונזער מעבל — האָט מאַניס זיך באַרימט פאַר איסאַקן — וועסט זען, ווי ער וועט מיך דערקענען. באַלד איז דער קרעמער צוגעקומען און געזאָגט:

— שלום עליכם, אַ ייד!

— עליכם שלום! — ענטפערט מאַניס אין האָט הנאה, וואָס מען דערקענט אים.

— וואָס האָט אַ ייד געוואָלט?

— אַ בעט.

— אַ וואָסער בעט, אַן אַלט בעט, צי אַ ניי בעט?

— אַזוינס, וואָס איך האָב שוין דאָ געקויפט — זאָגט מאַניס, מייַנענדיק, אַז דער ייד געדענקט מסתם, וואָס פאַר אַ בעט מאַניס האָט דאָ אַמאָל געקויפט.

— דאַכט זיך, אַז איר האָט געקויפט אַ ניי בעט... — פּרובירט דער קרעמער טרעפן. ווארים ער האָט שוין געלערנט פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַז עס איז בעסער צו זאָגן אַ מענטש, אַז ער האָט געקויפט אַ ניי בעט, מעג אפילו זיין אינדערעמתן, אַז יענער האָט געקויפט אַן אַלט בעט.

— געטראָפן! — דערפרייט זיך מאַניס.

— איר זעט, ווי איך געדענק... — רימט זיך דער קרעמער — אין אַמעריקע באַדאַרף מען האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער.

איסאַק האָט געטון אַ שמייכל, ווען ער האָט געהערט דאָס, וואָס דער ייד האָט געזאָגט. און מאַניס האָט געקויפט אַ בעט, און עס האָט נישט גענומען לאַנג און בײַ מאַניסן אין שטוב איז שוין געשטאַנען דאָס נייע בעט.

די ערשטע נאַכט אין אַמעריקע איז איסאַקן זיך נישט געשלאָפן זייער גוט. עס האָט זיך עפּעס נישט געקאָנט שלאָפן. אַזאַ אומרויִק אָרט, ווי דילענסי סטריט, האָט נאָך איסאַק אין זיין לעבן נישט געזען. עס האָט

זיך אָנגעהויבן מיט דעם געוויין פון קליינע קינדער. איסאַקן ווייזט זיך אויס, אַז עס איז נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ ביטערע זאַך, ווי דאָס געוויין פון קליינע קינדער. און ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט, וואָלט ער אַרומגעלאָפן איבער די שטיבער און פאַרשוויגן אָדער פאַרשפּילט די קליינע קינדער, כדי זיי זאָלן נישט וויינען. ער האָט אויך געהערט ווי מענטשן גייען מיט די טרעפּ אַראָפּ און אַרויף. און אָט איז, דאַכט זיך, שוין שטיל. דערהערט זיך פּלוצלינג אַזאַ מין זאַך, ווי מיאַוקען פון קעץ. איסאַק איז נישט זיכער, צי דאָס איז דאָס מיאַוקען פון קעץ, צי אפשר איז דאָס אַ געזאַנג פון שכורים. ער ליגט און הערט זיך איין, הערט זיך איין און עס ווערט אים דייטלעך, אַז דאָס זינגען שכורים. ער הערט זיך איין און הערט זיך איין און עס ווערט אים ווידער קלאָר, אַז דאָס זינגען נישט קיין שכורים, דאָס איז גלאַט עמעצן מויל און פריילעך און עס זינגט זיך אים, אָדער זיי... אינמיטן נאַכט אַזאַ געזאַנג און עס צענעמט באַ איסאַקן יעדער ביין און עס גייט טיף אין דער נשמה אַריין. עס ווערט שטיל און דערנאָך גייט עמעצער אויף דעם טראָטואַר און פייפט. און דער טראַם לויפט יעדעס מאָל דאַ פאַרביי און קוויטשעט מיט זיינע רעדער. ערגעץ וויים קלינגען גלעקער. עס ווערט שטיל און דערנאָך טוט ער־געץ אַ שאָס אויס, ווי פון אַ ביקס אָדער פון אַ האַרמאַט. אַ פערד און וואָגן פויקט איבער די שטיינער פון דער גאַס. פון אַ שטוב הערט זיך אַ קוויטש פון אַ פרוי. ווער ווייסט, אפשר גייט אַ פרוי צו קינד. ניין ! דאָס קוויטשעט אַ פרוי גראָד אַזוי פון פריילעכקייט. מיט איין וואָרט: אי־סאַק האָט נישט געהאַט אַזאַ גוטע נאַכט. און צום טאָג האָט ער געכאַפּט אַ דרימל און איז אויפגעשטאַנען. מאַניס האָט אויף אים אָנגעשריגן, אָבער איסאַק האָט זיך געטון זיינס. ער האָט זיך אָנגעטון אין דעם אַמעריקאַ־נישן גאַרניטור. געטרונקען טיי אינאיינעם מיט דעם זיידן און באָבען. דערנאָך איז מאַניס אַוועק צו דער אַרבעט און איסאַק איז געבליבן מיט דער באָבען. זאָגט צו אים שבע, אַז ער מעג זיך אַ ביסל דורכגיין אין גאַס און זעען די שטאָט. גייט איסאַק אַראָפּ אין גאַס אַריין. דער פרי־מאָרגן איז געווען אַ שיינער, אַזוי ווי דער אַמעריקאַנער אָסיען קאָן נאָר שיין זיין. עס האָט געשמעקט מיט דעם ריח פון געברענטע בלעטער. כאָטש עס האָבן זיך נישט געזען קיין וועלדער ווייט אַרום. איסאַק האָט געצויגן דעמדאָזיקן ריח אין זיך אַריין און געקוקט אַרום און אַרום און

געגישטערט מיט זיינע אויגן, ווו דער וואַלד איז. עס איז אפילו אין די־ לענסי סטריט נישט געווען קיין סימן פון קיין בוים. טויבן זענען יאָ דורכ־ געפלויגן. דערפאַר זענען דאָ געגאַנגען אַ סך מענטשן. „אַרבעטער", האָט איסאַק געטראַכט. ווי גליקלעך וואָלט ער זיך געפילט, ווען ער גייט שוין אויך אינאיינעם מיט זיי צו דער אַרבעט. ביז איצט איז ער געווען אַ „דאַרמאָיעד", געזעסן אויף יענעמס קאַרק. ער איז געגאַנגען מיטן שטראָם מענטשן און זיך אָפּגעשטעלט בּאַ אַ רעדל מענטשן. אין דער מיט פון רעדל איז געשטאַנען אַן אַלטער ייד מיט אַ גרויער בּאָרד און מיט אַ יאַר־ מולקע אויף זיין קאָפּ. דערדאָזיקער ייד האָט געדרשנט. זיינע אויגן זענען געווען פרום פאַרמאַכט און זיין שטערן, דער גרויסער, האָט זיך געקנייטשט. ער האָט אינגאַנצן אויסגעזען, ווי אייזער, וואָס פּייניקט זיין גוף. זיין הויט איז געווען געל און די ביינער פון זיינע קינבּאַקן האָבּן אַרויסגעשטאַרצט און זיינע אויגן זענען געווען אַריינגעגראָבּן אין טיפע לעכער. זיינע גרויע האָר שוין לאַנג, לאַנג נישט געקעמט. אַזעלכער שטייט אינמיטן גאַס און מוז זאָגן שטראָף־רייד, אָדער אפשר זאָגט ער, וואָס פּאַר אַ שלעכטער סוף עס וועט זיין שפּעטער, אויב מען וועט אים נישט פאָלגן. אַזוי האָט איסאַק געטראַכט, ביז ער איז אינפאָרמירט געוואָרן, אַז אָט דערדאָזיקער ייד איז אַ מיסיאָנער און וויל אָפּשמדן יידן.

— פאַרוואָס פּאַטשט מען אים נישט אויס? — פרעגט איסאַק.

— דאָ, אין אַמעריקע, איז אַ פריי לאַנד — ענטפערט מען איסאַקן.

— אַזוי?! חוזקט איסאַק. אָבער קיינער באַנעמט נישט זיין חוזק מאַכן. און איסאַק שפּייט אויס און גייט אַוועק. ער פאַרקירעוועט זיך אין אַן אַנדערער גאַס. אייגער, אין אַ ווייס פאַרטוך, מיט אַ געוואַלדיק רויט פּנים, לויפט נאָך אַ מענטש מיט צעשויבערטע האָר, יאָגט אים אָן און דערלאַנגט אים אַ זעץ, און דער, וואָס מיט די צעשויבערטע האָר, פאַלט און שטרעקט זיך אויס אויף דעם טראָטואַר. דער, וואָס מיט דעם ווייסן פאַרטוך, גיט נאָך דעם געפאַלענעם אַ בריק מיט דעם שפּיץ פון שיך און גייט זיך אַוועק זיין וועג. איסאַק לויפט צו צו דעם געפאַלענעם און פרובירט אים אויפהייבן. לויפן צו צו איסאַקן צוויי יידישע ווייבער און זאָגן אים, אַז ער זאָל זיך באַלד אָפּטראָגן, אויב ער וויל לעבן.

— טאָר איך נישט העלפן אַ געפאַלענעם? — פרעגט איסאַק.

— דאָ, אין אַמעריקע, איז אַ פריי לאַנד — ענטפערן די ווײַ־בער — טראָגט זיך בעסער אָפּ פונדאַנען.

איסאַק קוקט זיך אַרום. ער איז עפּעס געבליבן איינער אַליין. די צוויי ווײַבער האָבן געטון אַ נעם דעם געפּאַלענעם און אים ערגעץ אַוועק־געשלעפּט. שטייט אַזוי איסאַק איינער אַליין. און עס באַפאַלט אים אַ פּחד. אָבער זיך אַפּטראָגן וויל ער נישט. ער שטעלט זיך פעסטער אויף זײַנע יונגע פיס, ווי ער וואָלט פּרובירט, צי די ערד וואַקלט זיך נישט אונטער אים. ער שטייט אַזוי אָפּ עטלעכע מינוט און קוקט זיך אַרום. דערנאָך גייט ער אַוועק. עס פאַרדריסט אים זייער, וואָס קיינער קומט נישט צו צו אים.

און אָט אַזוי האָט ער געזעען עפּעס אַזוינע משונהדיקע זאַכן, נישט נאָר צווישן גרויסע, נאָר אויך צווישן קינדער. ער האָט זיך אַזוי אַרומגע־דרייט גאַס איין און גאַס אויס, ביז ער איז מיד געוואָרן און אַהיימגעגאַנגען. שבע האָט אים געגעבן עסן, און איסאַק האָט אַרויסגענומען פון זײַן קיי־שעלע אַ בוך און זיך פאַרטיפט אין אים, אָבער שבע האָט אים נישט גע־לאָזט לייענען.

— ווו ביסטו געווען?

— אַזוי אַרומגעשפּאַצירט.

— ווי געפעלט דיר?

— נישט אַזוי.

— מיר אויך נישט.

— כ׳וועל אפשר גיין אַרבעטן, וועל׳ך זען.

— האָסט נאָך צייט.

— כ׳קאָן אַזוי נישט איינזיצן, באָבע.

— נו, גיי אַרבעטן, ווער לאָזט דיך נישט?

— וואָס פאַראַ מלאכה?

— לערן דיך אויס עפּעס אַ שיינע מלאכה.

— אַ שטייגער?

— אַ זייגערמאַכער — פּרובירט שבע.

— פע.

— וואָס דען?

— כ׳וויל ווערן אַן אייזן־אַרבעטער.

— ווילסט האָבן געשוואָלענע הענט.

— יאָ.

— וועלכעס מיידל וועט דען וועלן מיט דיר התונה האָבן, אַז וועסט האָבן געשוואָלענע הענט? — בלאָזט שבע אָן אירע באַקן צו אילוסטרירן געשוואָלענע הענט.

— אויך אַ דאגה.

— ווייסט, אונזער שוחטס מיידל איז אין דיר פאַרליאָבקעט.

— אַזוי?

— די מאַמע אירע האָט מיר איבערגעגעבן... וואָס מיינסטו?

— מיר געפעלט זי נישט.

— אַ מיידל אַ בריליאַנט.

— איך קען זי נישט.

— קוק זיך אומישנע צו איר צו... אָבער דו זאָלסט ווערן אַ קאָוואַל, זעסטו, דאָס געפעלט מיר נישט — האָט שבע נאָך אַ קורצער פּאַוזע פון טראַכטן, געזאָגט.

— רוף עס אָן אַ שלאָסער... אַ שלאָסער וועט שוין זיין גוט? — שמייכלט איסאַק.

— אוודאי בעסער פון אַ קאָוואַל, אָבער מיר שטייט נאָך אַלץ נישט אָן, אַז מיין אייניקל זאָל אַהיימקומען מיט שוואַרצע געשוואָלענע הענט.

— גוט, באָבע! מיר וועלן שוין זעען. דערווייל ווייס איך נישט ווי אַ טיר עפנט זיך... ווו זענען דאָ ערגעץ די פאַבריקן?

— איך וועל זיך באַכפרעגן אין שפּייז-קראָם — זאָגט שבע און ציט מיט אירע אַקסלען — פונוואַנען זאָל איך וויסן, ווו זיי זענען?

— באָבע, איך וועל נאָר אָנהייבן צו פאַרדינען, וועל איך דיר געבן דאָס גאַנצע געלט — באַגייסטערט זיך איסאַק.

— און דו אַליין דאַרפסט גאָרנישט קיין געלט? — פּרובירט שבע, צי עס איז דאָ קערנדיקס אין איסאַקס רייד.

— איך באַדאַרף גאָרנישט. באַטאָג וועל איך אַרבעטן און באַנאַכט וועל איך לערנען — זאָגט איסאַק פּראָסט און אויפריכטיק.

— זעסטו, אָט דאָס האָב איך ליב צו הערן... באַנאַכט לערנען — כאַפּט זיך אָן שבע אָן איסאַקס ווערטער — באַנאַכט לערנען, לערן אויס

צו זיין אַ דאָקטאָר, אָדער אַן אַדוואָקאַט. דאָ מעג אַ ייד זיין וואָס ער וויל.

— יאָ, כ׳האָב היינט געזען אַ ייד, איז ער אַ מיסיאָנער...

— וואָס איז ער?

— איינער, וואָס שמדט אָפּ יידן.

— אַ ייד, וואָס שמדט אָפּ יידן? ס׳קאָן נישט זיין. מוזט האָבן אַ טעות — וויל שבע נישט גלייבן.

— כ׳האָב אַליין געזען, ווי ער שטייט אין מיטן גאַס, פראַנק און פריי, און הייסט די יידן, וואָס שטייען אַרום אים, אַז זיי זאָלן זיך שמדן.

— דאָס וועל איך דיר נישט גלויבן — באַשטייט שבע אויף אירע רייד — עס מוז זיין אַ גוי, וואָס רעדט יידיש.

— אוודאי איז ער נישט קיין ייד.

— האָסט׳ך ערשט געזאָגט, אַז דו האָסט געזען אַ ייד שטיין אין גאַס פראַנק און פריי.

— ער האָט געטראָגן באָרד און פאות און מיט אַ יאַרמולקע אויף זיין קאָפּ.

— אוי, כ׳על מיר אַ מעשה אָנטון! — פאַרברעכט שבע אירע הענט.

— באַבע, שרעק זיך נישט. ער האָט קיינעם נישט אָפּגעשמדט — פאַרזיכערט איסאַק שבען.

— נו, דאַנקען גאָט. אַז איך זאָג, אַמעריקע איז אַ טייער לאַנד. וועסט, איציקל, מ׳ירצה השם, דאָ זיך אויסלערנען און ווערן רייך און בלייבן זאָלסטו נאָר אַ ייד. עס מעג זיין אַ ייד אָן פאות. איך האָב פיינט פאות — איז שבע אַריינגעפאַלן אין התפעלות — און קיין באָרד וועסטו מסתם אויך נישט פאַרלאָזן.

— ערשט נאָך פערציק יאָר, וועל איך אָנהייבן זיך צו פאַרלאָזן אַ באָרד — באַשטימט איסאַק.

— וואָס עפּעס נאָך פערציק יאָר?

— אַזוי.

— אַזאַ שגעון?

— מעג זיין.

שבע האָט אָנגעהויבן ליב צו האָבן איסאַקן. זי האָט אים זייער ווינציק געקאָנט פון פריער און איצט, מיט זיין האַלטן זיך, האָט זי נישט אַנדערש געטראַכט פון אים, אַז ער איז אַ מאַנסביל און אַז מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן. וואָס ער זאָגט, איז געזאָגט, נישט גלאַט גערעדט אין דער וועלט אַריין. און זי האָט אים ליב באַקומען. זי האָט שוין נישט פאַרגינען, אַז „עפּעס" אַ מיידל זאָל קומען און אים צונעמען צו זיך. ניין, זי וועט נישט לאָזן איציקלען צונעמען פון איר הויז אַזוי גיך. סיידן עפּעס גאָר אַ לייטיש מיידל. און עס האָט איר באַנג געטון, וואָס זי האָט איסאַקן דערציילט וועגן דעם שוחטס מיידל. לאה איז טאַקע אַ שיין מיידל, אָבער ווי קומט זי, לאה, צו איסאַקן? אָבער קאַליע מאַכן וועט שבע נישט. זי וועט עס לאָזן גיין אַזוי ווי עס וועט זיך לאָזן.

שבע איז אַראָפּגעגאַנגען עפּעס קויפן אין קראָם און דעם קרעמער דערציילט וואָס פאַר אַ גאַסט זי האָט, און געפרעגט, ווי עס זענען די פאַבריקן.

— אומעטום! — האָט דער קרעמער גענטפערט — ווי עס איז דאָ אַ שטוב, דאָרט איז דאָ אַ פאַבריק, אַ שאַפּ, אַ פעקטאָרי, אַ סוועטשאַפּ, אַ מאַנופעקטשורער, אַ באָס.

— וויי איז מיר — האָט שבע אים איבערגעשלאָגן — הערט שוין אויף אַזויפיל אויסצורעכענען. מען דאַרף דאָך האָבן אַ מיניסטער־קאָפּ צו געדענקען.

פונדעסטוועגן איז זי אַרויפגעקומען צוריק אין שטוב און געזאָגט איסאַקן, אַז עס איז דאָ אין יעדן הויז אַ פאַבריק.

— און ווו וווינען די מענטשן? — פרעגט איסאַק בא שבען און עס הערט זיך נאַיוויטעט אין זיין שטים.

— איך ווייס?

— פונוואַנען זשע ווייסטו, אַז אין יעדער שטוב איז דאָ אַ פאַבריק?

— אַזוי האָט מיר דער קרעמער געזאָגט — לאַכט שבע — ער האָט מיר אָנגעמאָלן אַ פולן קאָפּ מיט זאַכן און איך האָב כמעט נישט פאַרשטאַנען.

— וואָס דען, אין יעדער שטוב אַ פאַבריק, כאַ, כאַ, כאַ — לאַכט איסאַק.

— וואַרט, איכ'ל בעטן איבערעמען, וועט ער דיך פירן. ער האָט צייט. — דערמאַנט זיך שבע — איך האָב גאָר פאַרגעסן אין אייבערעמען.

— דער, וואָס עסט דאָ?

— געבעך, אַן אומגליקלעכער.

— מען קאָן זען — מאַכט איסאַק אַ טרויעריק פּנים — וואָס האָט מיט אים געטראָפן?

— אַ פאַרבאָרגענער — זאָגט שבע סודותדיק — ער דערציילט, אָבער וואָס מערער ער דערציילט, אַלץ מערער ווערט ער פאַרבאָרגן.

— ווער איז ער?

— אַ סטרויזש — זאָגט שבע — דאָ הייסט עס, הויזקיפּער.

— און האָט ווייב און קינדער?

— ניין, נאָך אַ בחור.

— אַזוי!

— און האָט באַ זיך געהאָדעוועט קעץ.

— טאַקע? — ווערט איסאַק נאָך מער טרויעריק.

— און איצט פאַרטריבן די קעץ.

— פאַרוואָס?

— פרעג נישט קיין שאלות, וואָרים איך קען זיי נישט פאַרענטפערן.

— האָ, האָ.

— פריער געווען אָפּגעריסן און פאַרשמירט מיט בלאָטע.

— און איצט זעט ער אויס אַן אויסגעפּוצטער!

— ריינער ווי פריער — באַטאָנט שבע אירע ווערטער. — אַ סך ריינער.

— וואָס זשע מיינט עס? עס איז אַ מענטשן נמאס געוואָרן צו זיין אָפּגעלאָזט. פּשוט. ווו איז דאָס פאַרבאָרגנקייט?

— אָ, ניין. דאָס פאַרבאָרגנקייט קאָן מען נישט זעען — שפּאַרט איבער שבע איסאַקן — אַ-נישט, ווען מען זאָל עס קאָנען זעען, וואָלט דאָך דאָס נישט געווען פאַרבאָרגנקייט.

— כ'פאַרשטיי — שאָקלט איסאַק מיטן קאָפּ.

— איז, ער וועט מיט דיר גיין — זאָגט שבע פלוצלינג, ווי איבערדרייענדיק עפּעס אין אירע געדאַנקען — און דיר אויפזוכן אַ פאַבריק.

— גוט.

— פאָלג אים, בעט זיך שבע בײַ איסאַקן.

— אויב ער וועט זאָגן אַ גוטע זאַך, וועל איך אים פאָלגן.

— ער האָט דעם זיידן דײַנעם אַ סך געהאָלפן — טוט שבע אַ גלאַנץ מיט אירע שיינע אויגן.

— קאָן איך מיט אים איצט רעדן? — שפּרינגט אויף איסאַק פון בענקל.

— וואָס עפּעס אַזאַ אײַלעניש?

— איך קאָן נישט אײַנזיצן. כ'בין אומרויִק — ציט זיך איסאַק אויס די ביינער.

— אין אָוונט וועט ער דאָ זײַן.

— און ביז דעם אָוונט קאָן איך שוין ערגעץ אַרבעטן.

— האָב געדולד. אין אָוונט וועט דער זיידע אַהיימקומען, וועט מען שמועסן.

— וואָס זשע זאָל איך דערווײַל טון?

— שרײַב אַהיים אַ בריוו צו דער מאַמען.

— גוט, וואָס דו האָסט מיך דערמאָנט.

— שרײַב זיי, אַז דו ביסט געזונט און אַז מיר זענען געזונט — זאָגט שבע אויסציִענדיק די ווערטער מיט אַ געזאַנג — שרײַב זיי, אַז דו ביסט בײַ אונדז אין שטוב. און באַשרײַב זיי ווי אַזוי אַמעריקע זעט אויס.

— נאָר שרײַב נישט פון דעם, וואָס מען וויל אָפּשמדן יידן און אויך נישט פון אייבערעמען.

— אַזאַ נאַר בין איך נישט — קרימט זיך איסאַק.

— און שרײַב זיי אויך נישט, אַז דײַן זיידע איז אַן אַרבעטאָרער.

— וואָס דען זאָל איך שרײַבן?

— שרייב זיי, אַז דיין ויידע פּאַרדינט, ברוך השם.

— גלאַט אַזוי, פאַרדינט!

— יאָ.

איסאַק האָט גענומען זינגען אַ רוסישע טרויעריקע מעלאָדיע און זיך אַנידערגעזעצט שרייבן אַ בריוו.

## לז.

# דער ליכטיקער גאַרטל

איסאַקס ערשטע טעג אין אַמעריקע זענען געווען מאָדנע גרויסע און לייִדיקע. באַלד ווי ער איז אַריין אין דעם אַמעריקאַנישן גאַרניטור, האָט ער זיך דערפילט זייער באַקוועם, און זיינע גלידער האָבן זיך דער־פילט פריי און באַוועגלעך. עס האָט זיך בײַ אים פלוצלינג אַנטוויקלט אַ באַגער צו דרייען מיט די הענט, און ער האָט איצט בײַ יעדער געלעגנ־הייט נאָר געדרייט מיט זיינע הענט אין דער לופטן. די באָבע, שבע, האָט זיך שיער נישט דערשראָקן און בײַ איסאַקן געפרעגט, צי ער איז עפּעס חלילה נישט געזונט. ניין, ער איז געזונט — האָט איסאַק געלאַכט — געזונט...

און אינדערעמתן איז איסאַקס געמיט נישט געווען נאָרמאַל. ער איז נאָך געווען זייער יונג, נאָך נישט קיין אַ סך איבער צוואַנציק יאָר. ער האָט שוין פון פריער בײַ אַלערליי געלעגנהייטן פאַרזוכט דעם טעם פון אומרויִקייט, אָבער אַזאַ אומרויִקייט ווי עס איז אים איצט באַפאַלן דאָ אין אַמעריקע, האָט ער נאָך קיינמאָל נישט פאַרזוכט.

פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט באַלד צום ערשטן אים נישט געשמעקט אַמעריקע. אים האָט שרעקלעך באַנג געטון, וואָס ער איז אַהערגעקומען. און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט זיך קיינמאָל נישט צוגעוווינען צו דעמדאָזיקן לעבן. שוין די וווינונג אַליין, דעם זיידנס שטוב, מיט די מאָדנע פאַרדייגטע גרינע ווענט, האָבן אים טרויעריק געמאַכט. איסאַקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע גרינע ווענט זענען פאַרוויינט. און אויב

זיי זענען נישט פאַרווײנט, גלוסט זיך צו וויינען, קוקנדיק אויף זיי. זיי וואַרפן אָן אַ שרעק מיט זייער שרייענדיקן גרינס: דערמאָנען, אַז עס איז נישטאָ קיין גרינס אינדרויסן — נישטאָ קיין גרינס פון אַ בוים אָדער גראָז. די טירן און פענצטער זענען אַזוי אַלט און אַז מען קוקט אַרויס דורך אַ פענצטער, זעט מען גאַניקעס, אָנגעפאַפטע מיט שטרוי און פאַרהאָנגענע מיט שטריקלעך. און אויף די שטריקלעך הענגט קויטיקע וועש. דידאָזיקע וועש איז אַזוי קויטיק, אַז עס כאַפּט אָן אַ ווייטיק, קוקנדיק אויף דעם. און אויף די פענצטער־שאַלעוואַניעס הענגען קעסטלעך, איבערגעדעקט מיט פאַרוויינטע, קויטיקע צעראַטע. און די פענצטער זענען נישט פאַרהאָנגען מיט קיין היימישע, ווייסע פאָרהענגלעך, נאָר בײַ יעדן פענצטער אַ גרינע אויסגעריבענע פאָרהאַנג מיט לעכעלעך ווי אין אַ זיפּ. אין אָוונט זענען די פענצטער אָפן און דאָס גאַנצע לעבן פון אינעווייניק זעט זיך קויטיק און טרויעריק אַרויס אינדרויסן אַרויס. באַקעטע טישן אָפּגעריטשעטע, אויסגעריבענע. בעטן אָן אַ שיעור. עס וואַרפט זיך אין די אויגן דאָס איבערגעפילטע הויז מיט בעטן; צערויעט, אָפּגעדעקט בעטגעוואַנט. און דאָס געלע ליכט פון דעם גאַז און קינדערלעך אָן אַ שיעור און נאַקעט פלייש און דאָס געשריי און געפילדער. עס מוז זיין דאָ זייער ביטער, אַז נישט וואָלטן זיי אַזוי נישט געשריגן, בשעת זיי ריידן. (אַז עס איז מענטשן גוט, רעדן זיי שטיל און רויק). עס איז זיי דאָ ביטער, און זיי שרייען אפילו, ווען זיי רעדן זייער אינטים. אַ שטייגער, וואָס קאָן זיין אינטימער, ווי „קינד, גיי גיב אַ קוש דעם טאַטן”. אָדער אפילו דאָס, רעדן זיי מיט ביטערקייט. די גאַס איז אַ שמאָלע אין די שטיבער הויכע, אַריינגעמויערטע איינס אין דאָס אַנדערע. פענצטער אַקעגן פענצטער. עס איז נישטאָ גאָר קיין באַהאַלטנקייט. די גאַס איז פול מיט מענטשן. איינער טרעט אויף דעם אַנדערנס פיס. און פון די פענצטער וואַרפט מען וואָס מען קאָן, גלייך אויף די מענטשן. דאָס מיסט גייט אַריין אין דער נשמה. נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן האָט זיך איסאַק נישט געפילט אַזוי פול מיט קויט און אומריין. אַלע מוזן דאָ זיין זייער אומריין. די ווענט פון די שטיבער, אינדרויסן, אויף דער גאַס אַרויס, זענען פאַרשמוצט מיט אומריינקייט. אין די קאָרידאָרן ליגן בערג מיט אָפּפאַל און אין דער מיט גאַס, וואַלגערן זיך געפּגרטע קעץ און הינט און קינדער שפּילן זיך אויף קופּעס אומריינקייט, וואָס איינער, כלומרשט אָנגעטון אין ווייסן, שאַרט צוזאַמען מיט

אַן אויסגעריבענעם בעזעם. איסאַק זיצט אין אָפענעם פענצטער און קוקט. ער וויל דערגיין, צי קאָנען זיך דאָ מענטשן איינער מיט דעם אַנדערן. און אים דאַכט זיך, אַז ניט. זייער זעלטן, כמעט גאָרנישט, קיין באַגריסונגען פון איינעם צום אַנדערן, קיין וואַרעמען האַנט-דרוק. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין צווייפליפעניש פון מענטשן? זיי יאָגן זיך, אַזוי ווי עמעצער וואָלט זיי געטריבן, איינער אַהין און איינער אַהער. איינער אַהין און איינער אַהער. קאָנען זיי קיין רו אויך ניט געפינען אַזוי ווי ער?

איסאַק האָט שוין אָנגעהויבן זוכן עפּעס אַן אַרבעט. ער האָט געפּרוּווט גיין אין אַ טיפּאָגראַפיע. מען האָט אים געזאָגט, אַז עס הייסט „פּרינטינג" אין ענגליש. ער האָט באַמערקט דאָס וואָרט „פּרינטינג" אויף איבער אַ פענצטער. איז ער אַריין פרעגן, צי מען באַדאַרף אַ מענטש.

— ווו האָט איר געאַרבעט פריער? — פרעגט אים דער באַלעבאָס.

— אין ערגעץ ניט — ענטפערט איסאַק.

— איך באַדאַרף ניט קיין מענטשן.

גייט איסאַק ווייטער מיט דער שורה שטיבער און קראָמען. ער זעט נאָך אַמאָל אַ קראָם מיט דעם וואָרט פּרינטינג. גייט ער אַריין.

— איך וויל אַרבעטן — זאָגט איסאַק.

— וואָס קאָנט איר? — פרעגט דער באַלעבאָס.

— איך קאָן גאָרניט — ענטפערט א-סאַק.

— לערנט זיך אויס ערגעץ אַנדערש — שטויסט אים אָפּ, אַזוי ווי מיט אַ קאַלטן ווינט, דער באַלעבאָס.

גייט איסאַק ווייטער און טראַכט זיך: וואָס איז דאָ? צי בין איך דער נאַר און איר זענט דאָ אַלע חכמים? וואָס איז דאָ? וואָס פאַר אַ וועגן באַדאַרף אַ מענטש דאָ צו אייך האָבן, כדי ער זאָל קאָנען צו אייך צוקומען? אפשר ווילט איר איך זאָל זיך פאַר אייך אַנידערשטעלן אויף די קניען? — אַזוי האָט איסאַק טרויעריק געשמייכלט צו זיך אַליין און איז געגאַנגען ווייטער. עס האָט אים שוין אַ ביסל אָנגעהויבן צו פאַרדריסן און ער האָט אין זיך דערפילט עקשנות צו געפינען אַ טיפּאָגראַפיע, ווו ער זאָל קאָנען אַרבעטן. וואָס פאַר אַן אַרבעט צו אַרבעטן, האָט

ער אַליין אייגנטלעך נישט געוווּסט. וואָרים ער איז אין זיין לעבן קיינ־מאָל קיין טיפּאָגראַפּטשיק נישט געווען. אָבער ער האָט חשק געהאַט זיך נעמען צו אַט דערדאָזיקער מלאכה. עס איז פּאָרט אַ מלאכה. און אַ נוצ־לעכע. צום טייוול. איסאַק האָט ווידער דערזען איבער אַ קראָם אַ שילד מיט דעם וואָרט „פּרינטינג״. עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָבער דאָס האַרץ באַ אים האָט געקלאַפּט מוראדיק. ער איז אַריין אין אַ שמאָלער קראָם, ווו אַלץ איז געווען מוראדיק באַדעקט מיט שוואַרצן שטויב. אַ מענטש אויך אין מוראדיק שוואַרצן שטויב אויסגעשמירט איז צו אים צוגעקומען:

— וואָס?

— אַרבעט — האָט איסאַק אויך קורץ און מיט ביטערקייט גע־ענטפערט.

— ווען האָט איר איבערגעלאָזט? — מיינענדיק דערבײַ, אַז אי־סאַק איז געקומען אָפּנעמען אַ באַשטעלונג.

איסאַק האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס יענער האָט געמיינט. ער האָט געזאָגט:

— איך וויל אַרבעטן.

— האָ!

— קאָן איך באַ אייך אַרבעטן?

— אויב איר קאָנט? — זאָגט דער ייד, וועלכער האָט קענטיק ליב צו רעדן מיט פאַרשפּיצטקייט. (מיינענדיק איסאַקן צו פרעגן, צי ער קאָן די מלאכה).

— איך פרעג, צי איר ווילט — ווערט שוין איסאַק אויסער זיך פון דעם יידס מאַניר פון רעדן.

— ווילן? פאַרוואָס נישט. צי דאַרף איך?

— דאַרפט איר?

— כ׳ווייי... — זאָגט דער ייד און צעקנייטשט זיין אויסגעשמירט פּנים — מיר׳ן זעען. אַ נו, שטעלט זיך אַוועק אָט באַ יענער מאַשין.

איסאַק איז געוואָרן אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון. ער האָט געטון אַ כאַפּ אַראָפּ פון זיך דעם ראָק און אים גע־טון אַ וואָרף אַוועק אין אַ ווינקל און באַלד איז ער געשטאַנען באַ אַ מאַ־

שין מיט אַ ריעדל און מיט אַ טאָץ באַשמירט מיט שוואַרצער דרוק־טינט. אויף אַ שענקל זענען געלעגן ווייסע קאַרטלעך.

— דרוקט אָפּ אָט די קאַרטלעך — האָט דער ייד געזאָגט צו אי־סאַקן —־ איך וויל זעען, ווי אַזוי איר אַרבעט.

איסאַק האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי מען הייבט אָן צו אַרבעטן. ער איז געבליבן שטיין בײַ דערדאָזיקער מאַשין אין אַ פאַרלעגנהייט. צי זאָל ער דרייען מיט דער האַנט דאָס ראָד, צי זאָל ער ערגעץ זוכן אַן אָרט, ווו מען באַדאַרף אַרבעטן מיטן פוס. איסאַק האָט געקוקט אין אַלע זייטן און נישט געוווּסט, וואָס צו טון. דאָס פּנים האָט בײַ אים געפלאַמט און ער האָט געפילט, ווי דער באַלעבאָס שטעכט אים מיט זיינע אויגן אין די פּלייצעס.

— ווי איך זע, קאָנט איר נישט די מלאכה — רייצט זיך דער באַלעבאָס מיט איסאַקן.

— אמת. כ׳קאָן נישט — איז זיך מודה איסאַק.

— נישקשה. מען וועט אייך אויסלערנען. אָט מיט דער האַנט דרייט מען דאָס ראָד און מיט דער אַנדערער האַנט נעמט מען אַ קאַרטל און מען לייגט אָט־אָ־דאָ־אָ, איר זעט? און דאָס קאַרטל גיט זיך אַ הייב און באַגעגנט זיך מיטן זאַץ. אַ קוש און מען טוט עס אַ כאַפּ. און באַלד מוז שוין זיין נאָך אַ קאַרטל.

איסאַק איז געשטאַנען און נאָכגעפאָלגט, ווי גיך דער באַלעבאָס האָט אַנידערגעלייגט דאָס ווייסע קאַרטל און ווי גיך דאָס קאַרטל האָט זיך באַגעגנט מיט דעם שריפט. עס האָט בײַ איסאַקן אָנגעהויבן צו שווינדלען אין די אויגן. ער האָט שוין שיער נישט חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן ענין, אָבער זיין עקשנות האָט גובר געווען און ער האָט זיך אַוועקגע־שטעלט בײַ דער מאַשין און געטון מיט איין האַנט אַ דריי דאָס רעדל און מיט דער אַנדערער האָט ער געכאַפּט אַ קאַרטל. און דאָס קאַרטל גע־וואָלט אַנידערלייגן אויף דעם באַשטימטן אָרט. האָט ער אָבער נישט באַ־וויזן גיך צו געפינען דאָס באַשטימטע אָרט און האָט שוין דערווייל גע־מוזט אַוועקכאַפּן זיין האַנט, כדי זי זאָל נישט ווערן אַריינגעכאַפּט אין פּרעס.

— יונגערמאַן — האָט דער באַלעבאָס איסאַקן אָנגענומען בײַ איין

אַקסל — איר וועט זיך נאָך אָפּהאַקן אַ פינגער... נאָר דאָס פעלט מיר צו מיינע גוטע געשעפטן.

— איר ווילט נישט? — האָט אים איסאַק אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנ־דערטער

— ניין, איך וויל נישט.

— איז נישט.

— לערנט זיך אויס ערגעץ אַנדערש — עצהט דער ייד.

— אַ דאַנק פאַר דער עצה — גיט זיך איסאַק צו אים אַ בייג און גייט אַרויס פון דעמדאָזיקן יידס טיר צוריקוועגס, מיטן רוקן צום דרויסן.

אינדרויסן ווערט איסאַקן מאָדנע נישט גוט. דאָס איז אים פּשוט טאַקע נישט גוט געוואָרן פיזיש. ער האָט געפילט, אַז באַלד נאָך אַ ביסל פאַלט ער אַנידער. ער שפּאַרט זיך אָן אָן אַ סלופּ פון אַ גאַס־לאַמטער אוןווישט דעם קאַלטן שווייס פון זיין שטערן. אין דער מינוט איז ער געווען פאַרצווייפלט, ביז אָן אַ שטיקל האָפנונג. אָבער עס איז אַוועק די שלעכטע מינוט און ער האָט זיך געשטאַרקט און איז געגאַנגען אַהיים. אין שטוב האָט געשמעקט מיט פרישער חלה, וואָס די באָבע שבע האָט געבאַקן אויף שבת. די באָבע האָט איסאַקן אויפגענומען מיט פרייד:

— ווו ביסטו געווען אַזוי שפּעט?

— איך האָב געפּרוווט אַרבעטן — לאַכט איסאַק און פילט, אַזוי ווי שווערע שטיינער קייקלען זיך אַראָפּ פון זיין האַרץ.

— באַ וועמען?

— כ׳ווייס נישט באַ וועמען. אין טיפּאָגראַפיעס...

— קאָנסט דען?

— זיך שיער אַ פינגער נישט אָפּגעקלעמט.

— אַ ווייטיק איז מיר.

— שרעק דיך נישט, באָבע. עס איז גאָרנישט.

— וואָס דען, איציקל גייט אין אַ טיפּאָגראַפיע.

— וואָס דען וועל איך טון, באָבע?

— כ׳ווייס, קאָנסט ווערן אַ ציגאַר־מאַכער, אָדער לערן זיך מאַכן בייטעלעך.

— טייערע מלאכות — קרימט זיך איסאַאַס.

די באָבע, שבע, האָט אים דערלאַנגט אַ שטיקל פיש און אַ פרישע חלה. איסאַק האָט שוין לאַנג אַזעלכע געשמאַקע פיש נישט געגעסן און פון פרישער חלה האָט ער דאָך אין וועג אויך נישט געוווּסט.

עס איז באַלד אַהיימגעקומען דער זיידע, מאַניס. פרייטיק האָט ער נישט געאַרבעט ביז אין אָוונט. מאַניס איז אַריין אין שטוב און געמאַכט אַ גרימאַסע אויף זיין פּנים, אַז עס איז דאָס לעבן אים זייער שווער. דערנאָך האָט ער געגעסן עפּעס און נאָך דעם עסן געזאָגט צו איסאַקן.

— קום, וועלן מיר גיין אין אַ באָד.

איסאַק האָט זיך דערפרייט. אַ באָד באַדאַרף ער טאַקע. מאַניס האָט זיך גענומען ריינע וועש און איסאַק האָט אויך אַרויסגענומען פון זיין קיישעלע אַ פּעקל ריינע וועש און זאָקן און זיי זענען געגאַנגען אין באָד אַריין. עס איז נאָך געווען כמעט אין מיטן טאָג און אין גאַס האָט געברענט די אָסיען זון. מאַניס האָט אָפּגעזוכט אייבערעמען, און אייבערעם איז מיט זיי אויך געגאַנגען אין באָד אַריין.

דאָס הויז, ווו דאָס באָד איז געווען, האָט אויסגעוויזן אַזוי ווי אַלע שטיבער. באַם אַריינגיין אין קאָרידאָר איז געזעסן אַ ייד אויף אַ בענקל און באַלד באַ זיי געפרעגט, צי זיי גייען אין אַ ביטעל אָדער אין שוויץ אַריין. מאַניס האָט געזאָגט, אַז מען גייט אין שוויץ.

— אָבער, ר׳ ייד, ווו האָט איר דאָ אייער שוויץ?

— געדולד — זאָגט דער ייד, וואָס אויף דעם בענקל.

זיי האָבן באַצאָלט און זענען אַריין אינעווייניק. מיט לאַנגע טרעפּ אַראָפּ אין דער נידער. דאָרטן איז געווען אַ גרויסע שטוב. באַלד באַם אַריינקומען, האָט מען דערשמעקט, אַז עס איז אַ באָד. ערשטנס, די פּאַרריכערטע ווענט, און צווייטנס, האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט בלעטער פון פון שמייס-בעזעמלעך. און דריטנס, זענען שוין דאָרט אין דערדאָזיקער שטוב אַרומגעגאַנגען נאַקעטע מענטשן און וואַסער האָט זיך פון זיי געגאָסן. מאַניס, אייבערעם און איסאַק האָבן באַקומען אײן קעמערל אויף אויסצוטון זיך. זיי האָבן אַלע דריי דאָרטן זיך נישט געקאָנט אויסטון אין איין צייט, האָט איינער געוואַרט ביז דער אַנדערער האָט זיך אויסגעטון. אַז זיי זענען שוין אַלע דריי געווען נאַקעט, האָט מען זיי געוויזן אויף אַ טיר. האָבן זיי געעפנט די טיר און דערזען אַ גרויע כמאַרע, די כמאַ-

רע איז געווען וואַרעם און האָט מיט אַ קנויל זיך געטון אַ וואָרף זיי אין פּנים אַריין. זיי האָבן זיך דערשראָקן און זיך איינגעבויגן און אַריינגע־גאַנגען אַהין איינגעבויגענע ביז איבער די קני. אינעווייניק, אין דער פּולער שטוב מיט גרויער כמאַרע, איז געווען שטאַרק הייס און מען האָט נישט געקאָנט זען איינער דעם אַנדערן. האָבן זיי זיך אַלע דריי אָנגע־נומען באַ די הענט און פּאַוואָליע געגאַנגען אין דער טיפעניש פון דער גרויער פּאַרע, ביז זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ וואַרעמען גליטשיקן קערפּער פון אַן אַנדערער פּערזאָן.

אונטער די פיס האָבן זיך געוואַלגערט גליטשיקע בלעטער און טייכלעך מיט וואַסער זענען געשטאַנען דאָ און דאָרט. די פּאָדלאָגע איז געווען פון צעמענט און די קילקייט פון דעם צעמענט האָט געגליווערט דאָס בלוט.

מאַניס האָט געפּרוּווט זיך אויפשטעלן, און די הייסע פּאַרע האָט אים אַ סמאַליע געטון אין קאָפּ, האָט ער זיך צוריק איינגעבויגן. זיי זע־נען אַזוי איינגעבויגן אַרומגעגאַנגען אַלע דריי און צוגעקומען צו די הילצערנע בענק. פון אַ העכערער באַנק האָט זיך געהערט דאָס געשריי פון איינעם אָדער פון עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן געשריגן פון ווײלטאָג. מאַניס, אייברעם און איסאַק האָבן זיך צוגעווינט צו דער גרויער פּאַרע און צוביסלעך אָנגעהויבן צו זעען. עס איז באַלד קלאָר אַרויסגעשווומען די שורות הויכע בענק ביז צום סטעליע און די שמיי־סערס און די געשמיסענע. אין אַ מינוט שפּעטער האָט איינער געטון אַ דריי אויף אַ קראַן און אָנגעלאָזט אַ פול באָד מיט פּאַרע און עס איז ווידער אַלץ אָפּגעווישט געוואָרן.

און אַז מאַניס איז געלעגן אויף דער העכסטער באַנק און דער שמייסער האָט אים געריבן מיט אַ בעזעמל פון דעמבעס־בלעטער, האָט ער געפילט, ווי עס צעוואַקסט זיך אין אים אַ ווייכע, סאַמעטענע וואַרימקייט און אַז די הויט זייגע וואַקסט ווי אויף הייוון. אַזוי האָט אויך מסתמא געפילט אייברעם. איסאַק האָט זיך נישט געוואָלט לאָזן שמייסן, איז ער אַזוי געזעסן אויף דער הויכער באַנק, ביז ער האָט געפילט, ווי די גאַנצע הויט איז צעעפנט געוואָרן און דער שווייס האָט פון אים געגאָסן ריטש־קעסווייז. איז ער אַראָפּ אין דער נידער און געוואַרט ביז די עלטערע צוויי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט זייער אָפּשוויצן און אַלע דריי זענען

אַריין אין אַן אַנדער צימער, ווו מען האָט זיך גוט אַרומגעוואַשן אונטער שפּריץ־בעדער.

דערנאָך זענען מאַניס מיט איסאַקן גלייך אַהיימגעגאַנגען און איבערעם איז געגאַנגען באַזאָרגן די שטיבן זיינע מיט גאַז־ליכט.

אינדערהיים איז שוין געווען אַלץ שבתדיק. צוויי חלות אויף דעם געשפּרייטן טיש אונטער אַ קליין טישטיכל מיט רויטע ברעגן און פרענז־לעך. ריין אָפּגעפּיצטע לייכטער מיט ווייסע ליכט. און אויף דעם אויוון האָבן טעפּ זיך געקאָכט און די פּאָדלאָגע איז געווען אָפּגעוואַשן און ריין. און שבע אַליין איז געווען אָנגעטון ריין. מאַניס האָט געדאַוונט און אי־סאַק האָט געקוקט דורך דעם פענצטער אינדרויסן אַרויס. עס איז צוגע־פאַלן דער אָוונט. ווייט איבער די דעכער זענען אויף דעם הימל געווען רויטע שטיקער וואָלקן, אַזאַ רויטקייט, וואָס קיין מענטשס האַנט קאָן נישט אויסמאָלן. די זון האָט זיך שוין געזעגנט. די רויטע וואָלקנס האָבן אויס־געוויזן ווי פעדערן פון גרויסע צעשפּרייטע פליגלען. מאַניס האָט מקבל־שבת געווען, אַרומדרייענדיק זיך איבער דער שטוב. אין גאַס האָבן זיך, ווי איסאַקן האָט זיך געדאַכט, אי די מענטשן, אי די פערד און די וועגן געאיילט אין די היימען, אין די שטאַלן. איסאַק האָט זיך נישט געוואָלט אָפּנאַרן. ער האָט טאַקע געוואָלט וויסן, צי עס איז אמת, אַז אין גאַס איילט מען זיך. ער האָט זיך גוט נאָכגעטראַכט און פאָרט געזען, אַז מען איילט זיך, און עס איז אים געווען גוט און עס איז אים געווען מאָדנע אומעטיק.

איבערעם איז אַרויפגעקומען. אינדרויסן איז שוין דערוויל געוואָרן פינצטער. מאַניס האָט געמאַכט קידוש איבער די צוויי חלות און מען האָט זיך געזעצט עסן. די צוויי ווייסע ליכט אין די לייכטער האָבן צוגעגעבן דערהויבנקייט צו די גרינע געפּאַרבטע ווענט.

— דאָס באָד האָט מיך מחיה געווען — האָט מאַניס זיך אָנגע־רופן.

— און דאָס שטיקל חלה? — באַרימט זיך איסאַק.

— טאַקע? דיר געפעלט מיין חלה? — פרייט זיך שבע, — אַ גאַנצע מעשה. דאָ באַקט מען דאָך נישט קיין חלה, הערסט? איך זאָג צום קרעמער, איך באַדאַרף מעל, זאָגט ער צו מיר, צוליב וואָס טויג אייך מעל. זאָג איך אים, איך וויל באַקן חלה אויף שבת, לאַכט ער. פיל איך

שוין, אַז איך בין דער נאַר. אָבער זיך אונטערגעבן וויל איך נישט. קיי־
נער באַקט טאַקע דאַ נישט, אָבער איך וויל יאָ באַקן. הכּלל, ער איז
אַוועק צו דער פאַבריק פון מעל, כ'מיין צו דער מיל און האָט זיי געזאָגט,
אַז ער האָט אַ קונה, וואָס וויל באַקן אַליין חלה אויף שבת. הערסט ? זיי,
דאָרטן אין דער מיל, האָבן יאָ פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַן ענין. באַקן
חלה אויף שבת. און זאָלסט זען. מען האָט אים צוגעשיקט אויף פּראָבע
אַ קליין זעקעלע מעל, דאָס בעסטע מעל, פאַרשטייט זיך, און מען האָט
אים געבעטן, אַז אויב איך וועל אָפּבאַקן חלה, זאָל איך אַריינשיקן אין
קראָם איינע פון מיינע חלות. זיי ווילן אויך אָנקוקן, וואָס דאָס איז פאַר
אַ מין „חלה". נאַר אָטיל'ך גיין לויפן זיי געבן אַ חלה אין קראָם אַריין ;
מער האָב איך נישט וואָס צו טון !

— פאַרוואָס נישט ? — האָט מאַניס הנאה פון דעם, וואָס שבע
דערציילט.

— אַזאַ חלה מעג מען פירן אויף אַן אויסשטעלונג — וואַרפט
אַריין איסאַק.

— דו מאַכסט חוזק — זאָגט שבע.

— חלילה.

אייבערעם האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם
נייעם מענטש, פאַר איסאַקן, און חוץ דעם האָט ער נישט געוואָגט צו
שטערן דעם שיינעם חלום. נישט אַנדערש, אַז עס איז אַ חלום. ער, איי־
ברעם, באַ אַ שיינעם טיש, דאָס אַלץ.

שבע איז פון איסאַקס קאָמפּלימענטן געוואָרן אַזוי צעטראָגן, אַז עס
איז באַ איר פון די הענט געפאַלן. איר פּנים איז געוואָרן זייער שיין פאַר־
פלאַמט און מאַניס האָט אויף איר געוואָרפן פון דער זייט געהיימע בליקן.
זי איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט געזינדיקט אין זיינע
געדאַנקען און זיך צוריקגעכאַפּט און ווידער געטראַכט וועגן איר און ווי־
דער אָפּגעטריבן זיינע געדאַנקן. שבע האָט זיך איבערגעקוקט מיט מאַ־
ניסן און אַוועקגעכאַפּט אירע אויגן. איסאַק האָט געהאַט לעבעדיק בלוט
אין זיין פּנים און די האָר זענען געווען אַזוי שיין אויף זיין לעבעדיק
פּנים, און עס האָט פון זיין יעדן קער געשטראַלט מיט יונגן כּוח. און
אַזוי גיך, ווי אייבערעם איז אַוועקגעגאַנגען, האָט מאַניס אָנגעהויבן צו ווינ־
קען צו שבען. שבע האָט אים צוריקגעוווּנקען. דאָסדאָזיקע איבערווינקען,

איז געגאַנגען אויף דעם חשבון פון איסאַקן, פאַרשטענדלעך, אַז איסאַק האָט דערפון נישט געוווּסט, אָבער איסאַקן האָט זיך זייער געוואָלט רייכערן, און דאָ אין שטוב האָט ער נישט געוואָלט רייכערן, מורא האָבנדיק פאַר דעם זיידן, האָט ער געפרעגט, צי ער מעג אַראָפגיין אין גאַס אַריין.

— גיי בעסער אַ ביסל אַרויף אויפן דאַך — האָט מאַניס אים געגעבן אַן עצה. — וועסט זעען, וואָס עס טוט זיך אויפן דאַך.

— וואָס ווילסטו, ער זאָל חלילה אַראָפפאַלן? — בייזערט זיך שבע, און עס פילט זיך אין איר בייזערן אַזוי פיל ווייבלעכעס.

— אַראָפפאַלן? וואָס איז ער אַ פיצעלע קינד? — ענטפערט מאַניס און ווינקט צו שבען, אַז מען מעג אים, איסאַקן, הייסט עס, געטרויען אַרויפצוגיין אויפן דאַך.

איסאַט איז אַרויף אויפן דאַך. אַזוינס האָט ער אין זיין לעבן קיינמאָל פריער נישט געזען. דער הימל מיט די שטערן איז געווען זייער ווייט, אָבער אַרום און אין דעם האָריזינט, האָט געפראַלט אַ ליכטיקער גאַרטל, וואָס האָט אַרומגעבונדן דעם הימל אַרום דער ערד, און די גרויסע שטאָט, ניו־יאָרק, מיט אַלע אירע דעכער און טורעמס און שפּיצן איז אָנגעצונדן מיט ליכט. עס שפּרונקלען ליכט אין די נידעריקע, אויסגעבויגענע טאָלן פון דער שטאָט און עס שפּריצן ליכטלעך מיט שפּיציקע שטראַלן פון די אויפגעהויבענע בערג פון דער שטאָט. צייטנווייז גיט אַ פלאַם אויף ערגעץ ווייט, פון אַ הויכן קוימען, אַ ברענענדיקער פלאַמפייער און טוט אַ באַשיין דאָס פינצטערקייט אַרום און אַרום און גייט צוריק אויס און ציט זיך צוריק אַריין, פונוואַנען ער האָט אַרויסגעפלאַמט. באַנען מיט באַלויכטענע פענצטער קריכן איבער דער ברייט און איבער דער לענג פון שטאָט. איסאַק האָט זיך דערמאַנט, אַז ער וויל רייכערן. ער האָט עס געטון און געבלאָזן דעם רויך גלייך אוף דער שטאָט, און אַרומגעשפּאַנט איבער דעם גלייכן, אַמעריקאַנישן דאַך. דאָ און דאָרט האָט אַרויסגעשטעקט אַ קוימען פון ציגל. אין דער פינצטער האָבן זיי אויסגעוויזן, אַזוי ווי מענטשן. ער באַדאַרף איצט קיינעם נישט. אים איז גוט, וואָס ער איז איינער אַליין. קיין חשבון פון וואָס ער טראַכט קאָן ער זיך נישט אָפּגעבן, און עס איז נישט נייטיק. עס וואָלט אפילו גוט געווען, ווען מען טראַכט גאָרנישט. עס ווילט זיך אים אָנהייבן שרייען הויך אויף

אַ קול. זאָל זײַן קול אויף אָפּקלינגען אין דעם רעש פֿון דער שטאָט אונטן.

איסאַק דערשרעקט זיך און שפּרינגט אָפּ אָן אַ זײַט.

אַ שטים פֿון אַ פֿרוי. די פֿרוי שטייט נישט ווײַט פֿון אים, אײַנגע־וויקלט אין אַ מענערשן ראָק, וואָס זי טראָגט אויף איר אַקסל. זי לאַכט מיט אַ דין געלעכטער:

— אַ מאַן זאָל זיך דערשרעקן...

— פּאַרדאָן.

— האַ, דאָס זענט איר? איך האָב געהערט טריט איבער אונזער סטעליע — זאָגט די פֿרוי.

איסאַק קוקט זיך אײַן אין איר פּנים. ער דערקענט דעם שכנס מיידל, אָדער ווי די באָבע שבֿע רופֿט זי, דעם שוחטס מיידל. איסאַק טראַכט צו זיך: פֿאַרוואָס איז זי אַרויפֿגעקומען?

— איך שטער אײַך נישט — פֿרעגט לאה.

— האַ, נישט — זאָגט איסאַק און וואַרפֿט אַוועק דאָס איבערבליי־בעכץ פֿון ציגאַרעט.

— טרעט אַרויף מיטן פֿוס. ס׳קאָן נאָך ווערן אַ פֿײַער — וואָרנט לאה.

— גערעכט — קלינגט אָפּ איסאַקס מעטאַלענע שטים.

— און ווי געפֿעלט אײַך — ווײַזט דאָס מיידל מיט איין האַנט, וועלכע זי גנבעט אַרויס פֿון אונטער דעם ראָק, אויף דער באַלויכטענער שטאָט.

— מיר געפֿעלט — זאָגט איסאַק, ווידער אַמאָל מיט מע־טאַל.

— האָט איר געפּרוווט זיצן אויף איינעם פֿון די קוימענס? — פֿרעגט לאה, און זי פֿילט, אַז דאָס האָט זי נישט באַדאַרפֿט זאָגן. אָבער איסאַק מיינט דווקא, אַז דאָס איז אַ גוט וואָרט. אים געפֿעלט דער ענין פֿון זיצן אויף אַ קוימען. ער זאָגט:

— נאָך נישט. מען באַדאַרף אַ קוק טון.

ער האָט אַרײַנגעצויגן דורך זײַנע נאָזלעכער די קילע לופֿט און אויך דעם ריח פֿון דעם מיידלס פֿריש־אויסגעוואַשענע קליידער. ער איז צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די קוימענס, זיך לעבן אים אַנידערגעשטעלט

און דערזען, אַז דער קוימען איז העכער פון אים. האָט ער אַ טראַכט געטון, אַז דאָס מיידל וויל אים מסתם אויספּרובירן צי ער קאָן קריכן אָדער שפּרינגען. ער האָט געקאָנט ביידע זאַכן, אי קריכן, אי שפּרינגען. קריכן האָט ער זיך אפילו אויסגעלערנט, פאָרנדיק אויפן שיף, פון די מאַטראָזן, מיט די קניען אויף אַ גלייכן סלופּ. און אויף אַ קוימען פון ציגל איז גאָרנישט שווער אַרויפצוקריכן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט ווייזן דעם מיידל, אַז ער איז אונטער איר איינפלוס.

— דער קוימען איז העכער פון מיר — האָט איסאַק געזאָגט.

— איז וואָס? — גיט זיך לאה אַ דריי, אַזוי ווי זי שטייט אויף איר אָרט, אַרום און אַרום — איך וואָלט זייער געוואָלט זיצן אויף דעם דאָזיקן קוימען.

— וואָס וועט איר מיר געבן, איך זאָל אייך דאָרט אַנידערזעצן? — פרעגט איסאַק מיט שטיפערישקייט אין זיין שטים.

— וואָס קאָן איך אַן אָרים מיידל געבן? — שפּאַסט לאה.

— בײַ אונז טוט מען גאָרנישט אומזיסט.

— וואָס מיינט איר „בײַ אונז"? בײַ אייך אין רוסלאַנד, צי בײַ אייך מענער? — וויל לאה פאַרשטיין. אָדער עס קאָן זיין, אַז זי האָט נאָר געוואָלט אויף איסאַקן מאַכן דעם איינדרוק, אַז זי פאַרשטייט נישט דאָס וואָס ער מיינט.

— איך מיין בײַ אונז אין אַמעריקע — מאַכט זיך איסאַק נישט ווּיסנדיק.

— ערשט אַזאַ קליינע צייט אין אַמעריקע און עס איז שוין אייערס?

— יאָ, בײַ אונז אין אַמעריקע.

— איך וועל באַצאָלן. אויב עס וועט האָבן עפּעס אַ ווערט — ענט־פערט לאה.

— קומט אַהער, וועל איך אייך אַרויפזעצן — וויל זיך איסאַק צע־לאַכן פון דער סיטואַציע.

— אָט בין איך — איז לאה צו אים צוגעשפּרונגען, אַזוי ווי אייזן צו אַ מאַגנעט.

איסאַק האָט זי אָנגענומען בײַ די עלנבויגנס און זי געוואָלט אויפ־הייבן, האָט ער זי נישט געקאָנט אויפהייבן. האָט ער זי אָנגענומען בײַ

אירע זייטן און זי אויפגעהויבן הויך איבער זיין קאָפּ. לאה האָט געטון אַ כאַפּ זיין קאָפּ מיטביידע הענט און אָנשפּאַרנדיק זיך אָן איסאַקס קאָפּ, איז זי געבליבן זיצן אויף דעם קוימען. עס איז דאָרט נישט געווען באַקוועם צו זיצן, און אַ חוץ דעם איז איסאַק געשטאַנען באַ אירע פיס, וואָס עס איז לאהן ווידער נישט שטאַרק באַקוועם געווען. זי האָט איסאַקן דערלאַנגט אירע הענט און אים געצויגן צו זיך אַרויף.

— ניין, איך וויל נישט, פריילין. מיר איז דאָ אויך נישט שלעכט.

— קומט אַרויף, וועט איר זען.

— וואָס, פאַראַן ווונדער?

— ווונדערלעך! — ציטערט אַרויס לאה און פאַרלירט איר גלייכגעוויכט און פאַלט אַריין אין איסאַקס אָרעמס.

אָבער איסאַק האָט דאָס מאָל נישט געוואָגט. לאה איז געווען ברוגז אויף אים, פאַרוואָס ער האָט נישט געוואָגט. זי האָט עס אָנגענומען פאַר אַ צייכן, אַז ער האַלט זיך העכער פון איר און זי האָט זיך געפילט אַ ביסל דערנידעריקט. אָבער זי האָט אים נישט געוואָלט אפילו געבן אַ שאָטן פון אַן אָנצוהערן, אַז זי איז ברוגז אויף אים. זי האָט דאָך אים געהאַלטן אין אירע הענט. זי האָט געהאַלטן אין אירע הענט זיין קאָפּ האָר. איצט ווייסט זי שוין, וואָס דאָס הייסט. זי איז געשטאַנען און געקוקט אויף דעם מיט ליכט און פייערלעך אויסגעפילטן רוים און געפילט, אַז אין איר אינעווייניק איז איצט אויך אָנגעצונדן אַ פייערל. זי האָט געבנוג כוח צו באַהאַלטן אין זיך דאָסדאָזיקע פייערל, אָבער וואָס איז ער פאָרט פאַר אַ מין בחור? פאַרוואָס האָט ער איר נישט געטון כאָטש איין קוש? זי וועט פונדאַנען נישט אַראָפּגיין, ביז ער וועט איר נישט טון כאָטש איין קוש... עס איז לאהן שוין געגאַנגען אין לעבן אויסצופירן. זי האָט געזאָגט, כדי איבערצורייסן דאָס שטילשווייגן:

— פונדעסטוועגן איז נישט גוט צו זיצן אויפן קוימען.

— זיצן מוז זיין גוט אויף דעם געזימס פון דאַך — ענטפערט איסאַק.

— טאַקע? ווילט איר אַ ביסל זיצן?

— פאַרוואָס נישט? אויב אייך איז אינטערעסאַנט.

— ביז גאָר.

ביידע גייען צו צו דעם געזימס און זעצן זיך אַנידער.

— ווען אייער באָבע ווייסט מיט ווּעמען איר זיצט דאָ — זאָגט לאה.
— וואָס־זשע וואָלט זי געטון ?
— איר וואָלט הנאה געטון.
— איך האָב געמיינט, ווער ווייסט וואָס — מאַכט זיך איסאַק ווי ער ווייסט נישט זיין באָבעס מיינונג. און — וואָס וואָלט אייער מוטער געזאָגט, ווען זי טרעפט אייך דאָ מיט מיר ?
— איר וואָלט אויך הנאה געטון — באַהאַלט זיך לאה אין דעם מענערישן ראָק.
— וואָס, אייך איז קאַלט ?
— אַ ביסל.
— ווילן מיר אַראָפּגיין אין שטוב.
— ניין. איך וויל זיין דאָ. דאָ איז גוט — זאָגט לאה און קוויקט זיך מיטן וואָרט „גוט", ווי מיט אַ גוט ביסל וויין.
— איז דאָ באַ אייך אין אַמעריקע פאַראַן אַ יוגנט ? — פרעגט זיך פּלוצלינג איסאַק.
— איך וויל פאַרשטיין, וואָס איר מיינט.
— אַ יוגנט. נו, יונגע מענטשן, וואָס האַלטן זיך אינאיינעם אין אַ... ווי זאָגט מען דאָס אין יידיש, אָדער... אינאיינעם אין אַ קלוב אָדער כ'ווייס...
— עס מוז זיין — ענטפערט לאה, ווי זי וואָלט עפּעס נישט דערזאָגט.
— איר זאָגט, עס מוז זיין. וואָס־זשע, אייך אינטערעסירט עס נישט.
— כ'ווייס ? איך האָב נישט קיין צייט. באַטאָג אַרבעט איך און אין אָוונט בין איך מיד און האָב גענוג הויז־אַרבעט. מען מוז דער מאַמען אַרויסהעלפן.
— און ווּעגן אייך אַליין טראַכט איר נישט ?
— וואָס מיינט איר ?
— אייך אַליין. כ'מיין גאָרנישט. פּשוט. ווען איך זאָג אייך אַליין, מיין איך אייך פּערזענלעך. טראַכט איר גאָרנישט ווּעגן אייך אַליין ?
— וואָס דען איך טראַכט נישט ? — ענטפערט לאה און מיינט, אַז זי פאַרשטייט באַך אַלץ נישט, וואָס איסאַק מיינט. עס פאַלט איר איין אַ מחשבה, אַז אפשר הייבט זיך עס אָן. עס איז טאַקע אַ ביסל צו גיך. ערשט

באַם צווייטן מאָל באַגעגענען זיך. אָבער טאָמער הייבט זיך עס שוין אָן? זי זעצט זיך אַוועק בעסער אויף דעם געזימס, וואָס איז געמאַכט פון קאַכעלקעס און וואָס טיילט אָפּ איין דאַך פון דעם אַנדערן, וואָס פון דעם אַנדערן הויז.

— איר טראַכט יאָ? — קוקט זי אָן איסאַק — און איר זענט אַ יונגער מענטש, פאַרוואָס־זשע ווייסט איר נישט, צי עס איז דאָ אין אַמעריקע אַ יוגנט.

— איך בין פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן. מיין פאָטער איז אָרים און איך מוז העלפן מיט מיין אַרבעט — זאָגט לאה פּראָסט.

— דאָס איז זייער שיין פון אייך — דערפילט זיך איסאַק זייער נישט באַקוועם, וואָס ער האָט אָנגערירט אַזאַ דעליקאַטנע פראַגע — איך בעט אַנטשולדיקונג. איך וויל גלאַט וויסן, צי עס איז דאָ פאַראַן אַ יוגנט, אַזוי ווי בײַ אונז אין רוסלאַנד?

— דאָס ווייס איך נישט — קוקט אים לאה טרויעריק אין די אויגן אַריין — איך בין אין רוסלאַנד נישט אויפגעוואַקסן. — זי האָט אים שווייגנדיק אָנגעקוקט און נישט אַראָפּגענומען פון אים די אויגן אירע. אין דער פינצטער איז זיין פּנים געווען מער ווייס, ווי אין אַ ליכטיקער שטוב. ער איז געזעסן, רייטנדיק אויף דעם געזימס פון דאַך און מיט די פינגער געשריבן אויף די גלאַטע קאַכעלקעס.

— אַנטשולדיקט. דאָ איז דאָך גאָר אַן אַנדער סאָרט לעבן ווי אין רוסלאַנד. דאָ איז דאָך אַלץ דעמאָקראַטיש. דער פאָטער און דער זון זענען דאָך ביידע דעמאָקראַטן. און דאָ איז דאָך פרייע פּרעסע און פריי דאָס וואָרט. און אַ ליטעראַטור איז ז'אָ פאַראַן?

— ביכער? — פרעגט איבער לאה און ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן.

— יאָ, ביכער.

— פאַראַן.

— שיינע?

— זייער!

— וואָס זשע שווייגט איר? — פאַלט איסאַק אַריין אין באַגייסטערונג און כאַפּט אָן לאהן און ציט זי צו זיך.

לאה רייסט זיך פון זיינע הענט, אָבער איסאַק לאָזט זי שוין נישט אָפּ.

— איר זענט מיר שולדיק אַ חוב — מורמלט ער מיט זײַנע ליפּן שוין זייער נאָענט בײַ לאהס באַק.

— נאָר אײנעם — בעט זיך לאה.

איסאַק קושט לאהן איין מאָל. טוט עס זייער גיך און לאָזט זי אָפּ. זיי שעמען זיך ביידע אויפצוהייבן זייערע אויגן. זיי זיצן און שווייגן. דער ליכטיקער גאַרטל, וואָס נעמט אַרום דעם הימל אַרום דעם האָריזאָנט, דערנענטערט דעם הימל צו דער ערד. אָדער פאַרקערט, די ערד הייבט זיך אויף ביז צום הימל. די שטאָט איז גרויס פון איין האָריזאָנט ביז צום אַנדערן און דעכער איבער דעכער שפּאַרן זייערע טורעמס, קוימענס, שפּיצן און קופּאָלן, ביז צו די שטערן אין הימל. דער הימל וואַרפט זײַנע שטערן אַזוי אין דער קרום, שטיפעריש אויף די דעכער אַרויף און די גרויסע שטאָט שיקט אַלע אַנדערע מאָל פון קוימענס הויכע, אַזוינע פייער־פלאַמיקע צונגען, רייצנדיק זיך מיט דעם הימל: דו וואַרפסט שטערן־שמייכער און קאָנסט נישט טרעפן.

## לח.

## אַ מייד

נאָך דעם פרייטיק צונאַכטס, וואָס לאה איז געזעסן מיט איסאַקן אויף דעם אַמעריקאַנישן דאַך און נאָך דעם, וואָס עס איז צווישן זיי ביידע דאָרט פאָרגעקומען — האָט לאה אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז איסאַק וואָלט שוין טאַקע אויף אַן אמת געמעגט ווערן איר חתן. לאה האָט דער־פון גערעדט מיט איר מאַמען און די מאַמע האָט אויף דעם גאָרנישט געזאָגט.

אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איר מאַמע האָט גאָרנישט געזאָגט, האָט לאה פונדעסטוועגן באַ זיך אין שאַפּ, ווו זי אַרבעט, פאַר אַלע מיידלעך זיך באַרימט, אַז זי האָט שוין אַ „פריינט". לאה האָט פאַר די מיידלעך אויסגעמאָלן, ווי אַזוי איר „פריינט" זעט אויס. און די מייד־לעך האָבן זי מקנא געווען, אָדער אפשר אָפּגעלאַכט פון איר.

לאה האָט אויסגעמאָלן איסאַקן נאָך שענער, ווי ער איז ווירקלעך געווען. איר פאַנטאַזיע האָט אויסגעשפּינען אַזאַ איסאַקן, וואָס איז אינ־דע־אמתן גאָר נישט געווען. און בשעת מעשה, האָט לאה דערפון זייער פיל הנאה געהאַט. זאָלן זיי זעען, מיט וואָס פאַר אַ „פריינט" זי האָט זיך באַקענט. זי פלעגט זיך אַלע מינוט דערמאַנען, אַז זי האָט פאַרגעסן נאָך עפּעס שיינס וועגן איר איסאַקן. און זי פלעגט באַ אַן אַנדערער געלעגנ־הייט ווידער אַמאָל איבערמאָלן דעם פּאָרטרעט פון איסאַקן.

פאַר די מיידלעך אין שאַפּ, האָט לאה גערופן איר „פריינט",

איזידאָר. און די מיידלעך האָבן געוואָגט, אַז עס פּאַסט זייער גוט איזידאָר צו דעם נאָמען לינאַ, מיט וועלכן מען האָט לאהן גערופן אין שאַפּ.

לאהן איז דאָס אויך געווען שטאַרק צום האַרץ. זי האָט זיך בעסער ליב געהאַט מיט דעם נאָמען לינאַ און פלעגט אַרבעטן מיט איר מאַמען אויף אַלערליי וועגן, אַז די מאַמע זאָל זי רופן לינאַ און נישט לאה. אָבער איר מאַמע האָט זיך נישט געקאָנט אַזוי גיך צוגעוווינען צו דעם געדאַנק, אַז לינאַ איז בעסער פון לאה. פאַרוואָס עס איז בעסער, האָט זי נישט געוווּסט. פּונקט ווי לאה האָט נישט געוווּסט, פאַרוואָס לינאַ איז בעסער פון לאה. ווען די טאָכטער מיט דער מאַמען זענען געווען אַליין אין שטוב, פלעגט דאָס מיידל שטודירן מיט דער מאַמען, אַזוי ווי מען מושטירט מיט סאָלדאַטן: מאַמע, זאָג לינאַ, לינאַ, לינאַ. אין אַ מינוט אַרום האָט די מוטער שוין פאַרגעסן און געשריגן צו דעם מיידל: לאה, קום נאָר אַהער... אוי, כ'האָב פאַרגעסן, לינאַ, גיי צוריק אַוועק און כ'וועל דיך נאָכאַמאָל רופן. גיי זשע אַוועק, לאה, כ'מיין לינאַ, וועל איך דיך רופן נישט לאה, נאָר לינאַ, גיי זשע אַוועק, לאה...

דאָס איז געווען, ווען די מאַמע מיט דער טאָכטער זענען געווען אַליין אין שטוב. אָבער ווען דער טאַטע איז געווען אינדערהיים, האָט מען נישט געטאָרט ווייזן, אַז מען מוטשעט זיך צו צעברעכן די צונג. נישט דערפאַר, וואָס מען האָט מורא געהאַט פאַר דעם טאַטן, נאָר מען האָט אים נישט געוואָלט ווייזן, אַז מען מוטשעט זיך. און זאָל ער נישט האָבן דאָס געלעגנהייט פון די „צווייווייבער", ווי ער האָט זיי גערופן, צו האָבן דאָס געגנאַר.

מיט איין וואָרט, לאה האָט געהאַט צוויי נעמען. בײַ דעם טאַטן האָט זי געהייסן לאה און בײַ דער מאַמען און אויך אין שאַפּ, האָט זי געהייסן לינאַ. זי האָט אויך איסאַקן געבעטן, אַז ער זאָל זי רופן לינאַ. און כאָטש זי האָט אים שוין אויך אַ נײַעם נאָמען, איזידאָר, געגעבן, האָט זי אָבער נאָך נישט געוואַגט דאָס אים אַליין צו זאָגן. אין די אויגן האָט זי אים גערופן איסאַק. און אונטער די אויגן, האָט זי אים גערופן איזידאָר.

לאה האָט געטראַכט, אַז זי וועט מיט איסאַקן חתונה האָבן, וועט זי אין איר אייגן הויז אים שוין רופן איזידאָר אָדער גאָר איזי, וואָרים ווי עס ווײַזט זיך איר אויס, וועט זי קאָנען מיט איסאַקן טון, וואָס זי וועט

װעלן. ער איז זייער אַ גוטער און אַ װײכער. מען קאָן אים בײגן. זײנע אויגן זעבען זייער קלוגע און אַזוינע סאַמעטענע. זיי גלעטן מיט זייער װײכקייט. ער קאָן, דאַכט זיך איר, גאָר קיינמאָל נישט ברוגז װערן. זי פאַרשטייט. עס איז זיך נישטאָ װאָס צו נאַרן. עס איז שוין געקומען די צייט. װאָס איז זי אַ קינד? עס איז דאָ אַ גרויסער חילוק צווישן אַ מאַן מיט גרויע אויגן און אַ מאַן מיט ברוינע אויגן. זי װעט קיינמאָל נישט חתונה האָבן מיט איינעם, װאָס האָט גרויע אויגן אָדער אפילו בלויע אויגן אָדער גרינע אויגן. און װיפיל זי איז געװען נאָך גאָר יונג, האָבן אירע עלטערן געװוינט ערגעץ אין אַן אַנדערער גאַס און דאָרטן האָט זי עפּעס נאָר געזען בחורים מיט גרויע אָדער מיט גרינע אויגן. און פונקט איצט, װען אירע עלטערן האָבן אַהער אין דעלענסי סטריט זיך אַריבערגעצויגן, איז איסאַק געקומען. גראָד אַזעלכער, װאָס זי װיל! די מאַמע אירע האָט אויך זיך אויסגעקליבן איינעם מיט ברוינע אויגן. דאָס איז איר פאָטער. עס נעמט לאהן אַרום אַ מאָדנע געפיל צום טאַטן. פאַרװאָס איז אים אַזוי שלעכט די צייט? פאַרװאָס פלאָגט ער זיך אַזוי? ער איז דאָך אַזאַ גוטער און אַזאַ שטילער. װאָס די מאַמע זאָגט, איז גוט. ער האָט דאָך נאָך אפילו איינמאָל נישט געזאָגט עפּעס פאַרקערט פון דעם, װאָס די מאַמע זאָגט.

יאָ, איסאַק װעט אויך אַזוי זיין. אָבער איסאַק װעט שוין נישט באַדאַרפן פעדלען. דאָס װעט זי שוין זען אים העלפן. װען איסאַק זאָגט נאָר: לאה, העלף מיר, װאָלט זי אים געהאָלפן. לאה איז גרייט אויף אַלץ. זי װעט מיט איסאַקן לעבן אין אָרימקייט, פונקט אַזוי װי איר מאַמע לעבט אין אָרימקייט מיט איר טאַטן. אָבער צייטנװייז דאַכט זיך לאהן, אַז זי װעט אפילו קאָנען העלפן שלעפן דעם יאָך פון פרנסה, זאָל ער נאָר װעלן צו עפּעס זיך דערשלאָגן. זי האָט אים ליב, און איז ברוגז אויף זיך אַליין, פאַרװאָס זי קאָן זיך נישט באַהערשן. זי װאָלט באַדאַרפט אפשר אַ ביסל צוריקהאַלטן איר ליבע צו איסאַקן. זאָל מען נישט זען אַזוי באַשיינפערלעך, אַז זי האָט אים ליב. און פאַרװאָס זאָל מיט איר נישט געשען דאָס, װאָס זי האָט אַמאָל פאַרטראַכט. אַז אַ רייכער, זייער רייכער יונגערמאַן, װאָס פאַרמאָגט אַ סך שיפן אָדער אַ סך אָקסן, זאָל קומען צו גיין שפּאַצירן איבער דילענסי סטריט און זי, לאה, װעט גראָד דעמאָלט שטיין אין גאַס, און דער רייכער יונגערמאַן זאָל זי דערזען.

פאַרוואָס קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז מען זאָל זי דערזען? איז זי טאַקע אינגדערהאַמתן אַזוי שיין ווי זי אַליין טראַכט וועגן זיך? די מאַמע אירע שרייט, אַז זי איז שיין. דער שפּיגל זאָגט. דאַכט זיך, אויך דאָס אייגענע. אָבער לאה גלייבט נישט אין זיך. זי גלייבט נישט אירע אייגענע אויגן. און זי שעלט זיך אַליין, פאַרוואָס גאָט האָט זי באַשאַפן מיט אַזאַ פּנים. צייטנווייז פילט זי ווי זיך קאַליע צו מאַכן איר אייגן פּנים. און באַלד האָט זי חרטה. עס קומט איר אַמאָל פאָר און זי פאַרגינט נישט און באַלד בייטן זיך אירע געדאַנקען און זי פאַרגינט זיך יאָ, זי פאַרשטייט זיך אַליין נישט. וואָס איז זי געבוירן געוואָרן, צו זיין אַ שפּילעכל פאַר עמעצן? און פאַרוואָס היט זי אַזוי די מאַמע. אַלע אָוונט מוז זי דער מאַמען דערציילן, וואָס עס איז מיט איר געשען אַ גאַנצן טאָג. עס הייבט זיך אָן אַזוי:

— האָסט היינט געאַרבעט שווער, טאָכטער?
— אַזוי ווי אַלע מאָל.
— האָט דער באַלעבאָס גערעדט מיט דיר?
— צוליב וואָס?
— גלאַט אַזוי.
— ניין.
— און דעם באַלעבאָס זינדל?
— זינדל רופסטו אים?
— וואָס דען?
— פּראָסט „זון“ איז אים נישט גענוג?
— האָסט אים פיינט?
— אַ גאַנצן טאָג מיט די הענט אין די קעשענעס.
— יאָ, און מיט דיר רעדט ער אַמאָל?
— קיינמאָל נישט.
— און ער קוקט אפילו אויף דיר זיך נישט אום?
— דאָס ווייס איך נישט.
— דאָס הייסט, דו זעסט אים נישט?
— כ'האָב קיין צייט נישט אויף אים זיך אומצוקוקן.
— אַ חוזק אים איז דאָרט פאַראַן נאָך מאַנסבילן?
— דאָ.

— מענער, צי בחורים?

— ווער ווייסט זיי דאָרט.

— וואָס הייסט דו ווייסט נישט?

— כ'ווייס נישט.

— אַזאַ פּשוטע זאַך ווייסט זי נישט.

פאַלט שוין לאה אַריין אין אַ נערוועזיטעט און ענטפערט: „וועסט מיך אויפהערן צו מוטשען מיט דיינע שאלות". די מאַמע זעט, אַז זי קאָן גאָרנישט זיך דערשלאָגן צו יענעם ציל, וווהין זי וויל, הייבט זי אָן פון אַן אַנדער אָרט:

— וויפיל בייטעלעך מאַכט אַ מיידל דורכן טאָג?

— אַזוי פיל און אַזוי פיל.

— און וויפיל מאַכט אַ מאַנסביל?

— כ'ווייס נישט.

לאהן צייגט זיך, אַז די מאַמע היט זי שוין אַ ביסל צופיל. און דאָס אַלץ האָט לאה צו פאַרדאַנקען דעם שיינעם פּנים אירן. און נישט נאָר דאָס. נאָר לאה באַמערקט, אַז בחורים האַלטן זיך פון איר פונדערווייטנס. אין פאַבריק ווערט אַ בחור גיכער צוגיין שמועסן מיט אַ מיאוסער מיידל און זי מוז תמיד זיצן איינע אַליין. עס איז אַ פיינלעך געפיל צו זיין שיין און נישט צו ווערן באַמערקט פון קיינעם. און עס איז איר זייער שווער צו באַפריינדן זיך מיט אַנדערע מיידלעך. עס צייגט זיך איר, אַז אַלע מיידלעך אין שאַפּ האָבן זי פיינט. זי איז זייער גוט צו די מיידלעך, אָבער זיי זענען קעגן איר. מען דערציילט איר נאָד שלעכטע זאַכן וועגן שיינע מיידלעך. ווי אַזוי נאָר דידאָזיקע מיידלעך מיט שיינע פּנימער פאַר־זיצן אַלס אַלטע מיידן. און ווי אַזוי נאָר מיט אַ שיין פּנים טרעפט אָפּט אומגליקן. עס כאַפּן זיך אין אַ שיין פּנים אַריין פרישצעס גיכער ווי אין אַ נישט־שיין פּנים. לאה הערט אויס און פילט זיך שטאַרק דערשלאָגן. איצט, אַז זי האָט באַקומען אַזאַ פריינט, האָט זי געמיינט, אַז זי ווערט דערמיט געווינען אין שאַפּ. זי האָט דערציילט די מיידלעך און זיי האָבן עס אויפ־געגומען קאַלט. איינע האָט באַמערקט:

— פון אַ שיין פּנים אַנטלויפן מענער...

— אַ שיין פּנים איז ווי אַ זון, הייבט שיינט זי און מאָרגן איז זי פאַרוואָלקנט — האָט אַן אַנדערע געזאָגט.

— איך האָב נאָך נישט געזען איין שיין פּנים, וואָס זאָל האָבן אַ גוטן מאַן — האָט אַ דריטע פּאַרקרימט דאָס פּנים.

— עס מוז שוין זיין דאָס לייטישע באַיעלע, אויב ער יאָגט זיך נאָך אַ שיין פּנים — האָט אַ פערטע, מיט זיכערקייט אין איר שטים, געזאָגט.

לאה האָט פון אָט די דאָזיקע באַמערקונגען נישט געפילט זייער באַקוועם. און ווען זי זאָל נאָר האָבן אַ טבע פון ווייגען, וואָלט זי באַדאַרפט ווייגען. נאָר זי האָט געשוויגן. זי איז געווען זיכער, אַז איסאַק איז גראָד גאָר אַ געהויבענער מענטש. זי האָט שוין געזען „גרינע", אָבער אַזעלכן האָט זי נאָך נישט געזען. זי וואָלט נאָר געווען בּאַ זיך זיכער, אַז ער בלייבט איר'ער. ווען זי קאָן זיין אין דעם זיכער. זי האָט בּאַ זיך אָפּגעמאַכט פון היינט אָן און ווייטער, וואָס ווינציקער קוקן אויף זיך, ווי אויף אַ שיינער. זי וועט ווינציקער קוקן אין שפּיגל און בּאַ זיך פועלן, אַז עס איז דאָ שענערס פון איר. זי וועט נאָך ווערן בעסער, ווי זי איז. עס איז נאָך דאָ אָרט ווי אַזוי אַרויסצוברענגען נאָך גוטסקייט. און אַז איסאַק האָט אָנגעהויבן צו גיין אין דער אָוונט-שולע זיך צו לערנען ענגליש, האָט זי אים גענומען העלפן זיך לערנען ענגליש.

איסאַק האָט געלערנט אין אָוונט און בּאַטאָג געאַרבעט. ער האָט אַ חוץ דער דרוק-אַרבעט אויך געפּרובירט אַרבעטן אין אַ פאַבריק פון מעבל. ער האָט באַדאַרפט פאַרבן מעבל, איינטונקענדיק אַ שטיק בּוירלאַפּ אין פאַרב און דערמיט געריבן דאָס מעבל, ביז די פאַרב האָט זיך איינגעזאַפּט אין האָלץ. זיינע ווייסע הענט און פינגער זענען אַזוי געוואָרן אָנגעזאַפּט מיט פאַרב, אַז ער האָט שוין געזאָלט אויפגעבן די האָפנונג, ווען עס איז זיינע הענט אָפּצורייניקן. די הענט זיינע האָבן אויסגעוויזן, ווי הילצערנע און ער האָט זיי נישט געפילט, אַזוי ווי אַ מענטש באַדאַרף פילן צוויי הענט. איסאַק איז געוואָרן מעלאַנכאָליש און קיין שום זאַך אין דער וועלט האָט אים שוין נישט אינטערעסירט. צו וואָס באַדאַרף ער עפּעס, אַז ער האָט נישט קיין הענט. דאָס הייסט, ער האָט הענט, נאָר ער פילט זיי נישט. בּאַנאַכט פלעגן אָט די הענט זיינע ליגן אויף דעם קישן לעבן זיין פּנים און ער האָט געטראַכט שלעכטע מחשבות. די צוויי הילצערנע, געפאַרבטע הענט האָבן געבּרענט אין פיבער. און פון זיי האָט נישט גוט געשמעקט. און אַ גאַנצן טאָג אין דער פאַבריק פון מעבל, האָט ער

זיך מיט זיי נאָר צעאַרבעט, האָבן די הענט זיינע איינגעריבן די פאַרב
אין דער טיפעניש פון האָלץ. גוט איינגעריבן. און באַטאָג האָט איסאַק
כמעט פאַרגעסן, אַז ער האָט הענט. אָבער אינאָווענט, באַם טיש, האָט ער
מורא געהאַט, מען מיאוסט זיך פון זיינע הענט. ער אַליין האָט נישט גוט
געגעסן, פון דעם שלעכטן איינדרוק, וואָס זיינע הענט האָבן אויף אים
געמאַכט.

דער זיידע מאַניס און די באָבע שבע האָבן באַ איסאַקן קוים גע-
פועלט, אַז ער זאָל אַוועקוואַרפן די פאַבריק פון מעבל. און אייבערעם האָט
איסאַקן אַוועקגעפירט אין אַ פאַבריק פון „ליולקעס". ווי אייבערעם האָט
געדרונגען, איז אָט די אַרבעט באַ „ליולקעס" זייער אַ גוטע. עס איז דאָ
אין אַמעריקע צען מיליאָן מענטשן, וואָס באַדאַרפן „פייפס" צום רייכערן.
ער אַליין קויפט יעדן דריטן חודש אַ נייע „פייפ". מענטשן שאַרן גאָלד
דערביי. איז איסאַק אַוועק אין אַ פאַבריק פון „פייפס". די ערשטע וואָך
האָט דאָרטן געטראָפן, אַז אַן אַרבעטער איז אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין
דעם רימען, וואָס דרייט די רעדער פון די שלייף-מאַשינען. דער רימען
האָט געטראָגן דעם אַרבעטער ביז צו דער סטעליע און אים צוריק אַראָפּ-
געבראַכט ביז צו די רעדער פון די שלייפערס און אים אַריינגעכאַפּט
צווישן די רעדער און מען האָט אים קוים אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט און
דאָס בלוט האָט פון אים גערונען. האָט זיך איסאַק שטאַרק דערשראָקן
און איז אַהיימגעגאַנגען און געזאָגט, אַז ער וויל נישט אַרבעטן אין דער
פאַבריק פון „ליולקעס". איז ער אַרומגעגאַנגען אַזוי ליידיק אַ וואָך און
צוויי. און עס איז אים אויך נישט גוט געווען צו ליגן אויף יענעמס
קאַרק. ער האָט געזען דאָס גרויסע אָרימקייט באַם זיידן מאַניס אין שטוב.
און ער האָט זיך אונטערגעגעבן. מען באַדאַרף זיך אויסלערנען די אַר-
בעט באַ העמדער. מאַניס האָט געפועלט באַ „דעם הויכן", ער זאָל איסאַקן
לערנען פרעסן העמדער. אין שאַפּ איז איצט „דער הויכער סעם" געווען
דער גאַנצער בעל דעה. אַז דזשייקאָב האָט עפּעס באַדאַרפט האָבן צו די
אַרבעטער, האָט ער געמוזט אָנקומען צו דעם הויכן סעם.

און מען האָט אים שוין נישט גערופן „סעם דער הויכער", נאָר
„סעם דער דעלעגאַט". ער האָט זיך באַדאַרפט אָננעמען די קריוודעס פון
אַלע אַרבעטער און ער האָט געקאָנט ווידער באַשטראָפן אַן אַרבעטער,
אויב מען האָט באַדאַרפט. די הויפּט שטראָף איז געווען, אויב אַן אַר-

בעטער האָט זיך פאַרזינדיקט, האָט דער אַרבעטער נישט געקאָנט אַרבעטן „אָווערטיים". עס האָט אָבער אַמאָל געקאָנט דערגיין צו נאָך אַ העכערע שטראָף. „סעם דער דעלעגאַט" האָט געקאָנט זאָגן דעם באַלעבאָס, אַז מען דאַרף דעם און דעם אינגאַנצן אַוועקשיקן פון שאַפּ. און דער באַלעבאָס האָט סעמען געפאָלגט.

אויב עמעצער האָט זיך געשטעלט קעגן סעמס אויטאָריטעט, איז סעם מיט יענעם נישט אַריינגעגאַנגען אין קיין דיסקוסיע, נאָר ער פלעגט טון אַ געשריי מיט זיין הייזעריקער באַסאָווער שטים: שאַ־אַ־רראַפּ! מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט. סעם האָט געהאַלטן דעם גאַנצן שאַפּ אין זיינע הענט. קיין נייע אַרבעטער האָט דזשייקאָב נישט געקאָנט צונעמען, סיידן סעם האָט געגעבן זיין הסכמה. און אַז מאָגיס איז צו אים געקומען וועגן איסאַקן, האָט סעם געטראַכט: אַ געזונטער בחור איז ער, אָט דער גרינער. דאָס גרינע בלוט איז נאָך דאָ אין זיינע אָדערן. וואָס וועט עס אים אַרן אויב ער וועט אים צונעמען און אים אויסלערנען פרעסן. דער גרינער וועט אַרבעטן אומזיסט און ער וועט קאָנען אַ ביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם. שווער איז געווען סעמס לעבן אין אַמעריקע. נישט מער, ער האָט עס פאַרטרונקען מיט ביר. דאָס קאַלטע ביר האָט געמאַכט לינדער דאָס לעבן. זאָל אַ גרינער אויך פאַרזוכן דעם טעם פון אַמעריקע.

איסאַק איז געקומען און זיך אָנגעהויבן לערנען פרעסן העמדער. דעם ערשטן טאָג איז ער געשטאַנען און געקוקט. עס איז איסאַקן גערו־נען די סלינע פון מויל, אַזוי האָט ער געחלשט אָנצורירן דאָס פרעסל, אָבער סעם האָט אים נישט געגעבן קיין געלעגנהייט.

— קוקסט ווי איך פרעס?! — האָט זיך איסאַקן אויסגעוויזן, אַז יענער רייצט זיך מיט אים.

דעם צווייטן טאָג האָט שוין סעם געגעבן איסאַקן אַ געלעגנהייט צו האַלטן אין דער האַנט דאָס פרעסל. אַ גדולה און אַ ישועה! איסאַק האָט אָנגערירט דאָס פרעסל.

— ברי זיך נישט אָפּ! — האָט סעם אים געוואָרנט — נישט אַזוי האַלט מען אַ פרעסל. אָט אַזוי. נעם און צעשפרייט דיין לאַפּע, עסקיוז מי. נישט אַזוי. זעסט ווי איך טו עס אַ נעם, אַז דער רוח קאָן עס בא מיר נישט אַרויסרייסן. האַלט עס. און איצט גיב עס אַ הייב. וואָס איז,

האָסט ווינציק כּוח געבראַכט צו קאָלומבוסן. אָדער האָסט נאָך היינט קיין ברעקפעסט נישט געגעסן? גיב עס אַ הייב און אַ שטעל אַוועק.

איסאַק איז אַזוי געווען נערוועז, אַז ער האָט נישט געקאָנט נאָכ־האַלטן די באַפעלן פון סעמען. און זיינע הענט האָבן זיך געבריט און ער האָט געהערט ווי איבער דער גאַנצער לענג פון זיין רוקנביין רינט אַ ריטשקע שוויס. ענדלעך האָט ער שוין געוווּסט, ווי אַזוי צו האַלטן דאָס פרעסל. אָבער פרעסן אַ העמד האָט אים סעם ערשט געוויזן אויף דעם דריטן טאָג. עס איז אַזוי געווען: סעם האָט אויסגעפרעסט דאָס העמד און איבערגעלאָזט באַם הינטערשטן זוים אַ שטיק נישט געפרעסט.

— נו, קום נאָר אַהער, גרינע פּאָטייטע. נעם דאָס פרעסל — האָט סעם געזאָגט צו איסאַקן — האַלט! לאָז נישט אָפּ, וואָרים עס וועט נאָך פאַלן אויף מיינע פיס. איצט שטעל עס אַנידער אויף דעם העמד, גיך. שטיי נישט. גיב מיטן פרעסל אַ פאָר אַהין און אַהער. לאָז נישט איבער קיין קנייטשן, וואָס קוועטשטו זיך? גרינג. אָט אַזוי!

איסאַק האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס ער טוט. ער האָט געפילט, אַז זיינע אויגן שווינדלען אים. און ער איז געפאָרן מיטן פרעסל אַהין און אַהער און אַלע מאָל איז דאָס פרעסל באַ אים אַרויסגעפאָרן פון העמד אַראָפּ אויף דעם אויסגעבעטן טיש.

— האָ, האָלד יור האָרסעס! — האָט סעם געלאַכט — ווהין פאָרט אַ גרינער. ווערסט נאָך אַמאָל זיין אַ גוטער פרעסער, אַ קלאָג צו קאָלומבוסן?

און אַזוי איז אַוועק אַ וואָך און איסאַק האָט זיך אויסגעלערנט פרעסן העמדער. ער האָט שוין געזען, נאָך אין דער פאַבריק פון מעבל און אויך אין דער פאַבריק פון „ליוּלקעס". אַז דאָ אין אַמעריקע זוכט מען נישט צו מאַכן גוט אַ שטיקל אַרבעט. דאָ מאַכט מען אַ שטיקל אַרבעט, ווי אַזוי עס לאָזט זיך. איסאַק האָט אָנגעוווירן זיין גאַנצן צוטרוי צו אַמערי־קע, אָט דערפאַר, וואָס מען לאָזט זיך דאָ אַזוי אָפּנאַרן. און עס אַרט דאָ קיינעם נישט, אויב אַ זאַך קומט נישט אַרויס גוט. אָדער דאָ ווייסט קיי־נער נישט, וואָס פּערפעקציע מיינט. ער, איסאַק — אַ העמדער פרעסער! עס כאַפּט אים שוין אָן אַ געלעכטער. אָבער קיין געלט פאַר זיין אַרבעט באַקומט ער נישט.

וואָרים עס איז גאָר איצט באַ דזשייקאָבן אין פאַבריק אַ גאַנצע

איבערקערעניש. עס האַנדלט זיך אין אָט-וואָס: עס איז מער נישטאָ קיין נאַכט-אַרבעט.

סעם, דער דעלעגאַט, שרייט:

— ווו איז אַהינגעקומען די אַרבעט?!

— נישטאָ! — ענטפערט דזשייקאָב און איז דערביי מאָדנע בלאַס.

פאַרוואָס בלאַס צו זיין, האָט דזשייקאָב אַן אורזאַך. ער האָט דאָך אָפּגעמאַכט מיט די אַרבעטער זיינע, אַז מער קיין אַנדערע אַרבעטער וועט ער אין פאַבריק נישט אָנשטעלן. דערפאַר זאָלן די אַרבעטער, וואָס זע־נען שוין דאָ, אַרבעטן נאַכט-אַרבעט, כדי מען זאָל קאָנען אַרויסגעבן מער אַרבעט.

דאָ איז אָבער געשען, אַז עס איז פּלוצלינג אין פאַבריק נישט נאָר נישט געווען געניג מלאכה אויף נאַכט-אַרבעט, נאָר עס האָט אויך אויס־געפעלט פאַר דעם גאַנצן טאָג.

דזשייקאָב האָט געוווּסט, פאַרוואָס עס פעלט מלאכה. נאָר ער האָט זיך געמאַכט ווי אַ נעבעכל, אַז נישט נאָר ער ווייסט נישט, נאָר עס טוט אים וויי. אויב עס וועט אַזוי אַ סך אָנהאַלטן, קאָן ער נאָך זיין געצוווּנגען אינגאַנצן צו פאַרמאַכן. אַזוינע אָנשטעלן האָט דזשייקאָב געמאַכט. און עס איז אים געלונגען.

אין אמתן אָבער איז דזשייקאָבן איצט געגאַנגען זייער גוט. זיינע געשעפטן האָבן זיך פאַרצווייפאַכט. עס האָבן איצט פאַר זיין ווילטאָג גע־אַרבעט פיל, פיל שטיבער; היימען גאַנצע האָבן פון זיינעטוועגן געאַרבעט. דזשייקאָב האָט דידאָזיקע הויז-געזונטן אַראָפּגעבראַכט פון דער שיף בײַ דעם ניו-יאָרקער האַפן. ער האָט זיי באַזעצט אין שטיבער, וואָס זענען באַשטאַנען פון אַ קיך מיט אַן אַלקער. נישט קוקנדיק ווי גרויס די פאַ־מיליע זאָל נישט געווען זיין, האָבן זיי זיך געמוזט חי אַזוי עס איז אריינ־קוועטשן אין אָט די צוויי שטיבלעך.

און פון דעם ערשטן טאָג, וואָס די פאַמיליע האָט דערזען אַמערי־קע, האָבן זיי שוין געאַרבעט פאַר דזשייקאָבן. עס האָבן געאַרבעט טאַטע און מאַמע און אויך די קינדער, פון גאַנץ פרי, ביז שפּעט אין אָוונט. קיי־נער האָט זיי חלילה נישט געטריבן מיט קיין בייטש, נאָר דער פאַקט, אַז דאָ איז אַמעריקע, אַז מען איז דאָ עלנט און אַז מען מוז האָבן ברויט

און דירה-געלט, און דער אומעט פון די טונקעלע, פאַרוויאַנעטע פיר ווינקעלעך — אָט דאָס אַלץ האָט די מענטשן געטריבן צו זיצן אַ גאַנצן טאָג איבערגעבויגן איבער דער מלאכה. קינדער האָבן זיך נישט געטאָרט שפּילן אין גאַס און די טאַטע-מאַמע האָבן מורא געהאַט צו זיין צערטלעך און ליבלעך צו עמעצן אַנדערש חוץ דעם, וואָס פלעגט זיי ברענגען די בינטלעך מלאכה אין שטוב אַריין.

טאַקע, וואָס וואָלטן זיי געטון, ווען מען ברענגט זיי נישט די בינט-לעך אין שטוב אַריין ?

דזשייקאָב האָט איצט געפירט זיין פאַבריק אַזוי. אויב ער האָט באַ-קומען אַ גרויסע באַשטעלונג אויף אַ געוויסן סאָרט העמדער, האָט ער אַ חלק פון דער באַשטעלונג צעטיילט און אַריינגעגעבן צו ביסלעך אין יעדן היים-שאַפּ. זאָלן זיי זיך נישט איבערעסן. צו ביסלעך איז בעסער. זיי וועלן האָבן מער צייט צו באַטראַכטן, וואָס זיי טון. און אויב ער האָט באַקומען אַ קליינע באַשטעלונג, האָט ער עס אַריינגעשיקט צו זיך אין פאַבריק אַריין. אים האָט זיך גאָר אינגאַנצן נישט באַצאָלט צו האַלטן אַ פאַבריק. וואָרים די מלאכה, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין די היים-שעפּער האָט אים געקאָסט ווינציקער, ווי די מלאכה, וועלכע איז געמאַכט געוואָרן אין זיין פאַבריק. האָט ער געהאַט בדעה אינגאַנצן אָפּצושטעלן די פאַבריק. ער האָט עס אָבער נישט געטון מיט איינמאָל. ערשטנס, האָט ער מורא געהאַט, אויב ער וועט פאַרמאַכן די פאַבריק, וועט די וועלט מיינען, אַז ער איז שוין אויס געשעפטסמאַן. צווייטנס, האָט ער מורא געהאַט, אַז די אַרבעטער וועלן באַלד זיך דערוויסן פון זיינע היים-שעפּער און מען וועט אים נאָך שלאָגן אָדער גאָר דערהרגענען.

דעריבער איז באַ דזשייקאָבן געווען אַזוי איינגעפירט, אַז נאָר ער, זיין ווייב און דייוו האָבן געוווּסט פון די היים-שעפּער. און כּדי ער זאָל דעם סוד זיינעם קאָנען האַלטן פאַרהוילן פון די אַרבעטער, האָט דזשיי-קאָב אויף קאַטאָוועס אָפּגעשאַפט דייוון פון זיין פאַבריק. די געשעפטן זענען שלעכט און האַלטן אַן „אומזיסטן“ פרעסער וויל נישט דזשייקאָב. און חוץ דעם קאָן ער זיך אַליין פאַרלאָזן אויף זיינע אַרבעטער. זיי אַלע אַרבעטן שוין באַ אים לאַנג און ער קען זיי אַלע זייער גוט און מען קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזן...

פאַר דער פאַבריק האָט עס געהייסן, אַז דייוו איז אָפּגעשאַפט גע־וואָרן, די אַרבעטער האָבן זיך אַי געוווּנדערט, אַי געפרייט.

געוווּנדערט האָבן זיי זיך, וואָס גאָר פלוצלינג האָט דזשייקאָב אין זיי אָנגעהויבן צו גלייבן. וואָס עפּעס גאָר אין מיטן דערינען. יאָרן און יאָרן האָט ער זיי נישט געגלייבט און איצט איז שוין הפנים געקומען די צייט, אַז מען זאָל זיי אויך אַ ביסל טון אַ חסד און זיי גלייבן. ס'איז וווּנדער! געפרייט האָבן זיי זיך אָבער זייער, נישט קוקנדיק אויף דעם וווּנדער. וואָרים זיי האָבן געפטרט אַזאַ תכשיט ווי דייוו איז געווען. אַ ממזר פון דער מאַמעס בויך, אַ וואָס אין דער קאָרט, אַ „בעסטעט", אַ „סאַנאָוואָגאָן". פּטור געוואָרן פון אים — קאָן מען אויפ־הייבן דעם קאָפּ. אַנישט ווילט מען דען נישט אַרבעטן? ס'הייסט ווער וויל נישט אַרבעטן? אין אַמעריקע מוז מען אַרבעטן. אָבער לאָזט געמאַך. לאָזט אָפּציִען דעם אָטעם. מוז מען דען תמיד שטיין איבער דיינע פּליי־צעס און יאָגן? מיר וועלן דזשייקאָבן ווייזן, אַז אָן דייוון וועט מען מאַכן אַ בעסער שטיקל מלאכה און אויך שנעלער... אַזוי האָבן די אַרבעטער געטראַכט.

אָבער אינאמתן איז דייוו נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן. דייוו איז באַשטעלט געוואָרן פון דזשייקאָבן צו זיין דער אויבערהאַר איבער די היים־שעפער.

דזשייקאָב האָט געמוזט דינגען פאַר אים אַ גרויס צימער, ווו דייוו איז טאַקע דאָרטן געשלאָפן אויך. אין דעם צימער זענען געפירט גע־וואָרן די געשעפטן פון די היים־שעפער. און ווערליק די אַלע סודות, וואָס זענען געפירט געוואָרן צווישן דזשייקאָבס הויפּט־פאַבריק און אָט דעם צימער, ווו דייוו איז איינגעשטאַנען, האָט נאָך געפעלט איין אונ־טערערדישער קאַנאַל פון דעם צימער ביז צו דזשייקאָבס פאַבריק, כדי עס זאָל ווערן אַ גאַנצע זאַך. נאָר אַזוי ווי דייוו איז געווען אַ גוטער קאָנספּיראַטאָר און אויך אַ גוטער שפּיאָן, האָט מען קיין אונטערערדישן קאַנאַל נישט באַדאַרפט. פאַר דער באַלעבאָסטע פון דעם צימער האָט עס געהייסן, אַז דייוו איז אַ פּעדלער. וואָס האַנדלט מיט ליוונט און זיידנס. באַ דייוון אין צימער זענען געלעגן גאַנצע פּעק מיט ליוונט און זיידנס און קנעפּלעך און פאָדים.

און אַז דזשייקאָב האָט דערהאַלטן אַ באַשטעלונג, פלעגט ער באַלד

קומען צו לויפן צו דייוון. דייוו איז באַלד אַוועקגעלאָפן איבער די היים־שעפער, וועלכע זענען בײַ אים געווען באַצייכנט מיט נומערן. נומער איינס, איז געווען אויף „ראַטגערס" סטריט. נומער צוויי איז געווען אויף העסטער סטריט און נומער דריי איז געווען אויף הענרי סטריט און אַזוי ווייטער.

דייוון פלעגט אַוש אָנכאַפּן אַ פרייד ביז צום משוגע ווערן, ווען ער האָט געזען ווי אין אַט די היים־שעפער יאָגן זיך הענט האַריקע, הענט ווייסע, קינדערישע קליינע הענטעלעך, און אַלץ כדי צו פאַרענדיקן די מלאכה, כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. אייגנטלעך, ווערליג דייווס השגות, איז דאָס אַמעריקע. וואָס דען איז אַמעריקע, צו זיצן ליידיק און זיך גלעטן דאָס בייכל? אויף דעם דאַרף מען נישט האָבן אַמעריקע. ביין! אַמעריקע איז געמאַכט געוואָרן, אַז מען זאָל אַרבעטן: אי דאָס, גיך אַר־בעטן. וואָרים אויב נישט גיך, וועט נאָך עמעצער אויסכאַפּן די באַ־שטעלונגען.

אין נומער איינס היים־שאַפּ האָבן געאַרבעט פינף נפשות. אַנדערש קאָן מען זיי נישט אָנרופן — נאָר נפשות. דער טאַטע, אַ קליין יידל מיט אַ קליין שוואַרץ בערדל, וועלכעס ער האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט אין אַמעריקע אַ ביסל אַרומצושערן. די מאַמע אויך אַ קליינע און די דריי קינדער אויך קליינע, און עס וואָלט דאָך קיינעם נישט אײַנפאַלן, אַז קינדער דאַרפן זיין גרויס. ווען זיי זענען גרויס, זענען זיי דאָך שוין נישט קיין קינדער. אָבער אַט די קינדער זענען געווען קליין און אויס־געדאַרט, נישט ווי עס פּאַסט פאַר קינדער. גיכער זענען זיי געווען וואָס מען וויל, אָבער נישט קיין קינדער. און ווען דייוו איז אַהין אַריינגעקומען, האָט ער ממש געזען ווי די פינף נפשות זיצן קוים און זיי וועלן ווען עס נישט אין אויסגיין, זיצנדיק איבער די בינטן העמדער. אין יענער שטוב איז קיין מעבל, חוץ צוויי בעטן און אַ בענקל, נישט געווען. דאָס בענקל איז אויך געווען מיט אַ לאָך אויף דעם אָרט פונם זיץ. אוי, וויפיל יאָרן זיי וועלן דאָס מוזן אַרבעטן דזשייקאָבס העמדער, ביז זיי וועלן דערלעבן אַ טיש מיט בענקלעך! עפּנט ווער עמעצער זייער טיר אַ חוץ דייוון? מסתּם נישט. ווייסן זיי ווו אַ טיר עפנט זיך? מסתּם נישט. זיי זיצן אַזוי אין די האַלב־טונקעלע צימערן און נייען העמדער און זיי וועלן דאָ אַזוי איינגעוואַקסן ווערן און דאָ אויסהויכן זייער לעצטן אָטעם

און קיינער וועט אפילו נישט וויסן, וואָס עס האָט שווער געמאַכט זייער געמיט. און פונדעסטוועגן טלייעט אין אָט די פינף נפשות אויך אַ שטיקל האָפנונג, ווי גרויס עס זאָל נישט זיין די געלעגנהייט, אַז די האָפנונג וועט מקויים ווערן; איז דאָס אָבער זייער האָפנונג. דער טאַטע מיט דער מאַמען שפּאָרן אַ גראָשן צו אַ גראָשן און די מאַמע באַהאַלט עס, ווו זי קאָן נאָר. זיי ווייסן, אַז אַלע אַמעריקאַנער מענטשן, וואָס זענען איצטער רייך האָבן אויך אַמאָל געטון דאָס אייגענע, וואָס זיי טוען איצט. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס זיי ווייסן וועגן אַמעריקע און וועגן אַמעריקאַנער מענטשן. און זיי ווייסן, אַז זיי זענען נישט די איינציקע, וואָס טוען דאָס. און אויב נישט די איינציקע, איז שוין גרינגער איבערצוטראָגן. און זיי זענען זייער צופרידן. עס הייסט, זיי ווייסן נישט, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך, וואָס רופט זיך אומצופרידנקייט. ממילא זענען זיי שוין צופרידן מיט זייער האַלב-טונקעלער היים און מיט זייער האָרעוואַניע, וואָס זיי האָרעווען טאָג און נאַכט, אי זיי און אויך זייערע קינדער, און מיט דעם ביסל געלט, וואָס מען וואַרפט זיי צו איינמאָל אַ וואָך.

און נישט נאָר זענען זיי צופרידן, נאָר זיי בעטן גאָט, איפּשטייענדיק און ליגנדיק, פאַר זייער באַלעבאָס, אַז ער זאָל זיין געזונט און זאָל האָבן גליק און זיינע פיס זאָלן נאָר גיין אין דעם רעכטן וועג. דאָס אַלץ. און ווי געווייטלעך, מיינען זיי, אַז זייער באַלעבאָס איז פריער גאָט און דערנאָך דייוו. זיי ווייסן נישט, אַז דייוו איז נאָר אַ מענטש בא דזשייקאָבן.

און אַזוי ווייסן אויך נישט די אַרבעטער אין דזשייקאָבס פאַבריק, וווהין דייוו איז אַהינגעקומען און זיי באַמערקן נאָר לעצטנס, אַז עס ווערט וואָס אַמאָל ווינציקער מלאכה. יעדער אַרבעטער באַזונדער, מיט זיך אַליין, פילט זיך, אַז עס איז נישט גוט. עס איז דאָ ווינציק מלאכה. עס איז אַ קללה, פון וועלכער מען ווייסט שוין. שוין איבערגעלעבט. ווען עס איז דאָ אַרבעט, פרייט זיך אין אַרבעטערס אָדערן דאָס בלוט. אָבער אַז עס איז נישטאָ, איז נישט גוט. וואַרפן שטיינער אין הימל אַריין קאָן מען נישט. אָבער דאָס לעבן איז אַזוי פאַסקודנע, ווען עס איז נישטאָ קיין מלאכה. דאָס ווייב פאַרלירט דעם גאַנצן דרך-ארץ און די קינדער שטעקן זיך אָן מיט דעמדאָזיקן געפיל אויך און קוקן אויף דעם פרנסה-געבער, וואָס גיט נישט גענוג פרנסה, ווי אויף אַ לאָ-יוצלח. און די גאַנצע וועלט דערשמעקט, אַז עס איז נישטאָ קיין מלאכה. דאַכט זיך, ווער קאָן דיך דאָ אין אַמע-

ריקע? אָבער ווען עס גייט באַ דיר פרייליכע צייטן, קוקט מען זיך אויף דיר נישט אום. אָבער ווען עס גייט שלעכטע צייטן, הייבט מען אָן אויף דיר רחמנות האָבן. מען באַמערקט באַלד, אַז דו זעסט נישט אויס גוט. אפשר חלילה קראַנק. אפשר טראָגסטו זיך אַרום מיט שלעכטע מחשבות. אָדער ווער ווייסט וואָס. אוי, אַז עס איז נישטאָ קיין מלאכה, ווערט דאָס לעבן אַזוי נישט גוט. מען פאַרגינט זיך נישט אפילו גוט צו שלאָפן. ווער קאָן שלאָפן, ווען מען איז אומרויק? שטייסט אויף אינדערפרי און זעסט, אַז מענטשן גייען צו דער אַרבעט און דו פאַרגינסט זיי נישט. ווערסט אַ שונא דער גאַנצער וועלט און דו שעלטסט זיך אַליין און דעם טאָג, און קומסט אין פאַבריק אַריין און דאַרט שטייען און זיצן מתים. אַלע אַרבעטער באַ דזשייקאָבן זעען איצט אויס ווי מתים. אַז מען זעט, ווי די פאַבריק גייט אונטער פון טאָג צו טאָג. און גיין זוכן אַן אַנדערע פאַבריק, איז נישט אַזוי גרינג. וויפיל איז אינגאַנצן דאָ פאַבריקן — כמעט גאָרנישט. און דאָ אַזוי פיל אַרבעטער.

און טיף אין האַרץ טוט זיי שוין באַנג, וואָס מען האָט געמאַכט אַן אסיפה און געשיקט צו דזשייקאָבן סעמען. צוליב וואָס באַדאַרפן זיי דעם דעלעגאַט, ווען די פאַבריק פאַרמאַכט זיך.

דזשייקאָב גייט אַרום, ווי איינער, וואָס איז ביין און ביינציק פראָ־צענט אויף יענער וועלט. מען זעט, אַז דער מענטש קאָן נישט צוזען דעם צער פון זיינע אַרבעטער און דעם צער פון די שטעפּ־מאַשינען, וואָס שטייען און זשאַווערן און אויך דעם צער פון די פּרעסלעך, וואָס שטייען מיט די אויערן איבערגעקערט און באַוויינען זייער ביטער מזל.

דער הויכער סעם, וואָס איז איצט דער דעלעגאַט אין פאַבריק, זיצט אויף דעם פּרעס־טיש און וואַרפט מיט זיינע פיס, די שווערע, און ווישט דעם קאַלטן שווייס פון זיין פּנים מיט די שווערע פאַראַרבעטע הענט און קאָן גאָר אַזוי קלוג נישט זיין, וואָס דאָ איז פּלוצלינג און אומ־דערוואַרטעט אַזוי שלעכט געוואָרן. סעם, דער דעלעגאַט, פילט אויף זיך נאָך מער לאַסט, ווי יעדער איינער דאָ אין פאַבריק, וואָרים אויף זיינע פּלייצעס ליגט דער גורל פון דער גאַנצער פאַבריק, פון אַלע אַרבעטער און אַז ער גיט אַ טראַכט, אַז עס קאָן געמאָלט זיין, דזשייקאָב זאָל זיין פאַבריק פאַרמאַכן און ער וועט בלייבן מיט אַזאַ טשערעדע אַרבעטער, און ער וועט זיי נישט קאָנען געבן קיין אַנדערע פאַבריק. און עס שטעלט זיך

איִם פֿאַר, ווי ער וועט זיך אַרומשלעפּן איבער די ניו־יאָרקער גאַסן מיט אַ בינט מיט אַרבעטער און קלאַפּן אין די טירן פֿון די פֿאַבריקן: „גיט אונז אַרבעט!"

ניִשט מערער, סעם באַנעמט נישט זייער טיף דידאַזיקע זאַך. ער איז אַ פּראָסטער מענטש. אָבער פֿינדעסטוועגן, ווי נישט גוט עס איז זיי אַלע, איז איִם נאָך מער נישט גוט.

לט.

# יענטשן

ער „רויטער", ווען מאַניס איז געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז, האָט איצט זיך געקילט דאָס האַרץ אָן מאַניסן. כאָטש ער אַליין האָט דאָך אויך נישט געהאַט געווּנג מלאכה, אָבער דאָס, וואָס מאַניס האָט אויך נישט געווּנג מלאכה, איז באַם „רויטן" געווען ווערט מער ווי אַלץ אין דער וועלט.

מאַניס, ווידער, האָט זיך אַזוי געפילט דערשלאָגן, אַז ער האָט נישט געקאָנט אַפּשפּאָרן אַ ביסל צייט צו זען ווי דאָס ראָד דרייט זיך באַ יענעם. אוּן חוּץ מאַניסעס אייגענער דערשלאָגנקייט, איז נאָך צוגע־קומען איסאַקס טרויעריקייט. באַ איסאַקן זענען איצט געווען גרויסע שוואַרצע רינגען אַרום די אויגן און זיין באָז איז געוואָרן שאַרפער און מאָדנע בלייך. דערפאַר האָט מאַניס שיער נישט פאַרגעסן זיין אייגענע צעבראָכנקייט. ער האָט געזאָגט צו איסאַקן, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו זיין אַזוי טרויעריק. מילא, דערווייל איז ער דאָך באַ זיין זיידן אין שטוב. דירה־געלט זאָל זיך גאָט, מוחל זיין, זאָרגן. און דאָס איבעריקע, דאָס, וואָס מען דאַרף צום פּיסקענען, זאָל זיך ווידער אַמאָל, במחילה, דער גרויסער גאָט זאָרגן. עס איז לחלוטין גאָר נישטאָ וואָס צו זיין טרויעריק.

איסאַק האָט געקוקט אויף זיין זיידן מאַניס און טרויעריק גע־שמייכלט. עס איז אים געפעלן דאָס געפיל פון בטחון באַ זיין זיידן. כאָטש אַזאַ געפיל איז אים פערזענלעך פרעמד. נאַ, גיי, האָט עפּעס צו

אַזאַ ייד, ווי זיין זיידע איז, אַז ער האָט אַזאַ שטאַרקן בטחון. איסאַק רופט עס אפילו נישט קיין בטחון. ער רופט עס אומבאַהאָלפנקייט. ער רופט עס אויסגעליידיקטקייט. נאָר מאַלע וואָס איסאַק רופט עס. ער אַליין, דאָס הייסט איסאַק, איז פול מיט ענערגיע און איז דאָ אין אַ ניי לאַנד און וויל איבערקערן וועלטן. אָבער וואָס אייגנטלעך ער וויל, ווייסט ער נישט. אָבער ער האָט אַ סך ענערגיע און דאָ איצט זיצט ער פאַרשפאַרט גאַנצע טעג אין אַ שאַפּ און וואַרט, ביז מען וואַרפט אים צו אַ ביסל מלאכה. און אַזאַ אומאינטערעסאַנטע מלאכה! עס ווערט נישט גוט, אַזוי נישט גוט ביז צום שטאַרבן. פאַרוואָס זיצט ער דאָ אין שאַפּ? ווייסט עמעצער פאַר־וואָס עס קומט אים אַזאַ שטראָף, אַז ער זאָל באַדאַרפן זיצן אין שאַפּ שוין איצט אין זיינע יונגע טעג, אין די סאַמע יונגסטע טעג פון זיינע יאָרן? און ער מערקט גאָר נישט, אַז עס באַווייזט זיך שוין בײַ אים אַן אַפּאַטיע צו אַלץ, וואָס אַרום. ער איז שוין אַ ביסל, אפשר שוין אַ היפּש ביסל, אָפּגעטעמפּט געוואָרן. ער קאָן זיך שוין אפשר גאָר אַליין נישט דערקענען. אין די בריוו אַהיים שרייבט ער מסתם עפּעס אַזעלכס, פון וואָס זיי דאָרטן אינדערהיים דערשמעקן, אַז ער איז עפּעס מאָדנע געשטימט. שרייבט מען אים צוריק, געוויינטלעך, שטראָף־רייד, אַז אַזוי און אַזוי; אַנדערע זעגען אויך אין אַמעריקע; אַנדערע קלאָגן זיך נישט; אַנדערע לייגן צונויף געלט; אַנדערע שיקן אַהיים געלט. און וואָס איז געוואָרן פון אים? וואָס אַזוי טרויעריק?

איסאַק גיט זיי נאָך דאָרט אינדערהיים גערעכט; שטראָפט זיך אַליין און קאָן נישט צונויפנעמען זיין גאַנצע ענערגיע און זיך נעמען אין די הענט אַריין. צייטנווייז פילט ער אַזוי צעשרויפט, אַז ער גייט אַרום איבער דער גאַס און פילט, אַז עס טיילן זיך אָפּ פון אים חלקים. ער פאַרלירט זיך דאָ, ער פאַרלירט זיך דאָרט, ער פאַרלירט זיך אומעטום. אַוועקגיין פון זיידנס שטוב קאָן ער נישט. דאָס וואָלט געווען זייער גוט. אַוועקגיין אין דער טיף פון אַמעריקע. אָדער אין דער זייט פון אַמעריקע. ערגעץ אַוועקגיין ווייט, און זיך נעמען צו אַ גראָבער אַרבעט, אַזאַ אַרבעט, פון וועלכער די הענט זאָלן געשוואָלן ווערן. בײַ אים איז פאַרהאַן עפּעס אַזאַ ווידזיע, אַז די הענט זאָלן בײַ אים ווערן פאַרגרעבט מיט מאַזאָליעס, און ער זאָל נישט שלאָפן אויף ווייכע פעדערן. שלאָפן אין פעלד אָדער אין אַ שטאַל. אויפשטיין מיט זונען־אויפגאַנג און זיך לייגן מיט זונען־אונ־

טערגאַנג. אויפהערן לייענען ביכער (ער לייענט סיי ווי נישט איצט), צייטונגען. די אַמעריקאַנער צייטונג געפעלט אים נישט. פאַרוואָס זי געפעלט אים נישט, ווייסט ער נישט. אָבער ער וויל איבערהויפט אויפהערן צו זיין אָנגעקלעפּט צו דער וועלט פאַר אַ לאַנגער, לאַנגער צייט. ער וויל זיך אומקערן צום פּרימיטיוו. פעלט איסאַקן אַ ביסל כּוח זיך אויפצוהייבן און אַוועקגיי'ן פון זיידנס הויז? ער וועט עס מסתּם טון, אויב נישט היינט, איז מאָרגן.

און, צום טייוול, טאַקע דאָ אין דילענסי סטריט, אָט דאָ אין זיידנס שטוב, אין דזשייקאָבס שאָפּ, אויב נישט דאָ, איז אין אַן אַנדערער שאָפּ, און אַרבעטן שווער און אַהיימקומען און אַנידערפאַלן און אַנטשלאָפן ווערן שווער. און פאַרוואָס נישט קאָנען זיך דאָ אומקערן צום פּרימיטיוו? אָדער פאַרקערט, זיך פּרוּוון דערהויבן צו אַן אומגעהייערער מדרגה? וואָס לאָקערט אים אַזוי דאָס פּרימיטיווע? ער גיט שוין זיך איבער אינגאַנצן, אין דער מחשבה געוויינלעך, צום פּרימיטיוון. מיט וואָס איז דאָס פּרימיטיווע אַזוי שיין? עס איז אפשר שיין פאַר די, וואָס ווייסן נישט, אַז זיי זענען פּרימיטיוו. אָבער וואָס וועט ער דערגרייכן מיט פאַרגרעבטע הענט און מיט דער אָפּגעריסנקייט פון דער וועלט? עגאָיזם, דאָס אַלץ! און פון ווען אָן שרעקט ער זיך פאַר דעם? עגאָיזם איז אפשר דאָס שענסטע געפיל בײַ דעם מענטש. אויב איר זענט נישט איינשטימיק מיט מיר, אַרט מיך נישט — טראַכט איסאַק צו זיך אַליין — מיר געפעלט. ער פילט אָבער נישט זיכער מיט זיך צי ער איז טאַקע, אָדער קאָן טאַקע זיין באמת אַן עגאָיסט. דאָס קרענקט אים שרעקלעך. עס איז פיינלעך פאַר אַ יונגן מענטש, ווי איסאַק איז, צו האָבן דאָס געפיל, אַז זיינע טעג גייען אַוועק מיט גאָרנישט. און ווען אַ מענטש איז יונג, פליען דאָך אַזוי גיך די טעג. ווער ווייסט, וואָס ער פאַרלירט, אָדער האָט פאַרלוירן, אָדער וועט פאַרלירן. עס איז קיין אונטערשיד. בײַ איסאַקן איז כּמעט נישטאָ קיין גרענעץ צווישן פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט.

די טעג פליען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איסאַקן צייגט זיך אָפּט, אַז ער שפּרינגט אַריבער אַ גאַנצן דור מיט יאָרן. צייטנווייז איז ער אַזוי ווייט פאַרפאָרן, אַז ער זעט זיך שוין אַלס אַלטעטשקן, ווי זיין זיידע מאַניס איז, אָבער אָן דעם בטחון. יאָ, זאָל זיין אין אַ גאָט! זאָל זיין דאָך

פֿאַרבונדנקייט צו אַ פֿאָלק! יאָ, וואָס מען זאָל עס נישט רופֿן. עפּעס! צוויואָס וועט ער זיין צוגעבונדן? אין גאָט גלויבט ער נישט; קיין פֿאָלק איז פֿאַר אים נישטאָ. עס איז נישטאָ קיין יידיש פֿאָלק! עס זענען דאָ יידן. דאָס אַלץ. יידן. האָט קאָלומבוס געפֿונען אַמעריקע, זענען זיך מיישב יידן און קומען אַהער קיין אַמעריקע. זאָל מאָרגן, אָדער, לאָמיר זאָגן, אין הונדערט יאָר אַרום, אַ מענטש, אַ שפּאַניער אָדער אַ פּאָרטוגעזער אַנט-דעקן אַ נייע ערד, וועלן אַהין אויך קומען יידן און זיך באַזעצן. יידן פֿון פּוילן, יידן פֿון רוסלאַנד, יידן פֿון גאַליציע און יידן פֿון טערקיי, און זיי אַלע מישן זיך אויס. יעדער טראָגט אַריין זיין ביסל היימישקייט, און עס ווערט אויסגעמישט. און עס קומט אַרויס עפּעס אַזוינס, וואָס עס איז נישט טערקיי, נישט רוסלאַנד, נישט פּוילן און נישט גאַליציע, און אויך נישט יידיש, ווי נישט יידיש, יידן זענען דאָ אין אַמעריקע! און פֿון דעם אויסמישעכץ וועט דאָך קיין יידיש פֿאָלק נישט אויסוואַקסן. בעסער אַזוי, טראַכט איסאַק, בעסער אַזוי. ווי איז אים, צוואָס ער איז דערגאַנגען! עס וואָלט איצט באַדאַרפֿט קומען אַ נביא, וועלכער זאָל אַרויס אין די גאַסן און שעלטן און וויינען און קלאָגן, אַז עס וועט נישט אויסוואַקסן קיין יידיש פֿאָלק.

שעלטן און וויינען און קלאָגן! אָבער דערווייל, איידער דער נביא קומט, איז אים דאָך פֿאָרט נישט גוט. דאָס הייסט, אַז איסאַק טוט אַ טראַכט וועגן דעם, אַז ער וועט אַמאָל בלייבן ווי אויפֿן וואַסער, אי אָן אַ גאָט און אויך אָן אַ פֿאָלק, ווערט אים די גאַנצע זאַך שטאַרק אומהיימלעך. און ער איז פֿאָרט מקנא זיין זיידן מאַניס. ווהין זיין זיידע קומט, איז ער ווי בא זיך אינדערהיים.

אַ קליין ביסל פֿאַרשימלטע ספֿרים. צוויי מעשענע לייכטער. דער באָבעס טייטש-חומש. אַן אויסגעבייט טישטוכל צוצודעקן די מצות, ווען עס קומט פּסח. אַ טלית-זאַק מיט אַ פֿאַרגעלטן טלית, אַ פּאָר תּפֿילין, אַ מעשן חנוכּה-לעמפּל און אַ קליין זילבערן בעכערל צו מאַכן קידוש. דער זיידע שערט נישט זיין באָרד. די באָבע באַקט קוילישן אויף שבת. בענטשט ליכט פֿרייטיק צו-נאַכט. דער זיידע מאַכט הבדלה שבת-צו-נאַכטס. און דער זיידע גייט אַרויף אויף דעם אַמעריקאַנישן דאַך, מחדש זיין די לבנה. שבת רוט דער זיידע, און די באָבע אויך. אַ גאַנצן טאָג ברענט דער גאַז הינטער אַזאַ בלעכערנער טאַץ. דאָס נאַרט מען אָפּ דעם

רבונו של עולם. דער גאַז ברענט כּדי אָנצוואַרעמען די בלעכערנע טאַץ. אָבער דאָס, וואָס עס שטייט אויף דער בלעכערנער טאַץ, אַ טשייניק מיט וואַסער, האָט גאָרנישט צו טון מיט דעם גאַז. די בלעכערנע טאַץ היצט זיך אַ גאַנצן טאָג אויף דעם גאַז־פייער. און דערווייל זידט דאָס וואַסער אין טשייניק און עס איז דאָ אַ גלעזל וואַרעמס, טיי. דער זיידע און די באָבע טרינקען טיי, שבתדיקע טיי, און דער זיידע מאַניס היט אָפּ שבת און רוט זיך אויס און שלאָפט זיך אויס און זאָגט זיך אָן ווי אַ פּויק מיט אַלערליי מדרשים און קאַפּיטלען תהילים און חומש מיט רש״י און אַ שטיקל אור החיים. און די באָבע שבע לייענט די סדרה פון טייטש־חומש. לייענט אַזוי שנעל, ווי זי וואָלט געגאַנגען אויף אַ רידעוואַטן וועג. און דער זיידע מאַניס שרייט אויף איר אָן און פאַרריכט איר אַלע מאָל דאָס שווערע וואָרט. און אַזוי גייט אַוועק דער שבת. און עס קומט די וואָך — ווידער אַמאָל גאַנצקייט. באַטאָג איז דער זיידע אין שאָפּ און די באָבע אינדערהיים. אין אָוונט זענען זיי ביידע אינדערהיים. נאָך וועטשערע גייען זיי ביידע אַ ביסל אַראָפּ אויף שפּאַציר. זיי גייען ביידע און קוקן אין די פענצטער פון די קראָמען. קוקן אויף מענטשן. דאַכט זיך, זיי זעען אַלץ. זיי לאָזן נישט פאַרביי קיין זאַך. אָבער זיך אַליין זעען זיי נישט. עס איז גוט דאָס, וואָס מענטשן זעען זיך נישט אַליין. דער זיידע מיט דער באָבען קומען שפּעט אין אָוונט צוריק אַהיים און טרינקען טיי, און מען לייגט זיך שלאָפן. פאַרדאָן! נאָר די באָבע לייגט זיך שלאָפן. דער זיידע טרייבט זי, אַז זי זאָל שוין גיין אין בעט. ער אַליין דרייט אַ ביסל אַריין די גאַז־באַלייכטונג טונקעלער. ער זעצט זיך באַם טיש און שרייבט אין אַ קליין ביכעלע. שרייבן, שרייבט ער מיט רש״י־כּתב, און זיינע שורות זענען גלייך ווי מיט אַ ווירע.

און דאָס ביכעלע האַלט ער ערגעץ באַהאַלטן. קיינער טאָר אין דעם נישט אַריינקוקן. עס איז זיין סוד. עס איז זאָגאַר זייער אַ וויכטיקע מיסיע באַ אים. איסאַק האָט שוין נאָכגעפאָרשט אַ סך מאָל און איז געקומען צו דעם פאָלגענדן: די אַרבעט, וואָס דער זיידע טוט, איז אַ וויכטיקע. אַז די אַרבעט האַלט אים אויף גייסטיק; אַז נישט נאָר האַלט זי מאַניסן אויף גייסטיק, נאָר זי ווירקט אויך אומדירעקט אויף שבען. זי, די באָבע שבע, איז זייער שטאָלץ פון דער אַרבעט, וואָס דער זיידע מאַניס טוט. און זי האָט מורא צו רעדן אפילו מיט איסאַקן וועגן דעם.

עס איז דאָ אַזויפֿיל סודות אַרומגעוויקלט אַרום דער אַרבעט, אַז דער זיידע מיט דער באָבען אַפילו רעדן וועגן דעם אויך נישט. זיי פֿאַרשטייען זיך אויף דעם ווונק.

איסאַק באַמערקט אַמאָל, אַז דער זיידע איז זייער שטאַרק פֿאַרטראַכט, אַזוי שטאַרק פֿאַרטראַכט איז ער, אַז ער הערט נישט, וואָס מען רעדט צו אים. דעמאָלט ווינקט די באָבע שבע צו איסאַקן און מאַכט מיט איין האַנט אַוועק אַן אַ זייט אַריין, וואָס דאָס מיינט: „לאָז אים אָפּ". אָדער: „האַלט זיך פֿון אים אָפּגעטיילט". די באָבע אַליין רעדט דעמאָלט צום זיידן זייער ווינציק. אַז זי באַדאַרף עפּעס זאָגן, מעג זיין אַ זאַך, וואָס זי וויל זאָגן צו אים אַליין, וועט זי אויך נישט רעדן צו אים פּערזענלעך, נאָר זי וועט אַ זאָג טון אין דער לופֿטן אַריין, אַזוי ווי זי וואָלט גערעדט צום סטעליע, אָדער צום קוימען פֿון אויוון. און בשעת דער זיידע פֿראַוועט זיינע פֿאַרטראַכטענישן, און איז בשעת מעשה אַזוי אויסגעטון פֿון איטלעכן, דעמאָלט איז די באָבע מלא שמחה. עס קוועלט אין איר די פֿרייד. יעדער גליד אין איר איז פֿול מיט האָפֿנונגען: האַ, איצט האָט ער עס דערטראַכט. איצט איז געקומען די אמתע מינוט.

און אַן אַנדערטמאָל הערט זיך איסאַק צו ווי אַזוי דער זיידע זיצט באַם טיש און מיט ביידע הענט איז ער אָנגעשפּאַרט אָן טיש, און עס גייט נישט. דער זיידע קרעכצט און עס פּייניקט אים עפּעס. און דאָס געוויכט פֿון זיינע הענט ליגט שווער אויף דעם טיש און דער טיש קרעכצט אויך. עס איז שטיל אין שטוב. איסאַק האַלט אָפֿן זיינע אויגן און קאָן נישט אויפֿלעזן דאָס געהיימניש. וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אַרבעט, וואָס דער זיידע טוט? וואָס שרייבט ער דאָרט אין דעם ביכל?

אָבער ווען איסאַק זאָל פּרווון אַ פֿרעג טון באַ מאַניסן, וואָלט ער אים באַלד געזאָגט.

מאַניס האַלט שטאַרק פֿון איסאַקן. מאַניס גלייבט, אַז אין איסאַקן איז דאָ עפּעס צו אים אַליין. מאַניס געדענקט זיך, ווען ער איז געווען אין איסאַקס יאָרן, פּונקט אַזוי איז איצט איסאַק. און ער האָט אים ליב מיט אַן אומבאַשרייבלעכער ליבע. עס איז קלאָר אויפֿגעשריבן אין דעם ערשטן בלעטל פֿון ביכעלע, אַז אויב מאַניס וועט אַוועקגיין אויף יענער וועלט, זאָל מען דאָס ביכעלע איבערגעבן איציקלען. אויב די אַרבעט וועט זיין שוין פֿאַרענדיקט, איז דאָך גוט. דעמאָלט זאָל איציקל נאָר

זיך מטריח זיין און דאָס ביכעלע אָפּדרוקן אין אַ דרוק און צעטיילן צווישן יידן. אויב אָבער מאַניס וועט אוועקגיין פון דער וועלט, איידער דאָס ביכעלע וועט זיין פאַרענדיקט, זאָל איציקל זיך גוט פאַרטראַכטן און איבערלייענען און זיך פאַרטיפן אין דער אַרבעט און פרווון פאַרענדיקן, אַזוי ווי זיין זיידע מאַניס האָט זיך פון אָנהייב אָן אונטערגענומען.

מאַניס האָט זיך באַוואָרנט מיט אַ צוואה דערפאַר, וואָס ער האָט געקוקט אויף זיין אַרבעט, ווי אויף עפּעס אַ הייליקער זאַך. קיין געלט האָט ער דערפאַר נישט געוואָלט. כבוד האָט ער נישט געוווּסט, צי עס קומט אים. ער איז דאָ איצט אין אַ ניי לאַנד. אַנדערע יידן זענען דאָ אויך פאַראַנען. ווי ער האָט פאַרשטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט געזען אַרום זיך, זענען דאָ די יידן געווען שטאַרק פאַרגרעבט. ווער איז געקו־מען קיין אַמעריקע? אַנטלאָפענע גנבים, אַנטלאָפענע אָנזעצער, אַנטלאָפע־נע סאָלדאַטן. אַלע זענען דאָ אַנטלאָפענע. דאָ זענען זיי געקומען אין איילעניש. דאָס ביסל, וואָס מען האָט געקאָנט, האָט מען מיטגענומען. דאָס בעסטע האָט מען פאַרגעסן דאָרט ערגעץ. דאָ אין דער פרעמד, איז נישט גוט אין אָנהייב. אַ ניי לשון. נישט נאָר דאָס קליידונג, נאָר אויך די הויט איז אַנדערש. דאָ אַ שטייגער זעט מען נישט, אַז אַ מענטש זאָל האָבן רויטע באַקן. דאָ זענען אַלע בלייך און ווייס, ווי קרייד. דאָ אַ שטייגער, זעט מען נישט, אַז אַ מענטש זאָל האָבן צייט צו לערנען זיינע קינדער גוטע מידות. דאָ אַ שטייגער, קען נישט איינער דעם אַנדערן. דאָ איז דער זומער אַנדערש און דער ווינטער אויך. דאָ איז אויך, דאַכט זיך, די לבנה נישט אַזוי ווי אינדערהיים. מאַניס איז דאָ אַ ביסל צעמישט. דאָרט האָט ער געוווּסט, ווען מען באַדאַרף מחדש זיין די לבנה. דאָ אין אַמעריקע, ווייסט ער נישט. עס דאַכט זיך אים, אַז עס איז אַ קופּערנע שיסל, נישט קיין לבנה. און די מזרח־וואַנט שטייט דאָ נישט אויף דעם אמתן אָרט. מאַניס ווערט משוגע, ווען ער טוט אַ טראַכט, וויפיל אַנדערש, זאַכן זענען דאָ. איז שוין עפּעס אַ וווּנדער, וואָס מען ווערט דאָ פאַר־גרעבט? מען זעט דאָך סיי ווי, אַז עס איז דאָ אַלץ איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. וואַרפט מען פון זיך אַראָפּ דעם יאָך און מען טוט, וואָס עס לאָזט זיך גרינגער. מען ווערט פויל; מען איז אויסגעטון פון אַלץ, וואָס האָט צו טון מיטן הימל. גאָלע ערד, דאָס אַלץ, וואָס מען קען אָנטאַפּן מיט די פיס.

מאַניס האָט דאָך אָבער אַ בטחון. ער גלויבט באמונה שלמה, אַז
נישט הײַנט, איז מאָרגן, וועט די אַמעריקאַנער לבנה זײַן אַ לבנה. דאָס
אויג וועט זיך צוגעוווינען און עס וועט זײַן אַ לבנה. די מזרח־וואַנט וועט
שטיין דאָרט, ווו זי באַדאַרף. און ייִדן וועלן זיך מערן אַזוי ווי די שטערן
אין הימל. און זיי וועלן זיך אַרומקוקן, אַז זיי זענען דאָ אין אַמע=
ריקע אַ סך און אָן אַ צאָל און עס וועט זיי אויסקומען אַזוי, ווי
עס איז בײַ זיי עפּעס לייִדיקלעך. דאָ זענען זיי דאָ, און זיי האָבן גאָר=
נישט, וועלן זיי אָנהייבן צו זוכן עצות, מיט וואָס אויסצופֿילן די ליי=
דיקייט.

ווייטער פֿון דעם קאָן שוין מאַניס נישט אַריבערשפּרינגען. דאָס הייסט,
ער האָט נאָר כּוח צו באַטראַכטן, וואָס עס וועט זײַן, אָבער קלאָר זיך אָפּ=
געבן דערמיט, קאָן ער נישט.

מאַניס איז צופֿרידן מיט דעם, וואָס ער שרײַבט זײַן קליין ספֿרל.
ער איז בטבע קיין גרויסהאַלטער. ער רופֿט זײַן קליין ספֿרל מיט דעם
נאָמען פֿון אַן אַלטן ייִדישן ספֿר. אָבער ער גיט אָן פֿון אויבן, אַז זײַן
ספֿרל איז גאָר אַ קלייִנער פּרוּוו פֿון דעם, וואָס יענץ ספֿר האָט אויפֿגע=
בויט, אָבער אַזוי ווי דאָס, וואָס יענץ האָט אויפֿגעבויט, איז איצט חרוב
געוואָרן, וועט זײַן ספֿרל ווידער פּרוּוון אויפֿשטעלן עפּעס אַ נײַעם בנין
בײַ ייִדן.

אין דעם ספֿרל זײַנעם גיט זיך מאַניס אָפּ מיט אַרבעטער און באַ=
לעבאַטים. פֿריער פֿון אַלץ איז בײַ מאַניסן אין ספֿרל דאָ איין גרויסער
באַלעבאָס, וועלכער איז דאָרטן אויבן. דערנאָך זענען דאָ אויף דער ערד
צווייערליי באַלעבאַטים און צווייערליי אַרבעטער: ייִדן און גויים. דערנאָך
גייט בײַ מאַניסן אַזוי: פֿריער קומען די ייִדישע אַרבעטער און דערנאָך
גוייִשע. אָדער פֿאַרקערט: פֿריער ייִדישע באַלעבאַטים און דערנאָך גוייִשע.
און, למשל, אויב אַ ייִדישער אַרבעט בײַ אַ גוייִשן באַלעבאָס,
זענען זײַנע וועגן אַ סך מער פֿאַרצוימט, ווי די פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער,
וואָס אַרבעט בײַ אַ ייִדישן באַלעבאָס.

און ווידער, אויב אַ גוייִשער אַרבעטער אַרבעט בײַ אַן ייִדישן באַ=
לעבאָס, זענען שוין די וועגן פֿון דעם ייִדישן באַלעבאָס מער פֿאַרצוימט,
ווי ווען עס וואָלט בײַ אים געאַרבעט אַ ייִדישער אַרבעטער.

מאַניס האָט באַשייַנפּערלעך געזען איצט, וואָס עס וועט זײַן שפּע=

טער מיט יאָרן. ער האָט, ערשטנס, געזען, אַז שפּעטער מיט יאָרן וועט די יידן דאָ אין אַמעריקע אינגאַנצן אויסקומען צו ציען זייער חיונה נאָר פון מלאכה. נאָר אַזוי ווי עס קאָן דאָך נישט זיין קיין מלאכה אָן אַ באַלעבאָס, וועלן מוזן זיין באַלעבאַטים. אַז עס זאָל מאַניסן איינפאַלן אַ טראַכט צו טון, טאָמער, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, אפשר וועלן אַלע ווערן באַלעבאַטים. ניין, דאָס האָט מאַניס נישט געטראַכט. אַזאַ זאַך, וואָס איז אים אַליין נישט געקומען אויף דער מחשבה, האָט מאַניס נישט געקאָנט אָנהערגען עמעצן אַנדערש.

אין וויבאַלד אַלע וועלן מוזן אַרבעטן, וועט דאָך אויסקומען, אַז מענטשן וועלן ווערן אַזוי בזיל-הזול חלילה, אַז מען וועט זיי זען ווי זיי וואַלגערן זיך אין די גאַסן. עס קאָן נאָך דערגיין, אַז מען זאָל אָנהייבן דאָ אין אַמעריקע פאַרקויפן מענטשן אין מאַרק. פריער, פאַרשטענדלעך, וועט זיך יעדער איינער פרוּוון זיך אַליין פאַרקויפן. וועט עס דערנאָך דערגיין צו דעם, וואָס איינער וועט אָנקויפן אַ סך מענטשן און וועט זיי דערנאָך פאַרקויפן צו עמעצן אַנדערש.

דעריבער וואָרנט מאַניס, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער, וואָס איז דער באַלעבאָס, האָט ער דאָך מסתּם געלט, זאָל ער נישט מיינען, אַז ער איז דאָס אויבערשטע פון שטייסל; זאָל ער נישט מיינען, אַז ער האָט די גאַנצע חכמה און אַז אים אַליין קומט כּבוד.

כּבוד, וואָרנט מאַניס, קומט קיינעם נישט, נישט דעם, וואָס פאַרמאָגט געלט און נישט דעם, וואָס איז אַ חכם. פאַרקערט, מען זאָל זיך בעסער פאַרטראַכטן און באַרעכענען, אַז אפשר קומט אָפּצוגעבן כּבוד דעם האָרעפּאַשניק. מאַניס טראַכט אָבער, אַז כּבוד איז אַזאַ זאַך, וואָס מען באַדאַרף אינגאַנצן נישט האָבן. די וועלט קאָן זיך באַגיין אָן דעם. דער עיקר, וויל ער, אַז מען זאָל נאָר קוקן אויף דעם אַרבעטער ווי אויף אַ מענטש.

און נישט נאָר דאָס אַליין, די באַציונגען צווישן אַרבעטער און באַלעבאָס איז אים נוגע, נאָר אויך אַ טיפערע מחשבה, וועלכע מאַניס האָט פּלוצלינג פון זיך אַליין פאַרטראַכט. מען זאָל אים געווען עמעצער זאָגן, איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע, אַז ער וועט זיך דאָ אין דילעטי סטריט אַנידערזעצן און שרייבן אַ ספר, וואָלט ער פון יענעם געוויס זיך אויסגעלאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער.

מאַניס איז געקומען צו דער מחשבה פון שרייבן אַ ספר פּלוצלינג און אומדערוואַרטעט. עס איז אַזוי געווען: עס איז אים נישט גוט. נו, איז וואָס, ווינציק מענטשן זענען פאַראַן, ווען עס איז נישט גוט? אים, מאַניסן, איז אָבער נישט גוט פּשוט, ווי מען זאָגט, איבער דעם קאָפּ אַרי־בער. ער איז דאָ אין דילענסי סטריט פרעמד. אַ סך מאָל האָט ער גע־טראַכט, וואָס עס וואָלט אַ שטייגער געווען, ווען ער טוט פּלוצלינג אַ שטאַרב אַוועק. עס איז אים דעמאָלט באַפאַלן אַ שרעק. עס איז ביטער צו לעבן אין דער פרעמד, אָבער עס איז נאָך ביטערער צו שטאַרבן אין דער פרעמד. און מאַניס איז נישט מער, ווי אַ מענטש און אַ מענטש וויל דאָך נישט, אַז מען זאָל נאָך זיין טויט באַלד אָן אים פאַרגעסן. אַזוי איז מאַניס אויך אַרומגעגאַנגען און נאָר געטראַכט פון דעם, אַז נאָך זיין טויט וועט קיינער אפילו נישט זאָגן אַ וואָרט וועגן אים. אָבער דאָס איז נאָך געווען פון די קליינע דאגות. וועט מען נישט זאָגן אַ וואָרט וועגן אים. אָבער מאַניס האָט זיך געשראָקן פאַר יענער וועלט. ער איז אפילו געווען זיכער, אַז ער איז שוין גענוג אָפּגעקומען דאָ אויף דער וועלט. אָבער טאָמער טוט מען אים אַ פרעג, וואָס האָסטו דאָרט עפּעס אויפגעטון, ר׳ מאַניס? ער האָט אַליין אפילו געהאַט דאָרט אין הימל גאַנצע דורות מיט צדיקים. זיין משפחה האָט זיך געיחסנט אַזש ביז צום מהר״ל פון פּראָג. און זיין עלטער־זיידע, נחום דעם תהילים־זאָגער, דער פּראָסטער תהילים־זאָגער אַליין איז געווען גענוג. אָבער מאַניס האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף יענעם. און עס האָט אים געטון פּלוצלינג אַזוי ווי אַ ברען מיט אַ פונק פייער און באַלד איז בא אים געבוירן געוואָרן די מחשבה פון שרייבן אַ ספר.

ער ווייסט, אַז קיינער באַדאַרף נישט זיין ספר. אָבער אים אַליין איז דאָס ספר אַזוי נייטיק, אַזוי ווי עס איז נייטיק פאַר אַ מענטש לופט צום אָטעמען. נישט קוקנדיק, וואָס עס איז אים אָפטמאָל זייער נישט גוט, טוט ער זיך אָבער באַלד אַ דערמאָן — אוי, איך שרייב דאָך אַ ספר. און עס ווערט אים ווידער גוט. אמת, קיינעם פעלט נישט אַזאַ ספר. אָבער בשעת מאַניס זעצט זיך אַמאָל אַנידער און שרייבט מיט די קליינע אותיות־לעך פון רש״י־כתב, איז ער דעמאָלט אין זיבעטן הימל. ער הייבט זיך אויף פון דער ערד און אין יעדער אות גיסט ער אַריין זיין ביטער האַרץ. און פון יעדער אות ווינקט צו אים אַרויס אַ האָפנונג און אַ דערלייכטע־

רונג. ער טיילט זיך דעמאָלט אָפּ פון דער זינדיקער ערד און איז מוחל אַלע שלעכטע מענטשן. און עס אַנטפּלעקן זיך פאַר אים סודות, וואָס קיין שום בן־אדם ווייסט פון זיי נישט. ער זעט, וואָס עס טוט זיך אין יעדן מענטשס נשמה און איז מסוגל אַריינצוּבלאָזן אין דעם וואָרט דעם לעבע־דיקן אָטעם פון אַ מענטשס לעבן. און ער שפּאַנט אַרום דער וועלט, און די וועלט איז דעמאָלט פאַר זיינע אויגן און ער שטייט און קוקט אויף איר. און אָט איז ער אויף דער ערד. און אָט מיט איין שפּרונג שפּאַנט ער אַרויף אין הימל. און מיט איין שפּרונג איז ער צוריק אויף דער ערד. ווי, ווי קליין ער איז בא זיך, אַז ער פילט אפילו נישט, אַז ער איז דאָ. ער הערט אויף צו זיין און ער באַהעפט זיך מיט דער מחשבה און גיט זיך איבער אין אירע הענט — דאָס אַלץ און זיכער נאָך מער פילט מאַ־ניס, בשעת ער שרייבט זיין ספר.

און ער האָט צו קיינעם נישט קיין טענות. ער וויל דערפאַר גאָר־נישט. וואָרים וויבאַלד עס איז אים אַזוי באַשערט, נעמט ער עס אָן מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ. און ווער איז ער דען אַזעלכע־, אַז ער זאָל זיך דערוועגן אַרויסצולאָזן אַ פּיפּס אָדער אַ שלעכט וואָרט קעגן זיין גורל? און וואָס וואָלט אים שוין דען בעסער געווען, ווען ער האָט אַ שענערן גורל דאָ אויף דער וועלט?

און ווען עס איז טאַקע בא אים אַליין אין די הענט אויסצוקלויבן זיין אייגענעם גורל, ווייסט ער אויף געוויס, אַז ער וואָלט זיך געשעמט אויסצוקלייבן פאַר זיך דאָס בעסטע. ער וואָלט אפשר אויסגעקליבן נאָך אַן ערגערן גורל פאַר זיך.

מאַניס האָט איצט זייער אַ סך צייט צו טראַכטן וועגן זיין ספר. אין שאַפּ איז נישטאָ קיין מלאכה. זיצט ער אין אַ ווינקל פון שאַפּ און טראַכט וועגן אַ וואָרט אָדער וועגן אַ גאַנצער שורה, אָדער וועגן אַ גאַנצן ענין. מאַניס מישט זיך נישט אויס מיט די אַרבעטער אין שאַפּ. און זיי שטערן אים נישט. נישט דערפאַר, וואָס די אַרבעטער ווילן אים נישט שטערן, נאָר דערפאַר, וואָס זיי באַמערקן אים נישט. מאַניס איז פאַר זיי כמעט אַזוי ווי נישטאָ.

די אַרבעטער סודען זיך וועגן עפּעס. סעם, דער הויכער, האָט גע־האַלטן אַזאַ דרשה פאַר די אַרבעטער. פאַרשטענדלעך אויסגעקליבן אַזאַ צייט, ווען דער באַלעבאָס איז אין שאַפּ נישט געווען.

— ליסען, חברה — האָט סעם אויסגעשטרעקט איינעם פון זיינע גראָבע פינגער צו דער סטעליע — ליסען, אַזוי ווי דער באָס איז איצט נישטאָ, וויל איך באַ אייך פרעגן, וואָס עס וועט זיין דאָ דער סוף, די ענדע, מיין איך. קיין אַרבעט איז נישטאָ. פאַרדינען פאַרדינט מען נישט. רענט דאַרף מען צאָלן. דעם „אומגליק" פיידע באַדאַרף מען ברענגען — און וואָס טראַכט איר צו טון? איר האָט מיך אויסגעקליבן אַלס אייער דע־לעגאַט. רעד איך צו אייך אין אייער נאָמען — אַ נאָמען נאָך אייך — וואָס שווייגט איר? דאָס לעצטע האָט סעם שוין אַן אויפגערעגטער אויסגע־שריגן — וואָס שווייגט איר?!

— וואָס דען זאָל מען טון? — האָט געפרעגט דער רויטער און קרום געטון אַ קוק צו מאַניסן, וועלכער איז געזעסן אין אַ ווינקל.

— טאָקע, בראָדערס און סיסטערס, וואָס זאָלן מיר טון? — האָט טשאַלי, דער שטעפער, זיך אָנגערופן.

— מען באַדאַרף אַרויס מיט לשון — האָט סעם אַרייגעשאָסן מיט כעס.

— לאָמיר זען, דו ביסט דאָך עפּעס אַ דעלעגאַט, פאַרוואָס רעדסטו נישט מיט דזשייקאָבן.

— וואָס וועט העלפן דאָס רעדן — האָט סעם זיך געהיצט — אַז עס איז נישטאָ קיין מלאכה. דער שאַפּ גייט אונטער און דאט׳ס אָל; געפגרט דער שאַפּ. זאָל ער פאַרפוילט ווערן.

— טאָ וואָס־זשע ווילסטו פון אונז?

— איך וויל וויסן. וואָס מיר זאָלן טון? — האָט סעם אָנגעשטעלט אַ פּנים, ווי באַ אַ האָן, וואָס איז פאַרטיק צום שלאָגן זיך.

— וואָס דער דעלעגאַט וועט הייסן, וועלן מיר טון — זאָגט דער רויטער מיט אַ קווייטשיקל אין זיין שטים.

— איך הייס אייך אַלע גיין אין דער ערד אַריין — טאָקע שוין! — האָט סעם באַלד צום רויטן אָפּגעענטפערט.

— קאָן איך זיך אַריינמישן? — האָט פון דער זייט זיך אָנגערופן איסאַק.

— ניין! דו ביסט אַ גריגער. שאַראַפּ! — האָט סעם באַלד איסאַקן איבערגעשלאָגן די רייד.

— לאָמיר הערן, טאָקע אַ גרינער, אָבער אפשר האָט ער אַ גוט וואָרט אָדער אַ גוטע עצה — האָט טשאַלי געזאָגט.

— נו, לאָמיר הערן! — שטימט איין סעם, דער דעלעגאַט.

— איך וויל וויסן, וואָס דאָ איז — האָט איסאַק אָן אויפגערעגטער און אַ דערשראָקענער, מיט אַ ציטער אין זיין קול, געזאָגט — וואָס איז דאָ? זענען דאָ אין ניו־יאָרק מער קיין שעפּער נישטאָ!

— מאָווי, מאָווי, מאַק! אַנדערע שעפּער — האָט סעם געזאָגט און פאַרקרימט זיין פּנים — אין די אַנדערע שעפּער זענען דאָך דאָ אַנדערע אַרבעטער. קאָלומבוסעס באָרדער וואָס דו ביסט. אַזאַ מזל האָט שוין קאָלומבוס צו די קלוגע באָרדערס. כאַ, כאַ, כאַ. זאָג נאָר, דו גרינער פּאָנעמע, קאָנסט שוין האַלטן אַ פּרעסל אין האַנט? — האָט זיך סעם געווענדט דירעקט צו איסאַקן.

— און אַז נישט?

— קאָנסט נישט.

— און אַז נישט?

— שאַראַפּ! מאַנדזשוראַם ביזנעס!

איסאַקן האָט שטאַרק פאַרדראָסן אַזאַ מין באַציונג פון אַרבעטער צו אים. נאָך אַלעם, איז ער דאָך איינער פון זיי. ער איז נאָך נישט קיין גוטער מעכאַניק, אָבער ער איז דאָך אויך דאָ אין שאַפּ און עס רירט אים אויך אָן, אַ ביסל ווינציקער, אָבער עפּעס טוט דאָך אים אויך וויי. ער האָט פון אַ האַרץ, פול מיט ווייטיק, אַריינגעשריגן אין שאַפּ אַריין:

— און אַ שטרייק קאָנען מיר נישט מאַכן!

— אַ וואָס?! — האָט סעם צוגעלייגט אַ האַנט צום אויער, ער זאָל בעסער קאָנען הערן, וואָס איסאַק זאָגט. ער האָט אפילו געהערט, וואָס איסאַק האָט געזאָגט, נאָר צוליב חוזק מאַכן, האָט ער צוגעלייגט אַ האַנט צום אויער.

— אַ שטרייק! אַ סטרייק, ווי מען רופט עס אין ענגליש! — זאָגט איסאַק און זיינע גרויסע ברוינע אויגן ווערן בשעת מעשה גרויס און דערשראָקן פון דעם, וואָס עס האָט געטון אַ ווייע פון דעם וואָרט סטרייק...

— וואָס מיינט עס? — פרעגט איבער סעם מיט איראָניע אין זיין שטים.

— עס מיינט... נו, איר ווייסט, וואָס עס מיינט...

— ווייסטו, טשאַלי? — ווענדט זיך סעם צו טשאַלין.

— ניין!

— ווייסטו, רויטער אינדיק, וואָס ס׳מיינט?

— פונוואַנען זאָל איך וויסן?

— היי, מיסטער מאָניס, מיסטער מאָניס! — שרייט סעם.

— הערט! — שפרינגט צו איסאַק צו סעמען — איר זענט שטאַר־קער פון מיר, אָבער מיט מיין זיידן וועל איך אייך נישט לאָזן מאַכן קיין שטיק! — איסאַק האָט געהאַלטן אַ ציטערדיקן קולאַק גלייך אונטער סעמס אויגן.

סעם האָט געטון אַ שמיר מיט זיין האַנט איבער איסאַקס ציטער־דיקן קולאַק און אים אַראָפּגעשטופּט נידעריקער צו דער ערד.

— דו גרינער!... די שיף שמעקט נאָך פון דיר!... איך האָב ליב דיין זיידן, ווי ער וואָלט געווען מיין אייגענער זיידע. איך האָב נאָר געדזשאָקט... מיינסט טאַקע אין אמתן, אַז כ׳ווייס נישט, וואָס שטרייק איז. אַז די בעקער שטרייקן, האָט עס כאָטש אַ ריזאָן. אָבער אַז מיר וועלן שטרייקן, וועט זיך דען די וועלט איבערקערן? ווער וועט האָבן סימפּאַטיע מיט אונז?... קען יו ביט איט, מיר ווילן ער מאַכן אַ בלוי אויג... האָסט לאַק, וואָס בין איך אין דיין זיידן איינגעליבט.

איסאַק איז געווען זייער אויפגערעגט און עטלעכע פון די אַרבע־טער זענען געשטאַנען אַרום אים און באַשיצט און אָפּגעטיילט פון סעמען, און דער רויטער האָט זיך געביסן די ליפּן פון גרויס נחת.

## מ.

# שונאים

נאָכדעם ווי מאַניס איז געוואָרן פון זיין אייניקל איסאַקן, וואָס עס הייסט שטרייקן, איז אים דער ענין שטרייקן שטאַרק נישט געפעלן.

עס איז געווען נאָך וועטשערע באַ מאַניסן אין שטוב. שבע איז געזעסן אויף איר בענקל, וואָס איז אַלע מאָל געשטאַנען נאָענט לעבן אייזערנעם אויוון. דאָס געפעס איז נאָך נישט געווען אויסגעוואַשן. און באַם טיש זענען געזעסן דריי מאַנסבילן: מאַניס, איסאַק און אייברעם. איסאַק און אייברעם זענען געזעסן אַז היטלען אויף די קעפּ. און מאַניס האָט געטראָגן אַ סאַמעטענע יאַרמולקע, שטאַרק פאַרהויבן איבער העכער אַ האַלב פון זיין קאָפּ. און זיין גרויסער שטערן האָט איצט אויסגעוויזן נאָך גרעסער ווי ער איז. די הויט פון שטערן פול מיט קליינע קנייטשן אין דער ברייט און אויך אין דער לענג. און פונקט אינמיטן פון מאַניסעס שטערן איז געווען אַ טיפער קאַרב, וואָס איז געלאָפן אין אַ גלייכער ליניע מיט זיין נאָז. פון איין זייט פון אָט דעם קאַרב איז געזעסן אַ גרויסע בראָדאַווקע. אין דער בראָדאַווקע איז געלעגן אַ סך קלוגשאַפט.

אָבער מאַניס האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין די גערעכטיקייט פון אַ סטרייק.

— מר. מאַניס, — האָט אייברעם זיך אַריינגעמישט, — איר פאַרשטייט דען נישט, אַז אַרבעטער זענען אויך מענטשן? אַרבעטער ברויך

מען נישט טרעטן מיט די פיס. ווען איך בין אַן אַרבעטער, וואָלט איך זיי געוויזן, וואָס עס הייסט אַן אַרבעטאָרער!

— זיידע, איר זאָלט וויסן זיין, אַז סטרייק איז זייער מענטשלעך און יושרדיק. — האָט איסאַק געזאָגט מיט אַ וואַרעמער באַסאָווער שטים און מיט זיכערקייט. — עס זענען פֿאַראַן צוויי שונאים — דער אַרבעטער און דער באַלעבאָס. דער באַלעבאָס וויל מער אַרבעט פֿאַר דעם קלענסטן לוין; דער אַרבעטער, פֿאַרקערט, וויל דווקא אַרבעטן. ער וויל נישט אַרומגיין ליידיק. ניין. ער וויל שטענדיק אַרבעטן. אָבער פֿאַר זיין אַרבעט וויל ער אַ גוטן לוין. עס קומט אים!

— ווער זאָגט דען, אַז ניין? — כאַפּט אונטער מאַניס. און אין דער אייגענער צייט, האָט ער ווילד הנאה פֿון זיין אייניקלס רייד.

— איצט, זיידע, אויב איר גיט מיר צו, אַז דעם אַרבעטער קומט אַ גוטער לוין, פֿאַרוואָס־זשע זענען די באַלעבאַטים אַזוינע שונאים — דם שונאים דעם אַרבעטער. עס איז אפֿילו אין די באַלעבאַטימס נייטיקסטע אינטערעסן, אַז דער אַרבעטער זאָל זיין געזונט און זאָל קאָנען אַרבעטן; לאָזט זיך גאָר אויס, אַז זיי, דאָס הייסט, די באַלעבאַטים, זענען דעם אַרבעטער גאָר שונאים. און נישט נאָר ווילן זיי נישט באַצאָלן אַ לוין דעם אַרבעטער, נאָר זיי וואָלטן וועלן זעען, אַז דער אַרבעטער זאָל זיך אָפּאַרבעטן פֿון די כוחות וואָס גיכער און זאָל כאָטש אויסגיין פֿון הונגער.

— אמת — טראָגט־אונטער אייבערעם.

— פֿונוואַנען ווייסטו אָט די אַלע זאַכן? — וויל טאַקע מאַניס וויסן צי עס איז טאַקע אמת אָט דאָס אַלץ, וואָס איסאַק האָט דאָ נאָר־וואָס געזאָגט. — ביסט׳ך דיין גאַנץ לעבן קיין אַרבעטער נישט געווען. ערשט נאָר־וואָס געקומען קיין אַמעריקע און ערשט איצט אָנגעהויבן צו אַרבעטן — און ווייסט שוין אַזוי פֿיל.

— זיידע, איך האָב געלעזן.

— געלעזן? — האָט מאַניס זיך אָנגעשפּאַרט אָן ווענטל פֿון בענקל און זיך געווישט דעם שטערן מיט איין האַנט. — איך טראַכט אָבער, אַז עס איז נישט אַזוי. עס זענען מסתם טאַקע פֿאַראַנען שלעכטע באַלעבאַטים, אָבער עס זענען אויך דאָ שלעכטע אַרבעטער.

— איך גיב צו, אַז יאָ. איז וואָס ? וואָס איז דערפֿון געַ־דרונגען ?

— אָבער אַרבעטער זאָלן זיך צונויפֿנעמען און אָפּרעדן קעגן זייער באַלעבאָס, און אויב ער גיט נישט נאָך וואָס זיי ווילן, לייגט מען אַוועק די אַרבעט. דאָס איז שוין כמעט ווי רציחה.

— איר קאָנט עס רופֿן, וואָס איר ווילט, זיידע, אָבער עס איז דאָ שיינקייט אין דעם.

— באַ אונז אין אַמעריקע, — מישט זיך אַריין אייבערעם, — גייט נישט אָן קיין בלאָפֿס. דאָ שטרייקט מען — און דער באַלעבאָס מוז נעבעך זיך אונטערגעבן. איי מוז ער !

— איך פֿאַרשטיי נישט, — מישט זיך אַריין שבע פֿון איר ווינקל באַם אויוון, — איבער וואָס קריגט איר זיך ? — נאָר קיינער פֿון די דריי מאַנסבילן האָט נישט געהערט, וואָס שבע האָט געפֿרעגט. קיינער האָט שבען נישט געענטפֿערט.

מאַניס האָט אַ ביסל געטראַכט און דערנאָך האָט ער געזאָגט :

— עס איז פֿאַרט רציחה. מען נעמט יענעם אָן באַם גאָרגל און מען זאָגט אים : ווילסט נאָכגעבן, אַנישט ווערגט מען דיך. דאָס איז שוין רציחה.

— איר וועט עס נאָך אַליין טון, מר. מאַניס — רייצט זיך מיט אים אייבערעם.

— איך ? — קוקט אים אָן מאַניס — איך — קיינמאָל נישט.

— איר וועט בעסער ווערן.

— זיידע, איר וועט נישט אָפּשטיין פֿון אַנדערע — וועט איר ?

— עס האַלט נאָך נישט דערביי.

— לאָמיר זאָגן, אַז יאָ, אַז עס האַלט שוין דערביי, וואָס וואָלט איר געטון ? — פֿרעגט איסאַק.

— איך וואָלט... איך וואָלט... פֿאַרשטענדלעך, אַז איך וואָלט געהאַלטן מיט דעם גערעכטן.

— דאָס הייסט, חלילה, נאָך אייער מיינונג, אַז דער באַלעבאָס איז דער גערעכטער — וואָלט איר געהאַלטן מיטן באַלעבאָס ?

מאַניס האָט אָבער באַלד דערשמעקט אין איסאַקס טאָן, אַז דאָ מוז

זיין אַזאַ ענין, וואָס ער, מאַניס, פאַרשטייט אים נישט. מאַניס האָט דערפאַר זיך דערפילט זייער אומבאַהאָלפן און ער האָט זיך אפילו פאַרשעמט אויך, און ער האָט זיך אָנגערופן:

— פאַרשטענדלעך, אַז איך וואָלט געהאַלטן מיט מייניקע, דאָס הייסט מיט די אַרבעטער.

— אַזוי, האָב איך אייך, זיידע, ליב. — האָט איסאַק אויסגעשריגן פון פיל פרייד, הויך אויף אַ קול.

נאָך דעם שמועס איז מאַניס אַרומגעגאַנגען און אַליין נישט געוווּסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. אַז ער איז אַן אַרבעטער, האָט ער געוווּסט; אַז ער זיצט אָפּ טעג אין שאָפּ, איז אים אויך קלאָר געווען. ער האָט באַמערקט, אַז די איבעריקע אַרבעטער אין שאָפּ סודען זיך. האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס מען דערציילט אים אויך נישט. ער האָט זיך אפילו געפילט דערשלאָגן, פאַרוואָס מען היט זיך און מען דערציילט אים גאָרנישט. פרעגן באַ זיי, האָט ער נישט געוואָלט. עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי, די אַרבעטער, האָבן אים, מאַניסן, הייסט עס, שוין מבטל געווען. און עס האָט אים שטאַרק געקלעמט באַם האַרץ פון דעם געפיל, אַז ער מוז שוין זיין אַלט. ער האָט זיך אָבער צוריק אויסגערעדט דאָס האַרץ, אַז עס איז נישט אמת. ער איז נאָך נישט אַזוי אַלט; ער וועט זיי נאָך באַווייזן, אַז זיי וועלן באַכאַמאָל קומען צו אים מיט שאלות און זיך מיט אים האַלטן עצות. כאָטש דאָס איז ער זיי מוחל. ער וויל נישט זיין קיין עצה־געבער; ער וויל זיין מיט זיי גלייך; ער וויל וויסן, וואָס דאָ אין שאָפּ קומט פאָר. וואָס סודעט מען זיך?

דאָס סודען זיך פון די אַרבעטער אין דזשייקאָבס שאָפּ האָט געדויערט אַ שטיק צייט. און דערווייל איז דער ווינטער אָנגעקומען אַראָפּ אויף דילענסי סטריט פון ערגעץ, אַן אומגעריכטער און בייזער. איבער דילענסי סטריט האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט און געטראָגן שטיקער פאַפיר איבער דער גאַנצער לענג פון דער גאַס; די שטיקער פאַפיר אָנגעזאַמלט אין אַ באַרג אַ גרויסן און געטון אַ פייף און זיי אויפגעהויבן אין דער הייך איבער די דעכער. אינדרויסן איז געווען קאַלט און דער הימל האָט זיך געבלאָזן און געוואָלקנט, צייטנווייז האָט עס אויסגעוויזן, אַז עס וועט באַלד אָנהייבן שנייען. עס האָט טאַקע אָנגעהויבן צו פליען

אין דער לופטן איינציקע שטיקלעך שניי. עס איז געווען אזוי: מאַניס האָט געטון אַ קוק, אַז עס פליען שטיקלעך שניי, האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און געטון אַ זאָג צו זיך אַליין: עס וועט באַלד אויספאַלן אַ שניי. האָבן אויפגעהערט צו פאַלן די שטיקלעך שניי. דער ווינט האָט געטראָגן די גרויע וואָלקנס; אומענדלעך געטריבן זיי ערגעץ אין דער ווייטקייט.

מאַניס האָט שוין געוואָלט זעען דעם אַמעריקאַנישן שניי. עפּעס האָט זיך אים גישט געגלייבט, אַז דאָ קאָן אויספאַלן אַ שניי.

אין דילענסי סטריט אַ שניי — אוממעגלעך! ווו וועט זיך דער שניי דאָ אַהינטון? און וואָס עפּעס פלוצלינג אינמיטן דערינען אַ שניי? עס איז שייך אַ שניי, דאָרט ווו עס איז דאָ אַ בוים, אָדער אַ שטיקל פעלד מיט גראָז.

און ווידער האָט זיך מאַניס געזאָרגט, אַז אויב דער שניי וועט טאַקע אָנהייבן צו גיין און עס וועט טאַקע זיין קאַלט, באַדאַרף מען דאָך טאַקע אַ ווינטער־מאַנטל, אָדער אַ פּיטערל. און שבע מוז אויך האָבן אַ וואַרימע זאַך. און איסאַק מוז אויך האָבן אַ פאַלטאָ — אָבער אַלס איז אָפּגעהאָנגען אָן דעם שניי. צי עס וועט זיין אַ שניי ווי אומעטום, אָדער עפּעס אַ פאַרשלעפּעניש, אַן אויסגעדאַרטער שניי, אַ וואַסערדיקער — מאַניס גלייבט גאָרנישט, אַז דאָ זאָלן זיין שנייען!

אָבער אין שאַפּ באַ דזשייקאָבן איז שוין זיכער אַלץ וואַסערדיק און איינגעדאַרט. מאַניסן ווייזט זיך אויס, אַז אפילו די טעג פון אַ גאַנצער וואָך זענען געוואָרן קליין און פּיציגקע.

מאַניס זיצט און קוקט אַרויס די אויגן אויף אַ ביסל מלאכה און איידער וואָס־ווען גייט אַוועק דער טאָג אָן אומגעזעענער. מאַניס זיצט אין שאַפּ אין אַ ווינקל און האָט מורא אַרויסצורעדן אַ הויך וואָרט — טאָמער וועט זיך די שאַפּ דערשרעקן און אַנטלויפן. ער האַלט דעם שאַפּ באַ אַ ברעג פון אַ שטרוי, אַז ער זאָל זיך נישט אַרויסגליטשן פון זיינע הענט.

דער רויטער, מאַניסעס שכן, איז זיך שוין נוהג גאָר אַנדערש. ער קומט אַריין אין שאַפּ, טוט אַ שמעק מיט זיין נאָז. נישטאָ קיין אַרבעט! — קערט ער זיך צוריק אום און גייט אַרויס פון שאַפּ.

וווהין גייט דער רויטער?

ער גייט איבער די גאַסן. ער האָט פּיינט צו זיצן אינדערהיים; ער האָט פּיינט צו זיצן אין שאַפּ; ער האָט ליב צו גיין איבער די גאַסן, שמעקן מיט דער נאָז, הערן וואָס מענטשן רעדן, זעען וואָס יענער טוט, דער עיקר — וואָס עס טוט זיך בײַ יענעם. דער רויטער איז געווען אַ בעלן נאָכצוקוקן דזשייקאָבן. בײַ אים איז נישטאָ אַזאַ זאַך, ווי אָפּלאָזן יענעם גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן.

האָט ער עטלעכע טעג נאָכגעקוקט דזשייקאָבן, וואָס יענער טוט אַ גאַנצן טאָג. וווּהין דזשייקאָב איז געגאַנגען, איז אים „דער רויטער" נאָכגעגאַנגען.

ביז איינמאָל האָט דער רויטער באַמערקט, אַז דזשייקאָב גייט צוויי מאָל אַרײַן אין דעם אייגענעם הויז אויף אַ באַשטימטער גאַס.

דער רויטער האָט געטון אַ שמעק מיט זײַן נאָז און האָט באַשלאָסן בײַ זיך, אַז דאָ מוז עפּעס זײַן. אָדער דזשייקאָב האָט דאָ נאָך אַ ווײַב. אָדער טאָמער גייט דאָ דזשייקאָב צו עמעצן לײַען געלט. ער דאַרף דאָך איצט נעבעך האָבן געלט. די שאַפּ האַלט שמאָל; קלאַפּט שוין מיט די פליגל; באַלד, באַלד און די שאַפּ וועט אויסלאָזן דעם לעצטן אָטעם.

דער רויטער האָט זיך אַנידערגעשטעלט און באַטראַכט דאָס הויז, וווּהין דזשייקאָב איז צוויי מאָל אין איין טאָג אַרײַנגעגאַנגען.

אויף דעם אָרימען אויסקוק פון דרויסן, קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן. מען מוז אַרײַנגיין אינעווייניק.

דער רויטער גייט אַרײַן אינעווייניק, שמעקט מיט דער נאָז און הערט זיך צו צו יעדן שאָרך. ער קריכט אַרויף מיט די טרעפּ. שווער אַרויפצוקריכן. אויף יעדן שטאָק שטעלט ער זיך אָפּ און כאַפּט אָפּ דעם אָטעם. און ער הערט זיך אײַן און שמעקט מיט זײַן נאָז.

אַלץ, וואָס זײַן נאָז שמעקט, איז ריח פון געפּרעגלטע ציבעלעס און פלייש. עס דערמאָנט אים אָן אַ געשמאַק מאָלצײַט. שוין אַ לאַנגע צײַט האָט ער נישט געהאַט קיין איין גוט מאָלצײַט.

דאָס ווײַב זײַנס טרײַבט אים פון שטוב. זי דראָט אײַנגאַנצן אים נישט אַרײַנצולאָזן אין שטוב, אויב ער וועט נישט ברענגען אַ גאַנצע וואָך „פיידע".

זײַן ווײַב האָט דאָס גליק, וואָס זי טראָגט אַ קינד אין איר בויך.

באַם רויטן וואָלט זי נישט אָפּגעקומען מיט שווייגן, ווען נישט דאָס קינד אין בויך.

זאָל זי נאָר איבערקומען, וועט ער מיט איר זיך אָפּרעכענען. דער־ווייל קומט שוין צו נאָך אַ פּרעסער. און דזשייקאָב איז אין דער ערד מיט די ביינער! אָט האָסטו דיר אַ באָס! אַלץ איז אַ באָס אין אַמעריקע! מען קאָן בײַ אים נישט פֿאַרדינען אויף צום לעבן. אי ער איז אַליין אין דער ערד, אי זיינע אַרבעטער ליגן אין דער ערד. אַ, ווען גאָט העלפֿט אים עפּעס אַ גוטן שאָפּ. ווי ער זאָל קאָנען פֿאַרדינען אַזוינע ריכטיקע „ווײַדזשעס". ערשט דעמאָלט, וואָלט זיין ווייב באַקומען רעספּעקט פֿאַר אים. אַ, באַי, וואָלט זי געהאַט רעספּעקט!

און פּלוצלינג, ווי דער רויטער שטייט אַזוי אין דעם פרעמדן הויז און טראַכט, עפֿנט זיך איינע פֿון די טירן און עס קומט אַרויס דייוו.

אויף דער מינוט בלייבן בײדע, אי דער רויטער, אי דייוו, אַזוי ווי פֿאַרשטיינערטע, דערנאָך קומען זיי בײדע צו זיך. און דייוו וויל זיך שוין אומקערן צוריק אין שטוב אַריין אַן אומדערקענטער.

אָבער דער רויטער לויפֿט מיט איין שפּרונג צו צו דייוון און כאַפּט אים אָן בײַ די הענט:

— דייוו! דייווקע! דייוועלע! וואָס טוסטו דאָ?! — שרייט דער רויטער און פּאָנפּעט אַ ביסל מיט דער נאָז, וואָס עס מאַכט דעם איינ־דרוק, אַז ער איז ברוגז און רעדט מיט כּעס.

— און וואָס, צו־אַלדע ריחות, טוסטו דאָ?

— איך זוך מיינס אַ לאַנדסמאַן.

— און איך בין געווען מיט אַ וויזיט בײַ מיין שוועסטער. זי וווינט דאָ.

— אינמיטן טאָג אַ וויזיט, — קרימט זיך דער רויטער, — וואָס־זשע, דו אַרבעטסט אויך נישט?

— וואָס דען איך אַרבעט? אַ כאָלערע אין דזשייקאָבן. איך האָב נישט קיין אַרבעט.

— ער גייט אַ באַנג. . .

— ווער?

— דיין דזשייקאָב.

— מיין דזשייקאָב!...

— ווערליג דו האָסט זיך אָוועקגעלייגט פון זייבעטוועגן.

— איצט איז ער שוין נישט מיינער... טרייסלט זיך דייוו די הויזן מיט איין האַנט.

— וואָס־זשע מאַכסטו?

— אָט, גאָרנישט. — ענטפערט דייוו און נעמט אָן דאָס הענטל פון דער טיר. בעג יור פּאַרדאָן. איך גיי אַריין צוריק צו מיין שוועסטער. גוד באַי!

דער רויטער איז געבליבן אַליין פון יענער זייט טיר. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם מיטלסטן פינגער פון זיין האַנט און צוגעלייגט צו זיין נאָז. עפּעס האָט אים אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן.

ער איז גיך אַראָפּ מיט די טרעפּ און איז געגאַנגען איבער די גאַסן און זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט און זיך צעלאַכט אויף אַ קול צו זיך אַליין. פרעמדע פאַרבייגייער האָבן אים אָנגעקוקט, ווי מען קוקט אויף אַ משוגענעם. אָבער דער רויטער איז שוין גאָרנישט געווען משוגע. ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן נישט צו לאַכן. אַזאַ מין אידעע! ער איז שוין צום צווייטן טאָג געשטאַנען נישט ווייט פון יענעם הויז און געהיט. ער האָט געזען דזשייקאָבן דאָרט אַריינגיין אַ פּאָר מאָל. און אפילו דייוו אַליין איז אַראָפּגעלאָפן, נאָכדעם ווי דזשייקאָב איז אַוועק פון יענעם הויז, און געטראָגן אַ פּעקל.

דער רויטער איז אים נאָכגעגאַנגען. דייוו טראָגט דאָס פּעקל און דער רויטער גייט הינטער אים פון ווייטן. אויף ראָטגער סטריט איז דייוו אַריין אין אַ טיר. דער רויטער האָט שוין מורא געהאַט נאָכצוגיין דייוון אין הויז אַריין. מען קאָן נאָך אים צעברעכן די ביינער. איז ער געשטאַנען, ביז דייוו איז צוריק אַראָפּגעקומען מיט אַ פּעקל — דאָס מאָל האָט דייוו געטראָגן אַ גרעסערן פּאַק.

עס איז דעם רויטן עפּעס קלאָר געוואָרן. ער איז אַוועק אין שאַפּ און דערציילט סעמען, דעם הויכן. עס איז געוואָרן אַ טומל אין שאַפּ. סעם, דער הויכער, האָט צונויפגענומען אַלע זיינע אַרבעטער, זיין גאַנצע טשע־רעדע, און איז געגאַנגען אַ קוק טון, צי עס איז דאָ אמת אין דעם, וואָס דער רויטער האָט דערציילט.

סעם איז געגאַנגען פאָראויס און נאָך אים זענען נאָכגעגאַנגען אַלע אַרבעטער. איבער דער גאַס האָבן זיך מענטשן אָפּגעשטעלט און געוואָלט

וויסן וואָס דאָס איז. פאַרוואָס גייען אַזויפיל מענטשן אין איין בונט? און וווהין גייט מען? און וואָס האָט געטראָפן? אָבער עס איז נישט געווען קיין צייט צו בלייבן שטיין און דערציילן.

אויף ראָטגער סטריט איז סעם געבליבן שטיין בײַ דעם הויז, וווּ דער רויטער האָט אַנגעוויזן.

— אָט דאָ איז עס!

— חברה, ליסען, — האָט סעם געקאָמאַנדירט — מיר וועלן אַלע אינאיינעם אַרײַנגיין און אַ קוק טון. גייט אַלע נאָך הינטער מיר.

אַ ייד מיט געקרייזלטע פאות, ווי צוויי פּראָבקע ציערס, און מיט אַ שוואַרצן קאַפּעלוש אויף זיין קאָפּ און אין די הוילע אַרבל איז געקומען אַרויס אַקעגן דער גאַנצער חברה און האָט זיך געשטעלט מיט ביידע הענט צעשפּרייט אין דער ברייט פון דער אָפענער טיר:

— וועמען דאַרפט איר? איך בין דזשעניטאָר. זאָגסט לאָז איך נישט דערינען.

נאָר סעם האָט דעמדאָזיקן ייד געגעבן אַ וויש אָפּ מיט איין האַנט און דער ייד איז שיער נישט געפאַלן. דער ייד האָט געשאָלטן סעם, ז'עם הויכן, אַז עס זאָל „אינען אָפּדאַרן פיס און הענט", און אַז ער וועט באַלד ברענגען אַ פּאָליצמאַן.

דערווייל איז סעם מיט זיין חברה אַרײַן אין קאָרידאָר פון הויז און אויך אַרויף מיט די טרעפּ. דער טומל, וואָס איז געוואָרן פון אַזויפיל פיס איבער די טרעפּ, האָט אַרויסגעבראַכט אַלע איינוווינער פון די טירן.

— ווער אַרבעט דאָ העמדער בײַ זיך אין די רומס? — האָט סעם געפרעגט בײַ די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין די אָפענע טירן. און דערווייל האָט סעם געהייסן זיין חברה, אַז זיי זאָלן אַרײַנגיין אין די שטיבער אינעווייניק און זוכן.

און מען האָט געפונען. עס איז געווען אַ גאַנץ הויז-געזונט און געאַרבעט העמדער. אינדערמיט פון שטוב איז געשטאַנען אַ ניי-מאַשין. דאָס גלאַטע, אָפּגעבליאַקירטע קעפּל פון מאַשין האָט אויסגעקוקט ווי אַ קליין פערדל, וואָס שטייט אינמיטן שטוב. אַ קליין פערדל מיט אַ דין העלזעלע. די מענטשן אַרום זענען געשטאַנען און געקוקט אויף דעם קליינעם פערדעלע און געוואָלט זען עפּעס אַ חכמהלע דערפון. איינער

פון סעמס חברה האָט געטון אַ בריק מיטן פוס אָט דעם קליינעם פערדעלע.

— אָן קיין שום שאָדן! — האָט סעם געטון אַ געשריי — דאָס איז אָרים געלט! אָרים בלוט!

און סעם האָט זיך אומגעקערט מיטן פנים צו דעם באַלעבאָס פון הויז, וועלכער איז געשטאַנען בײַ דער זייט אַ דערשראָקענער.

— מיסטער. ווער ברענגט אייך אַהער אַרבעט?

— איך וועל ענטפערן — מישט זיך אַריין דעם יידס ווייב. — מיין מאַן איז אַ שוואַכער און ער ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן.

— נו, ענטפערט! — שמייכלט סעם פון דעם, מסתּם, וואָס דער יידענעס מאַן איז אַ שוואַכער מענטש און קאָן נישט ענטפערן. — ווער ברענגט אייך אַהער אַרבעט?

— אַ יונגערמאַן.

— ווי אַזוי הייסט ער?

— דייוו.

— און ווער נאָך קומט אַהער אַרויף צו אייך?

— ווייטער קיינער נישט.

— איר זענט זיכער?

— געוויס.

— דאָס אַלץ, — הייבט סעם אויף זיין האַנט אינדערהייך, — איצט וועלן מיר אייך לאָזן צורו. מיר זענען אַרבעטער און מיר זענען אַלע טאַטעס פון קינדער. אָבער דייוון וועלן מיר אַרויסלאָזן די קישקעס. חברה, קומט!

עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון אַ סך פיס איבער די טרעפּ. דערנאָך איז ווידער שטיל געוואָרן. אַזאַ שטילקייט שרעקט מער ווי דאָס גרעסטע געוואַלט-געשריי. בײַם ייד אין שטוב איז געווען אַ שטאַרק גע-פאַלנקייט. עס איז זיי דאָ אין אַמעריקע נישט אויסגעקומען צו ליידן אַזאַ בושה, אַז מען זאָל זיי באַפאַלן אינמיטן העלן טאָג גאָר אָן אַ פאַרוואָס. און דאָ קומט קיינער נישט אַריין פון די שכנים. אפילו איינער נישט, מיט וועמען מען זאָל זיך קאָנען האַלטן אָן עצה. עס האָט זיך געפילט אין שטוב, אַז עס איז עפּעס אַ גרויס אומגליק אַראָפּגעפאַלן אויף די מענטשן. דאָס מאַשינדל איז געשטאַנען מיטן פאַלירטן קאָפּל אין מיטן שטוב. אַ שטיק לייוונט איז געווען בײַ דער מאַשין אין מויל. און די

מאַמע פון הויז האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט זיך זעצן צו דער אַרבעט און נישט געקאָנט. און דער טאַטע האָט געקוקט דורך דעם פענצטער. אַקעגן איז געשטאַנען אַ גרויע וואַנט מיט פלעקן. די ערד איז ערגעץ געווען זייער טיף. און דער הימל איז ערגעץ געווען זייער הויך. און דאָרט וועט מען באַלד כאַפּן אַ מענטש און מען וועט אים אַרויסלאָזן די קישקעס. ווי אַזוי קאָן מען דאָ ראַטעווען אַ מענטש ? וווהין לויפט מען ערגעץ ? אָט, דאַכט זיך, שרייט שוין דער מענטש נישט מיט זיינע קולות.

— שאַ, ווער שרייט ? — פרעגט איבער דער טאַטע.

— מען שרייט ?! — פרעגט איבער די מאַמע.

— דאַכט זיך, מען שרייט.

עס איז שטיל אַ מינוט. אַלע האַלטן איין זייער אָטעם.

— עס דאַכט זיך דיר !

— וואָס איז דאָ געווען ? — פרעגט דער טאַטע.

— איך זאָל אַזוי וויסן פון בייז ! — ענטפערט די מאַמע.

— דו פאַרשטייסט ?

— פונוואַנען זאָל איך ?

— וואָס האָבן זיי געוואָלט דאָ ?

— אַזוי איז אַ פרעמד אָרט — טרייסט די מאַמע.

— ווען וועלן מיר קומען אַהיים ? — פרעגט אַ בלאַס מיידעלע.

— נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר... שוין אינגיכן, קינד. — ענטפערט די מאַמע.

— נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר. ווען וועט עס שוין זיין? מישט זיך אַריין דאָס יינגל.

פון גאַס דערהערט זיך אַ גרויסער טומל. אַלע אין שטוב לויפן צו דער פאַרמאַכטער טיר. זיי עפענען נישט די טיר ; זיי שטייען אין אַ בינטל בײַ דער פאַרמאַכטער טיר און טוליען זיך אַזוי, ווי בלינדע קעצעלעך איינס אין דאָס אַנדערע.

אין גאַס האָבן סעמס חברה געכאַפּט דייוון.

דייוו האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון זיי און אפילו איבערגעריסן די אַרבל פון זיין ראָק, אָבער עס איז אים נישט געגאַנגען. די גאַנצע גאַס איז געווען שוואַרץ מיט מענטשן.

אייניקע האָבן געשריגן, אַז מען האָט געכאַפּט אַ קעשענע-גנב; אַנדערע האָבן געשריגן, אַז דאָ האָט מען געכאַפּט אַ לאַנדסמאַן, וואָס איז אַנטלאָפן פון זיין ווייב. אין דער לופטן איז געשטאַנען דאָס זשומען פון אַ סך געשרייען. הענט האָבן זיך געהויבן אין דער לופטן. און פון דעם, וואָס יעדער איינער האָט זיך געוואָלט צושטופּן נענטער, איז געווען אַ גרויס געדראַנג, און עס האָט אויסגעוויזן, אַז איינער וויל איבערקריכן דעם אַנדערן.

עס האָט זיך דערהערט דאָס אָפּהילכן פון אַ שווערן קלאַפּ. דאָס האָט סעם געגעבן דייוון אַ טראַך איבער דעם קאָפּ. דייוו האָט זיך פון דעם קלאַפּ באַלד געוואָלט אַנידערלייגן אויף דער ערד, אָבער עס איז נישט געווען גענוג אָרט דאָס צו טון. איז דייוו געבליבן אַזוי הענגען אין דער לופטן אויף די פּלייצעס פון אַנדערע מענטשן.

דער צווייטער קלאַפּ האָט דייוון אָפּגעמונטערט.

— וואָס טוט אַ בעסטעד אָט-דאָ-אָ אין ראָטקע-סטריט? ! — האָט סעם געשריגן און דייוון דערווייל געטון אַ פּאַרפּאַר מיט אַ קולאַק אין מויל אַריין.

— עפּן אים דעם קאָפּ!

— וואָס איז דאָ?

— וואָס האָט ער געטון?

— נעם אים מיט אין שאַפּ אַריין

— אין שאַפּ אַריין!

— רופט אַ פּאָליסמאַן!

— אָט גייט ער שוין!

דייוו איז שוין געהאָנגען באַ אַ סך מענטשן אויף די הענט. בלוט האָט געגאָסן פון זיין נאָז, אויגן און מויל. זיינע האָר פון קאָפּ זענען געווען צעשויבערט און אַלץ, וואָס אויף אים — פון דעם ראָק ביז צום קאָלנער פון העמד — איז געווען צעריסן און איינגעטונקען אין בלוט.

סעם, דער הויכער, און זיין חברה האָבן זיך אויסגעמישט צווישן עולם און זענען אַנטרונען געוואָרן.

זיי זענען דערנאָך געקומען אין שאַפּ אַריין און גראָד געטראָפן דזשייקאָבן אין שאַפּ. דזשייקאָב איז געשטאַנען און געשמועסט מיט מאַקסן און איסאַקן. מאַגיס מיט איסאַקן זענען געווען די איינציקע, וואָס

זענען געבליבן אין שאַפּ. און דזשייקאָב האָט גאָרנישט געוווּסט, וואָס דאָ קומט אויף זיין קאָפּ. די אַרבעטער, אונטער דער קאָמאַנדע פון סעם, דעם הויכן, זענען אַריין אין שאַפּ, ווי אַ שטאַרקער ווינט רייסט זיך אַריין אומגעריכט דורך אַן אָפן פענצטער.

— מיר ווילן אַרבעט !

— אָדער אַרבעט, אָדער סטרייק !

— סטרייק ! — האָט סעם געקלאַפּט מיט זיין שווערער האַנט אויף דעם טיש מיט אַזאַ קראַפט, אַז אַלץ, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם טיש, איז פון דעם קלאַפּ אַראָפּגעשפּרונגען.

איסאַק האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיין זיידן מאַניס און זיין פּנים האָט זיך באַלד אָנגעצונדן מיט אויפרעגונג.

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט ? !

— וואָס זאָגסטו, דזשייקאָב ? ! — ווענדט זיך סעם גלייך צו אים.

— וואָס ווילט איר פון מיר ? — צענעמט דזשייקאָב ביידע הענט.

— אונזער אַרבעט ! אונזער בלוט ! — שרייען אַרבעטער.

— דאָס איז אונזער האַרעוואַניע ! — לויפט צו איינער פון די שטעפּער און טוט אַ כאַפּ אַן אַ מאַשין און קערט זי איבער מיט די פיס אַרויף.

— קיין שאָדן ! — שרייט סעם.

— עס איז אונזערס !

— עס איז מיינס ! — שרייט דזשייקאָב.

— וואָס איז דיינס, איז דיינס, אָבער מיר ווילן אַרבעט, אַנישט רוף איך אַלע אַרבעטער אין סטרייק.

— ווען אַרט עס, רוף ! — שרייט דזשייקאָב.

— קומט, קינדער, איך רוף אייך סטרייקן.

— ווער דאַרף אייך דאָ ? — שרייט דזשייקאָב — איר וועט שוין קיינער פון אייך בײַ מיר נישט קאָנען אַרבעטן.

— וועסט נאָך קומען אונז בעטן.

— דיין דייוו איז שוין אין האָספּיטאַל !

— ער מיינט, אַז דייוו — — — אין האָספּיטאַל !

סעם האָט פריער אַרויסגעטריבן אַלע אַרבעטער, נאָכדעם האָט ער אונטערגעטריבן מאַניסן מיט איסאַקן. איסאַק האָט עפּעס געוואָלט זאָגן

סעמען, נאָר סעם האָט אים געטון אַ שטופּ אַרויס דורך דער טיר. און אַליין האָט סעם געטון אַ קוק אָן דזשייקאָבן און אַ שאָקל געטון מיט זיין קאָפּ מיט פיל שנאה און איז אויך פון שאָפּ אינדרויסן אַרויסגעלאָפן.

דזשייקאָב איז געבליבן אַליין אין שאָפּ. הענט און פיס האָבן בא אים געציטערט. ער האָט געפּרווט אויפהייבן די איבערגעקערטע מאַשין און עס איז איצט נישט געווען גענוג כוח אין אים דאָס צו טון.

## מא.

# ווייסער שניי

דער ערשטער שניי איז אויסגעפאַלן באַנאַכט. און מאַניס איז אויפ־געשטאַנען גאַנץ פרי און האָט דערזען די בלויע ווייסקייט דורך זיינע פענצטער. די שאַלעוואַניעס פון די פענצטער זענען געווען אויסגעבעט מיט שניי און דאָס שטריקל, אויף וועלכן שבע העגנט גרעט, איז אויך געווען אויסגעבעט מיט שניי. מאַניס האָט זיך שטאַרק דערפרייט און אַ באָרוועסער און נאָך נישט קיין אָנגעטוענער, איז ער צוגעלאָפן צו דעם פענצטער און אַרויסגעקוקט אינדרויסן. צום אַלעם ערשטן האָט ער אַראָפּ־געקוקט אויף דער גאַס און דערזען, אַז די גאַס איז אינגאַנצן אויסגעבעט מיט שניי. דערנאָך האָט מאַניס אַ קוק געטון אויף די שטיבער, וואָס זע־נען געשטאַנען אַקעגן זיינע פענצטער. דידאָזיקע שטיבער זענען געווען אינגאַנצן איינגעטונקען אין שניי. ווו עס איז נאָר געווען ערגעץ אַ פיצל אָרט אויף אָנצושפּאַרן, האָט דער שניי זיך דאָרט אַנידערגעלייגט. אויף שטריקלעך, אויף געזימסן, אויף קאַרבן פון די ציגל, אויף די אייזערנע גאַניקעס. און עס איז געווען אַזוי שטיל אינדרויסן, אַזוי ווי אַ שטיי־גער די גאַנצע גאַס וואָלט געגאַנגען אין פעדערנע ווייכע שטעק־שיך אָנגעטון.

מאַניס האָט זיך נישט געקאָנט קאָנטראָלירן. ער האָט געגעבן אַ געשריי:

— שבע, שטיי אויף און זע וואָס פאַר אַ שניי עס האָט אָנ־געשאָטן.

שבע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און זיך אויפגעזעצט אין בעט און מיט ביידע הענט געריבן אירע אויגן.

— וואָס, אַ שניי ? זיך געלייגט שלאָפן נעכטן, איז געווען אויסגעשטערנט און אַט האָסטו דיר גאָר אַ שניי. פונוואַנען האָט ער זיך גענומען ?

— פונוואַנען ? פון הימל !

— גיי, נאַרסט מיך אָפּ — האָט שבע נישט געוואָלט גלייבן, כאָטש זי האָט שוין געזען, אַז עפּעס שיינט אינדרויסן אַ ווייסע בלויקייט.

— גיי אַראָפּ און טו אַ קוק, נאַר אײנע, ווילסט מיר נישט גלייבן, גיי אַליין אַראָפּ און טו אַ קוק.

— איז וואָס איז אויף דיר אַזוי די גדולה ?

— ווער פרייט זיך דען ? — האָט מאַניס געפּרוווט באַהאַלטן זיין פרייד מיט דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אָנצוטון.

— איצט וועט זיין אַ שיינע התונה — האָט שבע געזאָגט און באַלד חרטה באַקומען — כ'האָב געמיינט, וואָס וועלן מיר טון אין אַזאַ שניי ? קיין קאַלאָשן האָבן מיר ביידע נישט. וועק נאָר אויף איציקלען, מאַניס, און זאָל ער אויך זען, וואָס פאַר אַ שניי עס איז אויסגעפאַלן.

— גערעכט. כ'וועל אים באַלד אויפוועקן — האָט מאַניס זיך מחיה געווען מיט דעם, וואָס שבע פרייט זיך אויך מיטן שניי — איך האָב דיר נאָך נעכטן געזאָגט, אַז איך שמעק אין דער לופטן, אַז עס וועט גיין אַ שניי, און קאַלאָשן... מכּוח קאַלאָשן... וועלן מיר אַ טראַכט טאָן שפּעטער.

מאַניס האָט זיך דערווייל אָנגעטון און איז אַריין אין צווייטן צימער און אויפגעוועקט איציקלען.

— שטיי אויף, איציק, אַ גוואַלדאָוונער שניי אויסגעפאַלן !...

— טאַקע ? !

— נאָך ווי אַזוי !

— ווען ?

— ווען, ווייס איך נישט. נאָר ער ליגט שוין, גיי, גיב אַ קוק.

— ערשט נעכטן אַהיימגעקומען שפּעט און אפילו נישט קיין סימן פון שניי.

— גאָטס ווונדער! דער שניי איז שוין דאָ און האָט אַלץ איינ-געדעקט.

— אַ שניי... מען באַדאַרף אַ קוק טון — האָט איסאַק זיך געטון אַ הייב אויף פון בעט און איז כמעט ווי אַריינגעשפּרונגען אין זיינע הויזן מיט ביידע פיס. און אַזוי גיך ווי ער איז שוין געווען מיט ביידע פיס אין די הויזן, איז ער אָוועקגעלאָפן מיט די באָרוועסע פיס צום פענצטער אַ קוק צו טון אויף דעם שניי.

ער האָט געטון אַ שפּרונג פון פרייד און איז צוריק אַריין צו זיך אין צימער, עס האָט אים נישט גענומען זייער אַ סך צייט צום אָנטון.

באַלד איז די באָבע שבע אויך אויפגעשטאַנען, אין שטוב איז געוואָרן וואָס אַמאָל ווייסער און ליכטיקער. דאָס ווייסקייט האָט אין זיך אָפּגעשפּיגלט דעם בליאַסק פון שניי. עס האָט געבלענדט אין די אויגן און אַלץ אין שטוב האָט אויסגעוויזן ווי פאַרשנייעט. אין שטוב איז געווען אַ ביסל קאַלט. און איידער שבע האָט איינגעהייצט אין אויוון און איידער דאָס פייער אין אויוון האָט זיך צעבּרענט, זענען אַלע דריי אַרומגעגאַנגען און געציטערט. און פונדעסטוועגן האָט מאַניס זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אויפגעעפנט דאָס פענצטער און אָנגענומען אַ פולע האַנט מיט שניי און צוריק פאַרמאַכט דאָס פענצטער.

מיט פולע הענט מיט שניי האָט זיך מאַניס אָנידערגעשטעלט באַם טיש און גענומען, ערשטנס און אַ שמעק געטון צום שניי. דערנאָך האָט ער מיט צוויי פינגער גענומען אַ ביסל שניי און צווישן די פינגער דעם שניי געריבן און געלאָזט אים זיך צעשמעלצן.

— וואָס טוסטו, מאַניס, וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס באַ דיר? — האָט שבע געוואָלט וויסן — שניי, וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס באַ דיר?

— הע! שניי צו שניי איז נישט גלייך — שמייכלט מאַניס און שאָקלט מיט זיין קאָפּ און נעמט בשעת מעשה נישט אַראָפּ זיינע אויגן פון דעם ביסל שניי, וואָס ער האַלט אין זיין האַנט — דיר דאַכט זיך, אַז שניי איז שניי. ניין, מיר דאַכט זיך, אַז דער היגער שניי איז גאָר אַן אַנ-דערער. דאָס איז אַן עכט אַמעריקאַנישער שניי. אָט, גיב אַ קוק, דו, אי-ציקל, מעגסט אויך אַ קוק טון, זעסט.

איסאַק איז צוגעקומען נאָענט און געקוקט. ער האָט גאָרנישט גע=
זען קיין שום חילוק אין דעם אַמעריקאַנישן שניי. אָבער ער האָט נישט
געוואָלט פאַרשעמען זיין זיידן. ער האָט געזאָגט:

— זע נאָר, איז דער אַמעריקאַנער שניי אַן אַנדערער?

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט? איך זאָג, אַז דאָס איז אַן אַנדער מין שניי. אַ גרויפּלדיקער. הע. דאַכט זיך, אַ גרויפּלדיקער. אָבער די שטיקלעך זענען נישט קיילעכדיק. זיי זענען פּירעקעכדיקע. און קוק נאָר אָן ווי ער האַלט זיך. ער וויל גאָרנישט צעלאָזן זיך. עס איז אַן אַנדער מין שניי. אַזאַ שניי, ווען ער ווערט פאַרפרוירן, וועט ער שוין ליגן און ליגן און ליגן. אָט האָסטו דיר אַמעריקע.

— גיב בעסער און עפן דאָס פענצטער און וואַרף אַרויס דעם שניי — בעט זיך שבע בא מאַניסן.

— וואָס אַרט עס דיך? איך וויל וויסן, צי עס איז דאָ פאַראַן אַן אַנדער מין שניי, צי נישט.

— און ווען ס'איז חלילה נישטאָ? — לאַכט שבע.

— אויך נישט קיין אומגליק.

— שניי איז געזונט — מישט זיך אַריין איסאַק — שניי איז זייער אַ געזונטע און פריידיקע זאַך. אַ מענטש פרייט זיך מיט שניי. מיך, ווייס איך, נישט נאָר עס דערפרייט, נאָר מיך דערוועקט דער שניי צו אַלער=
ליי שיינע זאַכן, עס ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן און איך ווער אַ בעסערער מענטש. אַזוי מסתמא מיט איטלעכן.

— מעגסט זיך נעמען אַ פּאָר מיט דיין זיידן — לאַכט שבע.

— קום, איציקל, וועלן מיר טרינקען טיי און אַרויסגיין אין גאַס.

— ניין, זיידע, איר קאָנט זיין אינדערהיים. כ'וועל אַליין אַרויסגיין און טאָן אַ קוק, וואָס דאָרטן טוט זיך.

— און מיך באַדאַרף מען נישט? — פרעגט מאַניס און עס פילט זיך אין זיין טאָן, אַז ער איז נישט צופרידן צו בלייבן זיצן אין שטוב.

— אויב מען וועט אייך באַדאַרפן, וועט מען אייך רופן.

איציקל איז אַוועק באַלד נאָך טיי. דער שניי איז נישט געווען קיין זייער טיפער, אָבער איסאַק האָט געפילט זייער נישט באַקוועם מיט זיינע אײדעלע שיך אין שניי. די קעלט איז דורכגעגאַנגען ביז צו ז'י ביינער.

איסאַק האָט נישט געקענט זיך אָנזעטיקן מיט דער ווייסקייט. איבער די גאַסן זענען געלאָפן לאַנגע שטעגן אויסגעשניטענע אין שניי. די שטעגן זענען שוין געווען שוואַרץ. מענטשן זענען געגאַנגען צו איינציקווייז אי־בער די שטעגן. ווייסע פעלדער מיט אויסגעטרעטענע שטעגן און שורות מענטשן שאָקלען זיך און וויגן זיך איבער די שטעגן.

איסאַק איז צוגעקומען צו דזשייקאָבס פאַבריק פון העמדער. אינ־דרויסן בײַ דער פאַבריק זענען געשטאַנען די אַרבעטער פון פאַבריק. זייערע פּנימער שטאַרק באַלאָדן מיט זאָרג און אומרויקייט.

— גוט מאָרגן, קינדער — האָט איסאַק צו זיי אויסגעשריגן מיט פרייליכקייט.

— גוט מאָרגן!

— גוט מאָרגן!

באַלד זענען אַלע געשטאַנען אַרום איסאַקן.

— וווּ איז דער זיידע?

— איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל זיצן אינדערהיים.

— גלייך געטון.

— און וואָס וועט זיין?

— און וואָס וועט זיין?

— מען וועט שטיין און היטן דזשייקאָבן.

— וווהין ער גייט דאַרף מען אים נאָכגיין.

— איז ער שוין היינט אַרויסגעגאַנגען פון זיין פאַבריק?

— דערווייל נאָך נישט.

— מיר וועלן אים ווייזן.

— נאָר זיך האַלטן אינאיינעם, — בעט זיך איסאַק.

— ווער עס וועט זיך אָפּרייסן, וועלן מיר אָפּרייסן די קישקעס — זאָגט סעם, דער הויכער.

אין דער גאַס, וווּ די העמדער־פאַבריק איז געווען, האָבן מענטשן געראַמט שניי. מיט קאָטשערעס און מיט לאָפּעטעס זענען מענטשן גע־שטאַנען און אַוועקגערייניקט דעם שניי פון די שטיבער. די זון איז אויפ־געגאַנגען און געוואַרעמט דעם שניי. פון די קאַרניזן און דעכער האָט געטריפט דאָס וואַסער טראָפּנווייז. און די טראָפּנס האָבן זיך מיט קראַפט און ריטם אָפּגעשלאָגן אָן שטיינערנעם טראָטואַר. פייגל האָבן זיך געפרייט.

טויבן ווייסע און געפלעקטע זענען אַרומגעפלויגן איבער די דעכער און קינדער האָבן זיך געשפּילט אין שניי און געשריגן אויף אַלערליי קולות און אַלץ אינאיינעם האָט זיך אויסגעמישט אין איין פרייליכן, האַרציקן געפילדער.

אַ יידענע, איינגעוויקלט אין אַ טערקישן שאַל, איז צוגעקו־צו דעם אָרט, ווו די אַרבעטער פון דזשייקאָבס פאַבריק זענען גע־שטאַנען. איר אַלט פּנים איז געווען בלוי און ביינערדיק. זי האָט געפרעגט :

— וואָס איז דאָ, עמעצער געשטאָרבן ? — דאָס וואָרט געשטאָרבן, האָט זי אויסגעזונגען און אויסגעצויגן.

— דערווייל נאָך נישט, באָבעשי, — האָט סעם, דער הויכער, גע־זאָגט און געטון אַ ווונק מיט איין אויג צו זיינע חברים.

— עס האַלט שמאָל ?! — האָט די יידענע ווידעראַמאָל געצויגן אירע ווערטער.

— זייער !

— אַזאַ שיינער טאָג... — האָט די יידענע געזאָגט מיט אַ קרעכץ און איז געבליבן שטיין און אויפגעהויבן מיט פיל מי איר קאָפּ אינדער־הייך צו די הויכע שטיבער.

עס זענען דורכגעגאַנגען מענטשן. ווער עס האָט זיך אָפּגעשטעלט און ווער נישט.

— וואָס איז דאָ ?

— זייער שמאָל ! — ענטפערט שוין די יידענע אין טערקישן שאַל און זי באַגלייט אירע ווערטער מיט אַזאַ מין בלאָזן פון איר נאָז, וואָס אַז מען וויל, קאָן עס הייסן אַ טרער.

— ווער ?

— ס׳פאַראַן צו פרעגן, ווער ? אַ מענטש !

דערווייל ווערט צו ביסלעך אַ היפּש רעדל מיט מענטשן. עס שטייען גרופּעס פון דריי און פון פיר און מען שמועסט. אויף אַלעמענס פּנימער ליגט אויסגעגאָסן אַ טרויער. דער שמועס צווישן די גרופּעס מענטשן איז כמעט איינער און דער זעלבער, עס האַנדלט זיך וועגן דעם טרויעריקן מזל פון אַן אומבאַוווסטן מענטש, וואָס האַלט באַם שטאַרבן, אָדער איז

שוין געשטאָרבן. דאָס ראָד פֿון נייגיריקע מענטשן ווערט גרעסער און גרעסער.

דערווייל האָט דזשייקאָב דערזען דורך זיינע פֿענצטער, וואָס עס טוט זיך אין גאַס. האָט ער זיך מיישב געווען, אַז איצט איז די צייט, ווייל עס איז אַזאַ טומל אין גאַס, אַז ער זאָל זיך אַרויסכאַפּן פֿון שטוב.

אָבער אַזוי גיך ווי ער איז אַרויס פֿון שטוב האָבן אים די אַרבע־טער דערזען. דזשייקאָב לויפֿט און די אַרבעטער לויפֿן נאָך אים.

די נייגיריקע מענטשן זעען ווי מענטשן לויפֿן נאָך איינעם, לאָזן זיי זיך אויך נאָכלויפֿן. ווער עס שפּרינגט אויף בערג מיט שניי און ווער איבער יענעמס קאָפּ. די יידענע אין אַ טערקישן שאַל פֿאַלט אַנידער אין שניי אַריין. עס דאַכט זיך איר אויס, אַז זי איז אַראָפּגעפֿאַלן אין אַ טיף, טיפֿן גרוב. זי וויל זיך אָן עפּעס אָנכאַפּן. זי כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט אָן דעם ווייכן שניי. דער עולם נייגיריקע מענטשן לויפֿן פֿאַרביי דער געפֿאַלענער אַלטיטשקער. מען פּרוּווט זי אויפֿהייבן. זי שטעלט זיך אויף די פֿיס. זי איז אויסגעשמירט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט שניי.

און דערווייל לויפֿט דזשייקאָב איבער דער גאַס און זיינע אַרבע־טער לויפֿן אים נאָך, און אַ טשערעדע מיט מענטשן נאָך זיי.

סעם, דער הויכער, מיט זיינע לאַנגע פֿיס יאָגט אָן דזשייקאָבן און שטעלט זיך אַוועק מיט צוויי צעשפּרייטע פֿיס, אַזוי ווי אַן אָפֿענע גרויסע שער מיט צוויי שפּיצן אַריינגעשטעקט אין דער טיפֿער ערד.

— וווּהין גייסטו, ברודערל ? — פֿרעגט סעם.

— מיינע ביזנעס, נישט דיינע.

— עס איז יאָ מיינע ! — שרייט סעם.

— ווייל איך נישט זאָגן !

— וועסט יאָ זאָגן !

— כ׳וועל נישט !

— וועסט יאָ ! הייבט סעם אַ האַנט.

איסאַק, וועלכער איז שוין אויך געווען דערביי נאָענט, האָט צוגעהאַלטן סעמס אויפֿגעהויבענע האַנט. סעם האָט זיין האַנט אויס־געריסן און זי אַראָפּגעוואָרפֿן מיט דער שווערקייט פֿון אַ האַמער אויף דזשייקאָבן.

— איצט וועסטו שוין זאָגן !

דזשייקאָב האָט זיך געטון אַ בויג מיטביידע פיס און עס האָט אויסגעוויזן, אַז אָט באַלד פאַלט ער. אָבער ער איז נישט געפאַלן.

— געוואַלט, יידן! — האָט דזשייקאָב אָנגעהויבן צו שרייען און מיט זיינע אויגן געוואָרפן אין אַלע זייטן. — געוואַלט, יידן! מען וויל הרגענען אַ טאַטן פון קינדער!

— עס איז געווען אַ מאָדנער געשריי. און עס האָט אָפּגעקלונגען אין דער שנייאיקער לופט, אַזוי ווי דאָס געשריי אין אַ טיפן וואַלד.

— וואָס איז דאָ?

— גאַרנישט! — שרייט סעם, דער הויכער.

— מען וויל מיך הרגענען! — וויינט דזשייקאָב.

— פאַרוואָס?

— עס איז אַ סטרייק!

— אָ, אַ סטרייק!

— וואָס האָט איר געוואָלט פון אים?

— ער סקעבט מסתם?

— ניין. דאָס איז דער באַלעבאָס אַליין.

— באַגראָבט אים!

— ניין!

— און אַז אַ באַלעבאָס, איז וואָס?

— געוואַלט, יידן, מען וויל מיך הרגענען! — שרייט דזשייקאָב.

— וועסט זאָגן, וווהין די גייסט, צי ניין? — הייבט סעם די האַנט זיינע און לאָזט זי שווער אַראָפּ אויף דזשייקאָבן. אָבער פון דעם גרויסן טומל און פון דעם, וואָס עס איז זיך אָנגעלאָפן אַזאַ גרויסער עולם, ווייסט שוין סעם נישט, וואָס ער טוט. זיין האַנט הייבט זיך און פאַלט, אָבער זי טרעפט נישט קיינעם. אַלעמאָל כאַפּט עמעצער פון עולם אָן סעמס האַנט און דער שווערער קלאַפּ גייט אַוועק אַ פאַרלוירענער. עס איז אַזאַ מיש־מאַש פון קולות.

— פאַרוואָס עפּעס שלאָגן?

— מיט גוטן איז בעסער.

— נאָר מיט פעטש.

— אין אַזאַ קעלט אַרויסטרייבן אַרבעטער!

— עס איז אַ רציחה!

— און הרגענען אַ מענטש מעג מען ?

— געוואַלט, יידן. מען וויל מיך הרגענען ! — שרייט נאָך אַלץ דזשייקאָב. אין זיין קול הערט זיך די צעשראָקנקייט פון אַ מענטש, וואָס ווערט באַפאַלן פון גזלנים אין אַ פאַרוואָרפן אָרט. עס זעט אויס אַ ביסל חוזקלעך, אַז אַ מענטש זאָל אַזוי שרייען אינמיטן העלן טאָג אינמיטן גאַס. דאָ און דאָרט טוט איינער אָדער אַן אַנדערער אַ צעעפן דאָס מויל און לאַכט ברייטלעך און מיט פיל הנאה פון דזשייקאָבס געשריי.

— ווער איז דער, וואָס שרייט ?

— אַ באָס !

— אַ באָס ?

— באַ אים סטרייקט מען.

— אַזוי !

— טפו ! — שפייט אויס אַ פאַרזאָרגטע, אויסגעגעלטע פרוי אין נישט זייער קיין וואַרעמע קליידער, און איר גאַנץ ווען ציטערט פון קעלט. און זי האָט, ווייזט אויס, שטאַרק הנאה פון דעם, וואָס זי שפייט אויס, און זי באַגלייט יעדעס וואָרט אירס מיט אַ שפיי — אַ באָס ! טפוי ! אַסטרייק — טפוי ! אַ כאָליערע אויף זיי ! טפוי ! און איר דאַרע פיגור ווערט העכער. זי ציטערט פון דער קילער לופט אינדרויסן און אין אירע אויגן איז דאָ אַסך שפּיזלדיקער גיפט.

— מען דאַרף זיי אויסרוימען פונדאַנען !

— צעלייגט זיך דאָ און זייגן דאָס בלוט פון אונזערע קינדער ! — צענעמט אַ פרוי ביידע הענט און מיינט מיט דעם צו באַווייזן ווי אַזוי די באַלעבאַטים פון די פאַבריקן זייגן דאָס בלוט פון אירע קינדער.

— אייערע קינדער אַרבעטן ? — פרעגט אַן אַנדערע פרוי באַ דער, וואָס צענעמט די הענט.

— מיינע קינדער, דאַנקען גאָט, אַרבעטן נישט.

— וואָס דען טוען אייערע קינדער ?

— מיינע קינדער זענען אַליין באָסעס.

— אַזוי !

— דאַנקען גאָט, אַליין באָסעס.

— און מאַכן אויס גוט ?

— דאַנקען גאָט. און איר האָט קינדער אין אַמעריקע ?

— דאַנקען גאָט, אַכט. זיי זאָלן מיר געשענקט זיין.

— אַכט?

— אַכט. פינף זין און דריי מיידלעך.

— און וואָס טוען זיי?

— אַרבעטן.

— אוי! אַלע אַרבעטן!

— דאַנקען גאָט, זיי אַרבעטן. וואָס דען האָט איר חלילה געוואָלט? זיי זאָלן נישט אַרבעטן?

— גאָט באוואר, ווער וויל.

— אַלע אַרבעטן.

— און ברענגען אַהיים פיידע.

— אַלע וואָך.

— פונקט צו דער מינוט, — ציט די פרוי צונויף אירע ליפּן און איר מויל ווערט אַזוי קליין ווי אַ מינוט אויפן זייגער איז קליין.

— און וויפיל איז דער שיעור, אַז קינדער זאָלן אַרבעטן? — קאָן שוין די אַנדערע פרוי נישט אויסהאַלטן פון דעם געפּיל פון קנאה.

— וואָס הייסט וויפיל? — זאָגט די מאַמע פון די אַכט קינדער מיט אַ שמייכל. — מען ווערט אַרבעטן, ביז מען ווערט צונויפלייגן אַ פּענע, און נאָכדעם ווערט מען גיין אין ביזנעס. וואָס מיינט איר, מיר זענען גרינע?

— מיינע קינדער זענען שוין לאַנג אין ביזנעס — קאָן די אַנ־דערע פרוי נישט אויסהאַלטן און זי פילט ווי זי ווערט באַלד פּלאַצן פון קנאה.

— איז טאַקע אייך וויל.

— וואָס דען, אייך איז וויל?

— מיר איז בעסער פון אייך.

— אָט דאָס אָ איז אייך בעסער! — ווייזט די אַנדערע אַ פייג.

— נעמט עס אַהיים צו אייער מאַן!

— דו פּאַסקודסטווע!

— דו שיינע צורה אין באָרשטש!

— און דו ביסט אַ וואַזשנער פּאַרשוין!

דאָס געשריי פון די צוויי ווייבער האָט צוגעצויגן די אויפמערק־

זאמ׳ייט פון דעם עולם. אַלע דרייען אויס די קעפּ און לאָזן שטיין דזשי־קאָבן מיט סעמען און רינגלען אַרום די צווי ווייבער.

— אַזאַ מיאוסקייט!

— זיצערקע!

— העסטער סטריט!

— אָרטשאַרד סטריט!

— איך ווין, דאַנקען גאָט, אין גרענד סטריט! — שרייט איינע.

— ס׳אַ ליגנט!

— דיך וועט מען אויף גרענד סטריט נישט אַריינלאָזן!

— טפוי אויף דיין קאָפּ!

— אויף דיין קאָפּ!

וואָס עס איז געשען, ווייסט קיינער נישט. מען זעט נאָר ווי איין פרוי מיט אַ שווערן קויש אין אירע הענט גייט אין טיפן שניי און שפּייט. און אַ צווייטע פרוי, אויך מיט אַ שווערן קויש, גייט אין אַן אַנדערער ריכטונג און שלעפּט די פיס אין שניי און שפּייט.

— וואָס איז דאָס?

— ווייבער!

— אומזיסט?

— ווער ווייסט?

— ס׳דאגה באַ ווייבער, — זאָגט פילאָזאָפיש אַ ייד מיט אַ גרויער שוין לאַנג נישט געשוירענער באָרד אויף זיין פנים און טיזילט זיך טיף אין זיין אָפּגעטראָגענעם ווינטער־מאַנטל.

— אַזאַ פאָלק אָט די ווייבער, — הוסט אונטער אַ צווייטער ייד און קען נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. און יעדעס וואָרט קומט באַ אים אַרויס מיט אַ כאָרכל, אָבער ווי עס ווייזט אויס גייט אים אין לעבן צו צייגן דאָס, וואָס ער וויל זאָגן און ער הוסט און שנייצט די נאָז זיינע גלייך אין שניי אַריין. ער ווערט פאַרטיק מיט דער אַרבעט פון אויסרייניקן זיין נאָז און ער גלייכט זיך אויס און זאָגט: — מיין ווייב איז נאָך אין יוראָפּ.

— ווער פרעגט באַ איך? — ענטפערט יענער, וואָס מיט דעם שטעכיקן בערדל.

— אַ ייד אַ כעסן! איך רעד אַזוי זיך אויס דאָס הארץ.

— אַז קיינער פרעגט בײַ אײַך נישט.

— ווי געפעלט אײַך ? — ווענדט זיך דער הוסטנדיקער ייד צו זײַטיקע מענטשן, — נאָט אײַך אַזאַ גוט מאָרגן !

— כאַ, כאַ, כאַ ! — קלינגען אַפּ עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

אינדרויסן איז דערווײַל געווען זייער שיין. די זון האָט זיך גע־שפּילט אויף אַ ריינעם בלויען הימל. עס איז געווען שטאַרק ליכטיק, אַזש צום פאַרבלענדט ווערן. דער שניי איז צוביסלעך צעגאַנגען געוואָרן. וואַ־סער האָט געגאָסן פון אַלע שטיבער פון דעם צעלאָזטן שניי. די לופט האָט געשמעקט מיט אַזאַ מין שאַרפן ריינעם ריח, וואָס איז זייער זעלטן. דער ריח פון צעשמאָלצענעם שניי; דער ריח פון זון־שטראַלן ; דער ריח פון בלויע הימלען ; דער פון וואַסער טראָפּנס. עס האָט געשמעקט פון די קליידער פון מענטשן מיט פרישקייט. דער אָטעם פון מענטשן האָט גע־שמעקט מיט דעם זיסן טעם פון ריין בלוט און וואַרעמען זאַפט.

מב.

# א קאמף

דזשייקאָב איז אַוועקגעגאַנגען און זיינע אַרבעטער זענען אים נאָכ־געגאַנגען. ער האָט זיך אַלעמאָל אומגעקערט צו זיינע אַרבעטער און בייז צו זיי צוגעוואָרפן: — „איך האָב פאַר אייך קיין מורא נישט!" — און איז ווייטער געגאַנגען.

פון די אַלע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט באַ דזשייקאָבן, זענען איצט געבליבן נאָר עטלעכע. די איבעריקע זענען זיך אין טומל ערגעץ צעלאָפן אהיים, אָדער אַזוי איבער די גאַסן.

איסאַק האָט אַוועקגענומען סעם, דעם הויכן, אָן אַ זייט און צו אים אַזוי געזאָגט:

— הערט אויס! פון שלאָגן וועט גאָרנישט אַרויסקומען. מיר וועלן פרוּוון אַן אַנדער מיטל.

— וואָס אַ שטייגער?

— מיר וועלן דערציילן דער גאַנצער וועלט, וואָס דאָ איז. ווי אַזוי איין מענטש האַלט אין זיינע הענט דאָס לעבן פון אַ סך מענטשן. איר פאַרשטייט?

— וואָס־זשע וועט דערפון אַרויסקומען? — פאַרשטייט נישט סעם.

— צוויי זאַכן.

— לאָמיר הערן.

— ערשטנס, וועט די וועלט וויסן, אַז באַ דזשייקאָבן איז אַ סטרייק, וועט מען באַ אים נישט קויפן קיין העמדער.

— און צווייטנס ? ! — וויל סעם וויסן.

— און צווייטנס : אויב מען וועט בא אים קיין העמדער נישט קויפן, וועט ער מוזן צו אונז אָנקומען. ער וועט זיך נאָך בא אונז בעטן. איר וועט זעען.

— עס איז אַ שכל ! — קלאַפּט סעם מיט איין האַנט איסאַקן אי־בער דער פּלייצע.

און איסאַק מיט סעמען זענען אַוועקגעגאַנגען אין דער רעדאַקציע פון דעם „בלאַט". זיי זענען אַריין אײַנעוויייניק. באַם טיש, וווּ עס זענען געזעסן מענטשן אָן היטלען, נאָר מיט שוואַרצע יאַרמולקעס אויף די קעפּ און געשריבן, האָט זיי איינער אויסגעהערט און צו זיי געזאָגט, אַז מיט אַזאַ זאַך מוזן זיי אַראָפּגיין אין קעלער. דאָרט געפינט זיך דער באַלע־באָס פון דעם „בלאַט" און אים זאָלן זיי דערציילן.

אין קעלער איז געווען האַלב פינצטער, דאָס ביסל ליכט איז גע־קומען פון דער אָפענער טיר, וואָס צום דרויסן. עס איז אין אַ ווינקל געשטאַנען אַ קליינער שטענדער. אויף דעם שטענדער — אַ טינטער מיט טינט, און אַ פעדער האָט געשטעקט אין טינטער. פּאַפּירן זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אויף דעם שטענדער. באַם שטענדער איז געשטאַנען אַ הויכער ייד מיט גרויע האָר. דאָס פּנים זײַנס אויסגעפּילט מיט אַ סך פלייש און דאָס שפּיציקע בערדל האָט אים צוגעגעבן אַ ביסל איידלקייט. אָבער דאָס קול זײַנס איז געווען פון אייזן, וואָס האַנדלט נישט מיט אַ צײַטונג, נאָר אפשר מיט שטיוול.

אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגן הויפנס מיט צײַטונגען. איסאַקן האָט דאָסדאָזיקע בילד אַ ביסל טרויעריק אָנגעשטימט.

— וואָס האָבן יידן געוואָלט ?

— מיר ווילן לאָזן וויסן דער וועלט, אַז מיר סטרייקן.

— האָ ווא, אַ געפערלעכע נײַעס ! — לאַכט דער ייד מיטן שפּי־ציקן בערדל.

— קאָנט איר אפשר אַרײַנשטעלן אין בלאַט, אַז מיר סטרייקן ?

— פאַרוואָס נישט ? אויב איר וועט באַצאָלן, וועלן מיר אַרײַנ־שטעלן.

— באַצאָלן ? — דערשרעקט זיך איסאַק.

— וואָדען, אומזיסט ? קיין פּאַפּיר קאָסט נישט ? טינט קאָסט אויך, און רענט צאָל איך אויך, ברוך השם.

— אָלרייט. מירן באַצאָלן — מישט זיך אריין סעם.

— אַזוי האָב איך ליב — רייבט זיך דער באַלעבאָס פון בלאַט ביידע הענט — באַ וועמען סטרייקט איר ?

— באַ דזשייקאָבן, — ענטפערט סעם. איסאַק איז איצט נישט געווען געשטימט צו רעדן. ער האָט בעסער געוואָלט באַטראַכטן דידאָזיקע רעדאַקציע מיט די קופּעס צייטונגען אויפן פּאָל. און ווי אַזוי דער רעדאַקטאָר האָט פאַרשריבן דאָס, וואָס סעם האָט געזאָגט. איסאַקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער רעדאַקטאָר איז זייער אַ קאַרגער, וואָרים אפילו דאָס שטיקל פּאַפּיר האָט דער רעדאַקטאָר צעשניטן אויף עטלעכע שטיקלעך און אויף איינעם פון אָט די קליינע שטיקלעך האָט ער אָנגעשריבן מיט קליינע אותיות דאָס, וואָס סעם האָט אים דערציילט.

און גאָר אין אָנהייב האָט איסאַקן שטאַרק פאַרדראָסן פאַרוואָס באַ יידן פירט זיך אַזוי, אַז מען דאַרף באַצאָלן פאַר נייעס. אָבער אַז ער האָט געזען, ווי אַזוי דער רעדאַקטאָר האַלט זיך, איז איסאַקן קלאָר געוואָרן, אַז עס האָט גאָרנישט צו טון מיטן יידישן פאָלק. עס איז אַן איינצלנער עקזעמפּליאַר.

באַצאָלט און אַוועק אין אַן ענגלישער רעדאַקציע. דאָ איז ווידער סעם געווען דער וועג-ווייזער און אויך דער רעדנער. וואָרים איסאַק האָט נאָך נישט געקאָנט רעדן קיין ענגליש. אָבער כאָטש די ענגלישע רעדאַקציע איז געווען אין אַ גרויסן מויער פון גראַניט מיט גרויסע פענצטער, און כאָטש עס איז צו זיי אַרויסגעקומען אַ יונגער מענטש מיט שיינע פאַרקעמטע האָר און מיט בלויע מילדע אויגן, פונדעסטוועגן האָט נאָך אַלץ איסאַק נישט געפונען אויך דאָ, דאָס, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ רעדאַקציע באַדאַרף זיין. ער האָט געשוויגן און זיך אַליין כמעט געביסן די ליפּן פון ווייטיק. דערווייל האָט סעם פאַר דעם יונגמאַן מיט די בלויע אויגן אַלץ דערציילט און יענער האָט גיך געשריבן אויף פּאַפּיר.

און אַז זיי זענען אַרויס און געגאַנגען צוריק אין גאַס, איז שוין כמעט נישט געווען קיין זכר פון שניי. די טראָטואַרן זענען נאָך געווען נאַס און די שטאָט איז געגאַנגען כאָדאָראַם. וועגן אַהין און וועגן אַהער.

מען האָט געשריגן אויף אַ קול וועגן צייטונגען. באַנען זענען געלאָפן אויף בריקן אינדערהייך, טריט פון פערד אויף די שטיינער און טריט פון מענטשן אויף די גאַסן. שווערע האַמערס האָבן געקלאַפּט אין אייזערנע באַלקנס און די שיפן פון די נאַענטסטע וואַסערן האָבן געבלאָזן פון זייערע קוימענס. דורך פענצטער און אָפענע טירן האָט זיך געקנוילט דער אויפרייסנדיקער געשריי פון מאַשינען. דאָס געקלאַפּעריי פון געפעס פון רעסטאָראַציעס און דאָס געבראַזגעריי פון גלאָז אין די טרינק־הייזער. מענטשן גייען איבער די גאַסן און רעדן. הערן זיי אָבער נישט, וואָס מען רעדט צו זיי. שרייען זיי.

— סעם האָט אויך געשריגן צו איסאַקן. און איסאַק האָט אויך געמוזט שרייען צו סעמען, אויב ער האָט געוואָלט צו אים רעדן. און רעדן, איז געווען וואָס.

— דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין געווען באַם „פּייפּער“ — האָט סעם פראָסט זיך מודה געווען — נישטאָ קיין צייט צו לייענען. אָן אַרבעטער. אָבער איצט בין איך אַליין געווען באַם „פּייפּער“.

— נאַרישקייטן. איצט וועלן מיר בעסער אויסטראַכטן וואָס צו טון ווייטער — האָט איסאַק זיך נישט געמאַכט וויסנדיק. כאָטש ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון צו זינדיקן מיט אַ שמייכל אויף סעמס חשבון.

— עס איז נישט קיין גוטע זאַך, אַז מיר זאָלן זיך אַרומשלעפּן איבער די גאַסן.

— וואָס דען זאָלן מיר טון? — פרעגט סעם קינדיש.

— מיר דאַרפן האָבן אַ זאַל, ווו מיר זאָלן זיך צונויפנעמען אַלע טאָג און דאָרטן דיסקוטירן, איבערשמועסן.

— טאַקע אַ שכלדיקע זאַך — שמייכלט סעם.

— אפשר באַ מיין זיידן אין שטוב? — פרוווט איסאַק — איך וועל רעדן מיט מיין זיידן.

— אַלרייט. רעדט איבער מיט אייער זיידן. דערווייל וועלן מיר גיין אַ קוק טון, וואָס אונזערע באָיעס טוען.

אויף דעם אַנדערן טאָג פון סטרייק, ווען די אַרבעטער האָבן געפירט אין דזשייקאָבס פאַבריק, זענען אַרויס צוויי צייטונגען — דאָס בלאַט און אויך דער ענגלישער קוריער מיט נאָטיצן און באַשרייבונגען. אין

קוריער איז געווען אָפּגעדרוקט אויפן סאַמע אויבנאָן מיט גוואַלטאָווגע גרויסע אותיות: אַ סטרייק באַ העמדער. דערנאָך אַ באַמערקונג: עס סטרייקן צוויי טויזנט העמדער-אַרבעטער. דערנאָך נאָך אַ באַמערקונג: עס האַלט חלילה דערביי, אַז ניו-יאָרק וועט בלייבן אָן אַ העמד. און דערנאָך אַ באַשרייבונג, וואָס האָט פאַרנומען צוויי, דריי צייטונגס-זייטן. אין דער באַשרייבונג דערציילט זיך, ווי אַזוי די אַרבעטער שוואַרצן זייערע טעג באַ דער אַרבעט. ווי אַזוי זיי נייען העמדער פאַר ניו-יאָרק און אַליין האָבן זיי נישט קיין העמד אויף זיך. ווי אַזוי זיי אַרבעטן אין נישט קיין סאַניטאַרע קאָנדיציעס. און ווי אַזוי די העמדער, וואָס זיי נייען פאַר דער שטאָט, ווערן אָנגעשטעקט מיט אַלערליי באַצילן. און די אַרבעטער סטרייקן איצט, ערשטנס, צו געווינען בעסערע פאַרדינסטן, צווייטנס, ריינערע, גע-זונטערע פאַבריקן, דריטנס, מענטשלעכע באַנעמונג. און איבער דער גאַנ-צער צייטונג האָט דער קאַרטוניסט „טעד" געמאָלן, ווי אַזוי ניו-יאָרקער בירגער האָבן שוין נישט קיין העמד אָנצוטון. עס איז געווען אַ קאַריקאַ-טור פון איינעם אַ בירגער אָנגעטון אין זיין ווייבס יאַקעל; פון אַ צווייטן בירגער נאָר אין הויזן מיט שיך און מיט אַ קאַפּעליוש, אָבער אָן אַ העמד; פון אַ ייד אַ שמאַטע-קליובער, וועלכער שטייט באַ זיינע בערג שמאַטעס און עס באַפאַלן אים די ניו-יאָרקער בירגער און מען רייסט פון אים דאָס אַלטוואַרג און מען צאָלט וויפיל ער וויל.

די ניו-יאָרקער בירגער זענען מסתם אויפגעשטאַנען אינדערפרי און געלעזן דעם קוריער און אָנגעקוקט די קאַריקאַטורן און זיך מסתם וויניק וואָס דערשראָקן. די אַרבעטער אָבער פון דזשייקאָבס פאַבריק זענען שוין פון גאַנץ פרי אָן געשטאַנען פאַרזאָרגטע און דערשלאָגענע באַ דער פאַ-בריק אינדרויסן. עס איז געווען נישקשהדיק קאַלט, אַזוי, אַז עס האָט געוואָרפן אַ צאָן מיט אַ צאָן. אין עלען סטריט איז איצט געווען האַלב-טונקל. די זון האָט קוים געשאָנקען עטלעכע קאַלטע שטראַלן דורך די שפּאַרונעס פון די הויך-באַן, וואָס לויפט איבער עלען סטריט. נאָר אין אָנהייב האָבן דער אַרבעטער זיך געפילט אַזוי דערשלאָגן, וואָרים עס איז נישט געווען צו זען קיין נפש איבער עלען סטריט. און עס האָט אויס-געוויזן, אַז איבער נאַכט זענען די מענטשן פון עלען סטריט ערגעץ אַנט-לאָפן. און דזשייקאָב איז אויך מסתם אַנטלאָפן מיט זיין פאַבריק און אויך מיטגענומען עלען סטריט מיט זיך. אַזוי האָבן די אַרבעטער געפילט

און מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ וואָרט וועגן דעם, טאָמער איז דאָס טאַקע אמת ?

אָבער באַלד האָט גאָט געוויזן אַ ווונדער. עס האָבן אָנגעהויבן גיין מענטשן איבער דער גאַס. שורות מענטשן. פיס האָבן געקלאַפּט אין טראָ-טואַר. מענטשן מיט קליינע פּעקעלעך אין זייערע הענט, איילנדיקע, צו צוויי אין אַ שורה, צו דריי אין אַ שורה. עלען סטריט איז לעבעדיק. דער וואָרעמער אָטעם פון די מענטשן באַוואָרעמט אויך דעם דרויסן.

עס איז שוין נישט קאַלט. עס איז שוין עלען סטריט נישט טויט. די אַרבעטער באַ דזשייקאָבס פאַבריק שטייען אין אַ בינטל. איסאַק האָט געקויפט דאָס בלאַט און אויך דעם קורייער. אין בלאַט איז פאַראַן אַ פּאָר שורות, אַז ערגעץ אין אַ פאַבריק אויף עלען סטריט סטרייקט מען. אי-סאַק ווייזט די אַרבעטער דעם ענגלישן קורייער.

— ווער קאָן לייענען ענגליש.

— איך ! איך ! — שרייען עטלעכע אַרבעטער מיטאַמאָל.

און טשאַלי נעמט לייענען. ער לייענט די גרויסע אותיות זייער פּאַ-וואָליע און ווען ער קומט צו צו די קלענערע אותיות, קאָן ער נישט אַרויסקריכן. עס שווינדלט אים אין די אויגן. איין אות שווימט זיך צונויף מיט דעם אַנדערן. ער קאָן נישט כאַפּן דעם אָטעם און פילט ווי עס ברענט זיין פּנים. די אַרבעטער שטייען אַרום אים, שטופּן זיך און קוקן אין צייטונג. טשאַלי טוט אַ וואָרף די צייטונג און זאָגט בייז.

— איך קאָן ענגליש. אָבער זיי שרייבן זייער אייגענעם ענגליש. גיי, זיי אַ נביא, וואָס זיי מיינען.

— קאָנסטו ענגליש, דזשייקעלע ? — פרעגט סעם.

— איך קאָן ענגליש — ענטפערט דזשייקעלע שטיפער — אָבער אויב זיי שרייבן זייער אייגענעם ענגליש, בין איך נישט משוגע זיי צו גיין פאַרשטיין.

— ווער זשע קאָן אונז דאָס איבערלייענען ? — פרעגט סעם, דער הויכער, און עס הערט זיך פאַרצווייפלונג אין זיין קול. און ער ווענדט זיך צו איסאַקן, אָבער נישט זיכער. און אַזוי ווי האַלב אין חוזק — אפשר דו ?

— איך קאָן אַ ביסל — זאָגט איסאַק, — איך וועל פּרווון.

איסאַק נעמט לייענען. ער פילט, ווי ער וואָלט איצט געהאַלטן עק-

מען און ער פליסט זיך יעדעס וואָרט אויסצורעדן שאַרף און קלאָר. ער אַליין פאַרשטייט נישט, וואָס ער לייענט: „שוירטס". דאָסדאָזיקע וואָרט קומט בײַ אים אַרויס שאַרף מיט דער רייש. ער ווייסט, וואָס עס מיינט. שרייט ער אויס אין דער הויך. אָבער אַנדערע ווערטער, וואָס איסאַק פאַרשטייט נישט, קומען בײַ אים אַרויס שטילער. אָבער איזאַק האָט איבערגעלייענט די גאַנצע באַשרייבונג.

— שעמען מעגן מיר זיך אַלע! — האָט סעם געשאָקלט מיט זיין קאָפּ — ער, אַ גרינער, און לייענט ענגליש. איצט וועט שוין דזשייקאָב קומען אונז בעטן. מען באַדאַרף אים אַריינשיקן דעם פּייפּער. זאָל ער אַ קוק טון ווי אַזוי די פּייפּערס באַשרייבן אים.

— ער קאָן דען לייענען? — פרעגט דער רויטער.

— און דו קאָנסט? — ענטפערט אים אַן אַנדערער אַרבעטער.

— דיינע ביזנעס? — ווערט דער רויטער אין כּעס.

— פּונקט ווי דיינע! —

— שאַראַפּ! — שרייט סעם, דער הויכער.

מען פאָלגט אים און מען הערט זיך אויף צו קריגן.

סעם, דער הויכער, נעמט די צייטונגען, הייבט אויף זיינע אויגן צו דעם איינציקן פענצטער פון דזשייקאָבס היים, וואָס קוקט אַרויס צו דער גאַס. ער זעט דאָרט אין פענצטער קיינעם נישט. דאָס פענצטער איז פאַרהאָנגען מיט אַ ווייס פאַרהענגל. ער גייט אַריין דורך דעם קאָרידאָר. אין פינצטערן קאָרידאָר באַגעגנט סעם אַ קאַץ מיט צווי פייערדיקע אויגן. דער הויכער סעם האָט זיך דערשראָקן פאַר דידאָזיקע צוויי אויגן פון דער קאַץ. ער האָט געטון אינסטינקטיוו אַ טופּע מיט זיינע פיס און די קאַץ איז אַנטלאָפן. סעם האָט געעפנט אַ הינטער-טיר פון קאָרידאָר און איז אַרויס אין אַ הויף. אין דער לופטן איבער דעם הויף זענען געהאָנגען שטריק און אויף די שטריק — אויסגעוואַשענע וועש-ציכן, לײַלעכער, העמדער, גאַטקעס, נאָזטיכלעך, טישטיכער, האַנטיכער און ווינדעלעך פון קליינע קינדערלעך. עס איז סעמען געוואָרן ליכטיק אין די אויגן פון דעם ריינעם, אויסגעוואַשענעם גרעט. און ער האָט זיך געשאַרט צווישן די זייער נידעריק הענגענדיקע לײַלעכער און טישטיכער, ביז ער איז צוגעקומען צו דער אייזערנער טיר פון דזשייקאָבס פאַבריק.

סעם וויל עפענען די טיר. די טיר איז פאַרמאַכט פון אינעווייניק. ער קלאַפּט אָן אין דער טיר.

— ווער איז? — שרייט אַ פרויען־שטימע פון אינעווייניק.

— איך.

— ווער, איך?

— איך, סעם, דער פּרעסער.

— באַלד.

דער באַלד האָט געדויערט לאַנג. סעם האָט געהערט, ווי די פ״ווי איז אַוועקגעגאַנגען מיט ווייכע טריט און שפּעטער איז צוגעקומען אַ פּער־זאָן מיט שווערע טריט. האָט זיך סעם משער געווען, אַז דאָס איז מסתּם דזשייקאָב. סעם האָט אָנגעקלאַפּט נאָכאַמאָל אין טיר.

— ווער איז דאָרט? — בייזערט זיך דזשייקאָב. דאָסמאָל הערט שוין סעם דזשייקאָבס שטימע. סעם ענטפערט:

— איך, סעם, דער פּרעסער!

— וואָס האָסטו געוואָלט?

— עפן די טיר.

— וואָס דאַרפסטו דאָ?

— איך וויל מיט דיר רעדן.

— האָסט נישט וואָס צו רעדן.

— איך וויל דיר עפּעס ווייזן.

— האָסט נישט וואָס צו ווייזן.

— איך הייס דיך עפענען — שרייט סעם און קלאַפּט מיט איין פוס אין דער אייזערנער טיר.

— הער אויף צו קלאַפּן און פאַרנעם זיך פונדאַנען.

— וועסט עפענען צי ניין? — קלאַפּט סעם נאָך שטאַרקער אין דער טיר.

— איך וועל נישט עפענען!

סעם האָט אין דער מינוט דערפילט אַ כּוח אין זיך אויפצוברעכן די טיר. אָבער אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס איז ער נישט געקומען אַליין, נאָר אין שליחות פון אַנדערע. דאָס האָט שוין סעם געטראַכט, איז שוין עפּעס אַנדערש. ער וועט די טיר נישט אויפברעכן. ער האָט נאָר געטון אַ געשריי, אַוועקגייענדיק ווייט פון דער טיר,

מורא האָבנדיק, אַז מיט זײַן געשרײַ זאָל ער חלילה די טיר נישט דורכלעכערן:

— װעסט נאָך פֿאַלן צו מײַנע פֿיס, דו חזיר!

סעם איז צוריקגעקומען צו די אַרבעטער, װאָס זענען געשטאַנען אין גאַס. עס איז שוין געװאָרן אַרום זײ אַ היפּש רעדל מיט מענטשן.

— אַ סטרײַק!

— אַ סטרײַק!

— װאָס איז דאָס!

— מען עסט דאָס! — האָט מאַניס זיך געװיצלט. מאַניס איז הײַנט אױך אַרױסגעקומען גלײַך מיט איסאַקן. אין זײַן אַלטן, געבראַכטן פֿונדערהײם, פֿון יענער זײַט ים, װינטער־פּאַלטאָ, האָט ער אױסגעװיזן טאַקע נישט װי אינדערהײם, פֿון יענער זײַט ים, עפּעס אַ ייִד, װאָס לעבט פֿון לופֿט און װאָס דרײט זיך אַרום מיט אַ פּאַלטאָ מיט אַ סאַמעטענעם קאָל־נער, נאָר אױך נישט װי אַן אַרבעטער דאָ אין אַמעריקע. ער האָט גי־כער אױסגעװיזן װי אַ נאָכשלעפּעניש אין דעמדאָזיקן פּאַלטאָ און מיט דעם אַמעריקאַנישן האַרטן קאַפּעלוש. מאַניס האָט טאַקע אַזױ געפֿילט. ער האָט זיך נישט געקאָנט צוטוליען צו אײנעם פֿון די אַרבעטער און זיך פֿילן, אַז ער איז אױך אײנער פֿון זײ. אַלע האָבן זיך געטומלט און געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט מענטשן פֿון דער גאַס און גערעדט און דערצײלט, נאָר ער, מאַניס, איז אַרומגעגאַנגען מיט בײדע הענט פֿאַרשטעקט אין זײַנע אַרבל, די פֿיס האָבן בײַ אים שיער נישט אָפּגעפֿרױרן און קײנמאָל אין זײַן לעבן האָט ער נאָך אַזױ פֿרעמד און איבעריק נישט געפֿילט. ער איז איצט געװען שלעכט ביז אין די טיפֿסטע װינקלען פֿון זײַן נשמה. אױף װעמען ער האָט איצט געטון אַ קוק, האָט ער אױף יענעם געזען קרומע אָדער שלעכטע זאַכן. ער האָט זיך אײַנגעהערט צום געשפּרעך פֿון די אַרבעטער און פֿון די זײַטיקע מענטשן און האָט זײ נאָכגעקרימט יעדעס װאָרט, יעדן ריר פֿון זײערע הענט און דאָס אױסזען פֿון זײערע פּנימער.

— מיסטער, איר זענט אױך אַ סטרײַקער? — פֿרעגט בײַ מאַניסן אײנער פֿון די זײַטיקע מענטשן.

— מיסטער, איר זענט אױך אַ סטרײַקער! — קרימט אים נאָך מאַניס און קלאַפּט מיט בײדע פֿיס אין שטײנערנעם טראָטואַר — װאָס

דען בין איך. זעט איר דען נישט, אַז איך בין אויך אַ סטרייקער. זענט איר בלינד?

— אַ בייזער סטרייקער — באַשליסט יענער.

— געפעלט אייך נישט? — קרימט אים מאַניס נאָך, ווי אַזוי יע־נער רעדט אונטער דער נאָז.

אין גאַס זענען דערווייל זיך צונויפגעקומען אַזוי פיל מענטשן, אַז עס איז נישט געווען ווו צו וואַרפן אַ שפּילקע. עס איז געווען אַ גרוי־סער רעש. אַלע האָבן געשריגן און געגעבן עצות און יעדער איינער פון זיי סטרייקער איז דאָ אין דער מינוט אויסגעוואַקסן אין אַ פיגור, מיט וועלכער טויזנטער מענטשן זענען פאַראינטערעסירט. יעדער ריר פון אָט דער פיגור איז געווען אַ געשעעניש. איז אַ סטרייקער ערגעץ געגאַנגען, איז מען אים נאָכגעלאָפן אין גרויסע בינט און מען איז אים באַפאַלן און באַ אים אויסגעפרעגט אַלערליי זאַכן:

— אַ סטרייק?

— יאָ.

— באַ וועמען?

— באַ דזשייקאָבן.

— וועלכער דזשייקאָב?

— אָט־דאָ, די פאַבריק פון העמדער — ווייזט מען אָן.

— אַ שלעכטער באָס?

— פרעגט שוין נישט.

— סטרייקט, באַיעלעך, סטרייקט, וועט איר אים אָנלערנען.

— דאָס טוען מיר.

— ביזוואַנען וועט איר סטרייקן?

— ביז מ׳עט געווינען.

— ביז מ׳עט געווינען, באַיעלעך! — גיט דער פרעמדער מוט.

— ווער ווייסט? — צווייפלט שוין דער סטרייקער.

— עס באַצאָלט זיך שוין צו פאַרלירן — פילאָזאָפירט יענער — גיט אַ קוק, וואָס פאַר אַ קראַוד מיט מענטשן עס איז דאָ.

— וואָס־זשע האָב איך דערפון?

— ער וועט זיך שעמען און וועט אייך צוריק־נעמען.

— און טאָמער נישט?

— קיין קאָנטראַקט האָב איך מיט אייך נישט געמאַכט — דרייט זיך דער פרעמדער אַוועק און גייט זיך זיין וועג.

און אָט אַזוי אַ גאַנצן טאָג. יידן שטייען און קוקן אויפן בייז־ווונ־דער, וואָס הייסט „סטרייק". זיבט זיי ווייבען אָט דאָ אין עלען סטריט, האָבן זיי נאָך אַזוינס נישט געזען און נישט געהערט, אַז מענטשן, אַרבע־טער, זאָלן איבערלאָזן דעם שאַפּ און שטיין בעסער אינדרויסן, איידער אינעווייניק, אין שאַפּ. און דאָס רופן זיי סטרייקן. אין יעדן איינעם פון די אָנגעלאָפענע ליגט באַהאַלטן אַ דערוואַרטונג. דאָ מוז עפּעס געשען. אָדער דאָ איז שוין עפּעס געשען. וואָס איז דאָ עפּעס אַזוי שטיל? דאָ דאַרף באַלד אָנלויפן פּאָליציי. דאָ וועט באַלד זיין אַ שחיטה... עפּעס איז דאָ זייער שטיל. און דאָס רופט זיך אויף זייער לשון אַ סטרייק. דאָ איז אַמעריקע, נישט יוראָפּ. אין יוראָפּ סטרייקט מען. דאָ איז אַמעריקע... האָט איר שוין געהערט, אַז אין אַמעריקע זאָל מען סטרייקן? דאָ, אין אַמערי־קע, ווו מען האָט אַ שעה דינערטיים, ווו מען גייט אַריין אין שאַפּ פּונקט אַכט און מען גייט אַהיים פּונקט זעקס, און אַז מען אַרבעט נאָך זעקס, הייסט עס שוין אָווערטיים און מען קריגט עקסטראַ באַצאָלט. דאָ, אין אַמעריקע, ווו דער באָס ווינט אין עלען סטריט גלייך מיט זיינע אַרבע־טער און באַלאַנגט מיט זיינע אַרבעטער צו איין אונטערשטיצונג־פאַריין. און „וואוט איין טיקעט" מיט זיין אַרבעטער און פאָרט אין איין סטריט־קאַר מיט זיין אַרבעטער. דאָ דאַרף מען סטרייקן?

אָט אַזוי טענהט איין העלפט פון עלען סטריט און שטייט דאָ און קוקט אויפן בייז־ווונדער פון די, וואָס זענען געקומען פון יוראָפּ. פאַר־קערט, נישט נאָר האָט די צווייטע העלפט עלען סטריט טענות, נאָר זי שטייט און גאַפט, האַלט איין דעם אָטעם און האַלט מיט די אַרבעטער. האָסטו געהערט אַזעלכעס? דאַכט זיך דאָ, אין אַמעריקע, איז דעם אַרבע־טער גוט? וואָס פעלט אים דאָ? הע, הע... אַ טרוקן שטיקל ברויט אין יוראָפּ איז בעסער פון אַ סטייק מיט פּאָטייטאָס אין אַמעריקע. דאָרט איז אַזוי גוט. מען זיצט זיך און מען אַרבעט זיך וויפיל מען וויל און ווען מען וויל. און דאָ מוז מען אויפשטיין פּונקט זיבן. האָסטו עפּעס ליב אויפ־צושטיין אַלע אינדערפרי מיט דעם גלאָק? די אויגן קלעפּן זיך דיר צו שלאָפן נאָך אַ ביסל. נעם צו מיין גאַנץ לעבן, אָבער לאָז מיך כאָטש שלאָפן נאָך אַ ביסל. און מען מוז אויפשטיין. אַנישט — אַנישט — און

אין שאַפּ האָרי־אָפּ. יאָג זיך ברודער. ביסטו אַ וואָך־האַנט, איז אָך און ווי... ביסטו אַ שטיק־האַנט, איז ווי און אָך. איז ווער שנעלער, איך צי דו? איך צי דו? און ווען איז שוין דינערטיים? ווען? ביסטו אַ וואָך־האַנט, איז דינערטיים אַזוי ווייט און אַזוי ווייט, אַז עס ווערט דיר געשוואָלן דער מאָגן פון הונגער. ביסטו אַ שטיק־האַנט, איז דינערטיים אַזוי גיך, אַז איידער מען קוקט זיך אַרום, קומט אָן דינערטיים. נאָך גאָרנישט פאַרדינט. ווער איז שנעלער, איך צי דו? איך צי דו? אַמעריקע איז גאָרנישט פאַר אונז. דאָ אַהער, דאַרפן אַראָפּפאַלן מענטשן גלייך פון הימל אָדער אַרויסוואַקסן פון דער ערד... אָבער נישט פאַר אונז. פונוואַנען מיר קומען, איז מען נישט געוווינט צו אַזוינע זאַכן. דערפאַר זאָגן מיר: „אַ קלאָג צו אייך — מיר וועלן מיט אייך אַ סטרייק טון. כאָטש איינמאָל אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך און אַרויסגיין אין גאַס און שמעקן גאַטס פרישע לופט און זיך וואַרעמען אין גאָטס שיינער זון און הערן דעם „עלעווייטער" לויפן. ס'אַ מחיה, ווען מען ס'טרייקט!"

צעטיילט איז עלען סטריט אויף צווייען. עס איז אַזאַ מאָדע בּאַ דער פאַרטונקלטער, האַלב־באַגראָבענער עלען סטריט. אַזוי ווי זי אַליין איז ביז צו די דעכער פינצטער און איבער די דעכער איז ליכטיק, אַזוי איז בּאַ איר אַלץ. איין האַלב אַזוי, די אַנדערע האַלב אַזוי. כאָטש אַז מען זאָל איבערזיפן גאַנץ עלען סטריט, וועט מען נישט געפינען קיין שלעכטס. און דאָ זענען אַלע אָרים; און דאָ זענען אַלע דורכגעווייקט פון צרות און לייד; און דאָ זענען אַלע פּראָסט און אָפנהאַרציק: דאָ זענען אַלע אָרים; און דאָ זענען אַלע דורכגעווייקט פון קיין פאַלשקייטן; דאָ ווייסט מען נישט פון קיין איבערשפּיציקייט; דאָ זאָגט מען יעגעם אין די אויגן, וואָס מען טראַכט; דאָ איז נישטאָ קיין צייט איבערצוטראַכטן צי מען מעג יעגעם זאָגן דאָס, וואָס מען טראַכט; דאָ טראַכט מען בשעת מען זאָגט; דאָ באַהאַלט מען זיך נישט אין קיין קאַבינעטן; דאָ טראָגט מען אַרויס אַלץ אין גאַס אַריין; דאָ איז נישט פאַראַן קיין סודות; דאָ נאַרט מען נישט איינס דאָס אַנדערע. אין עלען סטריט אַ סטרייק. וויל מען וויסן וואָס דאָס איז; פאַרוואָס דאָס איז, און ביז ווען וועט עס אַזוי זיין, און פאַרוואָס זאָל עס אַזוי זיין? דאָ קען מען זיך נישט בּאַ די נעמען. אָבער דאָ קען מען זיך בּאַ דעם אָנבליק פון די קליידער; דאָ דערשמעקט מען זיך בּאַ דעם ריח פון דער לופט. אין דער

לופט האָט מען שוין דערשמעקט, אַז סעם, דער הויכער, איז דער גאַנצער מאַכער פון סטרייק.

און ווי באַלד דער גאַנצער מאַכער, האָט מען פאַר אים גרויס דרך־ארץ. סעם האָט זיך אַרומגעפירט מיט איסאַקן. מיט איסאַקן האָט ער געהאַלטן עצות. און ווהין זיי זענען געגאַנגען, האָט מען צווישן דעם גרויסן עולם געמאַכט פאַר זיי אַ וועג.

אַז סעם האָט נישט געקאָנט איבערגעבן דזשייקאָבן די צייטונגען, האָט ער געהאַלטן אַן עצה מיט איסאַקן. איסאַק האָט געזאָגט, אַז מען זאָל אים צושיקן די צייטונגען דורך פּאָסט. דער בריוו־טרעגער וועט זיי אים איבערגעבן.

— דאָס איז אַ גוטער איינפאַל, באַי! אָ, באַי! — האָט מען זיך געפרייט.

— הערט, סעם, וואָס וועט זיין, טאָמער אַנטלויפט דזשייקאָב היינט באַנאַכט? — האָט איסאַק געפרעגט.

— וואָס הייסט? — פאַרשטייט נישט סעם.

— איצט שטייען מיר בא זיין פאַבריק. אָבער באַנאַכט. איר פאַר־שטייט, באַנאַכט. ער קאָן דאָך פונדאַנען אַנטלויפן און מאָרגן וועלן מיר קומען און עס וועט שוין נישט מער זיין קיין דזשייקאָב...

— וואָס־זשע טוט מען? — רייבט זיך סעם מיט איין האַנט דעם שטערן.

— מען דאַרף היטן אַ גאַנצע נאַכט — זאָגט איסאַק.

— און ווען וועט מען שלאָפן?

— מען דאַרף זיך צעטיילן. איין חלק וועט שטיין באַטאָג און איין חלק באַנאַכט.

— האָסטו אַ טייערן קאָפּ, טאַקע אַן אמתן קאָפּ פון די יוראָפּישע קעפּ! — קלאַפּט מען איסאַקן איבער דער פּלייצע — מען דאַרף צו־נויפנעמען די חברה און זיי איינטיילן אין צווייען.

— נאָר מען דאַרף עס טון שטיל, אַז קיינער זאָל נישט געוויר ווערן — זאָגט איסאַק.

— פאַרקערט, זאָל מען יאָ וויסן, אַז מען וועט שטיין באַנאַכט אויך.

— אָבער נישט דאָס מיין איך — זאָגט איסאַק מיט פיל מי און עס מערקט זיך אין זיין שטים, אַז ער איז מיד פון צופיל אָנשטרענ־

גוונג — איך מיין, אז די, וואָס זענען זיך דאָ צונויפגעלאָפן... וואָס ווילן זיי דאָ. לאָמיר זיי פונדאַנען אוועקטרייבן. וואָס איז מען אונז דאָ באַפאַלן, יידן, גייט אייך אהיים!

— גיראַרי היר! — שרייט סעם און שטופּט פון אַרום זיך, וועמען ער קאָן. דער עולם גיט זיך אַ גיב צוריק. עס ווערט אַ געשטופּעריי. פרויען מיט קינדער אויף די הענט שרייען, אַז מען וועט נאָך זייערע קינדער צעטרעטן. אָבער אַליין ווילן זיי זיך נישט רירן פון אָרט. עלען סטריט באַמערקט ווי דער הויכער סעם האָט געשמועסט מיט איסאַקן. וויל מען וויסן, וואָס די צוויי האָבן גערעדט.

באַלד זענען שוין אַלע סטרייקער געשטאַנען אין אַ בינט.

סעם, דער הויכער, אינדערמיט פון בינט.

— קינדער, עס איז גוט, וואָס מיר שטייען און היטן דזשייקאָבן — האָט סעם אָנגעהויבן מיט אַ הויך קול, כּדי אַלע זאָלן הערן — אָבער ווער וועט אים היטן באַנאַכט? טאָמער אַנטלויפט ער באַנאַכט מיט זיין גאַנצן שאַפּ. וועמען וועלן מיר מאָרגן דאָ קומען היטן? דעם ליידיקן שאַפּ?

— אפשר איז ער שוין נאָך נעכטן באַנאַכט אַנטלאָפן? — פרעגט דער רויטער.

— איך האָב מיט אים גערעדט דורך דער פאַרמאַכטער טיר — זאָגט סעם — ער איז נאָך דאָ און דאָ וועט ער בּאַ אונז ליגן באַגראָבן, ביז ער וועט נאָכגעבן.

— הורריי! שרייט אַלע הורריי! — האָט טשאַלי אויסגעקרייעט דעם „הורריי" און אויפגעהויבן צו די אָנגעלאָפענע זיינע הענט, אַז זיי זאָלן אויך אויסקרייען „הורריי".

מען האָט נישט באַדאַרפט לאַנג בעטן. עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי און איבערגעשניטן די לופט און ערגעץ אוועקגעפלויגן: הוררריי!

— באַנאַכט דאַרף מען האָבן די שטאַרקע חברה — האָט סעם ווידעראַמאָל אָנגעהויבן צו רעדן, נאָכדעם ווי דער אויסגעשריי פון דער מאַסע מענטשן האָט אָפּגעהילכט אין דער לופטן — ווער וויל מיט מיר שטיין דאָ אַ גאַנצע נאַכט?

— איך! איך! איך! איך! איך!

— שרייט נישט אַלע מיטאַמאָל. דו, טשאַלי. דו, רויטער. דו, דזשייקעלע. גענוג. מיר פיר זענען גענוג. און די איבעריקע וועלן היטן באַטאָג.

איך גיב אייך איבער אַלע אין די הענט פון פריינט איסאַקן. ער איז מיין אַסיסטענט. ער וועט זיין אייער מענעדזשער באַטאַג. און איך וועל מיט מיינע חברה היטן דזשייקאָבן באַנאַכט.

— קאָן איך האָבן דאָס וואָרט ? — שטעלט דער רויטער אויף זיין רעכטע האַנט אינדערהייך.

— יעס ! וואָס ווילסטו זאָגן ?

— ווי איך זע, פריינדע, נעמט איר זיך פאָר אַ לאַנגע רייזע. נאָך מיין מיינונג, דאַרפן דאָ עקטען זייער גיך. נאָך מיין מיינונג, וואָלטן מיר באַדאַרפט עפּעס טון, וואָס זאָל דזשייקאָבן דערשטיקן. און ער זאָל ציטערן אין זיינע הויזן, מיינע פריינדע, און ער זאָל קומען און אונז היטן. נישט מיר זאָלן אים היטן, מיינע פריינדע.

— מאַך אַ פאָרשלאַג — ענטפערט סעם — לאָמיר הערן עפּעס אַ גוטן פאָרשלאַג.

— מיין פאָרשלאַג איז, אַז מיר זאָלן ברענגען אונזערע ווייבער מיט די קינדער טאַקע מאָרגן אינדערפרי, מיינע פריינדע — האָט דער רויטער אויסגעשריגן און זיין פּנים איז געוואָרן פול אָנגעגאָסן מיט בלוט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט ענדיקן זיינע רייד, ווייל עס איז געוואָרן אַ גרויס געלעכטער צווישן עולם. סעם האָט אויך נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן. אויך די איבעריקע אַרבעטער האָבן געלאַכט.

דער רויטער האָט געפילט ווי אַן אונטערגעשאָסענער פון דעם גע-לעכטער אויף זיין חשבון. אָבער אַ פרוי פון דער גאַס מיט אַ פאַרשמירט קינד אויף אירע הענט, האָט פּלוצלינג זיך אָנגערופן מיט כּעס :

— איגדיאָגער ! וואָס לאַכט איר ! אוודאי איז ער גערעכט. נאָר פרויען מיט די קינדער אָהערברענגען. זאָל די וועלט זען, וואָס אַ באַנדיט קאָן טון. פרויען מיט קינדער האָבן נישט וואָס צו עסן, און זייערע מענער סטרייקן — דאָ האָט די פרוי זיך שטאַרק צעכליפּעט. טרערן זענען גע-לאָפן דיטשקעסווייז פון אירע אויגן.

און די מאַסע, וואָס האָט ערשט פריער געלאַכט, האָט פאַרגעסן איצט צו לאַכן. דער פרויס טרערן האָבן גערירט. עס האָט זיך געהערט אויס-געשרייען פון אַלע זייטן :

— פרויען מיט קינדער !

— ברענגט אייערע ווייבער !

— זאָל די וועלט זעען!

— אַלע קינדערלעך!

דער רויטער האָט דערפילט, ווי אַ וואַרעמקייט צעגייט זיך אין זיין ברוסט און דאָס בלוט האָט באַ אים אָנגעהויבן צו שלאָגן פון דעם קאָפּ צו די פיס. עס האָט אים אָנגעהויבן צו רוישן אין קאָפּ. ער האָט געזען מיט זיינע אויגן אַ סך מענטשן, אָבער ער האָט געפילט, אַז זיינע אויגן וועלן באַלד פון אים אַוועקפליען. עס איז אים געוואָרן גוט. ווען ער שעמט זיך נישט, שטעלט ער זיך אַוועק אויף זיינע קני אָדער שטרעקט זיך איינגאַנצן אויס אויף דער ערד און לאָזט זיך טרעטן מיט די פיס.

סעם האָט אויפגעהויבן זיינע הענט איבערהויך. הויך איז ער געווען סיי ווי. און בשעת ער האָט אויפגעהויבן זיינע הענט, איז ער געוואָרן, פאַרשטעלט זיך, נאָך העכער. זיינע שווערע האָריקע הענט און יעדער פינגער זיינער, וואָס האָט כמעט אויסגעוויזן, ווי אַ האַנט, האָבן איינגעשטילט דעם עולם, נישט מיט זייער שטאַרקייט, נאָר דווקא מיט דעם, וואָס עס איז געווען אַ מחיה צו קוקן אויף אַזוינע גרויסע הענט.

— באַשלאָסן, אַז מיר ברענגען אונזערע ווייבער מיט די קינדער! —

האָט סעם זאָגן חכמות פראָסט געזאָגט: „באַשלאָסן“. ער האָט אפילו באַ קיינעם פון די סטרייקער נישט געפרעגט, צי זיי ווילן, צי ניין, אָבער ער האָט געזאָגט, נאָכקרימענדיק דאָס וואָרט „באַשלאָסן“; מסתם האָט ער דאָס וואָרט ערגעץ געהערט.

---

נאָך דעם פּאַראַד פון די סטרייקערס ווייבער און קינדער, האָט דזשייקאָב געמוזט נאָכגעבן זיינע אַרבעטער. עלען סטריט האָט אים כמעט ווי געצווּנגען. נישט נאָר ער האָט אַליין נישט געטאָרט אַרויסגיין אויף דער גאַס, נאָר זיין ווייב און קינדער האָבן אויך נישט געטאָרט זיך ווייזן אין גאַס. עס איז דער פאַמיליע דזשייקאָב אויסגעקומען צו זיצן אין שטוב און נישט אַנדערש, נאָר אויסגיין פון הונגער. וואָרים קיין שום קרעמער האָט דזשייקאָבן נישט געוואָלט פאַרקויפן קיין עסנוואַרג.

דזשייקאָב האָט אַ קוק געטון, אַז עס איז שלעכט, האָט ער זיך אונ-

טערגעגעבן. די אַרבעטער זענען צוריק אַריין אין פאַבריק אַרבעטן. עס איז ווידער אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַזוי ווי עס איז אַלעמאָל געווען. דזשייקאָב איז געווען גוט צו זיינע אַרבעטער. און די אַרבעטער האָבן געאַרבעט געטריי. און מאַניס האָט זיך שוין געפילט ווי אַ תושב און אויך איסאַק האָט שוין געקאָנט זיין אַרבעט.

אינדרויסן איז איצט געווען ווינטער. דער אַמעריקאַנער ווינטער. אויף דעמדאָזיקן ווינטער האָט מאַניס געקרעכצט. אָבער זיין קרעכצן האָט ווינציק וואָס געהאָלפן. פאַרקערט, וואָס מער מאַניס האָט געקרעכצט, איז אַלץ מער דער ווינטער געווען אַן איבערגעקערטער. אָט איז געווען קאַלט און אָט איז באַלד צוריק געוואָרן וואַרעם. איסאַק האָט געוויזן אַ „קינץ“ און אפילו קיין וואַרעמען פּאַלטאָ נישט אָנגעטון.

איסאַק האָט געלערנט ענגליש און אויך געלעזן די אַמעריקאַנער ליטעראַטור. ער האָט געפילט, אַז עס איז דאָ אַנדערשקייט אין די אַמעריקאַנער ביכער. ער איז געווען געווען צו דעם רוסישן טיפן בוך; צו דעם בוך, וואָס דערציילט ווינציק און גראָבט אין די טיפסטע וואַרצלען פון דער נשמה. און דאָ איז ער געקומען איבער די אַמעריקאַנער ביכער, וואָס דערציילן און דערציילן און אים איז פון זייער דערציילן גאָרנישט איבערגעבליבן. האָט איסאַק נישט געוווסט וועמענס שולד עס איז. צי עס איז די שולד פון די אַמעריקאַנער שרייבער, צי עס איז זיין אייגענע שולד. ער האָט געוווסט, אַז ער קאָן נאָך נישט אַזוי גוט ענגליש.

איסאַק האָט צוביסלעך אויפגעהערט רעדן רוסיש. ער האָט אָנגעהויבן ליב צו האָבן יידיש. אים איז שרעקלעך שטאַרק געפעלן ווי אַזוי לאה, דעם שוחטס מיידל, רעדט יידיש. עס איז געווען, דאַכט זיך, דער אייגענער יידיש, וואָס זיין זיידע און באָבע רעדן. אָבער לאה האָט געהאַט איר חן אין דעם יידיש, וואָס זי האָט גערעדט. די ווערטער אירע זענען געווען זיס און געשמאַק, אַזוי ווי אמת צייטיקע טרויבן. אַז מען קוקט אויף אַזוינע טרויבן, ווערט זיס אין גומען. אַזוי איז געווען דאָס געפיל באַ איסאַקן, ווען ער האָט געהערט לאהן רעדן.

אַלעמאָל, אויף זייער שפּאַציר, האָט איסאַק געשוויגן און געקוקט אויף די ווייטע שטערן אין הימל און געהערט, וואָס לאה האָט צו דערציילן. לאה האָט אַלעמאָל דערציילט אָפּגעהערציק פון איר טאָג-טעגלעכן לעבן. דאָס האָט זי דערציילט פון איר שאָפּ און אַן אַנדערשטמאָל האָט זי

·ערציילט פון דער היים, און אַלעמאָל פלעגט זי ענדיקן: פאַרוואָס דער־ציילט איר נישט עפּעס?

איסאַק האָט אַלעמאָל אָנגעקוקט לאהן מיט זיינע גרויסע אויגן און געטון אַ ציי מיט זיינע אַקסלען און געזאָגט: — איך ווייס אַליין נישט פונוואַנען אָנצוהייבן. שוין בעסער שווייגן.

אויף דעם פלעגט לאה ענטפערן: — הע, איר האַלט זיך גרויס אַקעגן מיר. איסאַק פלעגט טון אַ שמייכל: — איך, גרויס? פאַרקערט, איך האָב נישט וואָס צו דערציילן. און איסאַק פלעגט זיך באַלד דער־פילן שטאַרק פאַרשעמט. טאַקע, ער האָט נישט וואָס צו דערציילן. עס איז געווען ציטן, ווען איסאַק האָט זיך געגרייט אַ גאַנצן טאָג, אַז אויב ער וועט זיך טרעפן מיט לאהן אין אָוונט, זאָל ער האָבן וואָס צו דערציילן. ער האָט זיך אייניקע מאָל געגרייט אפילו זיך איר דערקלערן אין ליבע. דאָס האָט ער געוואָלט טון זייער פיל מאָל. ער האָט אַ סך גע־טראַכט וועגן לאהן אַלס זיין צוקונפט. אָבער אַז עס איז געקומען צו דעם אויספירן פון זיינע טראַכטונגען, איז איסאַק אַלעמאָל געבליבן בײַ דעם טראַכטן.

אָפטמאָל האָט איסאַק געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט מורא בײַ־קומען און עס פלעגט אים אָנכאַפּן אַ שרעק, טאָמער כאַפּט עמעצער אַנ־דערש בײַ אים אַוועק לאהן. ער פלעגט באַנעמען דעמיזאָזיקן ענין און אָפּ־מאַכן זיך, אַז אויב ער באַגעגנט זיך מיט איר, וועט ער לאהן זאָגן, אַז ער האָט זי ליב. אָבער אַזוי גיך ווי ער באַגעגנט זיך מיט לאהן, רעדט לאה און ער אַליין שווייגט. לאה פירט אים איבער גרעגנד טטריט. זיי שטעלן זיך אָפּ בײַ די פענצטער פון די מעבל־קראָמען. לאה זאָגט מבינות. דאָסדאָזיקע מעבל געפעלט איר. אָט דער טיש איז אַ זייער שיינער טיש. און דאָ נאָר דאָסדאָזיקע בעט. אַדיזר מען שטעלט זיך אָפּ בײַ אַ קראָם פון טעפּ. לאה ווערט אַלעמאָל אַנטציקט פון עפּעס אַנדערש פון די שיינע זאַכן אין די קראָמען. איסאַק אַליין איז אויך אַנטציקט פון די אייגענע זאַכן. זיי שטייען אָפּ ביידע שעהן־לאַנג בײַ דידאָזיקע פענצטער. זיי פאַר־געסן זיך, אַז זיי זענען נאָך דערווייל „פרעמדע“ און זיי רעדן שוין וועגן זאַכן, וואָס „פרעמדע“ טאָרן נישט רעדן. אַ שטייגער וועגן אַ בעט. לאה זאָגט, אַז זי האָט פיינט איין בעט פאַר מאַן און ווייב. „אַ, יאָ, איסאַק, עס איז בעסער באַזונדערע בעטן?“ פרעגט זי איסאַקן. איסאַק שאָקלט

מיטן קאָפּ אויף יאָ. „באַזונדערע בעטן איז געזונטער" — זאָגט ווייטער לאה. „זיכער" — ענטפערט איסאַק. „דאָ אין אַמעריקע איז אָבער נישטאָ געווּג אָרט פאַר באַזונדערע בעטן" — ציט ווייטער לאה דאָס געשפּרעך. און אַזוי ווייטער.

עס גייט אַוועק דער ווינטער.

באַ לאהן אין שטוב ווייסט מען שוין אויף זיכער, אַז לאה מיט איסאַקן וועלן חתונה האָבן. לאהס מוטער איז שוין אַזוי איינגעוווינט מיט דעם געדאַנק, אַז זי טראַכט שוין פון איסאַקן, אַזוי ווי פון אַן אייגן קינד. דער פאָטער לאָזט מישט זיך נישט אין זאַכן פון שטוב. דאָס הייסט, ער וואָלט זיך יאָ געוואָלט מישן, אָבער מען לאָזט אים נישט. פונדעסטוועגן טוט אים הנאה, אַזאַ איידעם ווי איסאַק... זאָל נאָר גאָט העלפן און עס זאָל זיין אמת.

און גאָט האָט געהאָלפן, עס איז געוואָרן אמת.

ס ו ף